דרייצעטער קאפיטעל:

# די ראָליע פון די יוניאָנס אין דער ענטוויקעלונג פון סאָציאַליזם.

## 1.

## די יוניאָנס און דער קאַפּיטאַליזם.

מיר האָבען געזעהען, אז דער סאָציאַליזם ווערט אויסגעבויט פון צוויי באַזונדערע קלאַסען. די קאַפּיטאַליסטען פאַראייניגען און אָרדנען איין אַלע געשעפטען מיט א פּלאַן, די קאַפּיטאַליסטען אַליין ווילען ברייגען אַלע געשעפטען אונטער די קאָנטראָלע פון דער רעגירונג, קורץ, דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס אַליין ווערט אויסאַרבייטען פון פּריוואַט - קאַפּיטאַליזם „שטאַאַטס - קאַפּיטאַליזם“. די עקאָנאָמישע ראָליע פון די ארבייטער איז צו מאַכען דעם חלק פון דעם ארבייטער רק גרעסער, ביז וואַנען דער חלק פון דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס וועט בלייבען גאָר קליין.

אַז דאָס איז אַזוי, טו איז יעדער קאַמפּף פון די ארבייטער פאַר א פּאָר סענט, אָדער פאַר א שטונדע ווייניקער ארבייט, א שטיקעל סאָציאַליזם. געוועהנטלאַך באַטראַכטען די סאָציאַליסטען דעם גאַנצען קאַמפּף פון די יוניאָנס פאַר דעגת־פּרנסה, כל זמן דער ארבייטער איז אין קאַפּיטאַליסטישען גלות, — מיט דעם סאָציאַליזם האָט עס קיין שייכות ניט. די ס. ל. פּ. („סאָשאַליסט לעיבאָר פּאַרטי“, סאָציאַליסטישע ארבייטער פּאַרטיי), וואָס באַהערשט די סאָציאַליסטישע באַוועגונג דאָ, היא אין די לעצטע צען יאָר פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט האָט געהאַלטען דעם גאַנצען יוניאָניזם פאַר א נאַרישקייט: ווען א יוניאָן באַשעפטיקט זיך נאָר מיט סטרייקס, מיט באָיקאָטס, מיט פּראָגען וועגען שכירות און ניט מיט לעקציעס וועגען סאָציאַליזם און סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־פּאָליטיק, העלפט זי נאָר אויפהאַלטען דעם קאַפּיטאַליזם. נאָר א סאָציאַליסטישע יוניאָן קען העלפען דעם ארבייטער אין זיין טעגלאַכען קאַמפּף —א „פּיור־ענד־סימפּל“ קען ניט. א „סאָציאַליסטישע“ יוניאָן האָט געהייסען א יוניאָן, וואָס איז פאַרבונדען מיט דער סאָציאַליסטישער ארבייטער פּאַרטיי, פאַר אַן ארבייטער, וואָס האָט ניט באַלאַנגט צו

דער פּאַרטיי, האָט זיך די טעאָריע געמוזט אויסווייזען קשה: מיט וואָס קען אַ סאָציאַליסטישע לעקציע העלפען געווינען אַ סטרייק? און ווען מען שטעלט שוין יע ארויס אַ סאָציאַליסטישען קאַנדידאַט, וואָס האָט ניט די מינדעסטע אויסזיכט ערוועהלט צו ווערען אפילו אין צען יאָר ארום, טו וואָס איז דאָס פאַר אַ סגולה אין אַ סטרייק?

אין דער אמת׳ן איז זיי דער גלות־קאַמף פון די אָרגאַניזירטע ארבייטער גאָר ניט אָנגעגאַנגען, ווי זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט, — מוז דער סאָציאַליזם קומען מיט איין קלאַפּ, דורך אַ רעוואָלוציאָן*) וועלכע וועט איבערקערען די גאַנצע וועלט קאַפּויר.

וואָס פאַר אַ ווערדע די אַלע קליינצינקע פאָדערונגען, פאַר וועלכע די יוניאָנס קעמפּפען היינט צו טאָג? דאָס זיינען ניט מער ווי לאַטעס אף אַן אַלטען בגד, וואָס טויג נאָר אף ארויסצוואַרפען. דער סאָרט סאָציאַליסטען זיינען איבערצייגט, אַז די מאַכט פון קאַפּיטאל איבער דער ארבייט איז אַזוי גרויס, אַז עס איז גאָר אונמעגלאך פון קאפּיטאל עפּעס אפּצורייסען. אין די פריהערע יאָרען ווען מען האָט נאָך ניט געשפּילט קיין פּאָליטיק מיט די יוניאָנס, פלעגט מען ביי יעדען גרויסען סטרייק באַלד פון אָנהויב אָן נעמען באַווייזען, אַז דער סטרייק איז פאַרלאָרען. עס איז אַרויסגעוואָרפענע טרהה. באַלטען די ארבייטער בעסער אריין אין די סאָציאַליסטישע פאַרטיי און ערקלערט „אַ סטרייק ביי דעם בעללאָט־באָקס“. די פּאַרטיי־טעאָרעטיקער ווייטער האָבען גע׳טענה׳ט, אַז ווען אַ יוניאָן פאָדערט העכערע ווייזשעס (שכירות), אנערקענט זי דעם „ווייזש־סיסטעם“, בעת עס איז די אויפגאבע פון דעם ארבייטער־קלאַס צו פאַרניכטען דעם גאַנצען קאַפּיטאַליסטישען סיסטעם.

די דאָזיקע מיינונג איז איבערגעגאַנגען ביירושה צו דער היינטיקער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, זי איז בלומרשט „פריינדליך צו

---

*) כדי מען זאָל זיי ניט באשולדיגען, אַז זיי זיינען אַנאַרכיסטען, טענה׳ן זיי רק, אַז זיי זיינען געזעצליכע בירגער, זיי וועלען וואַרטען, ביז וואַנען זיי וועלען האָבען אַ מאַיאָריטעט אין קאָנגרעס, און דעמאָלט וועלען זיי מאַכען אַ געזעץ מען זאָל ביי די קאַפּיטאַליסטען אַוועקנעמען דעם קאַפּיטאל. נאָר ווען די קאַפּיטאליסטען וועלען זיך צובונטעווען דאַגעגען, וועלען די סאָציאַליסטען געצוואונגען זיין צו אוסמיריאיען די מיאַטעזשניקעס. אַלזאָ, וועט זייער רעוואָלוציע זיין אַ געזעצליכע.

די יוניאנס", אין דער אמת'ן דענקט זי פון דעם קאמפף פון די יוניאנס פונקט אזוי ווי אמאל די ס. ל. פ., נאר זי געפינט פאר מער דיפלאמאטיש צו חנפ'ענען די יוניאנס, ווארים זי גלויבט, אז מיט דערמיט קען מען מאכען פראפאגאנדא פאר דעם סאציאליזם אין די יוניאנס. „פראפאגאנדא פאר דעם סאציאליזם" הייסט, אז די יוניאן זאל אנעמען א סאציאליסטישע רעזאלוציע אדער זאל איינלאדען א סאציאליסטישען רעדנער צו מאכען א ספיטש, אדער זאל „ענדארסען" א סאציאליסטישען קאנדידאט, וועלכער קען ניט ערוועהלט ווערען, אז דער קאמפף פון דער יוניאן גופא איז א טייל פון דער ענטוויקעלונג צום סאציאליזם זעהען זיי אויך ניט.

ווען אבער יעדער געוואונענער סטרייק איז א שריט אפ'ן וועג צו סאציאליזם, ווען יעדע רעפארמע, וואס העלפט דעם ארבייטער קלאס זיך אופצוהויבען איין טרעפ העכער איז א שריט צום סאציאליזם, טו פארשטעהט זיך אליין, אז די יוניאן איז א ווערקצייט, מיט וועלכען דער סאציאליזם ווערט אויסגעבויט. עס מוז נעמען צייט אופציבויען אן ארגאניזאציע פון דעם ארבייטער קלאס. יעדע נייע יוניאן, וואס ווערט ארגאניזירט, איז א שריט אפ'ן וועג צו סאציאליזם.

איך מיין ניט, אז עס קען גאר קיין מאל ניט קומען צו א רעוואלוציע. בלוטיקע רעוואלוציעס זיינען פארגעקומען אין דער געשיכטע צוליב קלייניקייטען, און א קאמפף וועגען דער אנערקענונג פון א יוניאן קען אמאל פירען צו א רעוואלוציע. זאגען נביאות איז דא שווער, אבער אין א רעוואלוציאנערען קאמפף פאר די רעכטע פון די ארבייטער קענען די יוניאנס שפילען א וויכטיקע ראליע. ווי דער געשעפט איז היינט ארגאניזירט איז א גענעראל־סטרייק א מעכטיקער, רעוואלוציאנערער מיטעל. עס איז לייכט פאר עטלאכע באטאליאנען צו דערטרינקען אין בלוט אן ארבייטער אופשטאנד, אבער אפילע א גאנצע מחנה סאלדאטען קען ניט צווינגען א מיליאן ארבייטער זיי זאלען געהען צו דער ארבייט. א גענעראל־סטרייק, ווען ער איז נאר גוט ארגאניזירט איז ניט אזוי לייכט צו באזיגען. דער גענעראל סטרייק איז די היינטיקע פארמע פון א רעוואלוציע. אבער אזא סטרייק זאל זיין אן ערפאלג, באדארף מען א שטארקע ארגאניזאציע פון די יוניאנס. מיר זעהען אלזא, אז די יוניאנס זיינען די אמת'ע רעוואלוציאנערע ארגאניזאציע פון דעם ארבייטער־קלאס.

2.

## דער שטאַט אלס ארבייטסגעבער.

אין א סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועלען אַלע גרויסע געשעפטען זיין אין קהל'שע הענט. פון דעם וואָס עס וועט אויסגעארביים ווערען, וועט א חלק אוועקגעלעגט ווערען אף קהל'שע זאכען, ווי שפּיטאַלען, סקולס, און נאָך טויזענט זאכען, דאָס איבעריקע וועט צוטיילט ווערען צווישען די ארבייטער. עס וועט ניט זיין קיין קאפּיטאַליסטישער קלאַס, עס וועט ניט זיין ווער עס זאָל זיך אראָפּנעמען די שמעטענע פון יעדער זאך וואָס ווערט אויסגעארבייט. ווי זשע קען מען אויסקומען אָן א באַלעבאָס אין דער פאַבריק? אימיצער מוז דאָך צוטיילען די אַרבייט, יעדערער קען דאָך ניט טאָן, וואָס עס וועט זיך עם פאַרגלוסטען, גאַר ניט קוקענדיק אף דעם אַנדערען? פאַרשטעהט זיך, ניט. א יוניאָן פון ארבייטער האָט אויך א פּרעזידענט, א סעקרעטאַר. אין א קהל'שער פאַבריקע וועט מען מוזען אויסקלייבען א סופּעראינטענדענט, א פאָרמאַן און אַלע אַנדערע בעאַמטע.

סאָציאַליסטען האָבען פיינט דעם וואָרט „שטאַט". עס האַנדעלט זיך ניט אום ווערטער. איהר מעגט עס רופען „געזעלשאַפט" אויב עס געפעלט אייך בעסער. דער עיקר איז, אז דער גאַנצער געשעפט וועט ליגען אין די הענט פון דער „געזעלשאַפט" און וועט ווערען געפירט דורך בעאַמטע וואָס וועלען ערוועהלט ווערען פון דעם גאַנצען פאָלק. איז דאָס נאָר א צוקונפטסבילד?

אין די פעראייניגטע שטאַטען וואו די אינדוסטריעלע טעטיקייט פון די רעגירונגען וועט וואָס ווייטער אלץ מער אויסגעברייט לענדער, זיינען ביי דער פאַלקס צעהלונג אין 1910 געוועזן דריי פערטעל מיליאָן מענטשען וואָס האָבען געארבייט פאַר די פאַרשידענע רעגירונגס אַנשטאַלטען. היינט צו טאָג האָט דער אמעריקאַנער שטאַט סך־הכל א קליינע צאָל געשעפטען, אבער זיי האַלטען אין וואַקסען. אין איין שטאָט פירט מען איין אייגענע וואַסער און אין אַן אַנדערער אייגענע עלעקטרישע באַלייכטונג.

אויב איר נעמט אין באטראַכט אז היינט צו טאָג זיינען שוין אין פילע לענדער א סך גרויסע אינדוסטריען אין די הענט פון דער

רעגירונג און מען דאַרף זיך ריכטען, אַז די אינדוסטריעלע טעטיקייט פון די רעגירונגען וועט וואָס ווייטער אַלץ מער אויסגעברייטערט ווערען, טו הייסט דאָס, אַז עס האַנדעלט זיך ניט אום אַ קליינע גרופּע מענטשען, נאָר אום אַ וואַקסענדע צאָל אינדוסטריעלע אַרבייטער. אונדזער היינטיקע קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט וועט אין דער נאָהענטער צוקונפט קומען „מיט דער נאַטור“ צו דער מדרגה פון שטאַטס־סאָציאַליזם. ווי פרידריך ענגעלס האָט פאַר־אויסגעזאָגט מיט אַ יאָר פערציק צוריק, — אָדער צו „שטאַטס־קאַפּיטאַליזם“, ווי דער אַלטער ליבקנעכט האָט עס גערופען.

ליבקנעכט האָט געלייגט אַ באַזונדערען געוויכט אויף דעם וואָס דער היינטיקער שטאַט איז אַ „קאַפּיטאַליסטישער שטאַט“. דאָס טרעפט צו אין דייטשלאַנד, ענגלאַנד און אַנדערע לענדער, וואו געוויסע פאַרמען פון קאַפּיטאַל האָבען געזעצליכע פּריווילעגיעס. אין די פאַראייניגטע שטאַטען איז עס ריכטיק נאָר אַזוי לאַנג, ווי די מאַיאָריטעט שטימען פאַר קאַפּיטאַליסטישע קאַנדידאַטען. אויב אין אַ סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועלען אַלע געשעפטען זיין אין קהל'שע הענט, טו הייסט דאָס, וועט יעדער אַרבייטער האָבען אַ שטעל ביי דעם „פאָלקס־שטאַט“*). הייסט, ווען איר קומט אין אַ פאַבריקע מוזט איר פאָלגען די רולס (די פּראַווילעס) פון באַלאַבאָס, דענסטמאָל וועט יעדער אַרבייטער מוזען פאָלגען די רולס פון שטאַטס־באַאַמטע. אין קיין געזעלשאַפט ווערען די געזעצע ניט געמאַכט אויף אַ באַשטימטע צייט און ווערען ניט איבערגעמאַכט אַלע מאָנטיק און דאָנערסטיק. נעמט צום ביישפּיל די קאָנסטיטושאַן פון אַרבייטער רינג. ווען מען זאָל נעמען אונטערזוכען פון וואַנען שטאַמט די קאָנסטיטושאָן, וועט מען געפינען אַזעלכע פּונקטען, וואָס זיינען נאָכגעמאַכט נאָך אַנדערע פאַראיינס־געזעצע. און ווען מען זאָל דערמיט ניט זיין צופרידען און פאָרשען ווייטער, וועט מען געפינען, אַז געוויסע פּונקטען זיינען איינגעפירט געוואָרען פון אָנהויב אין דעם ענגלישען פּאַרלאַמענט מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר צוריק. אַנדערע שטאַמען פון די מייסאָנס. אַנדערע

---

*) „דער פאָלקס־שטאַאַט“ איז געווען דער נאָמען פון דעם אָפּיציעלען אָרגאַן פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין די זעכציקער און זיבעציקער יאָרען פון דעם ניינצענטען יאָרהונדערט. אין דער צייטונג האָט געשריבען פרידריך ענגעלס, און ווילהעלם ליעבקנעכט.

פון די רולס פון דעם אמעריקאנער קאָנגרעס, עפּעס איז אויך מסתמא ניי. אַלזאָ ווען מען באטראכט די זאַך, קומט אויס, אַז די ענג־לישע פּריצים האָבען פאר צוויי הונדערט יאָר צוריק געמאכט א געזעץ פאר דעם פּאָרטשריטליכען ניו־יאָרקער ארבייטער רינג, און דער ארבייטער רינג פאָלגט זיי, הגם קיינער צווינגט עס ניט דער־צו. דאָס רופט מען אין דער רעכטס־וויסענשאַפט א פּרעצעדענט.

די רולס וואָס ווערען היינט צו טאָג געמאכט פאר די פּאָר הונדערט טויזענט שטאַטס־בעאמטע זיינען פּרעצעדענטען, וועלכע וועלען מיט דער צייט באשטימען די רעכטע פון דעם גאנצען אר־בייטער־קלאַס. שטעלט זיך די פראגע: וואָס וועלען זיין די רעכטע פון די רעגירונגס־ארבייטער בנוגע צו דער רעגירונג?

3.

## די ארבייטס־שטונדען ביי דעם דעם קאַפּיטאַליסטישען שטאַט.

דער באפרייאונגס־קאמף, פון דעם ארבייטער־קלאַס פאר די פארגאנגענע זיבעציק יאָר ווייזט זיך ארויס אם קלאָרסטען אין דער פארקירצונג פון די שטונדען, וואָס דער ארבייטער דאַרף הארעווען פאר דעם באלאבאס.

אין די אַכּצאָליקע צייטען, ווען דאָס רוב פון דעם פּאָלק זיינען געווען פארמערס אדער פאָרם ארבייטער, פלעגט מען זיך שטעלען צו דער ארבייט ראניצע און מען פלעגט געהן פון פּעלד ווען עס האָט אָנגעהויבען צו ווערען גאנץ פינצטער. דערצו איז געווען אַן אורזאכע: קיין מאשינען זיינען דעמאָלט ניט געווען און מען האָט זיך געהיילט אופּצוטאָן די ארבייט זומער צייט. מיט דער איינפי־רונג פון מאשינערי איז די ארבייט געוואָרען שפּאָרעוודיקער. — מער פּראָדוקטיוו בלע"ז, זיינען די שטונדען אומעטום פארקירצט געוואָרען. די פּרינציפּיעלע פאָדערונג פון דער פּאָרטשריטליכער אר־בייטער באוועגונג איז, אַז די ארבייטס־שטונדען זאָלען באשרענקט ווערען אין דער פּראָפּאָרציע ווי דער פּראָגרעס פון דער טעכניק מאכט די מענטשליכע ארבייט מער פּראָדוקטיוו. די זעצערס אין די צייטונגען האָבען דאָס אויסגעפירט מיט עטלאָכע און צוואנציק יאָר צוריק, ווען מ'האָט גענומען איינפירען די ליינאָטייפּ מאשינען.

די ארבייטער פון דער שטאָט־פארוואלטונג זיינען אויך באַרעכטיקט צו פּראָפּיטירען פון דעם פּראָגרעס פון דער געזעלשאַפט. וואָס זשע איז די שטעלונג פון דער היינטיקער רעגירונג צו דער פראגע פון ארבייטס־שטונדען?

דער אידעאל פון די בורזשואזנע פּאָליטישע רעפאָרמערס איז א געשעפטסמעסיגע אדמיניסטראציע, „אַ ביזנעס אדמיניסטרעישאָן", די ערסטע אויפגאבע פון א ביזנעס אדמיניסטרעישאָן איז צו מאַכען „עקאָנאָמיע" כדי איינצושפּאָרען טעקסעס.

דאָס איז דער אַלטער אידעאל פון דער פארצייטיקער פויערשער דעמאָקראטיע. אין דער צייט פון טאָמאַס דזשעפערסאָן איז דער אידעאל פון א רעגירונג געווען אַזאַ רעגירונג וואָס טוט גאָרניסט. דאָס איז געווען גאנץ אין איינקלאנג מיט דעם לעבען פון יענער צייט. וואס פאר אַ ניצלאַבע ארבייט האָט די רעגירונג געטאָן אין אַ פארמערישען דיסטריקט? אויפגעהאלטען א פּאָר בריקען, וואו זיי זיינען געווען, און איינמאָל אין א יובל אויסגעלייגט א וועג פאר פאָרען ערגעץ וואו, חוץ דעם נאטירליך, האָט מען געדאַרפט אויסהאלטען א קאורט, כדי איינער זאָל דעם אנדערען ניט באַשווינדלען אומגעזעצליך, א תפיסה פאר פארברעכער און באַנקראָטען, און נאָך א פּאָר בעאמטע. קיין סקולס, קיין שפּיטאלען, קיין פּאַרקס איז ניט געווען. פארשטעהט זיך אז די גאנצע רעגירונג האָט זיך אין יענעם צושטאנד פון דער געזעלשאפט אויסגעוויזען פאר אַן איבעריקענעם. אויב מען קען אָן איר אָפּשפּאָרען עפּעס, איז דאָס די גרעסטע מצוה. היינט אָבער איז די רעגירונג ניט נאָר א פּאָליציייסקע אָרגאַניזאַציע, זי ווערט אַלץ מעהר א קולטור־אנשטאַלט. צום ביישפּיל די שטאָט ניו־יאָרק האָט 18,000 לעהרערס, ניט רעדענדיק פון אנדערע אָפּטיילונגען פון דער שטאָטישער טעטיקייט. מיט דער אויסברייטונג פון דער קהל'שער טעטיקייט מוזען אויך וואַקסען די שטאָטישע אויסגאבען, אום צו שפּאָרען געלט היינט צו טאָג, דאַרף מען זעהן, אז די ארבייט זאָל זיין שפּאָרעוודיק, — און דער לאזונג פון היינטיגע רעפאָרמערס אין פּריוואַטע געשעפטע און אין קהל'שען געשעפט איז געוואָרען „עפּישענסי" — „שפּאָרעוודיקייט". היינט וואָס קען זיין מעהר שפּאָרעוודיק פאר'ן באַלאַבאָס ווי צו צווינגען דעם ארבייטער ער זאָל ארבייטען לענגערע שטונדען פאר דיזעלבע שכירות?

דעם שטאַנדפּונקט האָט גאַנץ קלאָר אויסגעדריקט דער ניו־יאָרקער רעפאָרם מעיאָר מיטשעל, וועלכער איז ערוועהלט געוואָרען אין 1913: „דער מיטעל צו עקאָנאָמיזירען — זאָגט ער — איז ארויסצוקריגען מערער ארבייט פון די הויך באַצאָלטע בעאַמטע, ניט העכערענדיק זייערע געהאַלטען“. ווער זשע זיינען אָט די הויך באַצאָלטע בעאַמטע? די לערערקעס!

לאָמיר אַקאָרסט א קוק טאָן, צי עס איז אַזוי. א לערערקע אַרבייט אָפּ געוועהנטלאַך פון אָנהויב עטלאַכע חדשים אָלס א סאָבסטיטיוט, ס'הייסט אַן אויסהעלפערין, און פאַרדינט וואָס עס מאַכט זיך, ווען עס פעלט אוים אַ שטענדיקע לערערין. ווען זי קריגט שוין אַ שטענדיקע שטעל, צאָלט מען איר דעם ערסטען יאָר זעכציק דאָלאַר א מאָנאַט. ווען זי וואָלט זיך געשטעלט ארבייטען ביי דרעסעס וואָלט זי אַזוי פיל ניט געקענט פאַרדינגען, אבער מען דאַרף דאָך באַרעכענען, אז צו ווערען א לערערין דאַרף זיך די מיידעל לערנען אכט יאָר, נאָכדעם ווי זי האָט געענדיקט פּאַבליק סקול. אימיצער האָט דאָך איר געדאַרפט אויסהאַלטען אין דער צייט. רעכענט שוין אָרעם — זעקס דאָלאַר א וואָך, אריינרעכענדיק קליידער, דאַרף אַ מיידעל האבען? מאַכט דאָס אויך אוים א קאַפּיטאַל פון דריטאַלבען טויזענט דאָלאַר.

ווען א דרעסמייקערין וועט קומען צו אַ מאַנופעקטשורער און עס לאָזען באַנוצען זיך מיט אירען אַ קאַפּיטאַל פון דריטאַלבען טויזענט דאָלאַר אָן פּראָצענט, וועט ער איר ניט געבען א דזשאָב פאַר פופצען דאָלאַר אַ וואָך? מען פאַרגינט ניט די לערערינס וואָס זיי ארבייטען כלומר'שט קורצע שטונדען. לאָמיר אַקאָרסט ווידער א קוק טאָן. די לערערין דאַרף זיין אין סקול אָרום האַלב נאָך אַכט. די קלאַסען ענדיקען זיך נאָך דריי, אָבער זי דאַרף נאָך איבערקוקען פארשידענע „פּייפּערס“ פון די שילער און עס איז פאַראַן נאָך קאָנצעליאַרסקע ארבייט. רעכענט אז זי דאַרף פאַרברייננגען אין סקול ניט ווייניקער ווי פון 7 ביז 8 שטונדען. איז דאָס אַזוי ווייניק?

וואָס מען פאַרגינט זיי ניט, איז וואָס זיי האָבען לאַנגע וואַקאַציעס. מען האָט געפּלאַנעוועט זומער־סקולס און מען האָט געוואָלט אַז זיי זאָלען דאָרט ארבייטען אומזיסט. מיט אַנדערע ווערטער, מען וויל ביי זיי אוועקנעמען זייערע וואַקאַציעס און דער מעיאָר, וועלכער קריגט זיינע פופצען טויזענט דאָלאַר א יאָר און פאָרט זיך

אוועק אף א לוסטרייזע, ווען עס ווילט זיך עס, ער זאָגט אז מען דארף ארויסשלאָגען פון די מיידלאך מער ארבייט און מען זאל זיי דערפאר ניט באצאָלען.

די זעלבע מענדעניז האָט געפונען א פראקטישען אויס־דרוק אין דער געזעצגעבונג פון דעם קאָנגרעס בנוגע צו די בעאמטע ביי דער פעדעראלער רעגירונג.

אין 1903 בשעת די מאַיאָריטעט אין קאָנגרעס איז געווען א רעפובליקאנישע, האָט די אדמיניסטראַציע פארלאנגט פון דעם קאָנגרעס מער קלוירקס, — האָט זיך געשטעלט א רעפובליקאנער קאָנגרעסמאן פון א פארמערשען דיסטריקט אין מעין און געזאָגט, אז לויט דעם געזעץ דארפען די קלוירקס ארבייטען זיבען שטונדען, אין דער פראקטיקע אָבער ארבייטען זיי נאָר זעקס מיט א האלב, ווייל מען לאָזט זיי א האלבע שטונדע דערפון פריי אויף עסען לאָנטש. לאָזען זיי געהן אהיים מיט אַ האלבע שעה שפעטער, וועלען זיי אופטאָן מער ארבייט און מען וועט פארשפּאָרען צו דינגען נייע קלוירקס. ביז יענער צייט פלעגט מען שליסען די אָפיסעס פיר א זייגער, זינט יענער צייט איז איינגעפירט אין אלע דעפארטעמענטס אז מען געהט אַ היים האלב נאָך פיר.

די דעמאָקראטישע פארטיי, וואָס האָט צו דער צייט ווען איך שרייב אַ מאַיאָריטעט אין קאָנגרעס, וויל פאר זיך אויך מאַכען א שם אז זי שפּאָרט הוצאות, קומט ביי דער ווינטער סעסיע פון 1915-1916 קאָנגרעסמאן בארלאנד פון קענטאָקי און מאכט א פאָרשלאג, אז די קלוירקס פון די אָפיסעס פון דער רעגירונג אין וואשינגטאָן זאָלען ארבייטען מיט א שטונדע א טאָג לענגער, וועט די רעגירונג איינשפּאָרען $4,000,000 אַ יאָר.

דאָס האָט בארירט די אינטערעסען פון 40,000 קלוירקס און זייערע פאמיליעס, דאָס מאכט אויס אן ערך א דריטעל פון דער באפעלקערונג פון וואשינגטאָן. פארשטעהט זיך האָט עס אָנגעמאכט אַ גרויסע אויפרעגונג אין שטאָט. חוץ די קלוירקס אליין זיינען אין דעם ענין געווען פאראינטערעסירט די קרעמער, וואָס זייער פרנסה איז פון די רעגירונגס־בעאמטע, די אָנגעשטעלטע אין די גרויסע מאגאזינען א. אז. וו.

ווען די ארבייטס צייט אין די רעגירונגס דעפארטמענטס איז פארלייגערט געוואָרען מיט א האלבע שעה אין 1903 זיינען די

קרעמער איך געצוואונגען געווען צו האלטען זייערע קראמען אפען מיט א האלבע שטונדע לענגער. קאנגרעסמאן בארלאנד'ס מענה איז געווען אז די ארבייטער פאדערן מען זאל איינפירען דעם אכט שטונדיקען ארבייטס־טאג, מיט וואס זיינען די קלוירקס אין די אפיסעס פון דער רעגירונג גרעסערע יחכנים, אז זיי זאלען ארבייטען כדי־הכל זיבען? גאר א מאדנער קעמפפער פאר דעם אכט שטונדיקען ארבייטס־טאג!

די קלוירקס אין וואשינגטאן ארבייטען איצטער דיזעלביקע צייט ווי מען ארבייט אין די מערכטע ביזנעס אפיסעס אין ניו־יארק און אנדערע גרויסע שטעט. אמת, עס זיינען פאראן פאבריקען אין אמעריקע, וואו מען ארבייט צוועלף שטונדען א טאג, אבער אויב מען וויל פארגלייכען די ארבייטס־שטונדען פון די קלוירקס אין די אפיסעס פון דער רעגירונג מיט די שטונדען פון אנדערע ארבייטער, דארף מען ניט אויסקלייבען קיין ארבייטער אין שמאל פאבריק, נאר מענטשען, וואס טוען דעם זעלבען סארט ארבייט. אזוי טוט מען אימער, ווען עס קומט פאר א סכסוך צווישען קאפיטאל און ארבייט. איינשפארען מיט קאנגרעסמאן בארלאנד'ס רעפארמע האלט די אמעריקאנער רעגירונג געקענט און ערך 4 סענט א יאר פאר יעדען נפש, דאס מאכט אויס און ערך 16 סענט א יאר פאר יעדע פאמיליע, אדער א פעני איין מאל אין 3 וואכען. פון א פראקטישען שטאנדפונקט וואלט דער געווינס פאר דעם פאלק געווען גאר א קלייניקייט. דער פארשלאג איז דעם מאל דורכגעפאלען.

4.

## יוניאנס פון שטאטס־בעאמטע.

מיט דער ענטוויקלונג פון קאפיטאליזם שטייגט דער פרייז פון לעבענסמיטלען. דער יקרות צווינגט די ארבייטער צו פירען און ארגאניזירטען קאמפף פאר א העכערען ארבייטס־לוין. וואס איז די האלטונג פון דער רעגירונג אלס ארבייטגעבער?

די בעאמטע אין וואשינגטאן באקלאגען זיך שוין פון יארען, אז די געהאלטען זיינען נאך היינט די זעלביקע ווי מיט פופציק יאר צוריק. אבער זיי זיינען ניט ארגאניזירט, און דער

קאָנגרעס האָט זיך נאָך ניט אויסגעקליבען צו העבערען די געהאַלטען פון די ארבייטער ביי דער רעגירונג.

אין שיקאַגאָ און אין קליוולאַנד האָבען זיך די לערערינס אין די פּאָלקסשולען אָרגאַניזירט צו פאָדערען פון דער שטאָט־פערוואַלטונג א העבערונג פון זייער געהאַלט. דאס האָט געפירט צו א קאַמפּף פאר דאס רעכט פון די שטאָט בעאַמטע צו באַלאַנגען צו א יוניאָן. די לערערינס אין שיקאַגאָ האָבען זיך אָרגאַניזירט מיט א יאָר צוריק און זיינען אריין אין די אמעריקען פעדערעישאָן אָוו לייבאָר. ווען זייער יוניאָן האָט זיך געגרינדעט זיינען די פאַרדינסטען פון די לערערינס געווען קלעגליכע, די יוניאָן האָט זיך געווענדעט צו דער שטאַטישער אדמיניסטראציע מיט א בקשה, זי זאָל העבערען די געהאַלט פון די לערערינס. די אדמיניסטראציע האָט געענטפערט, אז די שטאָט שיקאַגאָ איז אָרעם און קען ניט צאָלען מערער אירע לערערינס. נאַטירליך פאר אַלערליי פּאָרטען „גרעפט" איז געווען געלט.

מיט מארגארעט העילי, די פירערקע פון דער יוניאָן האָט געענטפערט, אז זי וועט ווייזען דער שטאָט אדמיניסטראציע, וואו זי קען געפינען געלט אויף געהאַלט פאר אירע לערערינס. זי האָט געמאַכט אן אונטערזוכונג און האָט באַוויזען שוואַרץ אויף ווייס, אז א סך רייכע קאָרפּאָרעישאַנס צאָלען ניט דער שטאָט שיקאגא די טעקסעס, וואָס עס קומט פון זייער ריעל עסטעיט (לאַנד און הייזער) און די שטאָט שיקאגא מאָנט ניט פון זיי — פאַרוואָס, איז ניט שווער צו פארשטעהן.

צווישען אזעלכע קאָרפּאָרעישאַנס איז אויך געווען די גרעסטע שיקאגאער צייטונג די „טריביון". נאַטירליך האָט דער פארבאנד פון די לערערינס געהאט א שווערען קאַמפּף געגען דער שטאָט פאַרוואַלטונג, געגען די פּאָליטישענס און געגען דעם איינפלוסרייכסטען אָרגאַן פון דער פּרעסע. דער פערבאנד האָט אנגעגעבען אין געריכט מאַנענדיק אין נאָמען פון די טעקס פּייערס (ס'הייסט פון די וואָס צאָהלען די שטייערן) די געלט וואָס עס האָט געקומט פון די קאָרפּאָרעישאַנס.

פּראָצעסען ציהען זיך לאַנג אין די אמעריקאנער קאורטס. אָבער די מיידלאַך האָבען געהאט געדולד און האָבען זיך נאָך לאַנגע יאָרען דערוואַרט אז די קאורטס האָבען זיי געגעבען גערעכט. די קאָר־

פּאַרעישאַנס האָבען געמוזט אפּשטעקען די געלד און עס האָט אויס־געמאכט זעהר א גרויסע סומע, עס האָט געקלעקט אף צו העכערען די געהאלט פון אלע בעאמטע פון דער שטאט אף 10 פּראָצענט. איר קענט פארשטעהן אז די יוניאָן האָט מיט איר זיג ניט גע־וואונען קיין חן ביי די פּאָליטישענס. מען האָט גענומען טענה׳ן, אַז עס איז ניט קיין סטאטעק, אז די לעהרערינס פון די קינדער פון אַלע קלאסען פון פאָלק זאָלען זיין פארבונדען מיט אַן אָרגאַניזאַ־ציע, וואָס פארטרעט נאָר איין קלאס, דעם ארבייטער קלאס — דאָס איז די שיקאגאָ פעדערעישאָן אָוו לייבאר און די אמעריקאַן פעדע־רעישאַן אָוו לייבאר.

די באָארד אָוו עדיוקעישאָן האָט ענדע 1915 ארויסגעגעבען די פאָלגענדע מודעה:

„די אנגעהעריקייט פון לערערס צו אַן ארריייטער יוניאָן אָדער צו אַן אָרגאַניזאציע פון לערערס וואָס איז פארבונדען מיט אַ טרעיד יוניאָן אָדער מיט א פעדערעישאָן פון טרייד יוניאָנס, אזוי ווי אויך די אָנגעהריקייט צו אַן ארגאַניזאַציע פון לערערס וואָס האָט בעאמטע אָדער אנדערע פארטרעטער, וועלכע באלאנגען אליין ניט צו דעם לערער פּערסאָנאל, איז שעדלאך פאר די ריכטיקע דיסציפּלין (אַי, די הייליקע „דיסציפּלין“!), פאר די ארבייטס־טיכטיקייט („עפי־שיענסי“) פון דעם לערער פּערסאָנאל און פאר דעם ערפאָלג פון דעם סיסטעם פון די פּובליק סקולס“.

דעריבער האָט די באָארד אָוו עדיוקעישאָן באפוילען די לע־רערינס, אז זיי זאָלען אין דריי מאָנאַט צייט ארויסטרעטען פון דער „טיטשערס פעדערעישאָן“ — ווער עס וועט ניט פאָלגען וועט פּאַר־לירען איר שטעל. און אין דער צוקונפט ווער עס וועט וועלען קריי־גען א שטעל אלס לערערין וועט מוזען געבען א „פּאַדפּיסקע“ אז זי וועט ניט באלאנגען צו קיין יוניאָן, דער באפעל, אז די לערערינס טאָרען ניט באלאנגען צו קיין פארבאנד, וואָס האָט בעאמטע, וועל־כע זיינען אליין ניט קיין לעהרערינס, איז זעהר ענלאך צו דעם גע־וועהנטלאכען ענטפער פון די דירעקטאָרען פון יעדער קאָר־פּאָרעישאָן, ווען עס קומען צו זיי פארטרעטער פון דער יוניאָן, זיי זיינען צופרידען צו פארהאנדלען מיט א קאָמיטע פון זייערע אייגע־נע ארבייטער, אָבער זיי ווילען ניט האָבען צו טאָן מיט קיינע זייטיקע מענטשען.

יעדער איינער פארשטעהט היינט צו טאָג, אז א יוניאָן מוז

האבען באצאלטע פארטרעטער, כדי זיי זאלען זיין אנאבהענגיק פון דעם באלאבאס.

די יוניאן פון די שיקאגאער לערערינס האט פארקלאגט די באארד אוו עדיוקעישאן אין קאורט. ביז די קלאגע וועט פארהאנדעלט ווערן האט די קאורט פארבאטען דער באארד אוו עדיוקעישאן צו באשטעהן אף איר פאדערונג.

אין קליוולאנד האט די קאורט אין 1914 גע׳פסק׳ענט, אז די לערערינס אין די פאבליק סקולס מעגען זיך ארגאניזירען אין א יוניאן א׳זוי ווי אלע אנדערע ארבייטער, אום צו קריגען בעסער באצאלט פאר זייער ארבייט.

די מעשה איז געוועזן אזוי: די לערערינס קריגען אין קליוולאנד סך־הכל צען דאלאר א וואך, זיי זיינען געקומען צום שלוס, אז דער איינציקער מיטעל צו פועל׳ן ביי דער באארד אוו עדיוקעישאן א העכערונג פון זייער געהאלט, איז צו ארגאניזירען זיך. אום צו געווינען די מאראלישע אונטערשטיצונג פון די ארגאניזירטע ארבייטער, האבען זיי זיך געווענדעט נאך א טשארטער צו דער אמעריקען פעדערעישאן אוו לייבאר. אין דעם פאל איז „מאראלישע" שטיצע ניט קיין פוסטע פראזע; די באארד אוו עדיוקעישאן איז א קערפערשאפט, וואס העננגט אפ פון פאליטיק און די מיטגלידער פון די יוניאנס זיינען וואוטערס, וואס עס לוינט זיך מיט זיי ניט איינצורייסען אומזיסט.

—

די באארד אוו עדיוקעישאן פון קליוולאנד האט פונדעסטוועגען זיך ניט דערשראקען און האט באשלאסען צו דערשטיקען די ארגאניזאציע פון די לערערינס באלד אין אנהויב. האט זי זיי געלאזט וויסען, אז יעדערע פון זיי וואס וועט באלאנגען צו דער יוניאן, וועט פארלירען איר שטעלע. די מיידלאך האבען זיך געווענדעט אין די קאורט נאך אן „אינדזשאנקשאן" געגען די באארד אוו עדיוקעישאן און די קאורט האט באוויליגט זייער פארלאנג און האט אנגעזאגט דער באארד אוו עדיוקעישאן, אז זי טאר די לערערינס ניט אפזאגען פאר באלאנגען צו א יוניאן.

ביי דער רעגירונג אין וואשינגטאן איז דאס נאקעטע רעכט פון די ארבייטער צו באלאנגען צו א „יוניאן" כלומר׳שט אנערקענט. אבער די „יוניאן" מעג זיין ניט מער ווי אן אונטערשטיצונגס פאראיין, זי טאר זיך ניט איינשטעלען פאר אירע מיטגלידער ביי דער

רעגירונג. מיט אנדערע ווערטער די רעגירונג נעמט אן דיזעלביקע שטעלונג ווי ראקעפעלער. זי וויל ניט אנערקענען די יוניאָן אלס א פארטרעטער פון די ארבייטער אין פראגען פון שכירות אָדער באַדינגונגען פון דער ארבייט.

אין 1903 איז פאָרגעקומען אין דער רעגירונגס דרוקעריי א שטרייט צווישען די ארבייטער און א פאָרמאַן. די רעגירונגס דרוקעריי איז געווען א סטריקט יוניאָן שאַפּ, קיינער האָט דאָרטען ניט געאַרבייטען, ווען ער האָט ניט באלאנגט צו דער יוניאָן, דער פאָרמאַן איז אויך געווען א מיטגליד פון דער אינטערנעשיאָנאַל טייפּאָגראפיקאל יוניאָן. ער איז געשטעלט געוואָרען אונטער אן אנקלאַגע און איז ארויסגעשטויסען געוואָרען פון דער יוניאָן. די יוניאָן האָט געשיקט א קאָמיטע צו דעם פּאָבליק פּרינטער, (ס'הייסט דעם סופּעראינטענדענט פון דער דרוקעריי) דער פאָרמאַן זאָל ענטלאַסען ווערען, ווייל ער באַלאַנגט ניט צו דער יוניאָן. דער פּאָבליק פּרינטער, זייענדיק אויך א מעמבער פון דער יוניאָן און א געוועזענער פּרעזידענט פון דער יוניאָן, האָט געטאָן ווי די יוניאָן האָט פאַרלאַנגט. דער פאַרמאַן האָט אַפּעלירט צו דער סיוויל סערוויס קאָמישאַן און די קאָמיישאַן האָט ענטשידען אַז ער מוז צוריק אנגענומען ווערען, ווייל א בעאַמטער קען ניט אָפּגעזאָגט ווערען ווען ער טוט זיין פליכט און האָט ניט געזינדיגט געגען דעם געזעץ. די יוניאָן האָט די זאַך אַפּעלירט צו פּרעזידענט רוזוועלט'ן. זיין תשובה איז געווען, אז ער האָט גאָרנישט דאגעגען, די ארבייטער אין דער רעגירונגס־דרוקעריי זאָלען זיך באלאַנגען צו אַ יוניאָן. אָבער דער געזעץ פון לאַנד שטעהט העכער פאַר דעם געזעץ פון אַ יוניאָן. די רעגירונגס דרוקעריי איז דער אייגענס פון דעם גאַנצען פאָלק. דער פאָלק דורך זיינע פארטרעטער אין קאָנגרעס האָט דאָס רעכט צו באַשטימען ווי אַזוי זיין אייגענטום זאָל פארוואַלטעט ווערען, אף וועלכע ארט און ווייזע זאָלען בעאַמטע אָנגעשטעלט און ענטלאַסען ווערען. אלס פּרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאַטען מוז ער באַהיטען דעם געזעץ וואָס דער פאָלק האָט געמאַכט. אַ פאַרבאַנד פון ארבייטער האָט קיין רעכט ניט צו שטעלען זיך איבער דעם ווילען פון דעם גאַנצען פאָלק און ארייננזאָגען א דעה דער רעגירונג, וועמען זי זאָל אָנשטעלען אָדער אָפּזאָגען. אזוי איז די רעגירונגס־דרוקעריי געוואָרען אויס יוניאָן שאָפּ.

שפּעטער איז די רעגירונג געגאַנגען נאָך ווייטער, ווען דער

פּרעזידענט פון די פּאָסט אָפּיס בעאמטע איז געקומען צום פּאָסטמאסטער־דזשענעראל זיך מישתדל צו זיין פאר די מיטגלידער פון דער יוניאָן, האָט עס יענער אָנגענומען פאר א ברוך פון דיסציפּלין און דער פּרעזידענט פון דער יוניאָן האָט פארלאָרען זיין שטעל.

די יוניאָן האָט געזוכט יושר ביים קאָנגרעס, זי האָט זיך געווענדעט צו פארשידענע קאָנגרעסלייט מיט דער בקשה, אז דער קאָנגרעס זאָל העכערען די געהאַלט פון די אָנגעשטעלטע אין דעם פּאָסט אָפּיס דעפּארטמענט, אבער די רעפּובליקאנער פּארטיי, וועלכע האָט דעמאָלט געהערשט אין דעם קאָנגרעס, האָט געהאלטען מיט'ן פּאָסטמאסטער־דזשענעראל. די יוניאָן האָט געטראַכט, אז ביי די נעקסטע וואַלען וועלען די לעטער קעריערס (די בריף טרעגער) אגיטירען געגען די קאָנגרעסלייט וואָס זיינען פיינדליך צו איר. א לעטער קעריער, ספּעציעל אין א קליינשטעטעל, אָדער אין א פארמערשען געגענד קען שטארק שעדיגען א קאנדידאט פון זיין דיסטריקט. דער פּאָסטמאסטער דזשענעראל האָט געענטפערט אף דעם מיט אן אוקאז, אז די פּאָסטשטאַטע טשינאָווניקעס טאָרען ניט דאָקוטשאיען דעם קאָנגרעס מיט פּראָשעניעס וועגען פארבעסערונגען פון די באדינגונגען פון זייער ארבייט, און ווער עס וועט ניט פאָלגען, דער וועט פארלירען זיין שטעל. דאָס איז שוין געווען גאָר פּאַרוסקי. וואָרים לויט דער רעפּובליקאנער פּארטיי ביי די וואַלען פאר'ן קאָנגרעס אין 1910, די רעפּובליקאנער זיינען געשלאָגען געוואָרען.

דער דעמאָקראטישער קאָנגרעס האָט ארויסגעגעבען א געזעץ וואָס גיט די בעאמטע פון דער רעגירונג בפירוש אזעלכע רעכט ווי אַלע אנדערע בירגער צו ווענדען זיך מיט פּעטישאָנס צו דעם קאָנגרעס. דערמיט איז אבער נאָך ניט אנערקענט געוואָרען דאָס רעכט פון די רעגירונגס בעאמטע צו פארהאנדלען אַלס אַן ארגאַניזאַציאָן מיט דער רעגירונג.

5.

## דיסציפּלין אין רעגירונגס־אנשטאַלטען.

די פּראַקטיק ווייזט גאַנץ קלאָר אז „דאָס פאָלק“ אַלס קאַפּיטאַליסט, קען אונטערדריקען זיינע ארבייטער א סך ערגער איי־

דער א פריוואט קאפיטאליסט, ווארים די רעגירונג האט א גרעסערע מאכט. די רעגירונג איז אין דער אמת'ן ניט מער ווי א נאמען פאר לעבעדיקע מענטשען און א טשיף פון א ביורא קען זיין אן ערגערער דעספאט איבער די קליינע בעאמטע איידער א סופעראינטענדענט אין א פאבריקע.

אין קיין דרוקעריי געפינט איר ניט אזעלכע שענד־געווארען אין דער ביורא און ענגרעיווינג ענד פרינטינג אין וואשינגטאן. דער דירעקטאר פון דער ביורא האט א פערזענליכען אינטערעס צו שינדען די הויט פון די מיידלאך וואס ארבייטען דארטען: ער וויל ווייזען פאר דעם פינאנץ מיניסטער (סעקרעטערי און דהי טרעזשורי) אז ער קען איינשפארען געלט פאר די רעגירונג דער מיניסטער וויל ווייזען דעם קאנגרעס, אז ער קען אופטאן מעשים מיט גאר ווייניק געלט. די קאנגרעסלייט ווילען זיך אויס־פיינען פאר דער געשעפטס־וועלט, אז זיי קענען פירען די געשעפ־טען פון דער רעגירונג ווי גוטע ביזנעסלייט, „עקאנאמיע" רעכענט זיך פאר די העכסטע מצוה ביי דער קאפיטאליסטישער וועלט. צאה־לען דערפאר דארף נאטירליך דער קליינער מענטש וואס ארבייט פאר די רעגירונג.

אמת, אין פארגלייך מיט די אנגעשטעלטע אין פריוואט גע־שעפטען קריגען די קלענערע רעגירונגס־בעאמטע בעסער באצאלט פאר דיזעלבע ארבייט, די שטונדען זיינען אויך קירצער און דער מענש איז מער געזיכערט מיט זיין שטעל. אבער דער ארבייטער האט נאך אנדערע אינטערעסען. דעם גרעסטען טייל פון זיין לע־בען פארברייגגט ער ביי דער ארבייט; ווי ער ווערט באהאנדעלט ביי דער ארבייט האט אויך זעהר פיל צו זאגען. און איך קען אייך זאגען, אין ערגעץ פילט זיך ניט דער ארבייטער אזוי דערשלא־גען ווי ביי דער רעגירונג. ער איז געשמיט די הענט און פיס מיט א גילדערנער קייט, און גאלד, ווי איר ווייסט, איז שווערער פאר אלע מעטאלען. טאקי דערפאר וואס די געהאלט איז העכער, וואס די שטונדען זיינען קירצער, וואס די שטעל איז מער געזיכערט, האט דער בעאמטער מורא זיך א קער צו טאן. די לופט איז פול מיט חניפה, מיט מסירות.

עס איז פאראן א מאגישער ווארט „דיסציפלין". איך מוז זיך מודה זיין, איך האב דעם ווארט אזוי אפט געהערט פון דעם אינס־פעקטאר פון אונדזער גימנאזיע, אז איך האב צו דעם ווארט און

דעם נעדאנק וואָס שטעקט אין עם נעקראנגען די טיעפסטע פאר־אכטונג.

די השנה פון „דיסציפּלין“ איז א טייל פון דעם סיסטעם פון מיליטאריזם. איך גיב צו, אז אין יעדער קהל'שער אונטערנעמונג זיינען פאראַן געוויסע אלגעמיינע אַנגענומענע כללים, וואס יעדער מוז זיך פירען נאָך זיי. די פראגע איז אבער ווי ווייט דארף געהן דאָס רעכט פון דעם כלל צו זאגען דעם יחיד וואָס ער זאל טאָן.

ווען למשל די באָארד אָוו עדיוקעישאָן באשטימט אז די לערער־רין דארף פארברייננגען דריי שטונדען א טאָג אין לערנען די קינדער ווי צו „ספּעלען“ און די לערערין זעהט איין אז דאָס איז א פאר־שווענדונג פון צייט, מעג די באָארד אָוו עדיוקיישאָן פון איר פאָרט פארלאנגען, אַז זי זאָל זיך די דריי שטונדען פארנעמען מיט ספּעלען. אויב זי פאָלגט ניט, מעג די באָארד איר אָפּזאָגען. אבער אַזוי לאנג ווי זי פאָלגט וואָס מען הייסט איר איז די קשיא: מעג זי אלס פּרי־וואט מענטש נאָך דער ארבייט קריטיקירען דעם סיסטעם אָדער די פּאָליטיק פון איר נאַטשאַלסטווע? די פּאָליטישע בעלי־דעות ענט־פערן: ניין!

אין 1915 איז א לערערין אין ניו־יאָרקער היי־סקול, מיס הענ־ריעטא ראדמאן סוספּענדירט געוואָרען אויף אַ יאָר צייט דערפאַר, וואָס זי האָט ארייננעשיקט א בריוועל אין דעם הומאָריסטישען קאָלום פון דער ניו־יאָרקער „טריביון“ וואו זי האָט אויסגעלאַכט די באָארד אָוו עדיוקעישאן פאר איר פיינדליכע שטעלונג געגען פארהייראטע לערערינס.

ווי באקאנט, האָט די אגיטאַציע געגען די באָארד אָוו עדיו־קעישאן געבראכט דערצו, אַז די לערערינס האָבען געוואונען דאָס רעכט חתונה צו האָבען. אָבער ווי עס פירט זיך אין דער וועלט מוז יעדער קאמפּף האָבען זיינע מארטירער. מיס ראדמאן האָט פארלאָ־רען אַ יאָר געהאלט. זי האָט אַפּעלירט צו דעם סטעיט קאָמישאנער אָוו עדיוקעישאן — דעם בילדונגס מיניסטער פון דעם סטעיט ניו־יארק. ער האָט צוריקגעוויזען די אַפּעלאַציע און די צוריקווייזונג באַ־גרינדעט פּרינציפּיעל.

אין תוך, זאָגט ער, איז איר פאָעדרונג געווען א גערעכטע, און דעריבער האָט ער גע'פּסקנ'ט, אז די באָארד אָוו עדיוקעישאן איז געווען אונגערעכט, וואָס זי האָט ענטזאגט די פארהייראטע לערע־

דינס. צו דער זעלבער צייט אבער דארף די באארד אוו עדיוקעי־שאַן האָבען די מאכט צו טאָן, וואָס זי געפינט פאר נויטיק, „צו באַ־שיצען ניט נאָר זיך אליין, אָבער אויך די סקולס איבער וועלכע זי פאסט אויף". דעריבער וויל ער ניט ארויסגעבען קיין אָרדער, וואָס וועט באשרענקען איר מאכט אין דער אנגעלעגענהייט. „דאָס מיינט אָבער ניט קיין באשרענקונג פון רעדע פרייהייט", דענקט ער.

אן ענלאכע מעשה איז פאָרגעקומען אין וואשינגטאָן אין 1902. בשעת עליהו רוט איז געווען קריגס־מיניסטער, איז אין דער „וואשינגטאָן פאָסט" ערשינען א שטימע פון פאָלק, אין וועלכער א סטענאגראפיסטקע פון דעם קריגס־דעפארטמענט האָט קריטיקירט די אמעריקאנער פאָליטיק אין די פיליפינעס*)

באלד ווי דער בריף איז ערשינען אין דער צייטונג, איז זי ענט־לאסען געוואָרען. איר מוזט וויסען, אַז די „וואשינגטאָן פאָסט" איז ניט חלילה קיין אנארכיסטישע צייטונג, זי איז פארביסען רעאק־ציאָנער, און זי האָט געהאלטען מיט דער אדמיניסטראציע. דער פארברעכען פון דער סטענאגראפיסטקע איז באשטאנען איינפאך אין דערין, וואָס זי האָט אויסגעשפראכען א מיינונג געגען דער אימפער־יאליסטישער פאָליטיק. מר. רוט האָט אָפיציעל ערקלערט אין דער פרעסע, אַז אויב אן אָנגעשטעלטער ביי דער רעגירונג איז אויף אַזוי וויט געגען די פאָליטיק פון דער רעגירונג, אז ער ערלויבט זיך זי צו קריטיקירען, טו פאסט ער זיך ניט פאר זיין שטעלע. גאר פא רוסקי: „מאלטשאט אי ניע ראזגאוואריוואט". א שרייבער'ל ביי דער רעגירונג טאָר ניט עפענען דעם מויל.

די דיסציפלין איז אין רוזוועלטס אדמיניסטראציע געגאנגען נאָך אַ סך ווייטער. אין דער צייט פון דער מלחמה צווישען רוס־לאנד און יאפאַניע האָט פרעזידענט רוזוועלט ארויסגעגעבען א פרי־

---

*) זי האָט אין איר בריף חלילה ניט אויסגעזאָגט קיינע סודות, וואָס מען האָט איר דיקטירט,—צי זי איז אינגאַנצען געווען אָנגעשטעלט אין אַזאַ אבטיילונג, וואו זי האָט געהאַט עפעס צו טאָן מיט שטאַטס־סעקרעטען, איז פאר דעם ברייטען עולם געבליבען אונבעקאנט. ס'איז אַ סברה, אַז זי האָט מיט קיין שטאַטס־סעקרעטען גאָר ניט געהאַט צו טאָן, וואָרים אויב זי וואָלט פארנומען ערגעץ אַ פארטרויענס פאָסט, וואָלט עס זיכער אָפיציעל געמעלדעט געוואָרען, כדי גרעסער צו מאַכען איר עבירה.

כאז, אז קיין פערזאן וואס דינט ביי דער רעגירונג זאל זיך ניט ערלויבען צו ריידען וועגען דער מלחמה. „אמעריקע, האט ער געזאגט, דארף אויסמיידען אלעס וואס קען איר פארפלאנטערן אין א קריג מיט רוסלאנד. אמעריקע ווירד זיין נייטראל. ווען אמעריקאנער רעגירונגס־בעאמטע וועלען ניט זיין פארזיכטיג אין וואס זיי ריידען, קען רוסלאנד דאס אננעמען פאר די מיינונג פון דער אמעריקאנער רעגירונג. דעריבער איז גליכער, אז אלע רעגירונגס־בעאמטע זאלען אין גאנצען שווייגען וועגען דער מלחמה. ווער עס וועט ניט פאלגען, וועט קריגען אמטסאווקע.

מילא, די טענה איז פשוט געווען אן אונזין, די מיינונג פון מארגאנ׳ס אפיס באי וועדט ניט אנגענומען אין דער פינאנץ־וועלט פאר די מיינונג פון מארגאנ׳ס פירמע. קיינער האט קיין רעכט ניט צו רעדען אים נאמען פון דער רעגירונג, א חוץ דעם פרעזידענט, די מיניסטארען און די דיפלאמאטישע אגענטען. אויב דער פרעזידענט מעג פארזאגען די בעאמטע, זיי זאלען ניט ריידען וועגען דער מלחמה, טו מעג ער פונקט אזוי גוט זיי פארזאגען, זיי זאלען ניט ריידען וועגען אן אנדער פראגע. דאס מיינט, אז ווי באלד איינער נעמט אן א שטעלע ביי דער רעגירונג, מוז ער זיך אפזאגען פון זיין רעכט צו געניסען דיזעלבע רעדע־פרייהייט, וואס אנדערע בירגער האבען. דערמיט ווערט באשאפען א קלאס מענטשען, וועמענס רעכט זיינען באשרענקט. מיט דער ווייטערער אויסברייטונג פון דער טעטיקייט פון דעם שטאט, מוז זייער צאל וואקסען. שטעלט זיך פאר, אז די אייזענבאנען זאלען איבערגעהן צו דער רעגירונג, דערמיט וועלען צוויי מיליאן מענטשען, וואס ארבייטען ביי די אייזענבאנען פארלירען דאס רעכט צו רעדען וועגען דער פארוואלטונג פון די אייזענבאנען. וואס מערער די געזעלשאפט וועט אריינוואקסען אין דעם סאציאליזם, (לויט בעבעל׳ס אויסדרוק) אלץ גרעסער וועט ווערען דער קלאס פון שטאטס־שקלאפען.

## 6.

## די ערסטע סאציאליסטישע אדמיניסטראציע פון מילוואקי.

ווי מיר האבען געזעהן איז די באוועגונג פאר שטאטס־סאציאליזם אדער מוניציפאל סאציאליזם ברייטער ווי דער ארבייטער־קלאס. עס זיינען אין איר פאראינטערעסירט דער מיטעל־קלאס און

אפילו א טייל פון דעם קאפיטאליסטישען קלאס. דעריבער ווערט זי אונטערשטיצט אי אין איראפא, אי דא אין אמעריקע פון געוויסע בורזשואזנע אדער קאפיטאליסטישע עלעמענטען. און דעריבער האט דער אלטער ליבקנעכט דיזע באוועגונג באצייכענט מיט דעם נאמען „שטאטס־קאפיטאליזמוס“. די היגע סאציאליסטען האבען דאס באלד אריינגענומען אין זייער ווערטער־בוך. עס איז אבער דא געווען א צרה. די סאציאליסטישע ארבייטער פארטיי (ס. ל. פ.) איז געווען די ערסטע אין אמעריקע וואס האט אויפגעשטעלט די זעלביקע פאדערונגען אין איר אייגענער פלאטפארמע, און די ס. פ. האט זיי אויך אריבערגענומען. די סאציאליסטישע פארטיי האט אבער געפונען אן אונטערשיד צווישען דעם „מוניציפאל קא־פיטאליזם“ און דעם סאציאליזם. אין דער ערסטער פלאט־פארמע פון דער פאראייניקטער פארטיי (ס'הייסט „דעב־סיסטישער“ סאציאל דעמאקראטישער פארטיי און דעם אפגעשפאלטענעם חלק פון דער ס. ל. פ.) איז געשטא־נען, אז די פארטיי פאדערט טאקע די אלע זאכען וואס ווערען בא־צייכענט מיט דעם נאמען „שטאטס־קאפיטאליזם“. אבער דאס וויל זי נאר דעמאלט ווען די סאציאליסטישע פארטיי וועט זיין ביים רו־דער. דעמאלט וועט דאס זיין סאציאליזם. כל־זמן אבער די קאפי־טאליסטישע פארטייען בעל־הבית'עווען אין דער שטאט־פארוואל־טונג, איז א שטאטישע עלעקטרישע סטאנציע ניט סאציאליזם, נאר מוניציפאל קאפיטאליזם. וואס איז די נפקה מינה?

פארשטעהט איהר, ווען די שטאט־פערוואלטונג געפינט זיך אין קאפיטאליסטישע הענט, דעמאלט וועט אזא שטאטישער געשעפט אויסגענוצט ווערען צו עקספלואטירען די ארבייטער פון יענעם גע־שעפט, כדי די טעקסעס פון די קאפיטאליסטען זאלען זיין קלענער. ווען אבער די שטאט קומט אריין אין די הענט פון א סאציאליסטי־שער אדמיניסטראציע דעמאלט וועלען אין אלע שטאטישע געשעפ־טען די אינטערעסען פון די שטאטישע ארבייטער שטעהען אפ'ן ערשטען פלאן. די קאפיטאליסטישע רעפארמערס ווילען א „ביזנעס־אדמיניסטרעישאן“, זיי פירען די שטאטישע געשעפטען אזוי ווי די קאפיטאליסטישע געשעפטען ווערען געפירט, דאס הייסט פראסט גע־רעט, זיי ווילען עקספלואטירען דעם שטאטישען ארבייטער פונקט אזוי ווי דער ארבייטער אין א פריוואט ביזנעס ווערט עקספלואטירט. וועט עס דער ארבייטער וואס האט א שטעל פון דער שטאט מער

הנאה האָבען, ווען די שטאָט באַסעס וועלען פון עם שינדען די הויט? אַט קוקט זיך איין ווי די ארבייטער ווערען באהאנדעלט פון דער קאַפּיטאַליסטישער רעגירונג אין וואַשינגטאָן?

בקיצור, עס איז געבליבען, אַז מיר דאַרפען יוארטען מיט דעם מוניציפאַל־סאָציאַליזם ביז וואַנען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי וועט אריינמופען אין סיטי האָל. און מיר האָבען זיך ברוך השם דער־ווארט: די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז געוואָרען די פּאָלנע בעל־הבית׳טע איבער דער שטאָט מילוואָקי.

די סאָציאַליסטישע פּלאַטפאָרמע פאָדערט דעם אכט שטונדען ארבייטס־טאָג פאַר אַלע ארבייטער. און די ערסטע זאַך וואָס דער סאָציאַליסטישער מעיאָר האָט געטאָן, האָט ער איינגעפירט דעם אכט־שטונדיקען ארבייטס־טאָג פאר אַלע קלוירקס אין סיטי האָל. דאָכט זיך גאַנץ פיין. דער חסרון איז אָבער געווען, וואָס אונטער די פריהערדיקע קאַפּיטאַליסטישע אדמיניסטראציעס האָבען זיי געאַר־בייט סך־הכל זעקס שטונדען... דער אמת׳ער סאָציאַליזם באַדייט פאַר זיי צוויי שעה מערער פאַר די זעלביקע געהאַלט.

אָפּגעבענדיק דעם נייעם אָרדער, האָט דער סאָציאַליסטישער מעיאָר געזאָגט צו די שטאָט אָנגעשטעלטע, אַז זיי זיינען שולדיק דער שטאָט אַן אכט־שטונדיקען ארבייטס־טאָג, און דעריבער וועלען זיי מוזען ארבייטען אכט שטונדען אַנשטאָט זעקס.

אַ מאָדנער באַגריף פון דעם אכט־שטונדען־טאָג! אַזוי ווי די צאָל אכט וואָלט אין זיך געהאַט אַ באַזונדערען זכות!

אַט האָבען די זעצערס ביי די ליינאָטייפּ מאַשינען אויסגע־פירט פאַר זיך אין פילע דרוקערייען אַ זיבען־שטונדען טאָג און זאָגאַר אַ זעקס־שטונדען טאָג, נו שטעלט זיך פאַר, אַז אַ רעדאַקטאָר פון אַ סאָציאַליסטישער צייטונג וואָלט געזאָגט צו די זעצערס: „איך גלויב אין דעם אכט־שטונדען טאָג, און דעריבער, גענאָסען, וועט איר איצטער ביי מיר ארבייטען אכט שטונדען פאַר די זעל־ביקע שכירות וואָס איר האָט פריהער געקראָגען פאַר זעקס?“ עס האָט זיך ניט געפונען קיין איינציקער מענטש אין דער גאַנצער סאָציאַליסטישער אדמיניסטראַציע פון מילוואָקי, וואָס זאָל קלאָר מאַכען דעם סאָציאַליסטישען מעיאָר, וואָס פאַר אַ גראָבען פעלער ער האָט באַגאַנגען.

אדרבא, מיט טהאַמאַס, די סעקרעטערין פון דער פּאַרטיי אין

דעם סטעיט וויסקאנסין, האט וועגן דעם באריכטעט מיט דעם גרעסטען ענטוזיאזם אין די סאציאליסטישע צייטונגען.

די קאפיטאליסטישע פרעסע האט באריכטעט וועגן מעיאר זיידעלס ארדער, אז די קלוירקס אין סיטי האלל זאלען ארבייטען אכט שטונדען און זיי האבען עס זעהר געלויבט — דאס הייסט א „ביזנעס ארמיניסטריישאן"! דער אטארני דזשענעראל אין וואשינגטאן האט באלד דערויף ארויסגעגעבען אן ארדער, אז די קלוירקס אין דעם דעפארטמענט און דזשאסטיס זאלען ארבייטען 8 שטונדען א טאג אנשטאט 7, ווי פריהער. און מען האט דערצעהלט, אז פרעזידענט טאפט האט זיך געקליבען איינצופירען דעם אכט שטונדען טאג פאר אלע קלוירקס אין די רעגירונג־דעפארטמענטס. דאס האט אבער געשאפען אן אלגעמיינע אונצופרידענהייט אין וואשינגטאן. די קרעמער זיינען געווען דאגעגען, די צייטונגען האבען זיך אויסגעשפראכען דאגעגען און דער פלאן איז בטול געווארען.

איך האב געפרובט זוכען תירוצים צו פארענטפערן גענאסע מעיאר זיידעל. אייגענטליך, האב איך זיך געזאגט, זיינען דאך די גאנצע חברה וואס קוועטשען די שטולען אין סיטי האל ניט מער ווי פאליטישענס, וואס האבען געקראגען זייערע דזשאבס צוליב פאליטיקס. זאלען זיי טאקע ארבייטען, די דארמאיעדען! טויג אבער דער תירוץ ניט. גראד ארום דער זעלבער צייט האט דער פאסטמאסטער־דזשענעראל אין וואשינגטאן ארויסגעגעבען אן ארדער, אז די בריף־טרעגער זאלען ארבייטען, ווען עס איז נויטיק מער ווי אכט שטונדען א טאג, אבי דער סך־הכל פון דער וואך זאל ניט אויסקומען מערער ווי אכט און פערציק שטונדען.

דער „שיקאגא דעילי סאשיאליסט" האט דאס באלד אונטערגעכאפט און וועגן דעם באריכטעט אונטער א פעטע קעפעל: „לענגערע שטונדען פאר דיזעלביקע שכירות". הייסט, אויב עס איז אן עולה צו פארלאנגען איבערטיים, ווען דער ארבייטער קריגט דיזעלביקע צייט פריי אנאנדער טאג, טו וואס איז — צווינגען די קלוירקס צו ארבייטען צוועלף שטונדען א וואך עקסטרא אן א סענט!

אויב די קלוירקס אין מילוואקי זיינען פאליטישענס, טו זיינען א סך קלוירקס אין פאסט אפיס דעפארטמענט אויך פאליטישענס. און ווייטער, וואס וואלט דאס געווען פאר א יושר: דער־

פאר וואס א מאן איז א מיטגליד פון א רעפובליקאנער אדער דעמאקראטישען קלוב, איז א מצוה פאר א סאציאליסטישען מעיאר עם צו עקספלואטירען?

די קלוירקס וואס ארבייטען אין וואשינגטאן פאר די רעגירונג אדער פאר די שטאט אין מילוואקי טוען דעם זעלבען כארט ארבייט ווי די קלוירקס ערגעץ אין א באנק אדער אין א דעפארטמענט סטאר. יענע זוכט מען צו ארגאניזירען, עס איז פאראן א יוניאן פון קלוירקס, וואס זוכט צו געווינען פאר זיי קירצערע שטונדען. מיט וואס זשע האבען די קלוירקס אין סיטי האל אזוי פארזינדיגט? אמת, די ארבייטער וואס קעהרען די גאסען, ארבייטען אכט שטונדען און די קלוירקס זיינען ניט קיין גרעסערע יחסנים פאר זיי. פרובירט אבער איינרעדען די זעצערס, אז זיי דארפען ארבייטען אזוי לאנג ווי די סטריט קלינערס! זיי וועלען אייך ענטפערן, אז אויב איר ווילט גלייכהייט, טו מעגט איר זייערטוועגען איינפירען א זעקס־שטונדען טאג פאר אלע ארבייטער, וואס ווערען גערונגען פון שטאט. זיכער האט דער סאציאליסטישער מעיאר פון מילוואקי געקראגען פון זיין פארגעגנער בירושה א געוויסע צאל קלוירקס וואס האבען געקראגען זייערע שטעלען נאר צוליב דעם, וואס זייער פארטיי האט זיי געדארפט פארזארגען מיט פאליטישע דזשאבס; או [די שטאט וואלט אן זיי גאנץ גוט געקענט אויסקומען. דער סאציאליסטישער מעיאר האט געמעגט אפשאפען אלע איבעריקע לייט און פאדערען פון אלע בעאמטע, זיי זאלען ניט הולטאיעווע,ן נאר טאן די ארבייט, פאר וועלכע די שטאט האט זיי גערונגען, אבער יענע וואס טוען יע זייער ארבייט, וואס האט מען צו זיי?

דער ביישפיל פון מילוואקי האט צושלאגען אין ברעקלאך דעם ארגומענט, אז „פאבליק אונערשיפ“ איז סאציאליזם, ווען עס געפינט זיך אין די הענט פון א זיידעל, און עס איז מוניציפאל־קאפיטאליזם ווען עס ליגט אין די הענט פון א דעמאקראטישען מעיאר.

7.

## אלזא שפראך מעיאר זיידעל.

ווען מיין ארטיקעל איבער דער מעשה איז ערשינען אין דער „פרייער אַרבייטער שטימע“ האט זיך א סאציאליסט פון שיקאגא,

מר. זיסקינד, געווענדעט מיט אן אנפראגע וועגן דעם צו מעיאר זיידעל פערזענלאך. דעם מעיאר'ס ענטפער האט מר. זיסקינד אי־בערזעצט אין אידיש און אפגעדרוקט אין דער „אידישער ארביי־טער וועלט“ פון דעם 22טען יולי, 1910, און איך האב עס איבער־געדרוקט אין דער „פרייער ארבייטער שטימע“. אט איז ער ווארט ווארט:

„ווערטהער קאמעראד: —

„איך האב אייער צושריפט ערהאלטען, ענטפערענדיק, לאזט מיר אייך זאגען, אז עס איז ניט מעגלאך פאר מיר צו טאן איר־גענד וואס און עס זאל ניט פארדרעהט ווערען. די קלויוקס פון וועלכע איר רעט, דארפען זיין אף זייער דזשאב 8 שטונדען, אבער זיינען קיינמאל ניט געווען. אין פאקט, מאנכע פון זיי זיינען ניט געווען קיין 6 שטונדען און מאנכע האבען אפילו ניט געארבייט קיין צוויי שטונדען א טאג. זעהר פיל פון זיי זיינען ניט מער ווי פאליטישע באמס. איך פארשטעה ניט אז סאציאליזמוס מיינט בא־שיצונג צו פאליטישע באמבס און גרעפטערס, אם ווייניקסטענס, דאס איז ניט וואס מיר דענקען אז סאציאליזמוס מיינט אזוי, אין מילוואקי. מיר דענקען, אז די שטאטישע רעגירונג איז א טייל פון א מאשין צו טאן זאכען פאר די בירגער פון מילוואקי.

„דיזער מאשין קען ניט טאן דיזע זאכען, ווען עס ארבייט ניט, אויב 8 שטונדען איז די רול און עס איז געווען די רול אין מילוואקיר שטאטישער רעגירונג, דאן דארפען זיי ארבייטען די 8 שטונדען און ניט ווערען באצאלט פאר דאס, וואס זיי ארבייטען ניט.

„פילע פון דיזע מענטשען האבען גענומען געצאלט פון שטאט און האבען געטאן ארבייט וואס האט גאר ניט צו טאן געהאט מיט זייערע פפליכטען אלס שטאטישע בעאמטע, ציהענדיק געלט פון אנדערע קוועלען פאר דיזע ארבייט.

„עס איז מעגלאך, אז מאנכע דזשאב האלדערס פאליטישענס גלייבען ניט אונדזער שטעלונג, אבער מיר קענען עס ניט העלפען. איך גלויב ניט אז אזוי לאנג, ווי די גרויסע מאסען פון די ארביי־טער ארבייטען 10 שטונדען, זאלען די, וואס דארפען העלפען די אר־בייטער צו פארבעסערען די קאנדיציאנען פון די גרויסע מאסע, **זאלען זיין צופרידען צו קריגען א פאר פריווילעגען. אין אנדערע**

ווערטער, אויב איך, אלס מעיאר פון מילוואקי, וויל טאן מיין פפליכט צו מיינע ברידער ארבייטער, דיקטירט מיר מיין געוויסען, אז איך זאל אנווענדען מיינע בעסטע קרעפטען און איך זאל ניט רו־הען, ביז וואנען איך וועל זיין ערפאלגרייך צוצוברעכען די קיי־טען פון לוין שקלאפעריי. דאס קען אפט פאדערן ניט נאר 8, נור 10, 12, 14 שטונדען, און איך אלס אמת'ער סאלדאט פון דער זאך, וואלט איך עס ניט אויסמיידען.

(אונטערצייכענט) עמיל זיידעל, מעיאר".

צו מר. זיידעלס שרייבען האט מר. זיסקינד צוגעלעגט זיין איינענעם פירוש, אין וועלכען ער האט געזאגט:

„דיזער לעטער רעט פאר זיך אליין. קיינער וועט ניט קענען געבען געגנאסטע זיידלען אונגערעכט. זיידעל'ס לעטער צייגט פון וואס פאר א מאטעריאל זיי זיינען דא צוזאמענגעשטעלט".

זיין בריוועל האט ער גע'חתמ'עט: „מיט סאציאליסטישען גרוס פאר אונדזער אידעאל, מאררים זיסקינד".

ווי מיר האבען געזעהען, האט דער דעמאקראטישער קאנג־רעסמאן בארלאד אין 1916 פארגעשלאגען צו פארלענגערען די ארבייטס־צייט אין די רעגירונגס דעפארטמענטס ביז אכט שטונ־דען און ער האט באגרינדעט זיין פארשלאג, אקוראט ווי דער סאָ־ציאליסטישער מעיאר זיידעל, דערמיט וואס פילע ארבייטער פאָ־דערען נאך ערסט די איינפירונג פון דעם אכט־שטונדען טאג, דע־ריבער טארען די ארבייטער ביי דער רעגירונג ניט פארלאנגען פאר זיך קיין בעסערס*)

דעם סאציאליסטישען מאיאר'ס תירוץ מכח „פאליטי־שע באמס און גרעפטערס" איז ניט קיין ענטפער: ער האט ניט געזאגט אין זיין בריעף אז אלע קלוירקס אין סיטי האל זיינען באמס און גרעפטערס, אבער זיין ארדער האט זיך דאך באצויגען אף אלע קלערקס. די פראגע איז: וויפיל שטונדען א טאג זיי־נען די אפיסעס אין סיטי האל געוועזען אפען אונטער דער פריי־

---

*) דער סאציאליסטישער קאנגרעסמאן לאנדאן האט גע־רעט אין קאנגרעס געגען בארלאנד'ס פארשלאג, ס' איז אבער א גרויסער חלוק פון אן איין־איינציקען פארטרעטער פון דער אפאזיציע ביז צו א רעגירונגס פארטיי, וואס די סאציאליסטישע פארטיי איז גע־ווען אין מילוואקי אין זיידעלס אדמיניסטראציע.

הערער אדמיניסטראציע ? דאָס איז דאָך דער עיקר, און וועגן דעם, איז מר. זיידעל׳ס בריף ניט קלאָר. אין די צייטונגען איז געשטאַנען, אז די שטונדען זיינען געווען פון ניין ביז צוועלף אין דער פריה און פון צוויי ביז פינף נאָכמיטאג*) דאָס הייסט פאר יענע קלערקס, וואָס האָבען קיין פּאָליטישען פּול ניט געהאט און האָבען געמוזט טאָן זייער ארבייט איז דער ארבייטס־טאָג געווען זעקס שטונדען. ווען עס וואָלט ניט געווען אזוי, וואָלט מיעאָר זיידעל פארשפּאָרט צו פארענטפערען זיך, ער וואָלט פּראָסט געזאָגט, אז די אָפּפיס־שטונדען אין סיטי האָל זיינען גאר קיינמאָל ניט געווען קיין זעקס שטונדען. דאָס אָבער זאָגט ער ניט. ער זאָגט נאָר, אז די „רול“ איז געווען די קלערקס זאָלען ארבייטען אכט שטונדען. וואָס הייסט די „רול“ ?. א פּנים עס איז ערגעץ געווען פארשריבען, אַז אָרדער פון א פריהערער שטאָט־פארוואלטונג, אז דער ארבייטס־טאָג זאָל געדויערען אכט שטונדען, אָבער דערנאָך איז ווי עס ווייזט אויס געוואָרען א מנהג אז די שטאָט־אָפּיסעס זאָלען זיין אָפען זעקס שטונדען. אַ מנהג ברעכט א דין, זאָגט מען, און דאָס איז אן אלגעמיין אנערקענטער געזעצליכער פּרינציפּ.

ווי די ביוראָקראטישע מאַשין איז אומעטום איינגעאָרדענט, קען זיך א קלערק וואָס האָט א פּול קומען שפּעטער אין אָפּיס, אָדער ארויסגנב׳ענען זיך פון אָפּיס און באַזאָרגען זיינע אייגענע געשעפטען, און זיין טשייעף זאָל אף דערויף צומאַכען אן אויג. אָבער אַלע קלערקס זאָלען זיך צוזאַמענרעדען צווישען זיך און איבערבייטען די אָפּיס־שטונדען פון אכט אף זעקס, דאָס איז אַנמעגלאָך. עס איז קלאָר, אז זיי האָבען עס געטאָן ניט אנדערס, ווי מיט דער הסכמה פון דעם פריהערען מעיאָר. היינט לאָמיך אייך פרעגען, ווער מאכט די רולס פאר די שטאָט־בעאמטע, וויפיל שטונדען זיי דאַרפען ארבייטען ?

אין אלע אמעריקאנער שטעט באַשטימט דאָס די שטאָט־אדמיניסטראציע, ווען די פריהערע אדמיניסטראציע איז מסכים גע־

*) אין יענער צייט איז ערשינען אין שיקאַגאָ א טעגליכע סאָציאליסטישע צייטונג, אין ענגליש, אין אירע בעריכטען וועגען דער אנגעלעגענהייט האָט זי דעם פאקט ניט אָפּגעליקענט. דאָס זעלבע אויך דער וועכענטליכער „סאָשאַל דעמאָקראטיק העראָלד“ פון מילוואָקי.

ווען, די אַפּיסעס זאָלען זיין אָפען זעקס שטונדען, איז דאָס געווען פונקט אזוי געזעצלאך, ווי די אלטע געשריבענע „רול“ וואָס איז פאקטיש אָפּגעשאפט געוואָרען, אמת, עס זיינען פאראן אין אמע־ריקע אזעלכע געזעץ־היטער, וואָס שרייען רק, אז יעדער געשריבע־נער געזעץ מוז אויסגעפירט ווערען ; טויג ניט דער געזעץ, טו דארף מען עם אָפּשאַפען. נו, ווייסט איר, אז אין פּענסילווייניא איז נאָך עד היום פאראן א געזעץ, אז ווער עס גלויבט ניט אין עולם הבא, טאָר ניט אויסגעקליבען ווערען פאר אן עפענטליכען אמט, — וואָלט אימיצען איינפאלען היינט צו טאָג אויסצוגראָ־בען דעם פארגעסענעם געזעץ אין דורך עם אָנצואווענדען ?

אָבער, ווען דער סאָציליסטישער מעיאָר פון מילוואָקי האָט ניט געוואָלט עובר זיין די „רול“ טו האָט ער דאָך געהאט די מאכט אליין, צי מיט דער הסכמה פון דעם סיטי קאונסיל, וואו די סאָציאליסטישע פּארטיי האָט געהאט א מאַיאָריטעט, צו יעדער צייט איבערצומאכען די „רול“, ווען ער איז אריין אין אמט און האָט געפונען, אז די אָפּיסעס ווערען געהאלטען אָפען זעקס שטונדען, בעת די „רול“ פארלאנגט אכט שטונדען, איז ביי עם געווען די ברירה ענטוועדער איבערצומאכען די „רול“, כדי די קלערקס זאָלען געזעצליך ניט דארפען ארבייטען מערער ווי פריהער, אָדער צו צווינגען זיי שווייצען איבעריקע צוויי שטונדען יעדען טאָג. דער סאָציאליסטישער מעיאר האָט באשלאָסען צו פאָדערען פון יעדען קלערק נאָך צוויי שטונדען ארבייט פאר די זעלביקע געלט, און ער האָט ערקלערט, אז דאָס איז יושר, מחמת די גרויסע מאַסע אר־בייטער שאַפען צען שטונדען אַ טאָג. אָבער די קלערקס ביי דער רעגיערונג אין וואשינגטאָן ארבייטען נאָר זיבען שטונדען. אל־זאָ די סאָציאליסטישע רעגירונג פון מילוואָקי האָט געצוואונגען אי־רע אָנגעשטעלטע צו ארבייטען לענגערע שטונדען, איידער די קאַ־פּיטאליסטישע רעגירונג אין וואשינגטאָן.

מעיאָר זיידעלס תירוץ איז געווען, אז ער וויל ניט רוהען ביז ער וועט ניט ברעכען די קייטען פון דער לאָהן־שקלאַפעריי, און ווען עס איז נויטיק צוליעב דעם צו ארבייטען אפילע צוועלף און פערצען שטונדען, איז ביי עס אויך רעכט. לאָמיר אָבער רעדען ווי ערנסטע מענטשען, — וואס טויגען אונדז די פראזען וועגען „ברעכען די קייטען“ ? — די סאָציאליסטישע שטאָט־פּארוואלטונג אין מילוואָקי איז ניט געווען קיין צווייטע פּאריזער קאמונע, זי

האָט געטאָן פּונקט די זעלבע וואַכעדיקע ארבייט, ווי מעיאָר גייר־נאָר אין ניו־יאָרק, אָדער מעיאָר ברענד ה. וויטלאָק אין טאָלידאָ האָט געטאָן צו דער זעלבער צייט. קורץ ווי אַן אנשטענדיקע רעגירונג פון בורזשואזנע רעפאָרמערס, ניט מער. דער סאָציאַליסטישער מעיאָר פון מילוואָקי האָט געהאט איין איינציקע נעלעגענהייט לייכ־טער צו מאכען די לאסט פון א קליינע צאָל לאָהן־שקלאַפען — דאָס זיינען געווען די לאָהן־שקלאַפען, וואָס ארבייטען פאַר די שטאָט אין סיטי האָל, ער האָט געקענט ווייזען א ביישפּיל דער וועלט, ווי א סאָציאַליסישע רעגירונג באהאנדעלט אירע געדונגע־נע מענטשען, האָט ער אָבער געזאָגט, אז ער איז אליין צופרידען צו ארבייטען לאנגע שטונדען און די קלערקס אין סיטי האָל דארף זיך אויך ניט וועלען ארבייטען קורצע שטונדען.

פונקט די זעלבע רייד האָט מען אין דער זעלבער צייט גע־הערט פון די מיטגלידער פון טאפט'ס קאבינעט אין וואשינגטאָן: זיי ארבייטען אויך אליין לאנגע שטונדען פאר די אינטערעסען פון דעם אמעריקאנער פאָלק (אזוי ווי זיי פארשטעהען דיזע אינטע־רעסען), על כן דארף א קלערק וואס איז א טרייער דינער פון פאָלק, אויך ניט קוקען אף'ן זייגער. דאָס איז דער בורזשואזנער אידעאל פון א „ביזנעסלייק אדמיניסטרעישאָן“. אן אדמיניסטראציע פון ביזנעס לייט זוכט אימער אפצושפּאָרען געלט פון דעם ארבייטער.

עס בעט זיך דאָ אָבער אַן אנדער קשיא. לויט ווי מע־יאָר זיידעל דערצעהלט אין זיין בריף, פלעגען אונטער זיין פאר־גענגער א סך קלערקס ארבייטען ווענינקער ווי צוויי שטונדען א טאָג, און קיינער האָט ניט געארבייט מער ווי זעקס שטונדען, און פון דעסטוועגען איז מען פארטיק געוואָרען מיט דער ארבייט, וואָס מ' האָט געדארפט טאָן, ס' הייסט עס זיינען געווען מערער קלערקס איידער מען וואָלט געדארפט, ווען אלע וואָלטען געארבייט זעקס שטונדען. מעיאָר זיידעל האָט זיי געהייסען קומען אין אָפיס אכט אזייגער אין דער פריה און אָפּזיצען דאָרטען גאנצע אכט שטונ־דען. וואָס־זשע האָבען זיי געטאָן אין די אכט שטונדען ? איך קען אייך זאָגען — איך בין געווען באקאנט מיט דער אמעריקא־נער ביוראָקראטישער פירונג : מען צורייבט די צייט מיט גאָר־נישט, אָבער אלע זעהען אויס זעהר שטארק ביזי, אָט דער בלאָף פון די „ביזנעס אדמיניסרעישאָן“ איז נאָך מיין מיינונג נאָך א סך אונארענטלאכער, איידער דער אָפענער לעדיקגעהן פון די גרעפטערס.

עס זיינען פאראן אין אמעריקע א פּאר הונדערט טויזענט קאפּ־ארבייטער, וואָס ארבייטען פאר די רעגירונג פון די פאראייניקטע שטאטען, פון די סטעיטס און פון די שטעט. די סאָציאַליסטען באַטראכטען זיי פאר לאָהן־ארבייטער, פּראָלעטאריער. איך קען ניט איינזעהן פאר וואָס פארדינען זיי ווייניקער סימפּאטיע איידער די פּראנצויזישע שטאטס־בעאמטע, פאר וועלכע די גאַנצע סאָציאליסטישע וועלט האָט זיך אָנגענומען אין זייער קאמפּף געגען דעם ראַדיקאלען און האלב־סאָציאליסטישען קאבינעט.

צווישען זיידעלס האלטונג געגען די בעאמטע פון דער שטאָט מילוואָקי און דער האלטונג פון קלעמענסאָ אָדער בריאן געגען די אָרגאניזירטע פראנצויזישע שטאטס־בעאמטע איז שווער צו געפינען א פּרינציפּיעלען אונטערשיד. דער אונטערשיד איז נאָר אין די אומשטענדען: אין פראנקרייך זיינען די רעגירונגס־קלערקס ארויס אין א סטרייק, בעת אין מילוואָקי זיינען זיי געבליבען שטום, ווען דער סאָציאליסטישער מעיאר האָט ארויסגעגעבען א נייע לאָסט אָף זייערע פּליכטען.

ווי איר זעט, איז די פראגע מכח די ארבייטס־צייט פון די אָנגעשטעלטע ביי דער רעגירונג ניט קיין פּארטיי פראגע. דער סאָציאליסט זיידעל זאָגט, אז ער גלויבט אין דעם אכט־שטונדען טאָג, דעריבער דארף מען פארלענגערען די ארבייטס־שטונדען פון זעקס ביז אכט, און דער רעפּאָרם־מעיאר מיטשעל זאָגט, אז ער גלויבט אין עפישענסי, דעריבער דארפען די לערערינס ארבייטען זומער צייט אָן באצאָלונג. דער עיקר איז, אז דער שטאט — דער סאָציאליסטישער אזוי גוט ווי דער קאפּיטאליסטישער — קען עקספּלואטירען זיינע ארבייטער.

## 8.

## ארבייטער־יוניאָנס אונטער שטאטס־סאָציאליזם.

אין אייראָפּא מאכט דער געזעץ קיין אונטערשיד ניט צווישען דער רעגירונג אלס קאפּיטאליסט און א פּריוואט קאפּיטאליסט. די רעגירונג קען מאכען א קאָנטראקט פּונקט אזוי ווי א געשעפטסמען און אויב די רעגירונג פאָלגט ניט די פּונקטען פון דעם קאָנ־

טראקט, קענט איר זי פארקלאָגען פונקט אזוי ווי איר וואָלט פאר־קלאָגען א פריוואַט־פירמא, אין דערזעלביקער קאָרט. דאָ אין די פאראייניקטע שטאַטען איז דער אונטערשיד צווישען דער רעגירונג אלס פּאָליטישע מאכט און דער זעלבער רעגירונג אלס א געשעפטס־אנשטאלט באַרטונקעלט געוואָרען דורך דעם געדאנק פון דעמאָקראַטיע, פון פאָלקס־הערשאפט. אין דעם סכסוך צווישען דער אינטער־נאשאָנאַל טייפּאָגראפיקאל יוניאן און דער רעגירונג האָט פּרעזידענט ראזוועלט געזאָגט, אז די גרויסע רעגירונגס־דרוקעריי אין וואשינג־טאָן געהערט צו דעם „פאָלק“ און נאָר דער גאנצער פאָלק דורך זיינע פארטרעטער אין קאָנגרעס קען באַשטימען, וואָס זאָלען זיין די באַדינגונגען פון דער ארבייט אין זיין דרוקעריי, ניט די קליי־נינקע צאָל מענטשען, וואָס ארבייטען דאָרטען. די פּאָר טויזענט ארבייטער אין דער דרוקעריי טאָרען ניט שטעלען זייער ווילען העכער פאר דעם ווילען פון הונדערט מיליאָן אמעריקאנער.

די כּאַציאַל־רעפּאָרמערס, וואָס סימפּאַטיזירען מיט דעם טרעיד־יוניאָניזם, וואָס האלטען מיט די ארגאניזירטע ארבייטער אין זייער קאמפף געגען דעם פריוואַט־קאַפּיטאל, מאכען אָבער אן אונ־טערשיד צווישער פריוואַט־קאַפּיטאל און א רעגירונגס־אונטערנע־מונג. דער רעפּאָרם מעיאָר פון ניו־יאָרק זאָגט, אז ער גלויבט אין אָרגאניזאציע, אָבער מאכט ער — „די רעגירונג פון דער שטאָט און אירע טשינאָווניקעס קענען ניט ווערען באהערשט פון די אָנ־געשטעלטע פון דער שטאָט. די מעלות פון אן ארגאניזאציע פון שטאָט־אָנגעשטעלטע, צי לערערינס, צי אנדערע ארבייטער, הענגט אָפּ פון דעם צוועק פון דער ארגאניזאציע און פון דעם אף וואָס פאר אן אופן זי ווערט געפירט“.

די באָארד אָוו עדיוקיישאָן פון שיקאגאָ זאָגט, אז זי איז ניט געגען יוניאָנס בכלל, נאָר יוניאָנס זיינען גוט פאר האנט־אר־בייטער, פאר פּראָפעסיאנעלע מענטשען פאסען זיי זיך ניט.*)

דער וועכענטליכער זשורנאל „סוירוועי“, וואָס רעפּרעזענ־

*) עס זיינען פאראן מענטשען, ניט דוקא קאפּיטאַליסטיש גע־זאָנענע, וועלכע האלטען זיך אליין פאר פּאָרטשריטלאכע און זיינען איינפארשטאַנען מיט דער מיינונג, דאָס איז למשל געוועען די שטעלונג פון דעם אידישען „פּאָרווערטס“ אין דעם סטרייק פון זיינע שרייבער.

טירט די עפענטלאכע מיינונג פון די סאָציאַל־רעפאָרמערס שטעלט זיך אף דער זייט פון דער שיקאגער „באָארד אוו עדיוקעישאָן“ בנוגע צו די לערערינס: „דאָס פּובליקום, וואָס איז דער בעל הבית פון די סקוהלס און דינגט די לערערס, האָט אין גרונד גענומען דאָס רעכט צו וויסען, פאַר וואָס זאָלען די באַצאָלטע דינערס פון פאָלק זיין פארבונדען מיט אַן ארגאניזאציע פון איין קלאַס פון דעם פאלק. זאָל זיך אפילו דאָס זיין דער גרעסטער קלאַס; און אויב די לערער האָבען אזעלכע פארבינדונגען, טו פארוואס זאָלען די פּאָליס, די אַנגעשטעלטע פון דעם פּאָסט־אָפיס, די אַרמעע און דער פלאָט אויך ניט זיין ארגאניזירט אף דעם זעלביקען אופן“. די סאָציאַל־רעפאָרמערס אנערקענען ניט דאָס רעכט פון רעגיערונגס־בעאמטע צו אָרגאניזירען א יוניאָן, ווי אלע אַנדערע ארבייטער, פאר דעם זעלבען צוועק און אף דעם זעלבען אופן.

עס וועט ניט נעמען זעהר לאנג ביז וואנען די אייזענבאנען, דער טעלעגראף, די עלעקטרישע באנען און א סך אנדערע מאָנאָפּאָליסטישע געשעפטען, וועלען איבערגענומען ווערען פון דער רעגירונג, דאָס וועט שאפען א מחנה פון א פּאַר מיליאָן רעגירונגס בעאמטע, וואָס פילע פון זיי זיינען שוין איצטער אָרגאניזירט און אנדערע וועלען זיך וועלען אָרגאניזירען. איז עס דעמאָקראטיש, אז זיי זאָלען קיין דעה ניט האָבען אין דער פראגע פון זייערע אייגענע פארדינסטען און ארבייטס־צייט, דערפאר וואָס זייער באַלעבאָס איז ניט א פריוואט־קאָרפּערעישאָן, נאָר די רעגירונג?

מ׳ מישט דאָ צוזאמען צוויי גאנץ פארשידענע פּאַרטען „דינער פון פאָלק“: די ערוועהלטע פּאָלקס־פּארטרעטער און די געדונגענע בעאַמטע. א קאָנגרעסמאַן, אלס קאָנגרעסמאן, האָט קיין אייגענע אינטערעסען ניט, וואָס זאָלען זיין פארשידען פון די אינטערעסען פון די וואוטערס, וואָס האָבען עם געשיקט אין קאָנגרעס, ער איז ניט מער ווי זייער שליח. — איך רעד נאָטירלאך פון דער טעאָריע פונ׳ם געזעץ, ניט פון דער פּראקטיקע. א פורמאן, וואָס זיצט אף א וואָגען מיט בריף און צייטונגען, איז ניט מער ווי אן ארבייטער, וואָס טוט דיזעלביקע ארבייט, ווי א פורמאן, וואָס טרייבט די פערד פאר א געוועהנטלאכען עקספּרעסמאַן. פארוואס זאָל ער ניט האָבען דאָסזעלביקע רעכט צו דינגען זיך מיט זיין בעל הבית דער רעגירונג — וועגען שטונדען, שכירות

א. א. וו. ווי יעדער אנדערער פורמאן מיט זיין בעל הבית ? דער קאנגרעסמאן, וואס נעמט אן די שליחות פון פאלק, האט די ברירה ניט צו לויפען אלס קאנדידאט, אויב די באדינגונגען געפעלען עם ניט. אבער דער פורמאן מוז ארבייטען צו פארדינען אף חיונה. — און שטעלט זיך פאר א געזעלשאפט, וואו דער גאנצער טראנספארט-געשעפט ליגט אין די הענט פון דער רעגירונג — וואו זאל די מאסע פורלייט זוכען ארבייט ? ווען עס זאל אנערקענט ווערען, אז א דינער פון פאלק טאר ניט געהערען צו אן ארבייטער ארגאניזאציאן, טאר קיין דעה ניט זאגען וועגען די באדינגונגען פון זיין ארבייט. מוז דאס פירען צו א נייער פארמע פון שטאטס-שקלאפעריי.*)

דער ארבייטער אין א שטאטס-אינדוסטרי איז אונטער אזא דיסציפלין א געצוואונגענער ארבייטער, — געצוואונגען ניט דערמיט, וואס עס ווילט זיך עם עסען, אבער געצוואונגען דורך דעם געזעץ, וואס זאגט, אז ער דארף ארבייטען אזוי לאנג, ווי מען הייסט עם, נעמען אזוי פיל, ווי מען גיט עם, און טאר ניט פאראייניקען זיך מיט זיינע מיט-ארבייטער צו פארבעסערען זיין לאגע**)

עס איז ניט קיין תירוץ צו זאגען, אז אין די היינטיקע דעמאקראטיעס הערשט „דאס פאלק“ און יעדער וואס ארבייט אין דעם פאסט-אפיס איז א טייל פון דעם פאלק, און דאס פאלק קען „זיך אליין“ ניט אונטערדריקען, ווי די טעארעטיקער פון דער דעמאקראטיע האבען געטענה׳ט אין דעם 18-טען יארהונדערט. מיר זעהען, אז „דאס פאלק“ פון די דרום סטעיטס אונטערדריקט יע די שווארצע מינאריטעט. און די אונטערדריקונג פון די קלערקס אין דעם פאסט-אפיס האט געבראכט צו העפטיקע קאנפליקטען

---

*) שטאטס-שקלאפעריי האט עקזיסטירט אין דער געשיכטע אין יעדע צייטען, ווען דער גאנצער עקאנאמישער סיסטעם איז געבויט געווען אף שקלאפעריי, אין רוים זיינען די שרייבערס אין רעגירונגס אנשטאלטען — וואס מען רופט היינט אין אמעריקע דעפארטמענט-קלערקס — געווען שטאטס-שקלאפען.

**) דאס איז געווען די געזעצליכע לאגע פון די בערג-ארבייטער אין די אוראלער בערג, פאר דער באפרייאונג פון די פויערים, וואס האבען באלאנגט צו דער רוסישער רעגירונג.

צווישען זיי און דער רעגירונג. און אמעריקע אונטערשיידעט זיך ניט פון דער פראנצויזישער רעפובליק ; ווען די פראנצויזישע פּאַטש־טאַווע בעאַמטע האָבען געסטרייקט פאר דאָס רעכט צו אָרגאַני־זירען זיך, האָט די ראַדיקאַלע רעגירונג זיי באהאנדעלט אַלס פאר־ברעכער, אַקוראַט ווי די רוסישע רעגירונג האָט באהאנדעלט די סטרייקערס פון דער פּאָטשט און דעם טעלעגראַף מיט עטלאכע חדושים פריהער. די שטראָף איז געווען אַ מילדערע ווי אין רוס־לאַנד, אָבער דער פּרינציפּיעלער שטאַנדפּונקט איז געווען דערזעל־בער.

די פונדאַמענטאַלע פאָדערונג פון דער גאַנצער ארבייטער באַ־וועגונג איז, אז די אָרגאַניזירטע ארבייטער זאָלען טאָקע יע האָבען אַ דעה איבער דער פערוואַלטונג פון דעם געשעפט, אין וועלכען זיי ארבייטען, דאָס איז דער זין פון „אינדוסטריעלער דעמאָ־קראַטיע", וואָס איז דער היפך פון דעם איצטיקען אינדוסטריעלען אבסאָליוטיזם, וואו דער באַלעבאָס איז אַן אונבאַשרענקטער מאָ־נאַרך אין דער פאַבריקע. און אין די רעגירונגס אונטערנעמונגען איז די פאָדערונג פון אינדוסטריעלער דעמאָקראַטיע נאָך וויכטיקער ווי ביי אַ פּריוואַט־אונטערנעמער, וואָרים פון אַ פּריוואַט־אונטער־נעמער קען מען אַוועקגעהן צו אַן אַנדערען, — וואוהין וועט איר אַוועקגעהן פון דער שטאַאַטס־רעגירונג ?

צי דער ארבייטער איז אַנגעשטעלט אין אַ פּריוואַט געשעפט, צי אין אַ קאָאָפּעראַטיווען געשעפט, ביי אַ קאַפּיטאַליסטישען שטאַט, אָדער ביי אַ פאָלקס־שטאַט, באַשטעהט אימער אַ געגענ־זאַץ צווישען דעם ארבייטס־געבער און דעם ארבייטער. סטרייקס זיינען פאָרגעקומען אפילו געגען סאָציאַליסטישע צייטונגען, און ניט אימער וועגען ארבייטס־לוין, אָדער שטונדען, נאָר וועגען יוניאָן פּרינציפּען.

וואָס זשע פאָלגט דערפון ? אַז די פאַרשטאַאַטליכונג פון גע־שעפטען איז נאָר איין העלפט פון סאָציאַליזם, די אַנדערע העלפט איז די אָרגאַניזירונג פון דעם ארבייטער קלאַס, צום קאַמפּף פאר די קלאַסען־אינטערעסען פון די ארבייטער געגען דעם פאָלקס־שטאַט אַלס באַלאַבאָס.

## פערצענטער קאפיטעל:

# סאציאליזם און פרייהייט.

אז משיח וועט קומען, וועט זיין א סעודה'ניו,
שור הבר, לויתן וועט מען עסען,
יין המשומר וועט מען טרינקען,
משה רבינו וועט זאגען תורה,
שלמה המלך וועט זאגען חכמה,
דוד המלך וועט שפילען,
מרים הנביאה וועט טאנצען —
אויף דער סעודה'ניו!

די חסידישע לידעלע פאסט זיך ניט נאר אף אידען אליין. יעדע רעליגיע, יעדע רעוואלוציאנערע באוועגונג האט אלע מאל צוגעזאגט, אז זי וועט מאכען די מענטשען גליקלאך. ביי די קריסטען איז פארברייט געווען דער גלויבען, אז יעזוס וועט נאך אמאל קומען און עס וועט זיך אנהויבען א „טויזענט־יעהריקע מלוכה" (אף לאטיין „מילליענוים") און אלע וועלען זיין גליקלאך. עס זיינען געווען אזעלכע קריסטלאכע סעקטען, וואס זייער מיללעניום האט געזאלט זיין א קאמוניסטישער מיללעניום. שפעטער האבען די אמעריקאנער רעוואלוציע און די פראנצויזישע רעוואלוציע צוגעזאגט, אז דורך פרייהייט און גלייכהייט וועלען אלע ווערען גליקלאך און היינט קומט דער סאציאליזם און זאגט צו, ווען עס וועט איינגעפיהרט ווערען די סאציאליסטישע ארדנונג די „קאאפעראטיווע קאמאנוועלט", וועט אלין ווערען גוט. מענטשען וועלען פארט שטארבען, אבער שטארבען וועט זיין א מחיה. מ'וועט שטארבען מיט מוזיקע, זאגט בעלאמי אין זיין ערסטען בוך, און אין צווייטען בוך זאגט ער, אז ווען דער מענטש וועט ווערען אלט, וועט ער לעבען אין אזא געטלאכען צושטאנד פון ערווארטונג און עס וועט עם אזוי גוט זיין אפ'ן הארצען, אז די יונגע וועלען עם מקנה זיין, זיי וועלען זיך אבער טרייסטען מיט דעם, אז עס וועט פאר זיי אויך אמאל קומען די צייט. נאטירליך אלע לעבען זעהר לאנג, א ווייבעל פון פערציק יאר וועט אויסזעהן אזוי פריש, ווי היינט א מיידעל פון צוואנציק — אזוי זאגט וויליאם מאריס, פאר די

וועלט זאגט ער, וועט זיך אנהויבען „א צייט פון רו־הע". נעמט א דורכשניטלאכע אמעריקאנער סאציאליסטישע צייטונג פון די ערסטע פראפאגאנדע יארען פון דער סאציאליס־טישער פארטיי, וועט איר געפינען, אז ווען עס קומט צו רייד ווע־גען עפעס שלעכטס, וואס איז היינט צו טאג ערגעץ פארגעקומען, ענדיגט מען געוועהנלאך מיט דער באמערקונג, אז אין דער סא־ציאליסטישער געזעלשאפט וועלען אזעלכע זאכען זיין אונמעגלאך, ווארום ווען נאר די פראדוקציאנס־מיטלען וועלען געהערען דער גאנצער געזעלשאפט, וועט מען פון קיין בייז ניט וויסען אין דער וועלט, עס וועט ניט זיין פארוואס.

דאס איז ווי איר זעט, אן אלטע מעשה. אין פריהעריקע ציי־טען האט זיך די מענטשהייט אפגענארט און דער מעשה וואס פאר א גליקען מ'האט דא היע אין אמעריקא פון דער „פרייהייט און גלייכהייט", האב איך אויך ניט וואס צו דערצעהלען. אמת, עס איז דא בעסער איידער אין סאמאכוואלאוויע, אבער קיין גן עדן איז דאס פארט ניט. אין פראנקרייך איז די רעפובליק נאך אויך זעהר ווייט פון דעם חלום פון די רעוואלוציאנערען פון הונדערט יאר צוריק. וואס פאר א פערזיכערונג האבען מיר, אז פון אונזערע סאציאליסטישע אידעאלען וועט זיך אויך ניט אויסלאזען א חלום?

אין 1892 יאר איז אין דער פראנצויזישער סאציאליסטישער צייטונג „עגאליטע" (גלייכהייט" צום ערסטען מאי אפגעדרוקט גע־ווען א סעריע בילדער, וואס האט פארגעשטעלט, ווי די וועלט ענט־וויקעלט זיך פון א דעספאטישער מאנארכיע צום סאציאליזם. דער ערסטער בילד שטעלט פאר א גרויסע קאריטע, אף וועלכער עס ליגט א גראבער חזיר מיט א קרוין אפ'ן קאפ. עס זיינען פאראן א סך ווינקאלאך וואו אן אנדער חזיר קען אריינרוקען זיין מארדע און עס שטעהען ארום מאגערע חזירים, וואס ווארטען, אז דער געקרוינ־טער חזיר זאל זיי צולאזען צו דעם ווינקעלע אין קאריטע. ארום און ארום איז א פארקאן, הינטער'ן פארקאן שטעהן אויסגעדארטע חזירים, אבער אז איינער פון זיי וויל אריבערקריכען דעם פארקאן, לאזען עם די אינעווייניקסטע חזירים ניט צו. די אונטערשריפט איז: די „אונבאשרענקטע מאנארכיע".

דער צווייטער בילד איז אביסעל אנדערש ווי דער ערסטער. דער געקרוינטער חזיר אפ'ן קאריטע איז שוין ניט אזוי גראב און פארנעמט נאר א העלפט פון דער קאריטע, צו דער אנדערער העלפט

האבען זיך צוגעקליבען עטלאכע אנדערע חזרים און זיי זיינען שוין ניט אזוי מאגער ווי אפ׳ן ערסטען בילד. דער פארקאן אבער איז נאך פארט געבליבען, די חזרים פון יענעם זייט פארקאן זיינען נאך אזוי אויסגעדארט ווי פריהער, און מ׳לאזט זיי ניט איבער׳ן פארקאן. די אונטערשריפט איז : „קאנסטיטוציאנעלע מאנארכיע״.

אפ׳ן דריטען בילד ליגט שוין דער פארקאן אף דר׳ערד איינגעבראכען, קיין געקרוינטער חזיר איז שוין ניטא, אלע חזרים שטייען זיך צום קארעטע, עטלאכע גרעבערע חזרים ליגען אף איר, קלענערע ליגען אונטען, דערשטיקט און עס געהט פאר אן אלגעמיינע רייסעריי. די אונטערשריפט הייסט : „בורזשואזנע רעפובליק. פרייע קאנקורענץ״.

צום סוף קומט דער פערטער בילד. א לאנגער חזיר־שטאל, איבערגעצאמט אין גלייכע אפטיילונגען, איינע נאך דער אנדערער אן אן עק. אין יעדערער שטעהט א היבשער חזיר און אלע טרינקען פון איין לאנגער קארעטע, וואס ציהט זיך אין דער לענג, אין דעם פאדערסטען טייל פון יעדער אפטיילונג. די אונטערשריפט איז : „סאציאליזם, גלייכהייט״.

נאטירליך, עס איז נאר א משל אבער דער משל איז כאראקטעריסטיש. דער אידעאל פון סאציאליזם איז דא פארגעשטעלט ווי א גרויסער חזיר־שטאל, אין וועלכען אלע באקומען גענוג צו פרעסען.

א חזיר, צי ער געהט אף פיר פיס, צי אף צוויי פיס, איז דערמיט פאלקאם צופרידען. ווען דאס איז דער סאציאליסטישער „אידעאל״ טו מעגט איר זיין זיכער, אז דאס וועט די מענשהייט באקומען. עס איז געוויס בעסער איידער ווען מיליאנען געהן אויס פאר הונגער, ווי אין אונדזער היינטיקער געזעלשאפט. אבער איז דאס דער העכסטער אידעאל צו וועלכען די מענטשען זיינען דערגאנגען ?

די סאציאליסטישע באוועגונג איז אויסגעוואקסען פון דער דעמאקראטישער באוועגונג און האט גע׳ירש׳ענט פון יענער אלע אירע פאליטישע פאדערונגען. אלע סאציאליסטישע פארטייען אין דער גאנצער וועלט פערלאנגען אלערליי פרייהייטען. אלזא, אויב מ׳קען נאר באראטען אף די סאציאליסטישע פארטייען, טו קען

מען האָפען, אז דער סאָציאַליזם וועט מאַכען דעם מענטשען פריי. די קשיה איז אָבער צי קען מען זיך פארלאָזען אף די הבטחות פון די סאָציאַליסטישע פראגראמען ?

די געשיכטע פון יעדער גרויסער אידעע געהט פאר געוועהנ־לאך אַן ערך אזוי. א גרויסער דענקער גרינדעט א נייע אמונה און געפינט תלמידים, וואָס קומען פאר'ן עולם און פּרובירען עס איבערצורעדען ער זאָל פאָלגען דעם נייעם רבי'ן. עס ציט זיך א לאַנגע צייט, פריהער געוועהנטלאך לאכט מען זיי אויס, נאָכדעם נעמט מען זיי פארפאָלגען מיט שווערד און פייער, אמאָל לאָזט זיך אויס אז זייערע פארפאָלגער נעמען אָן זייערע אידעען, און עס הייסט: „די אידעע האָט געזיגט!“ ווען מען זאָל זיך אָבער נעמען צוקוקען נעהנטער, וועט מען זעהען, ערסטענס, אז א סך אידעען זיינען אף אייביק פארניכטעט געוואָרען דורך חוזק אָדער געוואַלט און האָבען קיין מאָל ניט געזיגט; און צווייטענס, ווען די אידעע האָט שוין ענדליך יע געזיגט, איז דאָס גאר ניט יענע אידעע וואָס מען האָט פאר־פאָלגט, עס איז פון איר געבליבען נאָר דער נאָמען.

דער בעסטער משל איז דאָס קריסטענטום. צי יעזוס האָט טאקע אמאָל געלעבט אף דער וועלט, צי ניט, און אויב יע, וואָס איז געווען זיין תורה, זיינען פראגען וואָס געלערנטע שטרייטען זיך מכח זיי. איין זאַך איז זיכער: עס איז אמאָל באשטאַנען אין ארץ ישראל, אין גריכענלאנד און אין רוים א קליינע סעקטע מענטשען, וואָס האָבען געהאט א הויכען אידעאל פון גלייכהייט און ברידערליכקייט. די מענטשען זיינען אויסגעלאכט געוואָרען פון פילאָסאָפען און שפּע־טער זיינען זיי פארפאָלגט געוואָרען פון דעם שטאַט. מיט דריי הונדערט יאָר שפּעטער איז דאָס קריסטענטום געוואָרען די רוימי־שע שטאַטס־רעליגיאָן. אלזאָ דאָס קריסטענטום, זאָגט מען, האָט געזיגט! אין דער אמת'ן אָבער איז דאָס קריסטענטום פון דעם פערטען יארהונדערט געווען אין יעדער זאַך פונקט דער הפך פון דעם, פאר וואָס די ערסטע קריסטען האָבען אוועקגעגעבען זייער לעבען. אין דער אמת'ען איז די פירונג פון דעם רוימישען שטאַט ביסלאכוויים אָנגענומען געוואָרען פון די קריסטליכע קהילות, ביז וואַנען די קריסטליכע קירכע איז געוואָהען ניט מער ווי דער בילד פון דער רוימישער וועלט־מלוכה.

וואָס־זשע זעט מען פון דעם משל? אַז אידעע ווערט אלגעמיין

אנגענומען נאר דעמאלט, ווען זי פאסט זיך צו צו די באגריפען פון דעם גאנצען פאלק; ווען זי פאסט אין גאנצען ניט, ווערט זי גאר פארניכטעט; ווען זי קען זיך צופאסען, ווערט זי אזוי אומגעביטען, אז זי זאל זיך לעגען אין די קעפ פון דער גרויסער מאסע. דער מא־סען־מיטגליד אבער, ווען ער האט עפעס וועלכע געדאנקען, זיינען דאס די געדאנקען וועלכע ער שעפט פון זיין טעגלאכען לעבען, פון זיין געשעפטליכען אומגאנג מיט אנדערע מענטשען. דאס הייסט, אז ניט די אידעע האט איבערגעביטען די מענטשליכע פירונג, נאר די מענטשליכע פירונג האט געגעבען דעם פאסאן דער אידעע.

דאס־זעלבע קען אנגעווענדעט ווערען אף די סאציאליסטישע אידעען אויך. איך וועל דאס קלאר מאכען מיט א ביישפיל.

.2

## א סאציאליסטישער זשורנאליסט איבער צענזור

מר. פייגענבוים איז שוין פינף און צוואנציג יאר א מיטאר־בייטער אין דער אידישער סאציאליסטישער [illegible] אין אמעריקע. אף זיינע ארטיקלען איז ערצויגען געווארען א [illegible] אידישע סאציאליסטען. עס איז דעריבער כדאי צו וויסען, [illegible] ווע־גען פרעס־פרייהייט און צענזור. ער האט [illegible] די פראגע אין אן ארטיקעל, וואס איז [illegible] אונ־טער דער קעפעל: „צענזור אין אמעריקע [illegible] לא־זען גאנץ פריי שרייבען און דרוקען וואס איינ[illegible]

אן ענטפער אף דיזע וויכטיקע פראגע, — [illegible] וויכ־טיקע סאציאלע פראגען, — האט נאר דער [illegible] — אזוי זאגט פייגענבוים.

עס האט זיך געהאנדעלט אום א פראיעקט צו [illegible] דעם דרוק פון שונד־ראמאנען. ער ווייזט ווי די [illegible] און די סענסאציאנאלע דראמען פערדארבען יונגע קינדער און מאכען פון זיי פארברעכער. אבער, מאכט ער, פון וואנען נעמט זיך דאס די צרה? פון געלט־חשק. דער עולם איז א גולם, עס שמעקט עס אם בעסטען דאס ערגסטע, דערפאר טראגט מען געלט פון אלע זייטען. עס בא־

צאלט זיך ארויסצוגעבען שונד־ליטעראטור וואָס קען נאָר ברענגען אומגליק און שאדען. פּארקערט, „דער סאָציאליזם וועט אָפּשאפען דעם געלט־חשק, וועט נִיט זיין פּארוואָס מענטשען זאָלען וועלען פאר׳סמ׳ען דעם עולם׳ס גייסט מיט שלעכטע שריפטען".

דאָס איז גאנץ שעהן, אבער איז דאָס אַן ענטפער? דער קאַפּי־טאליסטישער געזעצגעבער קען אייך צוגעבען אז אין אייער סאָ־ציאליסטישען גן עדן וועלען אלע רק זאָגען פּרק און קיין שמוצי־קע ליטעראטור וועט מען גאָר אין האנד נִיט וועלען נעמען, אבער וואָס טוט מען היינט מיט דער איצטיקער זינדיקער וועלט? זאָל מען ערלויבען צו פאר׳סמ׳ען די יוגענד מיט שונד־ליטעראטור, אָדער זאָל מען דערווייל איינפירען א צענזור? פון א קלאָרען ענט־פער אף דיזע קיצלדיקע פראגע זוכט אונדזער סאָציאליסטישער שרייבער זיך אויסצודרעהען. אָבער א לעזער, וואָס איז נִיט קיין סאָציאליסט מוז פון זיין ארטיקעל קומען צום שלוס, אז דערווייל איז א צענזור אף דעם סאָרט ליטעראטור טאקי א נויטיקע זאך.

גענאָסע פייגענבוים זאָגט אונדז צו, אז אין דער סאָציאליס־טישער „געזעלשאפט", וועט מען קיין שמוציקע ליטעראטור נִיט דרוקען, ווייל קיינער וועט זי נִיט וועלען לעזען. מעג איך אבער שטע־לען די פראָגע: וואָס וועט מען טאָן ווען עס וועלען זיך יע געפינען בעלנים אף שמוציקע ליטעראטור? איר מיינט אז דער אנטריב פאר אזוינע ליטעראטור איז נאָר געלט־חשק, איר האָט אבער א טעות. פּושקין, לערמאָנטאָוו, פּאלעזשאַיעוו האָבען געשריבען שמוציקע גע־דיכטע געווים נִיט צוליב געלט־חשק. עס איז פאראן א גאנצע פאָלקס־ליטעראטור פון אונאנשטענדיקע מעשיות, וואָס זיינען א סך עלטער פאר גוטענבערגס דרוק־פּרעס: איינער דערצעהלט זיי דעם אנדערען און אזוי ווערען זיי פארברייטעט איבער דער גאנצער וועלט, אין אלע קלאסען פון דער געזעלשאפט. דער איטריב איז אין דעם פאל נִיט דער געלט־חשק, איר קענט עם דעריבער אין אייער סאָציאליסטישען גן עדן אויך נִיט אָפּשאפען. וואָס זשע וועט איר טאָן? וועט איר ערלויבען צו דרוקען פּושקינס און לערמאָנטאָווס שמוצגעדיכטע אָדער נִיט? אויב א שונד־ראָמאן קען פון א אינ־געל מאכען א באַנדיט, טו ווען א שמוציקער ראָמאן פאלט אריין אין די הענט פון א יונגער מיידעל, שטעהט איר טוגענד אין סכנה. וועט איר דאָס דערלאָזען?

פייגענבוים׳ס ארטיקעל ווייזט דייטלאך, אז די אידעע פון פּרעס־פרייהייט איז דעם דורכשניטלאכען סאָציאליסט אַזוי פרעמד,

**אז ער ווייס אפילע ניט מיט וואס פאר א טעארעטישען גרונד זי צו** פארטיידיקען.

די ליבעראלע רעכטס־פילאסאפיע באגרינדעט דעם פרינציפ פון פרעס־פרייהייט דערמיט, וואס דער געזעץ באשטראפט ניט די אבזיכט צו באגעהען א פארברעכען: וואס איינעם ווילט זיך זיין א גנב, אפילע ווען ער האט זיך אנגעשאפט שליסלען אף צו עפענען פרעמדע שלעסער, דערפאר אליין קומט עס נאך גאר ניט. על כן, ווען א בוך ברענגט איינעם אופ׳ן געדאנק צו באגעהן א פארברעכען, ווערט דאס נאך ניט אנגענומען פאר א פארברעכען. די אינדיווידו־אליסטישע פילאסאפען, ווען די וועלט פארדאנקט די טעארעטישע באגרינדונג פון פרעס־פרייהייט, באהויפטען, אז עס איז ניט דעם שטאטס דאגה צו מאכען זיינע בירגער פאר צדיקים. קיינער קען מיר ניט פארשרייבען, וואס איז דער איינציקער, ריכטיקער מאראלישער געזעץ, ווארים איך קען זיך מיר האבען אייגענע מיינונגען דערי־בער. דער אמעריקאנער זשורנאל „קאסמאפאליטאן“ האט ער־קלערט טאלסטאי׳ס „תחית המתים“ פאר אונמאראליש און א סך אמעריקאנער לעזער שטימען מיט עם איין. די הייליקע אמעריקא־נער, וואס הרג׳נען אוועק אלע יאר א מיליאן אונגעבארענע קינדער, זיינען מלא כעס אף די מארמאנען, פאר וואס זיי זיינען אזוי אונמא־ראליש, אז זיי ווארפען ניט אוועק זייערע ווייבער און קינדער. ווער קען ענטשיידען וועלכע איז די אמת׳ע מאראל?

די ליטעראטור איז נאר דער אויסדרוק פון געדאנקען און גע־פילען פון דער געזעלשאפט. א בוך קען נאר דאמאלט מאכען אן איינ־דרוק, ווען די געדאנקען וואס זיינען דארט אויסגעשפראכען, טרא־גען זיך אין דער לופטען, ווי מ׳זאגט. דער בעסטער ביישפיל איז די רעוואלוציאנערע ליטעראטור אין רוסלאנד און אין אמעריקע: אין רוסלאנד האט יעדע פראקלאמאציע א ווירקונג אף א ברייטען קלאס לעזער, אין אמעריקע איז די אנארכיסטישע פרעסע צימליך פריי, נו און וויפיל אנארכיסטען געפינט איר דא? דאס זעלבע גילט אויך וועגען די שונד־ראמאנען. עס איז מעגלאך, אז א אינגעל, וואס האט זיך אנגעלעזען מעשיות איבער באנדיטען איז אליין געווארען א פארברעכער געגען דער געזעלשאפט, אנאנדערער פארקערט ווערט א דעטעקטיוו, א שטיצע פון דער געזעלשאפט. ווען מען באטראכט די גאנצע געזעלשאפט, טו ליגט די אורזאכע פון פארברעכען טיפער, אין דער גאנצער איינריכטונג פון דער געזעלשאפט. דורך די צענ־

זור וועט מען ניט פארהיטען אינגלאך פון פריזאן און מיידלאך פון בארדעלען. ווייל די אינדיווידואליסטען פילאסאפיע גלויבט ניט, אז מ'קען מיט א נאגייקע ארייןהאקען מאראל אין דעם עולם, פארלאנגט דער אינדיווידואליסט אונבאשרענקטע פרעספרייהייט היינט, וועהרענד דער סאציאליסט פייגענבוים זאגט אונדז צו, אז אין זיין צוקונפטס־שטאט וועלען אלע זיין אזוי מאראליש, אז עס וועט זיך קיינעם ניט וועלען לעזען קיין טרפה מעשיות, און מען וועט זיי דערפאר פארשפארען צו דרוקען.

3.

## די אונטערדריקונגס־מאכט פון דעם סאציאליסטישען כלל.

מיר האבען שוין געזעהן, אז ווען מיר באטראכטען נאר די עקאנאמישע זייט פון סאציאליזם, טו ווייזט אוים, אז דער סאציאליזם וועט ביסלאכווייז איינגעפירט ווערען אן די סאציאליסטען. עס וועט זיין א סאציאליזם אן סאציאליסטען, ווי די איצטיקע פראנצויזישע רעפובליק איז פון אנהויב אן געווען א רעפובליק אן רעפובליקאנער*). אף יעדען פאל איז זיכער, אז אחוץ די דעמאקראטישע סאציאליסטען וועלען א סך אנדערע מיטווירקען, און די סאציאליסטען קענען עס נאך זייער אייגענער טעאריע גאר ניט אויסמיידען, ווארים עס מוז קומען דורך די עקאנאמישע ענטוויקלונג. נו, לאמיר זאגען אף די היינטיקע גענאסען קענען מיר זיך פארלאזען, ווארים מיר קענען זיי גוט פאר ערענמענער, וואס וועלען האלטען ווארט. אבער ווער וועט קאווירען פאר די פאליטישענס און די קאפיטאליסטען, וואס וועלען איינפירען „פאבליק אונערשיפ" צוליב זייער אייגענער וויגאדע ? ווען מיר ווילען זיין „מאטעריאליסטיש", טארען מיר זיך ניט פארלאזען אף דעם, וואס די היינטיקע סאציאליסטען זיינען אזעלכע דזשענטעללייט, מיר מוזען זיך איינקוקען אין די געשעפטלאכע זייט פון

*) דאס איז געווען דער אויסדרוק פון טיער'ן, א געוועזענעם מאנארכיסט, וואס האט געהאלפען גרינדען די רעפובליק.

סאָציאַליזם און באַטראַכטעז צו וואָס ער קען פירען.

אַט זאָגט ספּענסער, דער גרויסער ענגלישער פילאָזאָף, אין זיין ביכעל „די צוקונפטיגע שקלאַפעריי" אַז דער סאָציאַליזם פירט צו שקלאַפעריי. איז ער גערעכט? ספּענסער איז אַ געגנער פון דעם סאָציאַליזם. אָבער פון עס צו אנדערע געגנער פון דעם סאָציאַליזם איז אַ נפקא מינה. זיי זאָגען, אַז דער סאָציאַליזם טויג ניט און דערפאַר קען ער ניט איינגעפירט ווערען. עס זיינען פאַראַן משוגה'ם, וואָס זיי ווילט זיך איבערקערען די וועלט קאַפּויר, אָבער ווער וועט זיי לאָזען! ספּענסער לייקענט ניט, אַז דער סאָציאַליזם וועט קומען, ער זאָגט ניט אַז דער סאָציאַליזם איז אונמעגלאַך. פּונקט פאַרקערט ער זאָגט אַז די היינטיקע געזעלשאַפטליכע ענטוויקלונג פירט צום סאָציאַליזם, אָבער ער זאָגט, עס איז זער אומעדיק, וואָס עס געהט אזוי. ווארום, זאָגט ער סאָציאַליזם איז שקלאַפעריי. מיט וואָס בעווייזט ער, אַז עס איז אזוי? נאָך זיין מיינונג נאָך זיינע אַלע געזעצע, וואָס פאַרקירצען דעם ארבייטס טאָג, וואָס פאַרבייטען פרויען־ארבייט באַנאַכט, וואָס צווינגען דעם פאַבריקאַנט, ער זאָל מאַכען אַלערליי פאַרבעסערונגען אין דער פאַבריקע, וואָס באַשטאַערען אַלע בירגער אַף אויסצוהאַלטען סקולס, וואו יעדע קינד באַקומט בילדונג פריי, —דאָס אַלץ, קומט ביי איהם אויס, איז אַ באַשרענקונג פון פרייהייט. ווען דער געזעץ לאָזט דעם ארבייטער ניט ארבייטען מער ווי אַכט שטונדען, בעת דער קאַפּיטאַליסט וויל עס געבען צען שטונדען אַרבייט אַ טאָג און דער ארבייטער איז „צופרידען" צו ארבייטען, — דאָס, זאָגט ער, איז אַ גרויסע עולה, ווארים מען נעמט אַוועק ביים ארבייטער זיין פרייהייט, מען לאָזט עס ניט ארבייטען אַזוי פיל, וויפיל ער וויל, און פאַרדינען העכערע שכירות. ווען דער געזעץ מישט זיך אין אייער געשעפט, הייסט דאָס, אַז מען נעמט אַוועק ביי אייך די פרייהייט צו מאַכען אזא געשעפט ווי עס געפעלט אייך.

ספּענסערס טענה האָט געהאַט אַ זין כל זמן די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט האָט זיך געשטיצט אַף פרייע קאָנקורענץ. דעמאָלט האָט אויסגעזעהען, אַז דער סאָציאַליזם וויל אוועקנעמען ביי דעם בירגער דאָס רעכט צו מאַכען אַזאַ געשעפט, ווי עס געפעלט עם. מיר ווייסען אבער, אַז די פרייע קאָנקורענץ ווערט אָפּגעשאַפט נאָך אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט גופא דורך די טראָסטס.

**היינט צו טאָג אונטער דער מאַכט פון קאַפּיטאַל, אין דער פריי־**

ער אמעריקע, טאָר קיינער ניט מאכען קיין קאראסינע, מען טאָר ניט גראבען קיין הארטע קוילען אָדער זאלץ, אָדער פארקויפען ציגארען ווען דער טראַסט לאָזט ניט. פּרופט צו קאָנקורירען מיט א טראָסט, וועט איר באלד זעהען אייער סוף. וואו איז אלזאָ דאָ די פרייהייט פון געשעפט?

דער קאַפּיטאַליזם אליין האָט צונישט געמאכט די פרייהייט פון געשעפט. דער סאָציאַליזם איז אין דערין אונשולדיק. דער סאָציאַליזמוס פירט ניט איין קיין מאָנאָפּאָליע, ער מאכט נאָר פון א פּריוואט־מאָנאָפּאָליע א קהל'שע מאָנאָפּאָליע. מיט ספּעגסער'ן און אלע קאפּיטאַליסטישע שרייבער זיינען מיר דערמיט פּטור. די פראגע אבער בלייבט פּאָרט א פראגע: צי וועט אונדז דער סאָציאליזם ברייגגען פרייהייט? מיר געהען צום סאָציאליזם, די פראגע איז אלזא ניט קיין פּוסטע.

וואָס פארשטעהט מען היינט ווען מען רעט פון פּאָליטישע פרייהייט? פּרעס־פרייהייט, פערזאמלונגס־פרייהייט, פאראייגס־פרייהייט, רעדע־פרייהייט און נאָך אזעלכע זאכען. וואָס הייסט פרעס־פרייהייט? דאָס רעכט צו דרוקען, וואָס איר ווילט, כדי איר זאָלט קענען דרוקען וואָס איר ווילט, דארפט איר האָבען א דרוקעריי, דאָס הייסט דרוק אותיות, אָדער א זעץ־מאשינע, א דרוק ־ מאַשינע, פּאַפּיר און נאָך הונדערט אנדערע זאכען. נו, לאָמיר זיך פאָרשטעלען, אז אלע דרוקארניעס געהערען צום כלל, אלע פאבריקען וואו מען מאכט זעץ־מאשינען און דרוק־מאשינען געהערען אויך צום כלל, אלע פּאַפּיר־פאבריקען אויך, און אזוי אין יעדער זאך. וואָס קענט איר דעמאָלט טאָן, ווען איר ווילט מאכען א דרוקעריי און דער כלל וויל אייך ניט לאָזען? וואו וועט איר נעמען מאשינען, וואו וועט איר נעמען פּאַפּיר? איר וועט זיין אין אן ערגערער לאגע ווי די רעוואָלוציאָנערען אין רוסלאַנד. נעמט ווידער די רעדע־פרייהייט, אף צו האלטען א רעדע, אָדער א לעקציע, דארפט איר א זאל, היינט ווען אלע הייזער, אלע זאלען באלאנגען צום כלל און דער כלל וויל אייך שטערען, טו וואו וועט איר האלטען אייער רעדע, אייער מיטינג? ווי וועט איר עס אנאָנסירען, אז איר האָט ניט וואו צו דרוקען?

עס איז היינט פאראן פעליקס אדלער'ס סקול אין נויאָרק, וואו מען פארשטאָפּט ניט די קינדער די קעפּ מיט מעשות פון א גאָט.

ווען אלע הייזער זאָלען געהערען צום כלל און דער כלל זאָל ניט וועלען מען זאָל מאכען פון די קינדער אפיקורסים, טו וואו נעמט מען א פּלאַץ פאר אַזאַ סקול? וואו נעמט מען טישען און בענק פאר איר ווען אלע פאבריקעס און קראָמען באלאנגען צום כלל?

בקצור, א סאָציאליסטישער כלל האָט א גרעסערע מאכט צו אונטערדריקען די פרייהייט. צו אונטערדריקען אירגענד וועלכע אָפּאָזיציע, איידער דער היינטיקער קאַפּיטאַליסטישער שטאַט. דער דעספּאָטיזם פון אן אזיאטישער רעגירונג איז א קינדער־שפּיל אין פארגלייך מיט דעם דעספּאָטיזם, וועלכער איז מעגלאך אין א סאָ־ציאליסטישער געזעלשאפט. ווארים אן אזיאטישע רעגירונג קען נאָר ארויסגעבען אן אוקאז און שטעלען זשאנדארען אכטונג צו געבען, אַז מען זאָל דעם אוקאז היטען. א סאָציאליסטישער כלל האלט אין זיינע הענט אלע געצייג, אָן וועלכע מען קען גאָר דעם אוקאז ניט עובר זיין. אלזאָ, ווען מען באטראכט די זאך פון דעם מאטעריאליס־טישען שטאנדפונקט, טו ווייזט זיך ארויס, אז דער סאָציאליזם גיט דעם כלל די מיטלען צום ערגסטען דעספּאטיזם.

4.

„די אפּשאפונג פון קלאסען“.

אמעריקאנער סאָציאליסטען, וואָס האָבען געלערענט זייער סאָ־ציאליזם פון בעלאמי, אָדער דעם „אפּיל טו ריזאָן“, גיבען צו אז דער סאָציאליזם זוכט צו מאכען דעם שטאַט, די רעגירונג, שטארקער איידער היינט. די דייטשע סאָציאליסטען און יענע, וואָס האָבען גע־לערענט זייער סאָציאליזם פון דייטשע ביכלאך, האָבען ניט ליב דעם נאָמען „שטאַט“ און זאגען „געזעלשאפט“. ווי איך האָב שוין גע־זאָגט אין א פריהערען קאפּיטעל, איז דאָס נאָך דער אָפּקלאנג פון דעם אמאָליקען שטרייט פון די מארקסיסטען מיט די אנארכיסטען אין דעם ערסטען אינטערנאציאָנאל, אין דער אמת'ען מיינט מען פונקט דיזעלבע זאך, אבער מען וויל זיך אליין ניט מודה זיין, וואָ־רים „שטאַט“ קלינגט ניט „רעוואָלוציאָנער“. נו, לאָז זיין „געזעל־שאפט“.

אלזאָ, דורך דעם סאציאליזם ווערט די „געזעלשאפט“ שטאר־

קער איידער היינט. ביז היינט ווייס מען פון ערפארונג, אז ווען אימיצער האָט א גרויסע מאכט, איז דער יצר הרע גרויס זיך מיט איר צו באנוצען צו באדריקען דעם שוואכערען. איך האָב שוין באוויזען, אַז אונטער סאָציאליזם איז מעגלאך אזא אונטערדריקונג פון יעדער פרייער מיינונג וואָס אפילו אן אונבאשרענקטער מאָנארך וואָלט מקנא זיין, מען זאָגט אונדז אבער צו, אַז ווען דער סאָציאליזם וועט קומען, וועלען מיר האָבען די גרעסטע פרייהייט. פאר וואָס? אף דעם איז פאראַן איין תירוץ, אז דאמאָלט וועט ניט זיין קיין קלאסען אין דער געזעלשאפט, על כן וועט ניט זיין קיין קלאסען־הערשאפט, און אַז עס איז ניטאָ קיין קלאסען־הערשאפט, טו איז ניטאָ קיינער וועמען עס זאָל זיך לוינען צו אונטערדריקען דעם אנדערענס פרייהייט.

דער תירוץ איז ניט גאנץ ניי. די פראנצויזישע רעוואָלוציאָן האָט אויך „אָפגעשאפט" אלע קלאסען. די אלטע קלאסען זיינען אָפגעשאפט געוואָרען, אבער נייע קלאסען זיינען געבאָרען געוואָרען, וואָס די רעוואָלוציאָנערען פון הונדערט יאָר צוריק האָבען זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלען.

די אמעריקאָנער „דעקלארעישאָן אוו אינדעפענדענס" (די ערקלערונג פון אונאפהענגיקייט) זאָגט, אז „אלע מענטשען ווערען געבאָרען פריי און גלייך". דער בירגער־קריג האָט אָפגעשאפט יעדע פאָרמע פון געזעצליכער קלאסען־הערשאפט. די סופרים קאורט האָט גע'פסק'ענט אז יעדער געזעץ לטובת פון ערגעץ א „קלאס" בירגער איז געגען די קאָנסטיטוציע פון די פאראייניקטע שטאטען. לויט דעם געזעץ, זיינען דאָ גאָר קיין קלאסען ניטאָ. ווער ערוועהלט דעם קאָנגרעס, ניט די מאיאָריטעט פון פאָלק? און ווער זיינען די מאיאָריטעט, אפשר גאָר קאפיטאָליסטען? אָט דאָס איז דאָך, פארשטעהט איהר, דער רעכטער עיקר, וואָס אונטער דער פאָרמע פון אַ פרייער פאָלקס־פארוואלטונג האָט זיך ענטוויקעלט א הערשענדער קלאָס פון פאָליטישענס.

אונדזערע ארטאָדאָקסישע מארקסיסטען לייקענען אָפּ, אַז די פאָליטישענס זיינען א באזונדערער קלאס מיט זיינע אייגענע קלאסען־אינטערעסען. „האָבען די בעאמטע פון קאפיטאליסטישען שטאָט עפעס א סך איינפלוס, אלס הערשענדער קלאס איבער דעם קאפיטאָליסטישען קלאס וואָס שטעלט זיי אָן?" פרעגט מר. פייגענבוים אין אָן ארטיקעל, אין וועלכען ער האָט קריטיקירט מיינע מיינונגען, און ער ענטפערט אליין אף זיין קשיא אזוי: „אבסע־

לוט ניט! זיי זיינען די אונטערטעניקע דינער פון דעם קאפּיטאַליס־טישען קלאַס".

די רייד זיינען איבערזעצט פון דייטש. דאָ איז אבער אמעריקע, עס רעט זיך נאָר אַזוי, אז דער קאפּיטאַליסטישער קלאַס „שטעלט אָן" די בעאמטע. זיי ווערען אָנגעשטעלט פון פאָלק, פון די וואוטערס. נאָך דער קאָנסטיטוציע זיינען זיי „די דינער פון פאָלק", ניט פון איין קלאַס. ווי אַזוי זשע לאָזט זיך דאָס פאַרט אויס, אז זיי זיינען „די אונטערטעניקע דינער פון דעם קאפּיטאַליסטישען קלאַס", וועלכער איז פיינדליך צום־פאָלק? דער קאפּיטאַליסטישער קלאַס אין אמעריקא איז א הערשענדער קלאַס נאָר דורך די שטאַטס־בעאמטע. די בעאמטע זיינען אַלזאָ יע א הערשענדער קלאַס איבער דעם פאָלק, וואָס שטעלט זיי אָן!

די צרה מיט אונדזערע סאָציאַליסטען איז, וואָס זיי האַלטען צופיל פון דער פאָרמע און זעהען ניט דעם אינהאַלט. ווען עס זיינען פאראַן אין אמעריקע וואַלען, און יעדער האָט דאָס רעכט צו וואוּ־טען, און יעדער מעג ערוועהלט ווערען אפילו פאר פרעזידענט, הייסט דאָס אז אמעריקע איז א דעמאָקראַטיע. על כן וועט אם ירצה השם אין דער סאָציאַליסטישער „געזעלשאפט" אויך זיין א דעמאָ־קראטיע. פאַרוואס? וואָרים עס וועט אזוי שטעהן אפּ'ן פּאַפּיר, אין דער סאָציאַליסטישער קאָנסטיטוציע. קיין קלאַסען וועט ניט זיין, הלילה! מען וועט זיי „אָפּשאַפען"! אין דער אמת'ן פון וואַנען קען זיך נעמען א בעאמטען־קלאַס, אז אלע בעאמטע ווערען ערוועלט אף א קורצע צייט?

פּונקט די זעלבע רייד הערען מיר אָבער היינט פון די קאפּי־טאַליסטען. אין אמעריקע, זאָגען זיי, איז קיין קלאַסען ניטאָ, מען האָט זיי אָפּגעשאַפט, דאָ זיינען אלע גלייך, קיין בעאמטען־קלאַס איז דאָ ניטאָ, וואָרים די בעאמטע ווערען ערוועהלט אף א קורצע צייט. נו, לאָמיר זשע זעהען, איז דאָס אַזוי?

קוקט זיך איין ווער זיינען די קאָנגרעס־לייט, די גאָווערנאָרס, די מעיאָרס, די דזשאָדזשעס? א קליינע קליקע מענטשען וואָס ריי־בען זיך שטענדיק לעבען דעם קהל'שען טאָפּ. איר געפינט לייט אין קאָנגרעס, וואָס זיינען שוין דאָרטען א יאָר פינף און צוואנציק, מען ערוועהלט זיי אלע צוויי יאָר.

ווייטער. ווער רעגירט דאָ איז אמעריקע? ניט די ערוועהלטע

געזעץ־געבער, ניט דער פּרעזידענט, נאָר זייער פּאָליטישע פּאַרטיי, דאָס הייסט אַן אָרגאַניזאַציע פון מענטשען, וואָס קיינער האָט זיי ניט ערוועהלט, וואָס דער געזעץ גיט זיי גאָר קיין מאַכט ניט. ווימען די פּאָליטישע פּאַרטיי שטעלט אַרויס פאַר אַ קאַנדידאַט, פאַר יענעם מוז דער וואָטער שטימען. וואו די וואָטערס זיינען גלייך צוטיילט צווישען די רעפּובליקאַנער און די דעמאָקראַטען האָבען זיי די ברירה אויסצוקלייבען איינעם פון די צוויי קאַנדידאַטען, אָבער אין אַזעלכע סטעיטס ווי פּענסילווייניא, וואו עס איז פאַראַן אַן אומגעהייערע רעפּובליקאַנער מאַיאָריטעט, אָדער אין די סויטה וואו די דעמאָקראַטען זיינען אַזאַ מאַיאָריטעט, איז די גאַנצע וואָל נאָר אַ קאָמעדיע: ווע‌מען די קאָנווענשאָן פון דער הערשענדער פּאַרטיי האָט אַרויסגעשטעלט פאַר אַ קאַנדידאַט, יענער איז זיכער מיט דעם אמת. אין די סויטה בלייבען אַ סך וואָטערס זיצען אין דער היים, וואָרים זיי ווייסען, אַז עס איז אַרויסגעוואָרפענע צייט צו וואָטען פאַר אָדער געגען דעם קאַנדידאַט. ער וועט סיי ווי סיי ווערען ערוועהלט. עס איז אַלזאָ ניט אַ פּאָלקס־רעגירונג, נאָר אַ רעגירונג דורך אַ פּאָליטישע פּאַרטיי, אַן אָליגאַרכיע (אַ הערשאַפט פון אַ קליקע) אונטער דעם מאַנטעל פון אַ דעמאָקראַטיע.

היינט ווי איז די פירונג אין קאָנגרעס? אין דער אונטערהויז ערוועהלט די מאַיאָריטעט אַ „ספּיקער“, דאָס הייסט אַ פאָרזיצענדען, וועלכער האָט די מאַכט פון אַ צאַר. דעם אַמאָליקען ספּיקער טאָם ריד האָט מען טאַקע גערופען אין קאָנגרעס „צאַר ריד“. די פאָלקס־פאַרטרעטער קענען ניט באַקומען אַפילע דאָס וואָרט, אויסצואַווייזען זייער ביטער האַרץ, ווען דער ספּיקער וויל ניט.

היינט נעמט דעם פּרעזידענט. ווען קליוולאַנד האָט געוואָלט שיקען סאָלדאַטען געגען סטרייקערס, האָט עס געטאָן, הגם די קאָנסטיטוציע זאָגט, אַז ער טאָר ניט שיקען קיין סאָלדאַטען כּל־זמן דער גאָווערנאָר פון דעם סטעיט פאַרלאַנגט זיי ניט. שפּעטער האָט מעקינלי ערקלעהרט דעם קריגס־צושטאַנד אין דעם סטעיט איידאַהאָ. זיין גענעראַל האָט אַרעסטירט די שטאַטס־בעאַמטע, וואָס זיינען ערוועהלט געוואָרען פון דעם פאָלק, האָט אַריינגעזעצט אַ סך בירגער און האָט זיי באַהאַנדעלט ניט בעסער איידער מען באַהאַנדעלט פּאָליטישע אַרעסטאַנטען אין רוסלאַנד. און אין די פיליפּינען איז אַ גאַנצען יאָר דער פּרעזידענט געוועזן אַן אומבאַשרענקטער הערשער, אַן אימפּעראַטאָר.

דער פּאָליטישען־קלאַס, וועלכער איז גאָר ניט אנערקענט פון דעם געזעץ, האָט אין דער אמעריקאנער דעמאָקראַטישער רעפּובליק א גרעסערע מאכט איבער׳ן פאָלק, איידער די ענגלישע לאָרדס וואָס זיינען אנערקענט אלס א הערשענדער קלאַס פון דעם געזעץ.

ווען דאָס איז מעגלאך אין א „געזעלשאַפט“, וועלכע האָט אין גאנצען עטלאכע הונדערט טויזענט שטעלען צו פארטיילען. טו פארוואָס קען דאָס ניט זיין ווען די „געזעלשאַפט“ זאָל האָבען צענד־ליקע מיליאָנען שטעלען?

מיר ווייסען, אז דער סאָציאַליזם וואַקסט פּאַמעלעך, עס וועט נאָך נעמען א היבשע שטיקעל צייט, ביז וואנען אלץ וועט איי־בערגעהן אין די הענט פון דער „געזעלשאַפט“, על כן עטלאכע צענד־ליק יאָר וועלען נאָך געוויס בלייבען קלאַסען אין דער געזעלשאַפט. דאָס הייסט, דערווייל קען מען זיך נאָך פאָרשטעלען, אז דער סאָ־ציאַליזם זאָל שטארקער מאכען די רעגירונג, און די רעגירונג זאָל פארזוכען צו אונטערדריקען די מיינונגס־פרייהייט צו גונסטען פון איין קלאַס אַ־ער פון יענע וואָס רופען זיך די פארטרעטער פון׳ם קלאַס: אַף דעם אָבער וועלען מיר מיינע רעוואָלוציאָנערע פריינט ענטפערן: דערפאַר טאַקי זיינען מיר געגען אלע כלומרשט סאָציא־ליסטישע רעפאָרמעס, כל־זמן די פּאָליטישע מאכט איז נאָך ניט אין די הענט פון דעם ארבייטער־קלאַס, ווארט אף ביז וואנען די ארבייטער וועלען ערןבערען די פּאָליטישע מאכט, דענסטמאָל וועלען מיר איינפירען דעם גאנצען סאָציאַליזם „קאָמפּליט“ און אָפּשאַפען אלע קלאַסען. א שאָדען, אין היינטיקע צייטען ווילען די זון און די לבנה זיך ניט אָפּשטעלען, ביז וואנען א וויסענשאַפטליכער יהושע וועט אויסקעמפּפען די רעוואָלוציאָנערע שלאַכט. דער סאָציאַליזם געהט פארווערטס צי די סאָציאַליסטען געפעלט דאָס צי ניט, אבער צוליב צו טאָן מיינע פריינט, לאָמיר זיך פארשטעלען, אז מיר האָ־בען שוין דעם סאָציאַליזם אומעטום, אין יעדען ווינקעלע, און לאָ־מיר באַקלערען, צי דאָס באדייט די אפּשאַפונג פון אלע קלאַסען.

## 5.

## סאָציאַל־ביוראָקראַטיע.

נאָך קארל מארקס׳ען הייסט, אז די קאַפּיטאַליסטישע געזעל־שאַפט ווערט צושפּאָלטען אין צוויי קלאַסען: די קאַפּיטאַליסטען

און די ארבייטער, וואָס ארבייטען פאר שכירות, דער מיטעל־קלאס ווערט פארניכטעט. וואו עס זיינען אמאָל געווען עטלאכע טויזענט קליינע קרעמער, איז היינט געוואָרען א דעפארטמענט סטאָר, און די אמאָליקע קרעמער, אָדער זייערע קינדער, זיינען דאָרטען גע־וואָרען אָנגעשטעלט אויף געהאלט. וואו עס זיינען אמאָל געווען טוי־זענטער קליינע שעפער, איז איצטער געוואָרען א גרויסע קאָרפּאָ־רעישאָן און די אמאָליקע אונאבהענגיקע באלעבאטים זיינען געוואָ־רען פאָרלייט אָדער סופּעראינטענדענטס און קריגען באצאָלט גע־האלט, אנשטאָט ווי אמאָל פּראָפיט. על כן, הייסט דאָס ווערט די צאָל פון לוין־ארבייטער רק גרעסער, וואָרים וואָס איז אַ סופּעראינ־טענדענט, ווען מען באטראכט זיין פּרנסה? אויך ניט מער ווי אַן ארבייטער אויף שכירות. דאָס איז טאקע גאנץ רעכט, ווען מען בא־טראכט נאָר זיין פּרנסה. ווען מען באטראכט אבער די איינריכטונג פון דעם געשעפט, ווייזט זיך אויס, אז עס איז ניט אין גאנצען אזוי. בערנשטיין האָט פון די סאָציאליסטישע שרייבער דער ערס־טער אויף דעם אנגעוויזען. דאָ אין אמעריקע האָבען די קאפּיטאליס־טישע דזשאָדזשעס א לאנגע צייט געהאלטען, ווי די כשר'ע מארק־סיסטען, אז אַ סופּעראינטענדענט פון אַ קאָמפּאַניע איז ניט מער ווי אַן ארבייטער, און אַז אַ מאַשין פלעגט דעם ארבייטער אַפּרייסען אַ האנט, ווייל דער סופּעראינטענדענט האָט ניט צוגעזעהן, אז די מאַ־שין זאָל זיין אין אָרדנונג, פלעגט דער דזשאָדזש זאָגען אז דאָס איז ניט די שולד פון דער קאָמפּאַניע, נאָר פון אַן ארבייטער. דער סו־פּעראינטענדענט, הייסט דאָס, איז „אויך אַן ארבייטער", און ווען איין ארבייטער טוט א שאדען דעם אנדערן איז דער באלאבאס דער־פאר ניט פאראנטוואָרטליך. געגען דעם האָבען די יוניאָנס גע־קעמפּפט יאָרען לאנג, ביז וואנען עס איז געלונגען אין עטלאכע סטעיטס דורכצופירען א געזעץ, אז אַ סופּעראינטענדענט אָדער אַ פאָרמאַן זאָל ניט באטראכט ווערען פאר אַן ארבייטער. אין פילע יוניאָנס, ווען אַן ארבייטער ווערט אַ פאָרמאַן, מוז ער אוועקגעבען זיין יוניאָן ביכעל. וואָס מער די געשעפטען געהען איבער אין די הענט פון קאָרפּאָרעישאָנס, ווערט די צאָל פון סופּעראינטענדענטס, פאָרלייט, אינזשיניע־רען א. אַז. וו. רק גרעסער. עס וואקסט אלזאָ א נייער קלאס. ער רופט זיך אויף ענגליש „אדמיניסטרעישאָן". עס זיינען צוואווישען זיי פאַ־ראַן מסתמא אזעלכע, וואָס האָבען באקומען זייערע שטעלען דורך באקאנטשאפט און וואָס מען וואָלט אַן זיי אויך געקענט גוט אויס־

קומען. אבער דאס רוב פון דער אדמיניסטראציע איז נויטיק: ווען דרייסיק טויזענט מענטשען ארבייטען אין איין געשעפט, טו מוז מען האבען אימעצען, וואס זאל פירען דעם געשעפט, וואס זאל יעדען איינעם אנווייזען זיין פלאץ און זיין ארבייט, וואס זאל אופפאסען, אז אלעס זאל געהן אין ארדענונג. אין א גרויסער געזעלשאפט מוז מען האבען הונדערטער טויזענטער בעאמטע. אין א סאציאליסטי־שער געזעלשאפט איז דאס פונקט אזוי נויטיק ווי היינט צו טאג.

למשל, ווען דער סאבוועי זאל איבערגעהען אין די הענט פון דער רעוואלוציאנערער דיקטאטור פון דעם נויארקער פראלעטאריאט, וועט די דזשענעראל קאמיטע פון דער סאציאליסטישער פארטיי זיין די בעל הבית׳טע איבער דעם סאבוועי. וואס זשע וועט זי טאן? וועט זי דען אפשאפען די גאנצע פארוואלטונג? דאס זאגט קיינער ניט. די פערזאנען מעגען זיך איבערבייטען, אבער א פארוואלטונג וועט בלייבען. אלזא אנשטאט א פריוואט פארוואלטונג וועט זיין א שטאטישע. און א שטאטישע פארוואלטונג, זאלט איר מיר מוחל זיין, הייסט א בעאמטען־קלאס. א ביוראקראטיע.

און בעאמטע קען א סאציאליסטישע געזעלשאפט אויך ניט אויסקומען. ס׳איז גאר קיין נפקא־מינה ניט, אויב אפילו מען מאלט זיך די צוקונפטיקע סאציאליסטישע געזעלשאפט אין דער געשטאלט פון א פארבאנד פון קאאפעראטיווע פאראיינען. ווען איר ווילט מאכען א גרויסע התונה, מוזט איר האבען א סארווער. אין א שול דארפט איר א גבאי, א שמש, — אימעצער דארף אכטונג געבען, אז עס זאל אלץ געהן אין ארדענונג. א סארווער, א גבאי, א שאפ־דעלעגאט, דאס זיינען אלץ בעאמטע.

פילע סאציאליסטישע שרייבער מיינען, אז אין א סאציאליסטי־שער געזעלשאפט וועט א מענטש ניט זיין צוגעבונדען דעם גאנצען לעבען צו איין ארבייט. יעדערער וועט האבען א געלעגענהייט צו בייטען זיין ארבייט, עס זאל ניט דערעסען ווערען, ער זאל קענען ענטוויקלען אלע זיינע פעהיקייטען, אלע זיינע גלידער. דאס איז מעג־לאך און דאס איז גאנץ גוט. אבער בייטען אלע מאנטאג און דא־נערשטאק די אדמיניסטראציע פון יעדען געשעפט קען מען ניט. דער געשעפט וואלט געהן קאפוט. אלזא איז נויטיק עס זאל זיין אן אד־מיניסטראטיווער פערסאנאל, וואס זיי זאלען זיך האלטען זייערע שטעלען א לענגערע צייט. דאס הייסט, אז אין א פאלקאמענער סא־ציאליסטישער געזעלשאפט מוז זיין א גרויסער קלאס בעאמטע, וואס מען רופט א „ביוראקראטיע“.

ביז אהער וואו עס זיינען געווען א מאסע שטאַטס־בעאמטע, זיינען זיי אלע מאָל אויסגעוואקסען אין א באזונדערען קלאס, א „באראַקראטיע“. מען וועט מיר אפשר זאָגען, אז וואו עס איז פאראַן א ביוראָקראטיע ווי צום ביישפיל אין רוסלאנד, איז עס דערפאר, ווארים, ערסטענס זיינען די טשינאָווניקעס נאָר א קליינער טייל פון דעם גאנצען פאָלק, און צווייטענס, אז איינער איז א טשינאָווניק, זיצט ער שוין אף זיין שטעל זיין גאנצען לעבען. דערפאר קענען אלע טשינאָווניקעס אויסבילדען א באזונדערען קלאס. אין א סאָציאַליסטישער געזעלשאפט איז פונקט פארקערט. ערסטענס, ווען אלע גע־שעפטען וועלען זיין קהל'שע, וועט יעדער ארבייטער האָבען א שטעל פון דער רעגירונג, אלזאָ וועט דער גאנצער פאָלק זיין טשינאָווניקעס און צווייטענס ווערען די פארלייט, די סופּעראינטענדענטס, די מע־נעדזשערס ערוועהלט נאָר אף א קורצער צייט, און דערפאר קענען זיי ניט אפטיילען זיך אין א באזונדערען קלאס. לאָמיר דאָס גוט באטראכטען.

ערסטענס, וואָס איז שייך אז די גאנצע וועלט וועלען זיין טשי־נאָווניקעס, איז דאָס ניט דער עיקר: מיר ריידען ניט פון יענע, וואָס קערען די מיסט פון די גאסען, אָבער פון יענע וואָס שיקען זיי ארויס צו קערען די גאסען. אָט די וועלען ערוועהלט ווערען אף א קורצע צייט. אזוי קומט אויך פאר דאָ אין אמעריקע. און איר זעט פאָרט, אז די רעגירונג ליגט שטענדיק אין די זעל־ביקע הענט, אין די הענט פון א פאָליטישער „אָרגאניזעישאָן“. א פארטיי, נעמט אפילע די סאָציאליסטישע פארטייען, וואו מען ער־וועהלט בעאמטע אלע יאָר, וואו יעדע קליינקייט ווערט באשטימט דורך א רעפערענדום־וואוט פון אלע מיטגלידער, — דאכט זיך שוין אזוי דעמאָקראטיש, אז עס קען גאָר בעסער ניט זיין? און פון דעסטוועגען איז אין דער ס. ל. פּ. געווען א קליינע קליקע, א „רינג“, פונקט אזוי ווי אין טעמעני האָל, אָדער ביי די רעפּובלי־קאנער, און די קליקע האָט יארען־לאנג געהאלטען אין אירע הענט די גאנצע פארטיי. פון דעם קענט איר זעהען, אז א בעאמטען־קלאס קען אויסוואקסען אין א געזעלשאפט, אפילע ווען די גאנצע פירונג איז העכסט דעמאָקראטיש.

מען וועט מיר זאָגען, אז מען קען גאר ניט פארגלייכען די בע־אַמטע אין א סאָציאַליסטישער געזעלשאפט מיט א ביוראקראטיע ווי די רוסישע, ווארים אין רוסלאנד איז דער טשינאָווניק א בעל הבית

איבער׳ן פאָלק און אין א סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועלען די בעאַמטע זיין ניט מער ווי די דינער פון פאָלק. דאָס איז א מעשה, וואָס האָט שוין געהאַט א גרויע באַרד בשעת דער סאָציאַליזם איז געבאָרען געוואָרען. אין יעדער רעפּובליק, אויך היינט־צו־טאָג דאָ אין אמעריקע, ווערט יעדער בעאַמטער באַטראַכט פון דעם געזעץ אַלס אַ „דינער פון דעם פאָלק" די רעפּיוטי־שעריפס, וואָס שיסען די ארבייטער אין יעדען סטרייק זיינען אַלע „דינער פון פאָלק".

איך פאַרשטעה אז אף דעם האָט איר באַלד א פּאַרטיקען תירוץ, די קלאַסען־הערשאַפט. די רעגירונג איז געוואָרען פון אַ „דינער פון פאָלק" א הערשער איבער׳ן פאָלק, וואָרים זי פאַרטרעט די אינטערעסען פון א הערשענדען קלאַס, די קאַפּיטאַליסטען. לאָמיר אקאָרסט קלערער ווערען אין דער זאך. ווער איז די רעגירונג דאָ אין אַמעריקע? די פּאָליטישענס. ווער זיינען די פּאָליטישענס, זיינען זיי קאַפּיטאַליסטען? אנדערע זיינען יע, דער גרעסטער טייל זיינען ניט, זיי מאַכען נאָר א לעבען פון „פּאָליטיקס". פאר וואָס פאַרטרעטען זיי די אינטערעסען פון די קאַפּיטאַליסטען? וואָרים עס באַצאָלט זיך זיי. דאָס הייסט זיי האָבען אין זינען זייערע אייגענע אינטערעסען, די אינטערעסען פון דעם קלאַס פּאָליטישענס.

אָפּטימיסיטען רעדען זיך איין, אז ווען די בעאמטע וועלען ערוועהלט ווערען פון די ארבייטער, וועלען זיי טאָן וואָס די ארבייטער ווילען. וואָלען זיינען אָבער נאָך גאר קיין גאַראַנטיע ניט, אז דער ערוועהלטער בעאמטער וועט פאָלגען זיינע וואָוטערס. דאָ אין אמעריקע, ווערט יעדער בעאַמטער באַטראַכט אַלס „דינער פון דעם פאָלק". ווער ערוועהלט דעם מעיאָר פון נויאָרק, ווען ניט די ארבייטער? נו, א פּאָליטישע מאַשין, סיי אין א פּאַרטיי, סיי אין א יוניאָן, סיי אין אַ פערוואַלטונגס־ראַט פון א סאָציאַליסטישער צייטונג ווייס שוין ווי צו קאָנטראָלירען די וואַלען.

היינט, ווען עס איז פאַראַן אַ בעאַמטען־קלאַס אונטער סאָציאַליזם, טו קען ער אפשר אויך האָבען זיינע אייגענע קלאַסען־אינטערעסען? מען זאָגט, אז אונטער סאָציאַליזם וועט יעדער האָבען שטענדיקע ארבייט און אַלע וועלען באַקומען גלייך באַצאָלט, וועט זיך קיינעם ניט וועלען זיין א בעאמטער צוליב די געהאַלט. געהאַלט איז אָבער גאר ניט די איינציקע זאך. עס איז א סך ווינאָדנער צו זיין א קאָמאַנדיר איידער א געוועהנלאַכער ארבייטער.

מ׳קען טאקע מיט סטאָטיסטיקע אויסרעכענען אין פאָראויס

וויפיל בעלנים עס וועלען זיך געפינען אף יעדע מלאכה. אבער אזוי ריכטיק אויסמארקירען, אז יעדער איינער זאל זיין צופרידען, איז ניט אזא לייכטע זאך, אזוי ווייט ווי מ'קען פאראויסזעהען, וועט אין יעדער געזעלשאפטליכער איינארדענונג בלייבען א מעגלאכקייט פאר א קליינעם באטעל צו געבען א שאו א גוטען ברודער. איינעם וועט זיך איבערבייטען פילאדעלפיע אף נויארק, דעם אנדערען ווילט זיך אר־בייטען אין דער זעלבער פאבריקע מיט זיין כלה, ווען איר האלט מיט דעם רעוואלוציאנערען דיקטאטאר פון דעם פראלעטאריאט פון אייער אסעמבלי דיסטריקט, טו קענט איר ביי עם די טובה אויספי־רען. די געשיכטע פון די קאמוניסטישע קאלאניעם האט גענונג אזעלכע ביישפילען אופצואווייזען*)

6.

## דער עקאנאמישער פונדאמענט פון פרייהייט.

די רעכטס־פילאסאפען פון דעם אלטען רוים און די פילאסא־פען פון דעם אכצענטען יארהונדערט האבען זיך פארגעשטעלט, אז אין דעם „נאטירליכען צושטאנד“ נאך דעם „נאטירליכען געזעץ“ נאך, איז דער מענטש פריי, די פערזענליכע פרייהייט איז באשרענקט געווארען ווען מענטשען זיינען צונויפגעקומען אין א געזעלשאפט: ס'האט געמאכט א „געזעלשאפטליכען קאנטראקט“, ווערליק וועל־כען יעדער איינער האט אפגעטראטען א טייל פון זיין פרייהייט כדי מ'זאל קענען לעבען צוזאמען.

היינט האלט מען פון דיזער פילאסאפיע שוין ניט. ווי ווייט די וויסענשאפט האט געקענט דערגרייכען אין די אלטע צייטען, האט דער מענטש שטענדיק געלעבט אין ערגיין א געזעלשאפט, און די שטיקעל פרייהייט וואס ער געניסט היינט, האט ער געוואונען נאר אין דער צייט פון די לעצטע פאר הונדערט יאר.

דער וואונטש צו זיין פריי שטאמט גאר ניט פון דער מענטש־לאכער נאטור, וויל עפעס א פרומער איד זיין פריי? ער איז א שקלאף יעדע מינוט פון זיין לעבען, א שקלאף פון זיין רעליגיע און

---

*) מעהר איבער דעם אין דעם פופצעטען קאפיטעל.

ער גלויבט אין די שקלאפעריי, ער פארלאנגט אז זיינע קינדער און זיינע שכנים זאלען אויך זיין שקלאפען פון זיין גאט, און ער ווערט שרעקלאך אויפגערעגט ווען גאט'ס קריוודע.

וואס הייסט שקלאפעריי אין דעם אלגעמיין־אנגענומענעם זין פון דעם ווארט? ווען דער קערפער פון א מענטשען באלאנגט צו אנ'אנדערען און די „פראדאנע סקורע" טאר מיט איר אייגענעם קערפער גיט טאן וואס זי וויל (אדער וואס ער וויל). נו אמעריקע הייסט שוין א פרייע מדינה, אבער פרופט זאגען אן אמעריקאנער, אז ווען דער מענטש איז פריי, טו מעג ער לעבען מיט אנאנדערען אזוי לאנג ווי עס געפעלט עם, און ווען דער מאן אדער די פרוי וויל ניט, מעג ער אדער זי אוועקגעהן און אויסקלייבען זיך א בעסערע פאר. סטייטש, פרייע ליבע? אפילו ביי דעליאנען אין „פיפל" פלעגען זיך פון אזעלכע רייד שטעלען די האר אפ'ן קאפ. די גאנצע וועלט גלויבט היינט, אז דער ווייבס קערפער איז דעם מאנס אייגענטום, און דער מאן איז א פארקויפטער ביי דער ווייב, ווען א פרוי וויל זיין פריי, וואלט מען איר מיט שטיינער פארווארפען.

די פאליטישע פרייהייט אין איראפע און אמעריקע (וויפיל עס איז פאראן) שטאמט פון די בורזשואזע רעוואלוציאנען פון דעם זיבעצעטען, אכצעטען און ניינצעטען יארהונדערט. די קלאסען־אינטערעסען פון דער בורזשואזיע האבען געפאדערט פרייהייט און דעריבער האט זי געקעמפפט פאר פרייהייט. וואס איז די „בורזשואזיע"? פילע געברויכען דעם ווארט אנשטאט צו זאגען: דער קאפיטאליסטישער קלאס. דאס אבער איז גאר ניט אלץ איינס. דער קאפיטאליסטישער קלאס איז נאר איין אפטיילונג פון דער בורזשואזיע. ווען מארקס רעט פון דער „בירגערליכער" געזעלשאפט, וואס איז נאר א שלעכטע דייטשע איבערזעצונג פון דעם פראנצויזישען ווארט „בורזשואזיע", מיינט ער ניט סך הכל די קאפיטאליסטישע געזעלשאפט, נאר די געזעלשאפט פון ווארען־פראדוצענטען. ווארען־פראדוקציאן האט עקזיסטירט נאך פריהער פאר קאפיטאליזם. אלזא, די בורזשואזיע שליסט איין אלע ווארען־פראדוצענטען. דער שוסטער, וואס האט א סיין מיט א שטיוועל און א שוך און מיט דעם ווארט „מייקער" באלאנגט צו דער בורזשואזיע, און פון דעם עקאנאמישען שטאנדפונקט, באלאנגט דער פארמער אויך צו דער בורזשואזיע, ווייל ער איז אן אונאבהענגיקער ווארען־פראדוצערט, דאס הייסט, ער איז א בעל הבית פאר זיך און פארקויפט זיין סחורה אין מארק.

היינט, ווען איר וועט נעמען לערנען אמעריקאנער געשיכטע, וועט איר געפינען, אז די אמעריקאנער פרייהייט איז אויסגעארבייט געווארען פון אט די דאזיקע פארמערס. די פארמערס וואס האבען געלעבט ביי דעם גרענעץ פון די ווילדע וועלדער, די „פראנטירז־מען", האבען פון קיין רעגירונג ניט געוואוסט, ווייל זיי האבען זי קיין מאל אין די אויגען ניט אנגעזעהן, עס איז געווען איינפאך צו ווייט, זיי זיינען אויסגעקומען אן א רעגירונג און דעסהאלב זיינען זיי געווען איינפארשטאנען מיט דזשעפערסאנס מיינונג, אז די בעסטע רעגירונג איז וואס וויניקער רעגירונג.

די בורזשואזיע האט איינגעפירט פאליטישע פרייהייט, ווייל אירע עקאנאמישע אינטערעסען האבען עס פארלאנגט. איינע פון די וויכטיקסטע פרייהייטען, וואס די בורזשואזיע האט איינגע־פירט איז די באוועגונגס־פרייהייט.

פון וואס ווערט דער איד נאך אזוי אויסגעריסען אין רוסלאנד, ווי פון די „פראוואזשיטעלסטווע"? דא מעגט איר וואהנען און דארט טארט איר זיך ניט ווייזען. עס איז נאך ניט אזוי לאנג זינט דיזעל־ביקע באשרענקונגען פון באוועגונגס־פרייהייט האבען עקזיסטירט איבער גאנץ אייראפא. ניט פאר אידען אליין נאר פאר אלעמען. די בורזשואזיע האט אפגעשאפט די פאספארטען מיט די רעגאטקעס. זי האט געמאכט פאר יעדען פריי צו געהען און צו פארען וואוהין איי־נער וויל. איך מיין ניט, אז זי האט דאס געטאן, ווייל זי איז געווען באגייסטערט פאר דעם אידעאל פון פרייהייט, נאר פשוט איר קלאס־סען־אינטערעס האט עס געפאדערט: דער סוחר האט געדארפט דאס רעכט צו וואנדערען, דער פארמער האט געדארפט דאס רעכט צו זו־כען נייע לענדער, דער קאפיטאליסט האט נויטיק געהאט א סך הענט, דערפאר איז ער געווען פאר פרייע אימיגראציע.

פאר די לעצטע דרייסיק יאר האט זיך דאס אלץ איבערגע־קערט. מיר זיינען שוין געבענטשט אין דער פרייער אמעריקע מיט אן איינגענעם ווירבאלען, מיט זשאנדארען, מיט דאפראסען. א געווי־סע קאטעגאריע מענטשען לאזט מען שוין אינגאנצען אהער ניט אריין, די כינעזער, פונקט ווי אין רוסלאנד ווערען פרעמדע אידען ניט אריינגעלאזען. ווער האט דאס אלץ אנגעמאכט? דער אמעריקאנער ארבייטער־קלאס, די ארגאניזירטע ארבייטער! און מיר וויסען, אז א גרויסער טייל, אויב ניט די מערצאל פון די אמעריקאנער סאציא־

**ליסטען זיינען מיט זיי איינפערשטאנען*) איר וועט מיר זאָגען, אז די באשריינקונג פון געלע איינוואנדערונג איז נייטיק צו פראַקטעק־טען דעם ווייסען ארבייטער, דאָס איז אבער פאר מיר קיין ענטפער ניט: לאָז זיין איר זיינט גערעכט, פרייהייט טויג ניט און די ראַ־גאטקע איז נויטווענדיק, די רוסישע רעגירונג מיינט אויך אזוי, — אָבער איר דארפט דאָך ניט איינריידען די וועלט אז דער טייטש פון ראַגאטקע איז פרייהייט.**

**אלזאָ, אַף ווי ווייט מיר האָבען פרייהייט אין דער היינטיקער געזעלשאַפט איז דאָס דער רעזולטאַט פון געשיכטליכער ענטוויקע־לונג. היינט ווען איר זיינט א געשיכטליכער מאטעריאליסט, טו זאָגט**

---

*) דער פאָרשלאָג גוט צו הייסען דעם פארבאָט פון דער געלער איינוואנדערונג איז פאָרגעבראכט געוואָרען אַף דעם אינטערנאַציאָנאַ־לען סאָציאליסטישען קאָנגרעס אין אמסטערדאם, אין 1904 פון די אמעריקאנער דעלעגאטען מאָרים הילקוויט און הערמאַן שליטער, דעם געוועזענעם מיטארבייטער פון דעם אונלעגאלען דייטשען פארטיי־אָר־גאַן „סאָציאל־דעמאָקראט“, וואָס איז ערשינען אין דער שווייץ אין דער צייט פון דעם סאָציאליסטען־געזעץ, און דעם איצטיקען רעדאקטאָר פון דער „ניו־יאָרקער פאָלקסצייטונג“. די שטעלונג פון דער אַמערי־קאַנער סאָציאליסטישער פארטיי צו אימיגראציע האָב איך באהאנדעלט באריכות אין דעם ערסטען באנד, ז. ז. 136—197.

**גאָר אין דער לעצטער צייט, נאָך דעם ווי די קאָנפערענץ פון די „אליוז“ אין פאריז האָט אָנגענומען דעם באשלוס וועגען דעם עקאָנאָ־מישען באיקאָט פון די צענטראלמעכטע, איז אין דער דייטשער געווערק־שאפטס־פרעסע גאנץ ערנסט דיסקוטירט געוואָרען דער פאָרשלאָג, אַז נאָך דער מלחמה זאָל מען ניט אריינלאָזען אין דייטשלאנד קיין איטאל־יענישע ארבייטער, ווייל זייער קאָנקורענץ איז געפערלאך פאר די דויי־טשע אַרבייטער. די דייטשע געווערקשאפטען זיינען ניט קאָנסערוואַ־טיוו, ווי די אמעריקאנער טרעיד־יוניאָנס, נאָר אויסגעשפראָכען סאָ־ציאל־דעמאָקראטיש.**

**מיר, וואָס איז דער עקאָנאָמישער פונדאַמענט פון פרייהייט? פרוד־ דאָן זאָגט, אז דאָס איז דער פריוואט־אייגענטום*)**

אף וואָס איז היינט־צו־טאָג באגרינדעט די פרייהייט פון דער פרעסע? אף דעם, וואָס עס זיינען פאראַן א סך פריוואט־דרוקעריי־ ען. פארקערט, אָבער, דער פאַנאַנדערשיקען פון צייטונגען, הענגט אָפּ פון דעם פּאָסט־אָפּיס און דער פּאָסט־אָפּיס באלאנגט צו דער רע־ גירונג. וואָס איז דער רעזולטאַט? אז די וואַשינגטאָנער רעגירונג האָט דורך אַלערליי רולס באגראבען א סך ראדיקאַלע און סאָציאַ־ ליסטישע צייטונגען. די קאָנסטיטוציע זאָגט, אז די פרעסע־פריי־ הייט טאָר ניט באשרענקט ווערען, וואָס ווילט איר נאָך מער? אבער די רעגירונג האָט די עקאָנאָמישע מיטלען צו באשרענקען די פרע־ סע־פרייהייט, און זי טוט דאָס ווען זי וויל. דער פּאָסט־אָפּיס ווערט אלגעמיין באנוצט ביי די אמעריקאנער־געבאָרענע סאָציאַליסטען פאר א ביישפּיל פון סאָציאַליזם. „נאָך דער סאָציאַלער רעוואַלו־ ציאָן" וועט אלצדינג געפירט ווערען אף דעם זעלבען פּלאַן ווי דער פּאָסט־אָפּיס. דאָס הייסט, אז דער סאָציאַליסטישער שטאַט וועט באזיצען אזעלכע מיטלען צו אונטערדריקען יעדע אפּאָזיציע, וואָס דער היינטיקער קאפּיטאַליסטישער אָדער אפילו דער רוסישער סאָ־ מאָדערזשאַוונער שטאַט קען ניט אופווייזען.

וואו עס זיינען פאראַן וואַלען, געפינט זיך אַלע מאָל אַן אָפּאָ־ זיציע. וואָס גרעסער עס איז די מאכט פון א בעאַמטען־קלאַס, דאָס שטארקער קען ער אונטערדריקען יעדע אָפּאָזיציע. ביז איצטער ווייסען מיר פון דער געשיכטע, אז יעדע רעגירונג וואָס האָט ווען עס איז געהאַט אַן אונבאשרענקטע מאכט, האָט זיך מיר איר באַ־

---

*) בישעת איך האָב געשריבען דיזע סעריע ארטיקלען אין דער „פריוי־ ער אַרבייטער שטימע", האָט אַ לעזער אין אַ בריעף צו דער רעדאקציע מיר אָנגעוויזען אף דעם פאקט, אַז אין באָסטאָן האָבען די סאָציאַליסטען גע־ האַלטען אַ מיטינג אין אַ האָל וואָס געהערט צו דער שטאָט. גאַנץ שעהן, אָבער פאר וואָס איז דאָס? ווייל עס זיינען אין דער שטאָט באָסטאָן פאַ־ ראַן צענדליקע פּריוואטע האָלס, וואו מ'קען האַלטען אַ סאָציאַליסטישען מיטינג, עס וואָלט דערפאר געווען איינפאַך אונזין, ווען די שטאָט בעלי־ הבתים וואָלטען ניט ערלויבט די סאָציאַליסטען צו באַנוצען דעם האָל. און אגב בין איך נאָך ניט אַזוי זיכער, אַז אַנאַרכיסטען למשל וואָלטען געקענט קריגען דעם האָל.

נוצט צו אונטערדריקען אירע געגנער. קען מען זיך פארלאזען אף די לאסקע פון דעם סאציאליסטישען כלל, אז ער וועט קיינעם קיין קריוודע ניט וועלען טאן?

## 7.

## די באדייטונג פון מנהג.

עס זיינען פאראן צוויי מינים „רעכט“: געשריבענע און ניט־געשריבענע, אזוי ווי א דין און א מנהג. וואס איז א דין? וואס עס שטעהט אין תורת משה און אין תלמוד. וואס איז א מנהג? די ארט אויף וועלכע אלע פיהרען זיך.

עס איז נאך ניט אזוי לאנג צוריק ווען אלע היינטיקע גרויסע נאציאנען האבען נאך קיין א"ב ניט געהאט. פארשטעהט זיך, אז אין יענע צייטען איז קיין געשריעבענע רעכט ניט געווען. אבער מענטשען האבען זיך געפירט נאך געוויסע מנהגים, וואס זיינען ערגעץ ניט פארשריבען געווען, וואס קיינער האט ניט געוואוסט פון וואנען זיי האבען זיך גענומען, ווער האט זיי איינגעפירט, אבער אלע האבען זיי געפאלגט. און אפילו היינט, ווען מען שרייבט אי־בער דער גאנצער וועלט געזעצע אן א שיעור, טו ווען איר וועט נע־מען גוט באטראכטען, וועט איר זעהען, אז עס זיינען פאראן א סך וויכטיקע זאכען אין דעם טעגלאכען מענטשלאכען לעבען, וואס ווע־רען באשטימט דורך א מנהג; און דער עולם פאלגט דעם מנהג, הגם קיין פאליסמאן, קיין דזשאדזש, קיין גלח קען זיי דערצו ניט צווינ־גען. איך וועל אייך געבען נאר איין ביישפיל. נעמט די בגדים. יע־דע פרוי וועט אייך זאגען, אז א לאנגע קלייד איז זעהר אונבע־קוועם. א קורצע קלייד ביז די קניה, ווי קליינע מיידלאך טראגען, איז פיל וויגאדנער. נו, קענט איר זיך פארשטעלען אז אייער פרוי זאל ארויס אפ'ן גאס אין אזא קורצע קלייד, ווי אייער קליינע טאכטערל? אבער אפ'ן ברעג ים, וואו מען באדט זיך, וועט זי יע ארומגעהן אין א קורצע קליידעל. פרופט ארומגעהן אין ניו־יארק מיט לאנגע פאות'ן. איר טוט עפעס וועמען א רעה ורערמיט? עס איז ערגעץ פאראן א לאא, אז מען טאר ניט טראגען קיין פאות'ן? עס איז ניט מער ווי א מנהג. אבער פרופט אקארסט עס ניט פאלגען, וועלען אייך די באיטשיקלאך אין אידישען קווארטאל גופא געבען קאפוליער אנצוהערענס, אז עס איז ניט קיין פירונג.

די וועלט שטעהט ניט אף אן ארט. די ארבייט ווערט היינט אנדערס געמאכט איידער מיט הונדערט יאר צוריק, די שטעט, די דערפער זעהען אויס אנדערס, דער גאנצער מענטשלאכער לעבען בייט זיך. ניט אימער אזוי מערקווירדיק שנעל ווי פאר די לעצטע הונדערט יאר, אבער עס בייט זיך פארט. און דער מנהג בייט זיך אויך.פארצייטען, בשעת מען פלעגט געהן בארוועס, איז געווען א מנהג, ווען א גרויסער מענטש איז געקומען צו גאסט, האט דער בעל־הבית אדער די בעל־הבית'טע עם געוואשען די פיס. אין דעם קריסטליכען ברית חדשה ווערט דערצעהלט, ווי מרים מגדלנית האט יעזוס'ען איינגעוואשען די פיס מיט טייערע פארפיום. זינט די וועלט האט אנגעהויבען צו טראגען לאפציעס, איז דער סארט כבוד ארויס פון מאדע, ווארים מען דארף עס מער ניט.

ווי נעמט זיך א נייער מנהג? וואס איז א באיקאט, ווייסט איר דאך געוויס. איר ווייסט אבער אפשר ניט, אז באיקאט איז געווען דער נאמען פון אן ענגלישען לענדלארד'ס אן אגענט אין איירלאנד אין 1880, די פארמערס וואס האבען פון עם געהאלטען אין ארענדע לאנד, האבען אף עם געקראגען א שנאה, ווייל ער האט זיי זעהר ברוטאל באהאנדעלט. ענדליך האבען זיי אף עם געלעגט א חרם, קיינער זאל עם גארנישט ניט פארקויפען, קיינער זאל עם ניט באדיענען, קיינער זאל פאר עם קיין שום ארבייט ניט טאן. עס איז געקומען אזוי שלעכט, אז עס איז עם אויסגעקומען צו שטארבען פאר הונגער. און ער האט זיך געמוזט אפטראגען. דער ביישפיל האט געהאט אן איינפלוס אף די יוניאנס אין אמעריקע, וואו עס זיינען פאראן א סך איירישע ארבייטער. מען האט זיך דא גענומען „באיקאטירען„ באסעס, סקעבס און זייערע סימפאטיזירערס. איין יוניאן האט נאכגעמאכט דער אנדערער, ניט נאר דא אין אמעריקע, אבער אין איראפע אויך. אזוי איז דער „באיקאט“ געווארען א מנהג.

פון דעם קענט איר זעהען ווי פון איין איינציקען פאל ערגעץ אין א דערפעל, וואו עס זיינען געווען פורטהאלבען פאמיליעס, איי־גענטלאך ניט מער ווי א צופאל, ווען ער פאסט זיך נאר צו די אומשטענדען, קען אויסוואקסען א מנהג, וואס זאל זיך פארברייטען איבער דער גאנצער וועלט.

דאס האבען מיר אלין גערעדט וועגען ניט געשריבענע רעכט. היינט לאמיר נעמען באטראכטען דאס געשריבענע רעכט, די תורת

משה מיט'ן תלמוד, דאָס אַלטע רוימישע רעכט, דאָס ענגליש־אַמע־
ריקאַנישע רעכט. דאָס רוימישע רעכט געפינט זיך צונויפגע־
קליבען אין עטלאַכע גרויסע ספרים, וואָס די וועלט באַוואונדערט זיי
נאָך עד היום, מיט וואָס פאַר א סיסטעם אַלץ איז איינגעריכטעט.
דער סיסטעם איז אָבער ניט אויסגעטראַכט געוואָרען פון דער קאָ־
מיטע געלערנטע יוריסטען וואָס האָבען צוזאַמענגעבראַכט די גע־
זעצע: עס האָט גענומען מער ווי טויזענט יאָר אויפצובויען דעם
סיסטעם.

ווי איז דער סיסטעם אויסגעוואַקסען? פון באַזונדערע פּראָצע־
סען (דין־תורה'ס, דיעלעס, קעיסעס), וואָס זיינען פאָרגעקומען אין
געריכט (אין סוד, האורט). גאָר פון אָנהויב זיינען
קיין געשריבענע געזעצע ניט געווען. ווען עס פלעגט
פאָרקומען א פּראָצעס פאַר דעם רוימישען פּרעטאָר (דעם
ריכטער, דעם דזשאַדזש), פלעגט ער עס ענטשיידען על פי יושר,
דאָס הייסט נאָך דעם וואָס דער עולם האָט באַטראַכט פאַר יושר;
און דאָס איז געווען באַגרינדעט אויף דעם, ווי מ' האָט זיך געפירט,
אויף דעם מנהג. דער פסק פלעגט איינגעשריבען ווערען אין א בוך,
וואָס מ' האָט גערופען דעם פּרעטאָרס עדיקט. יעדער נייער פּרע־
טאָר פלעגט זיך שטיצען אויף דעם עדיקט פון זיינע פאָרגענגער, ווען
עס פלעגט פאָרקומען א נייער פּראָצעס, פלעגט ער עס זוכען צופּאַ־
סען צו יענע פּרינציפּען, וואָס זיינען פריהער אויסגעלעגט געוואָרען
אין דעם עדיקט. אין פאַרלויף פון טויזענט יאָר האָבען זיך אָנ־
געקליבען אַזאַ מאַסע אַלערליי פּראָצעסען, וואָס מען האָט שוין פון
זיי געקענט מאַכען א גאַנצען סיסטעם. פאַרשטעהט זיך, אַמאָל
פלעגט דער סענאַט ארויסגעבען א נייעם געזעץ, אָבער די צאָל פון
אַזעלכע געזעצע אין פאַרגלייך צו דעם עדיקט איז געווען גאָר קליין.

אין ענגלאַנד און אַמעריקע איז די לאָא אויך אויסגעוואַקסען
פון איינצעלנע קייסעס, אין וועלכע איין דזשאַדזש האָט געפאָלגט
דעם אַנדערען. דאָס רופט מען א „פּרעצעדענט“. די גאַנצע ענגליש־
אַמעריקאַנער לאָא באַשטעהט פון איינע פּרעצעדענטען, וואָס האָ־
בען זיך אָנגעקליבען אין דער צייט פון הונדערטער יאָרען. אמת,
מ' זיצט אין וואַשינגטאָן, אין אַלבאַני, אין באָסטאָן, מ' באַקט גע־
זעצע ווי אויף הייוועז. אָבער ווען עס קומט אָנצואווענדען דיזעלבי־
קע געזעצע, טו דאַרף דער דזשאַדזש זיי פאַרטייטשען, וואָס זיי
מיינען, און פון דעם ווערט א גאַנצע גמרא. און עס פּאַסירט זעהר

אפּט, אז די דזשאַדזשעס מיט זייער גמרא פאַרדרעהען דעם געזעץ אַזוי, אז עס איז גאָר ניט צו דערקענען. דאָ אין אמעריקע שטאָל־צירט מען מיט דער דעקלאַרעישאָן אָוו אינדעפּענדענס, וועלכע איז אמת א רעוואָלוציאָנערער דאָקומענט. די קאָנסטיטושאָן פון די פאַראייניקטע שטאַטען פאַרזיכערט אלעמען די גרעסטע פרייהייט. די רעגירונג איז דעמאָקראַטיש איינגעאָרדנעט — אף'ן פּאַפּיר. אבער עס ווערען ארויסגעגעבען אינדזשאָנקשאָנס אים נאָמען פון פרייהייט. די דזשאַדזשעס ווילען באשיצען די פרייהייט פון דעם באָס, און דערצו באשרענקען זיי די פרייהייט פון די יוניאָן־ליים. און זיי גלויבען אליין גאַנץ ערנסט, אז זיי פאַרטיידיקען די אמעריקאַנער בירגערליכע פרייהייט. און דער עולם גלויבט אויך אז ער איז פריי, ווארים עס איז פאַראַן א דעקלאַרעישאן אָוו אינדעפּענדענס מיט א קאָנסטיטושאָן.

קען זיך דאָסזעלבע ניט אויסלאָזען מיט די פּלאַטפאָרמעס און די קאָנסטיטושאַנס פון די סאָציאליסטישע פּאַרטייען?

אף דעם ענטפערט מר. פייגענבוים, אז „מנהג“ איז גאָר ניט שייך דערצו.

„געזעלשאַפטליכע טיראַניי פון ווייניקע איבער פילע איז א פאָרם פון אָרגאַניזאַציאָן.... זי קען ניט ביינעקומען ווערן... דורך קיין הילע רעפאָרם אגיטאַציאָן, נאָר דורך אָרגאַניזאַציאָן געגען אָרגאַניזאַציאָן, דורך אָרגאַניזאַציאָן פיר פרייהייט געגען די אָרגאַניזאַציאָן פון דער טיראַניי“.

אין א פראַנצויזישער קאָמעדיע פון מאָליערין טרעט אויף א נייער גביר, וואָס לערנט זיך אף דער עלטער גראַמאַטיקע. „הערס־טו“, מאַכט ער צו זיין דינסט־מיידעל, „דעם גאַנצען לעבען האָב איך גערעט פּראָזע און איך האָב גאָר ניט געוואוסט. אז איך רייד פּראָזע“. מיסטער פייגענבוים ווייס אויך ניט אז ער רעט פּראָזע: — וואָס פּלוידערט איר מיר וועגען מנהגים, מאַכט ער, מען דאַרף אָרגאַניזאַציאָן פאַר פרייהייט!

נו, וועל איך איך פרעגען, וואָס איז „אָרגאַניזאַציאָן“? עס איז א פאַראייניקונג פון מענטשען. וואו עס קלייבען זיך נאָר צו־נויף עטלאַכע מענטשען פאַר א געוויסע זאַך, מוז זיין עפּעס אַן אָרד־נונג. זאָלען זיך צונויפקלייבען א האַלבער מנין אמעריקאַנער, וועלען זיי ערסטענס אויסקלייבען א טשערמאַן (א פאָרזיצענדען) און

א סעקרעטער. קיינער וועט ניט ריידען ביסקל וואָנען דער טשערמאַן וועט עס ניט געבען דאָס וואָרט. איבער יעדע זאַך וועט אָפּגעשטימט ווערען, און ווען מען איז ניט איינשטימיק, וועט באשלאָסען ווערען מיט א מאַיאָריטעט. ווען מען דאַרף אויספירען א באשלוס פון דער פארזאמלונג, וועט מען אַף דערויף אָנשטעלען א קאָמיטע און די קאָ־מיטע וועט אפּאינטען דער טשערמאַן. דאָ האָט איר שוין אַ גאַנ־צען סיסטעם. פון וואַנען האָט זיך דאָס גענומען ? איז דאָס אלע מאָל אזוי געווען ? איז דאָס אומעטום אזוי ?

די מאכט פון דער מאַיאָריטעט שיינט אייך אפשר זעלבסט־פארשטענדליך, אָבער עס איז זעהר אַ פרישע זאַך. פּארצייטען האָט מען פון דעם ניט געוואוסט. אין דעם פּוילישען סיים האָט יעדער באשלוס געמוזט אנגענומען ווערען איינשטימיק. ביי א קרי־מינאַל־פּראָצעס אין ענגלאנד און אמעריקע מוז די ענטשיידונג פון דער דזשורי (די געשוואָרענע) זיין איינשטימיק. „דער איינפאכער שכל זאָגט אונדז", אז אין א פארזאמלונג קען מע זניט אויסקומען אָן אַ פּאָרזיצענדען. נעמט אבער די סכאָדקעס פון די רוסישע פּוי־ערים, וואו עס האנדעלט זיך וועגען צוטיילען די לאנד און נאָך אזעלכע וויכטיקע לעבענסזאכען, און פון א פּאָרזיצענדען האָבען זיי קיינמאָל ניט געהערט. אין די רוסישע רעוואָלוציאָנערע קרו־זשאָקען פון די זיבעציקער און אכציקער יאָרען פון דעם נײַנ־צענטען יאהרהונדערט האָט מען אויך פון קיין פּאָרזיצענדען ניט געוואוסט.

פון וואנען האָט זיך גענומען די אמעריקאנער פירונג פון א מי־טינג ? אין קאָנגרעס, אין די לעדזשיסלייטשורס ווערט דאָס באַ־שטימט דורך די רולס, אין אָרגאַניזירטע פעראיינען איז געוועהנט־לאָך פּאראַן אַ פונקט אין דער קאָנסטיטושאַן — אז מען זאָל זיך פירען נאָך די פּארלאמענטארישע רולס. דאָס הייסט א דין. ווען עס קומען זיך אָבער צוזאמען עטלאכע מענטשען נאָר צוליב א געוויסען פונקט אזוי. וואָס הייסט דאָס דעמאָלט ? א „מנהג", אויב איר וויקט פאל, גאָר דאכט זיך אָן קיין שום קאָנסטיטושאָן, טוען זיי אויך וויסען.

פון וואנען שטאמען די פּארלאמענטארישע רולס ? זיי זיינען אויסגעאַרבייט געוואָרען דורך די פראקטיקע פון דעם ענגלישען פּארלאמענט און שפּעטער דורך די פראקטיקע פון דעם קאָנגרעס און אנדערע געזעצגעבענדע קערפּערשאפטען. וואָס איז היינט־צו־

טאָג דער רעזולטאַט אין קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן? די גאַנצע מאַכט איז אין די הענט פון א קליקע, און א קאָנגרעסמאַן, אפילו ווען ער באַלאַנגט צו דער מאַיאָריטעט, קען זיך ניט דערשלאָגען צום וואָרט, אויב דער ספּיקער (דער פּאָרזיצענדער) וויל ניט. דער קאָנגרעס איז אויך אמאָל געווען אַן „אָרגאַניזאַציאָן פיר פרייהייט“.

יעדע פּאַראייניקונג פון מענטשען, עס מעג זיין אפילו אַן אַנאַרכיסטישער פעראיין, האָט אירע געזעצע*). ווען עס זיינען ניט זיין געשריבענע דינים, איז עס א מנהג.

אַלזאָ ווען איר געהט גרינדען אייער „אָרגאַניזאַציאָן פיר פרייהייט“, וועט זי אויך האָבען אירע מנהגים. דער מנהג ענטוויקעלט זיך, און זיין מאַכט איז דערפאַר טאַקע אַזוי שטאַרק, וואָס דער עולם פאָלגט עס גאַר ניט וויסענדיק. דער מנהג באַשטימט די פאָרם פון דער אָרגאַניזאַציאָן גופא. אויב דורך אייער פּאַרטיי־פּראַקטיקע ווערט איינגעוואָרצעלט א דעספּאָטישע פאָרם פון אָרגאַניזאַציאָן. טו וואָס העלפט אונדז אייער „אָרגאַניזאַציאָן פאַר פרייהייט?“

דעריבער, ווען איר זאָגט מיר, אז איר האָט געמאַכט אַן „אָרגאַניזאַציאָן פאַר פרייהייט“, ענטפער איך אייך: דערצעהלט מיר ניט פון אייערע פּלאַטפאָרמעס און קאָנסטיטושאָנס, לאָמיר א קוק טאָן ווי איר פירט זיך. אייערע מנהגים מוזען זיך פאַרברייטען צוזאַמען מיט אייער „אָרגאַניזאַציאָן פיר פרייהייט“, פון זיי קענען מיר אורטיילען אף וואָס מיר האָבען זיך צו ריכטען פון אייך, ניט פון די שעהנע מעשיות וואָס איר דערצעהלט אונדז וועגען משיח׳ס צייטען.

*) איך וויל אייך דאָ דערצעהלען, וואָס איך האָב אליין צוגעזעהען אף דער קאָנווענשאַן פון דעבס׳עס „סאָשאַל־דעמאָקראַסי“ אין שיקאַגאָ אין 1898, אויף יענער קאָנווענשאָן זיינען געווען אַ סך אַנאַרכיסטישע דעלעגאַטען, וואָס האָבען מיט אַלע מיטלען געאַרבייט ניט צו דערלאָזען, די פּאַרטיי זאָל געהען אין פּאָליטיקס. קיין ערגערע פּאָליטישענר ווי יענע־געגנער פון פּאָליטיקס האָב איך אף מיין לעבען ניט געזעהן. איך האָב געמאַכט אַ פאָרשלאָג, מ׳זאָל איינפירען אַ רעדנער־ליסט און אַלע זאָלען רעדען נאָך דער רייהע, דער פאָרזיצענדער זאָל ניט האָבען די מאַכט צו געבען דאָס וואָרט וועמען עס געפעלט עם. דאַגעגען איז אופגעטראָטען דער פירער פון דער אַנאַרכיסטישער מאַשין און דער פאָרשלאָג איז פאַרוואָרפען געוואָרען. פון דעם ביישפּיל קענט איר זעהן די מאַכט פון מנהג.

## פופצעטער קאפיטעל:

# דער מוסר־השכל פון די קאאפעראטיווע קאלאניעס.

## 1.

### אלגעמיינע באטראכטונגען.

איך האב שוין געזאגט, אז דער סאציאליזם וועט העכסט ווארשיינליך איינגעפירט ווערען ביסלאכוויים דורך די קאפיטאליסטען און דעם מיטעלקלאס, דאס הייסט דורך אזעלכע מענטשען, וואס זיינען גאר קיין סאציאליסטען ניט. א געשעפטסמאן וואס וויל, אז די רעגירונג זאל צונעמען די אייזענבאנען, כדי ער זאל קענען קאנקורירען מיט א טראסט, וועלכער האט עם צוגעקוועטשט צו דער וואנט, איז גאר ניט באגייסטערט פאר סאציאליסטישע ברידערלאכקייט און פרייהייט. א פאליטישען, וואס האפט אז דאדורך וועט זיין פארטיי באקומען א מיליאן פאליטישע דזשאבס, איז אויך זעהר ווייניק באגייסטערט פאר פרייהייט, ברידערלאכקייט און נאך אזויגע שיינע זאכען, על כן, ווען דער סארט לייט זאלען זיין די פירער און פארוואלטער אין דער סאציאליסטישער געזעלשאפט, טו קען מען זיך ריכטען, אז זאלען זיי נאר האבען אין זייערע הענט די אונגעהייערע מאכט פון דעם סאציאליסטישען כלל, וועט יעדע אפאזיציע האבען אזוי פיל צו זאגען ווי אין טאמאני האל, אדער ביי דער רעפובליקאנער מאשין אין פילאדעלפיע.

ווער זאגט גאר אנדערס ? מאכט מיין רעוואלוציאנערער פריינד : דערפאר געפעלט אונדז טאקע ניט, אז די געזעלשאפט זאל זיך אזוי ענטוויקלען ווי איר ווייזט. דערפאר שטרענגען מיר זיך אן אופצובויען א קלאסענבאוואוסטע סאציאליסטישע ארבייטער פארטיי, וועלכע זאל אריינכאפען די פאליטישע מאכט אין אירע הענט און איבערמאכען די קאפיטאליסטישע וועלט אף א סאציאליסטישע, טאקע אף אן עכטען וויסענשאפטלאכען שטייגער. גאנץ רעכט. א קלאסענבאוואוסטע סאציאליסטישע פארטיי וועט

באַשטעהן פון דורכשניטלאכע סאָציאַליסטען, וואָס לייענען סאָ־
ציאַליסטישע צייטונגען, וואוטען פאַר סאָציאַליסטישע קאנדידאטען
מאַנצען אַף סאָציאַליסטישע בעלער, און גיבען אַמאָל אַזוי אויך
אַ קוואָדער אַף עפּעס אַ סאָציאַליסטישע זאַך. ווי די געזעלשאַפט
וועט זיך פירען, ווען זיי זאָלען זיין די בעלי הבתים, ווענען דעם
נאַטירלאַך זיינען די מיינונגען פארשידען. אַ ביישפּיל אָבער האָ־
בען מיר.

זינט די צייטען פון דעם ערסטען ענגלישען סאָציאַליסט ראָ־
בערט אָוען, האָט מען אין אמעריקע געגרינדעט אַ סך קאָאָפּעראַ־
טיווע קאָלאָניעס, דאָס הייסט אַ סאָרט סאָציאַליסטישע שטעטלאַך.
עס איז שוין אַ מעשה פון נאָהענט פון הונדערט יאָר, טויזענטער
מענטשען האָבען געוואָהנט אין דיזע קאָלאָניעס, עס זייגען גרעס־
טענטיילס געווען געקליבענע מענטשען וואָס זיינען געווען באַ־
גייסטערט פאַר די אידעע פון סאָציאַליזם און האָבען פארלאָזען
זייער היים, זייער פּרנסה און אין גאַנצען אַוועקגעגעבען זיך צו
דער זאַך פון סאָציאַליזם, ווי עס האָט זיך זיי אויסגעוויזען נאָך
זייער שכל נאָך. קיין מלאכים זיינען זיי נאַטירליך ניט געווען,
דאָך זיינען זיי לכל הפּחות געשטאַנען מאָראַליש אַזוי הויך, ווי
די סאָציאַליסטישע לעזער, טענצער און וואוטערס, און אַ סברא
נאָך אַביסעלע העכער. די פירונג פון די סאָציאַליסטישע קאָלאָ־
ניעס, וואָס זיינען באַשטאַנען פון דעם סאָרט מענטשען, איז אַ
גוטער משל פון וועלכען מ׳ קען לערנען ווי עס וועט אויסזעהן אין
דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט.

דער משל איז קיין משל ניט, מאַכט מיין וויסענשאַפטליכער
פריינט. פאַר וואָס? אויף דעם געפינען זיך הונדערט וויסענשאַפט־
ליכע תרוצים. ערסטענס, זיינען די קאָלאָניסטען קיין עכטע סאָ־
ציאַליסטען ניט געווען; צווייטענס, זיינען די קאָאָפּעראַטיווע קאָ־
לאָניעס קיין סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט ניט; דריטענס, האָבען זיי
ניט געקענט עקזיסטירען דורך דעם, וואָס זיי זיינען געווען ניט מער
ווי קליינע קאָמוניסטישע שיפלאַך אין אַ גרויסען קאַפּיטאַליסטי־
שען ים, און דער ים האָט זיי פארשלונגען; פערטענס, זיינען
ארויסגעקומען פילע מחלוקות פון קאָמוניזם. עס איז קיין זאַך
ניט געווען, וואָס איינער זאָל קענען אַנרופען זיין איינגענע, איבער
וועלכע ער זאָל אליין זיין דער בעל הבית; אין דער סאָציאַליס־
טישער געזעלשאַפט אָבער וועלען נאָר די פּראָדוקציאָנס־מיטלען

באלאנגען צו דער געזעלשאפט, א הויז דעם וועט יעדערער לעבען פאר זיך און געניסען פאר זיך וואס ער באקומט.

נו, לאמיר דאס באטראכטען גענויער. די אלע, וואס האבען געגרינדעט די קאאפעראטיווע קאלאניעס, זאגט מען, זיינען גאר קיין סאציאליסטען ניט געווען. ווי אזוי? די סאציאליסטען פון די קאאפעראטיווע קאלאניעס זיינען ניט געווען קיין מארקסיסטען, זיי זיינען געווען אוטאפיסטישע סאציאליסטען, אבער דאס האט גאר ניט צו דער זאך. ווי איר ווייסט, איז דער סאציאליסטישער אידעאל שוין געווען פארטיק ווען מארקס האט גענומען שרייבען איבער'ן סאציאליזם. מארקס האט ניט אויפגעשטעלט קיין נייעם סאציאליסטישען פלאן, ער האט נאר באוויזען, אז דער סאציאליסטישער פלאן געהט מקיום ווערען דורך דעם וואוקס פון קאפיטאליזם. און ער האט פארגעשלאגען נייע מיטלען ווי צו ארבייטען פאר'ן סאציאליזם, אלזא איז אן אוטאפיסטישער סאציאליסט אויך א סאציאליסט; און ווען מ' נעמט גוט באטראכטען, איז גאר א קנאפע נפקא מינה צווישען די אוטאפיסטען און די כלומרשט „וויסענשאפטליכע" סאציאליסטען. די אוטאפיסטען האבען זיך איינגעבילדעט, אז מ' קען קינסטלאך איבבויען א קליינע סאציאליסטישע קאלאניע, און די „וויסענשאפטליכע" מיינען, אז מ' קען די גאנצע געזעלשאפט איבערמאכען אף א סאציאליסטישע מיט איין קלאפ. דער פלאן אבער ווי אייגריכטען די געזעלשאפט איז אין גרונד גענומען דער זעלביקער. א קאאפעראטיווע קאלאניע איז א פיטשענקע סאציאליסטישע געזעלשאפט. די פראדוקציאנס־מיטלען זיינען דארטען אין קהל'שע הענט, די ארבייט ווערט געטאן אונטער דער השגחה פון קהל'שע בעאמטע, וועלכע ווערען ערוועהלט פון די קאלאניסטען אליין. עס איז ניטא קיין קאפיטאליסט איבער זיי, זיי צאלען קיינעם קיין פראפיט ניט; עס איז אפילו קיין „שטאט" ניטא, עס איז אין גאנצען א „פרייע געזעלשאפט", וואו קיינער קען ניט געצוואונגען ווערען צו פאלגען די בעאמטע. ווען עס געפעלט עם ניט, קען ער אוועקגעהן. אין דער צוקונפטיגער סאציאליסטישער געזעלשאפט וועט דער יחיד האבען וויניקער פרייהייט, ווארים ווען די גאנצע געזעלשאפט וועט זיין סאציאליסטיש, טו וואוהין וועט ער אוועקגעהן, אויב עס וועט עם ניט געפעלען?

אלזא, ווען מיר זאלען געפינען א בעאמטען־קליקע, פאליטי־

שענס, אינטריגען איבער וואלען, אונטערדריקונג פון אפאזיציע אין די קאאפעראטיווע קאלאניעס, טו וועט דאס באווייזען, אז אזעלכע זאכען זיינען מעגלאך אין א סאציאליסטישער „געזעלשאפט", בפרט נאך אין א סאציאליסטישען „שטאט".

מ׳ זאגט אבער, אז די קאלאניעס זיינען נאך קיין מאל ניט געווען פריי פון דעם דרוק פון דעם אויסוועדטיקען קאפיטאל, וואַרים זיי זיינען געווען אפהייננגיק פון מארק. זיי האבען דעם דרוק ניט געקענט אויסהאלטען, דורך דעם זיינען זיי רואינירט געוואַרען. זייער אָרעמקייט איז געווען דער גרונד פון אלע מחלוקות. ווען עס זאל זיך אפילו אויסווייזען, אז די פירונג אין די קאאפעראטיווע קאלאניעס איז ניט געווען פרייער איידער אין דער היינטיקער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, טו איז דאס נאר א בעווייז געגען דעם קאפיטאליזם, און ניט געגען דעם סאציאליזם.

נו, אז איר וועט גוט באטראכטען די זאך, וועט איר געפינען אז אנדערע קאלאניעס האבען געהאט געננג מיטלען גאנץ גוט צו עקזיסטירען און זיינען געפאלען נאר דורך אייגענע מחלוקות, אין וועלכע דער קאפיטאליזם איז אסור שולדיק.

ענדלאך, וואס איז שייך קאמוניזם, טו זיינען ניט אלע קאַלאניעס געווען דורך און דורך קאמוניסטיש. ווען, צום ביישפיל מ׳ האט געהאט איין קיך און איין גרויסען עס־צימער פאר די גאנצע קאלאניע, טו האבען מיר שוין אזא קאמוניזם היינט־צו־טאג אין יעדען גרויסען האטעל און רעסטאראן, און דער געשעפט געהט גאט צו דאנק, גאר נישקשה׳דיק.

אלזא, דאס זיינען אלין תרוצים פאר דער באבען. די קאאפעראטיווע קאלאניעס זיינען קליינע מאדעלען פון א סאציאליסטישער געזעלשאפט. וואס מיר געפינען דארטען, איז א ביישפיל פון דעם, אף וואס מ׳ קען זיך ריכטען אין א סאציאליסטישער געזעלשאפט. עס וואלט געוועזען צו לאנג צו באשרייבען אלע קאאפעראטיווע קאלאניעס, און מ׳ דארף דאס גאר ניט. ווארים מער, אדער ווייניקער זיינען זיי ענלאך איינע צו די אנדערע. עס וועט גענוג זיין צו מאכען די באקאנטשאפט פון דער ראסקין קאלאני, וועלכע איז געגרינדעט געווארען פון ווילאנדען, דעם גרינדער פון דער פאפולערסטער אמעריקאנער סאציאליסטישער צייטונג „אפיל טו ריזאן". עס האבען צו איר באלאנגט מענ־

טשעז, וואס זיינען געווען באקאנט אין דער באוועגונג פון יענער צייט. מיט איין ווארט, אלין אייגענע מענטשען וואס אלע קענען זיי. די געשיכטע איז נאך גאנץ פריש און מער ווייניקער באקאנט.

2.

## די ראסקין קאלאני.

וועגען דער ראסקין קאלאניע, איז א סך געשריבען געווארען אין דער סאציאליסטישער צייטונג „קאמינג ניישאן“, אין אנהויב פון דעם איצטיקען יארהונדערט, בשעת די קאלאניע האט זיך אופגעלייזט. מיר ווייסען, וואס ביידע צדדים האבען גע־האט אויסצוזעצען געגען אנאנדער. דער סאציאליסטישער בוכ־הענדלער קערר פון שיקאגא האט ארויסגעגעבען א בוך אין ענגליש: „די לעצטע טעג פון דער ראסקין קאאפעראטיווע אסאָ־סיאיישאן“. דער מחבר ווייזט זיך ארויס פון זיינע אייגענע רייד פאר א באשרענקטען פאנאטיקער, דער בוך איז געשריבען זעהר פארטייאיש, ווארים דער מחבר איז געווען איינער פון די אנ־פירער פון א פארטיי, וועלכע האט ענדלאך געבראכט צו א שפאל־טונג אין דער קאלאניע און האט זי רואינירט, אף זיינע מיינונגען דארפט איר זיך ניט פארלאזען, אבער די פאקטען, וועלכע ער דערצעהלט און די מעשים טובים מיט וועלכע ער בארימט זיך זיינען אונבאשטריטען.

די ראסקין קאלאני האט זיך געגרינדעט אין 1893 און האט עק־זיסטירט פינף יאר אין טענעסי, נאך דעם ווי זי איז דארטען צופאַ־לען, האבען א טייל זיך איבערגעקליבען קיין דזשארדזשיא און דארט פאראייניקט זיך מיט אן אנדערע קאלאניע. אין צוויי יאר ארום איז די נייע קאלאניע אויך געגאנגען קאפוט.

די קאלאניע אין טענעסי האט געהאט גענוג מיטלען אופצו־בויען א גלענצענדען געשעפט. עס האט איר ניט געפעלט קיין מארק, אים נעגענטייל, מען האט זיך ביי איר געבעטען, זי זאל נאך אנ־

נעמען באַשטעלונגען. עס האָט איר קיין מזומן'ע געלט אויך ניט געפעלט, מען האָט ניט געלעבט אין פּאַלאַצען, אבער נאָך אַלע באַשרייבונגען, א טך בעסער איידער די פּיאָנערען אַף די פּאַרמס אין די וועסט, ווער רעט שוין פון די מאָרמאָנען אין יוטא, וועלכע זיינען מיט פופציק יאָר צוריק געקומען אפגעריסענע, הונגעריקע אין אַ ווילדע לאַנד, אין וועגען, פאַר טויזענטער מייל פון ציוויליזאַציע, פון וואַנען מען האָט זיי פאַרטריבען, און האָבען אין אַ קורצע צייט אופגעבויט א בליהענדע לאַנד.

וואָס־זשע איז געווען די צרה אין ראַסקין? לאָמיר אַקאָרסט נעבען א בליק אַף די פּאָליטישע געשיכטע פון ראָסקין.

גאָר פון אָנהויב האָט זיך דער געשעפט געפירט העכסט דעמאָקראַטיש: מען פלעגט האָבען רעגעלע מיטינגען פון אַלע קאָלאָניסטען, וואו מען פלעגט באַשפּרעכען אַלע געשעפטען, אָבער עס האָט זיך באַלד אויסגעוויזען, אז קיין געשעפט קען מען אזוי ניט פאַרהאַנדלען און עס לאָזט זיך גאָר אויס דערפון, אז מען קריגט זיך און זידעלט זיך איינער דעם אַנדערען אַף די מיטינגען. האָט מען דעמאָלט ערוועהלט א באָרד אָוו דירעקטאָרס, וועלכע האָבען געמוזט איבערגעבען יעדע וויכטיקע פראַגע אַף אַ רעפערענדום. דורך דעם איז די גאַנצע פערוואַלטונג באַלד אריינגעפאַלען אין די הענט פון א קליקע, א פּאָליטישע מאַשין, וועלכע האָבען געוואוסט דעם קונץ ווי צו האַלטען זיך אין אמט און ווי צו דערשטיקען יעדע אָפּאָזיציע. אייזיק ברום, דער מחבר פון דעם בוך, איז געווען א קיקער, ער זאָגט, אז דער עסק האָט זיך ניט געפירט מיט קיין אָרדנונג, און ער דערציילט פאַקטען, מיט וועלכע ער וויל עס באַווייזען. די זעלבע פאַקטען האָט ער א צייט לאַנג פּרובירט צו באַווייזען פאַר די קאָלאָניסטען גופא, אָבער מען האָט עס אַף פאַרשידענע אַרטען פאַרשטאָפּט דעם מויל. איין מאָל האָבען א געוויסע צאָל אנהענגער פון דער מאַשין אָנגעגעבען א פּעטיציע, אז מען זאָל פון עס קיינע ערקלערונגען ניט אָנעמען פאַר די מיטינגס איידער זיי זיינען ניט דורכגעגאַנגען דורך א קאָמיטע, דאָס איז אקוראַט יענע מעטאָדע וועלכע ווערט געברויכט אין קאָנגרעס און אין אַלע אמעריקאַנער געזעצגעבענדע קערפּערשאַפטען צו קוילענען יעדע אָפּאָזיציע. אַלזאָ נומער איינס: „רעגירונג דורך קאָמיטעס" אין א סאָציאַליסטישע קאָלאָניע, ווי היינט צו־טאָג אונטער קאַפּיטאַליזם. די פּעטיציע איז ניט דורכגעגאַנגען, וואָרים די

דירעקטאָרען אַליין האָבען עס געפונען פאר איבעריק. אַף יעדע זאַך האָבען זיי געהאַט א רעפערענדום, פונקט ווי אַמאָל אין דער ס. ל. פּ. און דער רעפערענדום האָט אַלע מאָל אונטערשטיצט די מאַשין, אויך פונקט ווי אין דער ס. ל. פּ.

אז עס איז ברום'ען אַמאָל געלונגען אַנצוקלייבען אונטער־שריפטען אונטער א פעטיציע, אין וועלכער עס זיינען אויסגעדריקט געוועז אַלע קלאַגען געגען די בעאַמטע, האָבען זיי די פעטיציע „געלעגט אַף'ן טיש", אויך פונקט ווי מען פלעגט טאָן אין אַזעלכע פעלע אין דער ס. ל. פּ. אָט האָט איר די „איניציאַטיווע".

די פאַרלאַמענטאַרישע רולס, וועלכע ווערען דאָ הי געברויכט אין אַלע סאָסייעטעס, און אפילע אין סאָציאַליסטישע פעראיינען אויך, שטאַמען פון קאָנגרעס און די געזעצגעבענדע קערפּערשאַפ־טען. זיי זיינען אַלע געמאַכט צו דעם צוועק מ' זאָל קענען מיט זיי פאַרשטאָפּען דעם מויל פון יעדע אָפּאָזיציע. ווי איר זעט זיינען זיי צוגעקומען אין דעם סאָציאַליסטישען ראַסקין.

דער זעלבער ברום באַשרייבט ווי די לייט האָבען זיך גע־פילט אין ראַסקין:

„די לייט וואָס קומען קיין ראַסקין האָבען אידעאַלע ער־וואַרטונגען, זיי לעזען די „קאַמינג ניישאָן" און ריכטען זיך אז יעדערער, וואָס איז צוגעצויגען צו אַזא פּלאַץ וועט זיין אַן אידעאַלער כאַראַקטער . . . מ' קאָן זיך קאָם פאָרשטעלען דעם קלאַפּ, וואָס דיזע אידעאַלען באַקומען ווען מ' זעט זיך אַרום, אז די קאָלאָניע איז ווי א טורמע. זי איז רעגירט דורך דעם דעספּאָטיזם פון אונוויסענהייט. אַנשטאָט גוטע פאַרוואַלטונג עקזיסטירט א שרעקענס הערשאַפט. אין יעדען ווינקעל איז א גיהנום פון אונצופרידענהייט. די עקזעקוטיווע איז א קיסר וואָס רעגירט אָן געזעץ, אויב איר האַלט זיך ניט שטיל, אויב איר טאַנצט ניט נאָך זייער פידעל און וואָוט ניט ווי זיי ווינטשען, וועט מען אייך שטעלען אַף די ערגסטע אַרבייט און האַלטען אייך דאָרטען כדי אייך דערמיט צו צווינגען איר זאָלט שווייגען. עס איז אַזוי ווי אין סיביר: ווען נאָר איך אַליין וואָלט אַזוי געדאַרט און געפילט, וואָלט איך אפשר אַליין ניט געוועזען זיכער אז עס איז אַזוי. אָבער איך געפין, אז דער געפיל איז אַלגעמיין . . . א נוטער קאָלאָניסט האָט מיר געזאָגט.

אז ער איז קיין מאָל אין ערגעץ ניט געווען אין אזא דעם־פּאָטישען גיהנם, נאָך דעם ווי ער האָט זיך אַנגעשלאָסען, האָט ער זעהר גיך אויסגעפונען, אז ער טאָר ניט עפּענען דעם מויל, ער דאַרף זיך היטען, אז די הערשענדע גענג (באַנדע) זאָל עס ניט זעהן ריידענדיק מיט געוויסע פּערזאָנען, וועלכע זיינען פאַרהאַסט ביי דער גענג און זייערע אינסטרומענטען, ווייל זיי זיינען געגען די רואינירענדע געשעפטס־פירונג פון די אינ־קאָמפּעטענטע בעאַמטע, וועלכע האָבען די קאָלאָניע אין זייערע הענט. דאָס זעלבע האָבען מיר פילע אַנדערע געזאָגט.

„עס זיינען פאַראַן אַ סך וועגען, אין וועלכע מ׳ קען מאַ־כען דיסקרימינייישאָן, ווען איר האַלט ניט צוזאַמען מיט די גענג, וועט מען אייך אבפּטר׳ן מיט פּוסטע אויסרייד.

„די לייט, וואָס ארבייטען אין גאָרטען דערצעהלען מיר, אז מ׳ באַליידיקט זיי און מען קאָמאַנדעוועט איבער זיי, אז עס איז ניט אויסצוהאַלטען. דורך די אונפעהיקייט פון דער פערוואַלטונג האָ־בען מיר קיין נרינס ניט . . . מיר ברענגען ווי פייער, דעם מע־נעדזשער הארט דאָס ניט, זיינע פריינט, די בעאַמטע הארט דאָס אויך ניט. די אונוויסענדע אינסטרומענטען, וואָס לויפען זיי נאָך הארט דאָס ניט. און די אונטערדריקטע פארשיקטע קיין סיביר סמייען ניט צו קריטיקירען, מיר מוזען אינערלאַך ברענגען דורך די גלייכגילטיקייט און אונפעהיקייט וועלכע מיר קענען ניט פאַריכ־טען.

„אַ דיעזער געפּענגנים־סיסטעם, דיזער גיהנום פון שפּיאָנע־ריי, פון לשון הרע, אַ גיהנום רעגירט מיט אַ מאַיאָריטעט, אַ גיהנום פון האס נעגען אינטעליגענץ“.

ווען איר לעזט די ווערטער, פילט איר אז וואָס דער מענטש זאָל ניט זיין אָבער ער רעט פון האַרץ. מעגלאָך, אז די מאַיאָריטעט וואָס האָט אונטערשטיצט די בעאַמטען־ביוראָקראַטיע פון ראַסקין, האָט עס גאָר ניט געפילט, עס איז געגוג אָבער, אז עס איז גע־ווען אַ מינאָריטעט, וואָס האָט אזוי געפילט, עס בעווייזט, אז פאַר די אָפּאָזיציע האָט מען זויער געמאַכט דעם לעבען, און די מאַ־יאָריטעט אין דער קליינער „קאָאָפּעראַטיוו קאָמאַנוועלטה“ האָט זיך פאַרהאַלטען פונקט אזוי גלייכגילטיק צו די זאַכען, ווי די מאַ־יאָריטעט אין דער היינטיקער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט.

**אייזיק ברום איז געווען דער אנפירער פון דער אפאזיציע געז־נען יענע קליקע, ער שאנעוועט זיי נים אין זיין בוך, אבער ווי שטארק ער האט זיי פיינט, באשולדיקט ער זיי ניט אין קיין שווינדעל אין** געלט־זאכען. די שכירות זיינען געווען פאר אלעמען גלייך. אלע האבען נעגעבען אין דעם קהל׳שען רעסטאראן, געקאכט האט מען פאר אלעמען גלייך, אלזא, אין דעם זיינען אלע געווען גלייכע יחסנים מיט די בעאמטע, ברום דערצעהלט, אז דער פרעזידענט האט מיט א דריידעל נעקראגען פאר זיך א גרעסערע הויז איידער עס האט עם געקומט, ער האט געזאגט, אז עס וועט צו עם קומען צו פארען זיין זון און וועט מיט עם לעבען צוזאמען, און עס האט זיך אויסגעלאזען, אז דער זון איז ניט געקומען און דער פרעזידענט איז געבליבען אין דער גרוי־סער הויז. פון דעם איינציקען פאקט קען מען ניט שליסען, אז די בעאמטע האבען עפעס געהאט א מאטעריעלען אינטערעס צו האל־טען זיך פאר זייערע עמטער. די איינציקע זאך וואס ער זאגט איז, אז זיי האבען פאר זיך און זייערע נאבלויפער גענומען אנגע־נעמערע ארבייט, און די ערגערע ארבייט האבען זיי געלאזען פאר די אפאזיציע.

אלע סאציאליסטישע שרייבער ווייזען אן, אז די טיילונג פון ארבייט אין דער פאבריק פארקריפעלט דעם גוף און דעם מוח פון דעם ארבייטער. ווען א מענטש איז געצוואונגען טאג־טעגלאך צו דרייען דעם זעלבען ראד אן איבערבייטען, קען ער זיך ניט ענט־וויקלען. טשערנישעווסקי אבער און אויך פילע אנדערע סאציאליס־טען, זאגען אז ווי די ארבייט איז שוין היינט איינגעטיילט, נעמט עס גאר ווייניק צייט זיך אויסצולערנען צו טאן יעטוועדער ארבייט ביי א מאשין. עס איז דערפאר נויטיק, אז א מענטש זאל זיין גאנצען לעבען פארברענגען אף דעם זעלבען פלאץ, ביי דער זעלבער ארבייט. טשערנישעווסקי זאגט, אז אין א סאציאליסטישע געזעל־שאפט וועט מען זיך בייטען ביי דער ארבייט און יעדער וועט האבען די געלעגנהייט צו טאן יעדע ארבייט. דאס איז דער פלאן פון פוריע׳ס „פאלאנסטערן“. קארל מארקס באשעפטיקט זיך ניט מיט די איינצעלהייטען פון דער צוקונפטיקער געזעלשאפט, אבער ער באמערקט פארבייגעהענדיק, אין ערסטען באנד פון „קאפיטאל“ אז די קאפיטאליסטישע ארדנונג גיט דעם ארבייטער ניט קיין שטענדיקע ארבייט, און פילע זיינען געצוואונגען אנצונעמען אלער־

שאפט. ווען מיר נעמען אבער די פראקטישע זייט, טו פרעגט זיך,
ווי ווייט קען מען דורכפירען דעם פלאן ? עס זיינען היינט פאר־
ראן צענדליקע טויזענטער פארשידענע ארטען ווארען, און יעדע
פארלאנגט עטלאכע מענטשען, זי פארטיק צו מאכען, אלזא, עס
זיינען פאראן ניט איבערטריבען הונדערט טויזענט פארשידענע
ארבייטען אין אונזער געזעלשאפט. ווען יעדערער זאל צופרידען
זיין נאר מיט איין צענט־חלק און זאל זיך יעדען טאג שטעלען צו
אן אנדער ארבייט, וועט עס עם אויך קלעקען אף דריי און דרייסיק
יאר, און עס וועט נאך בלייבען נייינציק טויזענט ארבייטען, וואס
ער האט ניט אויסגעפרובירט. נו, ווי קען מען פארזיכערען, אז
אין יענע נייינציק טויזענט מלאכות וועלען זיך ניט געפינען קיין
בעסערע איידער ער האט געהאט ? מיט אזא פארוויקעלטע בוכ־
פיהרונג וועט זעדר שווער אויסקומען מאכען אנעמען גלייך אזוי
ווי צוויי ארבעסען, לאזען יעדען איינעם ער זאל איין אויסקלייבען
אזעלכע מלאכות, וואס געפעלען עם אם בעסטען, פארשטעהט איר
דאך, קען מען אויך ניט, אמת, מענטשען האבען פארשידענע גוסטען
און אלע וועלען זיך ניט שטעלען מיט אמאל צו דיי זעלבער אר־
בייט. אבער וואס פאר אן ארדנונג וועט דאס זיין, אז די צאל אר־
בייטער אין יעדער פאבריקע וועט זיך בייטען יעדען טאג און
וועט אין גאנצען אבהייננען פון דעם, ווי עס וועט זיך יעדען איינעם
פארגלוסטען ? אנארכיסטען קענען זיך פיליכט פארשטעלען אזא
נעשעפטס־פיהרונג. אבער דאס איז ניט קיין סאציאליסטישער פלאן.
„אונטער א סאציאליסטישער ארדנונג פון פראדוקציאן איז אונ־
מעגלאך, אז דער ארבייטער זאל זיין פריי צו ארבייטען ווען ער
וויל און ווי ער וויל“, זאגט קאוטסקי. און א הויך ענטוויקעלטער
געזעלשאפט מוז אימיצער איינטיילען די ארבייט, אלזא, איז עס
זעהר מעגלאך, אז די בעאמטע, פון וועמען עס וועט אפהייננען,
זאלען אויך האנדלען פארטייאיש, ווי אין ראסקין. און א גרויסער
געזעלשאפט איז עס נאך גרינגער, איידער אין א קליינער קאלאניע.
דער מוסר פון דעם איז דער, אז ווען מען זאל באהויפטען, אז די בע־
אמטע אין ראסקין האבען זיך אזוי פעסט געהאלטען פאר זייי־
ערע עמטער, ווייל זיי האבען דורך דעם געקענט ארייננאפען פאר
זיך און זייער פארטיי איידעלערע ארבייט, טו איז דאס א זאך
וואס אין א סאציאליסטישער געזעלשאפט קען מען זי ניט אויס־
מיידען. אלזא, אויב עס האט זיך געבילדעט א בעאמטען־קליקע אין
ראסקין דורך דעם, טו איז א סאציאל־ביוראקראטיע מעגלאך אין
א סאציאליסטישער געזעלשאפט אויך.

איך מיין, אז עס איז זעהר איינזייטיק צו זוכען רק נאר א מאַ־טעריעלען גרונד אין יעדע זאך, וואס א מענטש טוט, אדער פאר וואס ער פירט זיך אזוי און ניט אנדערש. זינט מיר וויסען פון מענטשען כבוד אזוי ליב, אויב ניט ליבער ווי געלט. איך זעט דאס אין א לאדזש, אין א חברה, אין א שול, אין א פאראיין, אין א געלערענטער געזעלשאפט, צווישען ערעסטאנטען אין אסטראג, אין א סאציאליסטישען קלוב, אין אן אנארכיסטישער גרופע, אומעטום. איינער חלש'ט מען זאל עם אויסקלייבען פאר א גבאי, דער אנ־דערער געהט אוים, מען זאל עם נאמינירען פאר אטוירני־דזשענע־ראל, אפילו ווען ער האט גאר קיין אוסזיכטען ניט ערוועהלט צו ווערען, און דאס זעלבע האט אויך געמוזט זיין אין ראסקין, ווי מען קען פארשטעהן, האבען די בעאמטע געוואלט זיין די גדולים, און פון דעם איז ארויסגעוואקסען א קליקע, א ביוראקראטיע, אין ראס־קין, געגען די ביוראקראטישע טיראנניי האבען ניט געהאלפען קיינע פראטעסטען, ווארים די מאיאריטעט האט געהאלטען פאר די באַ־סעס. ענדליך אבער איז דער אפאזיציע געלונגען אראפצוווארפען די באסעס. עס איז ווירקליך אינטערעסאנט צו הערען פון דעם פי־רער פון דער אפאזיציע, ווי אזוי עס איז געלונגען צו שטירצען די באסעס.

מיט עטלאכע יאר פריהער איז אין די וועסט ארויסגעגעבען געווארען אן אנארכיסטישע צייטונג „פייערבראנד“, וועלכע האט פארעפענטליכט ארטיקלען צו גונסטען פון פרייע ליבע. דער פאסט־מאסטער דזשענעראל האט פארבאטען צו שיקען די צייטונג דורך מייסטער דזשענעראל האט פארבאטען צו שיקען די צייטונג דורך פאסט און האט געלאזט ארייניזעצען די רעדאקטערע אין טורמע, אף דער באשולדיגונג, אז זיי האבען פארברייטעט אונאנשטענדיקע ליטעראטור. אמת'ע פארשריטלאכע צייטונגען האבען דאמאלס פראטעסטירט געגען די צענזור, עס האט זיך געגרינדעט א קאמיטע צו קלייבען געלט פאר א פארטיידיגונגס פאנד. איינער פון די זעצער אין דער „קאמינג ניישאן“ האט אנגעקלעפט אין דעם עס־צימער פון דער קאלאניע, אן אופרוף פאר אונטערשטיצונג, די „אפאזיציע“ האט ארונטערגעריסען דעם אופרוף, די באסעס און זייערע אנהייגנער האבען זיך אנגענומען פאר די פארבאטענע צייטונג. דורך דעם איז ענטשטאנען א שטרייט. אזוי לאנג ווי די באסעס זיינען געווען איינפאך באסעס, האט די מאיאריטעט אף אלץ, וואס זיי האבען געטאן, געזאגט „באם“. אבער ווען עס האט

זיך ארויסגעוויזען, אז זיי האלטען פאר אנארכיסטען און אנהענגער פון פרייער ליבע, האט די מאיאריטעט זיי פארלאזען און איז איבערגעגאנגען צו דער אפאזיציע. דער פירער פון דער אפאזיציע דרוקט אין זיין בוך א לאנגע מגילה, וואס ער האט דעמאלט אנגעשריבען און פארגעלעזען פאר דער פארזאמלונג. עס ווערען דארטען אויסגערעכענט די חטאים פון די „אנארכיסטישע" באסעס. נעמלאך: צוויי דירעקטארען האבען געמאכט חוזק פון דעם, וואס א פאר מעמבערס פון דער קאלאניע האבען זיך פארהייראט אין קארט. אנאנדער דירעקטאר האט ערקלערט, „אז א מאן מעג לעבען מיט טאן אונפערהייראטע פרוי, ווען זיי ביידע ווילינגען איין". א ווייטערע אנקלאגע איז געווען, אז דירעקטארען האבען זיך ארויסגעשפראכען צו גונסטען פון אנארכיזם. אין דער ביבליאטעק פון דער קאלאניע האבען זיך נעפונען אנארכיסטישע שריפטען, וועלכע די אנארכיסטישע מיטגלידער האבען זיך שטארק געסטארעט צו פארברייטען צווישען די איבריקע איינוואהנער פון דער קאלאניע.

דער הויפטבאס, דער רעדאקטאר פון „קאמינג ניישאן" עדווארדס (שפעטער רעדאקטאר פון דעם „סאשעל דעמאקראטיק העראלד") איז באשולדיקט געווארען, אז ער האט אין דער צייטונג פראפאגאנדירט די טעאריע פון פרייוויליקע קאאפעראציע, אנשטאט אינטעגראלע קאאפעראציע, נאך דער סאציאליסטישער תורה".

די אפאזיציע האט פערלאנגט, אז ביי יעדען איינעם וואס וויל זיך אנשליסען אן דער קאלאניע זאל מען פרעגען, צי ער, אדער זיין ווייב גלויבט אין אנארכיזם, אדער אין פרייע ליבע, אף דעם האבען די באסעס און זייער פארטיי געענטפערט, אז זיי ווילען ניט צולאזען אין די קאלאניע קיין קריסטען. פון דעם האט דער פירער פון דער אפאזיציע געמאכט א באזונדערען אנקלאגע־פונקט. די לעצטע אנקלאגע איז געווען:

„דאס „די קאמינג ניישאן" איז בשתיקה באנוצט געווארען אלס מיטעל צו פארטיידיגען אן אנארכיסטישע צייטונג, וואס פערדינט פרייע ליבע און איז פארבאטען געווארען פון דער רעגירונג".

דאס זיינען אלזא געווען די פארברעכען, פאר וועלכע די מאיאריטעט האט זיך אפגעקערט פון אירע פריהערע פירער און איז איבערגעגאנגען צו דער אפאזיציע. ביי דער נעקסטער וואל זיינען

די באָסעם און זייער פּאַרטיי געשלאָגען געוואָרען.

זיי האָבען דאָס נאַטירלאך פאַראויסגעזען און האָבען דערלאַנגט אין קאָורט און געקראָגען אן אינדזשאָנקשאָן געגען די פירער פון דער נייער פּאַרטיי.

דערמיט הויבט זיך אָן אַ לאַנגער קאמפּף אין די קאָרטס; איין פּאַרטיי האָט געקראָגען אינדזשאָנקשאָנס געגען דער אנדערער; מ' האָט זיך איינגע די אנדערע אריינגעפּאַקט אין טוו ־ע, צום סוף זיינען די לאַנד און דער גאַנצער אייגענס פון דער קאָלאָניע באַרקויפט געוואָרען דורך אַ דזשאַדזשמענט פון קאָורט און קיינער האָט גאָרנישט ניט געקראָגען. איניקע פּערזאָנען פון ביידע פּאַרטייען האָבען פּרובירט איינצוריידען די נייע מאַיאָריטעט, אַז מ' זאָל זיך מיט די געפאַלענע באָסעם צוטיילען מיט גוטען, אָבער די מאַיאָריטעט האָט פון דעם גאָר ניט געוואָלט הערען; זיי האָבען געהאָפט, אז זיי וועלען אויספירען אין קאורט און פּשוט ארויסוואַרפען זייערע פריהערע געטער.

די אנאַרכיסטען זאָגען, אז אלע צרות קומען ארוים פון דעם שטאַט. און די „רעוואָלוציאָנערע“ סאָציאַליסטען טענה'ן אויך, אז זיי זיינען געגען „שטאַטס־סאָציאַליזם“. זיי ווילען אויך כלומרשט קיין שטאַט ניט. נו, אָט האָט איר אַ פּרייוויליקע פאַראייניקונג פון מענשען, שוין גאָר אָן דעם שטאַט. דער שטאַט האָט ניט באַרבאָטען צו זאַמלען שטיצע פאַר די ארעסטירטע רעדאַקטערע. דאָס האָבען געטאָן די מיטגלידער פון אַ פרייער אַסאָסיאיישאָן, וועלכע האָבען זיך פאַראייניקט צו באווייזען דער וועלט אַ ביישפּיל, ווי פריי מ' קען לעבען אונטער סאָציאַליזם. די מאַיאָריטעט האָט ארונטערגעוואָרפען אַ רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג, ווייל ער האָט געשריבען צו גונסטען פון פרייוויליקע קאָאָפּעראַציע און געגען דעם „עכטען סאָציאַליסטישען“ סאָרט פון קאָאָפּעראַציע. די מאַיאָריטעט פון יענער סאָציאַליסטישער קהילה האָט זיך ערקלערט איינפערשטאַנען מיט דער צענזור, וואָס די היינטיקע קאַפּיטאַליסטישע רעגירונג האָט איינגעפירט געגען אָן אנאַרכיסטישען בלאַט. קיין אייגענע פּאָליציאַנטען, קיין טורמע אריינצוזעצען זייערע פאַרברעכער, האָבען יענע פּיאָנערען פון סאָציאַליזם ניט געהאַט, אָבער נישקשה! אז מ' האָט געוואָלט ארעסטירען אַ פּאָר גענאָסען, האָט מען געבאָרגט אַ פריזאָן מיט פּאָליסלייט ביי קאַפּיטאַליסטישע דזשאַדזשעס.

זעכצעטער קאַפּיטעל:

# פּאַרטיי־אָליגאַרכיע אין אַמעריקע.

1

## די „קאַפּיטאַליסטישע" פּאַרטייען און דער „פאָלקס־שטאַט".

דער היינטיקער אָרטאָדאָקסישער סאָציאַליזם איז צוערסט באַגרינדעט געוואָרען אין דעם „קאָמוניסטישען מאַניפעסט" פון מאַרקס'ן און ענגעלס'ן און דעם „קאַפּיטאַל" פון קאַרל מאַרקס. די צוויי שריפטען געהערען צו די גרעסטע מייסטערווערקע אין דער וועלט. אָבער מ'מוז פאַרשטעהן, אַז אַפילו דער גרעסטער בוך איז דאָס קינד פון זיין צייט, און מיט דער צייט ווערט א בוך אויך אַלט, אַזוי ווי אַ מענטש. דער מאַניפעסט איז געשריבען געוואָרען אין 1847, ווען דער אַרבייטער־קלאַס האָט אין קיין איינציקער לאַנד ניט געהאַט קיין רעכט צו וואָוטען. „דאָס קאַפּיטאַל" איז געדרוקט געוואָרען אין 1867. צו יענער צייט איז אין גאַנץ איירָאָפּע געוועזען נאָר איין לאַנד, וואו דער אַרבייטער האָט געהאַט דאָס רעכט צו וואָוטען, — פראַנקרייך. אָבער דאָרטען האָט דעמאָלט געהערשט אַ מאָלדאַטסקער דעספּאָטיזם און דער וואוט איז געוועזען נאָר אַ פּוסטע קאָמעדיע. אין אַמעריקע איז נאָך דעמאָלט קיין אָפּגעזונדערטען אַרבייטער קלאַס ניט געוועזען. עס זיינען געוועזען אַרבייטער, אָבער עס איז נאָך לייכט געוועזען פון אַן אַרבייטער צו ווערען אַ קליינער געשעפטסמאַן, און דער אַרבייטער האָט נאָך ניט געפילט, אַז ער געהערט צו אַ באַזונדערען קלאַס, ער האָט ניט געהאַט קיין קלאַסען־באַוואוסטזיין, ווי דער טייטש זאָגט. מעהרסטענטיילס זיינען די אַרבייטער געוועזען גרינע, וואָס האָבען נאָך ניט געהאַט קיין וואוט.

אין יענע צייטען, ווען מ'האָט גערעדט וועגען „קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען" האָט מען טאַקע געמיינט פּאַרטייען, וואָס באַשטעהען נאָר פון קאַפּיטאַליסטען אָדער פון זייערע משרתים: אַדוואָקאַטען, שרייבער, פּראָפעסאָרען, גלחים; זייערע שטימען זיינען טאַקע גע־

ווען קאפּיטאליסטישע שטימען, וואָרים א חוץ קאפּיטאליסטען, גרויסע און קליינע, האָט קיינער ניט געטאָרט שטימען. ווען מ'האָט דעמאָלט גערעט, אז דער ארבייטער־קלאַס מוז עראָבערען די פּאָליטישע מאכט, האָט מען גאָר קיין איבער־חכמות אין זינען ניט געהאַט, מ'האָט געמיינט וואָס מ'האָט געזאָגט, אז דער ארבייטער־קלאַס דאַרף עראָבערען דאָס רעכט צו וואוטען. ווען יעדער איינער וועט מעגען וואוטען, מוז דער ארבייטער־קלאַס האָבען די פּאָליטישע מאכט, וואָרים עס זיינען פאראן מערער ארבייטער־שטימען איידער קאפּיטאליסטישע שטימען. דעמאָלט וועט פון דעם קאפּיטאליסטישען שטאט ווערען א „פּאָלקס שטאָט"*).

עס זיינען אוועק פופציק יאָר. אין אלע וויכטיקע קאפּיטאליסטישע לענדער האָט שוין דער ארבייטער־קלאַס אויסגעפירט, אז ער האָט דאָס רעכט צו וואוטען, און מ'רעט נאָך רק פון „קאפּיטאליסטישע פּארטייען" און פון „עראָבערען די פּאָליטישע מאכט". נו, מילא אין ענגלאנד קען מען נאָך געפינען אַן אויסרייד אז עס איז נאָך פאראַן א טייל פון דעם ארבייטער קלאַס, וואָס האָט ניט קיין וואוט. אין פּרייסען מעגען די ארבייטער שטימען פאר'ן רייכסטאג, אָבער ניט פאר'ן לאנדטאג. אָבער דאָ אין אמעריקע איז דער ארבייטער ביי די וואהלען שוין פונקט אזא יחסן, ווי דער קאפּיטאליסט. אלזאָ האָט דער ארבייטער קלאַס שוין עראָבערט די פּאָליטישע מאכט. דאָ האָבען מיר שוין געזאָלט האָבען א „פּאָלקס־שטאָט". הפּנים איז א דעמאָקראטישע רעגירונג נאָך קיין סגולה ניט געגען קלאַסען־הערשאפט.

## 2.

## דער אמעריקאנער פּארטיי־סיסטעם.

בשעת א הויפען אמעריקאנער אביוואטעלעס האָבען געמאַכט א רעוואָלוציע, האָבען זיי געגרינדעט א רעפּובליק און האָבען אָנ־

*) „פּאָלקס שטאָט" האָט זיך גערופען די וויכטיקסטע סאָציאליסטישע ציימונג אין דייטשלאַנד, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען נאָך איידער די אַרבייטער האָבען געקראָגען דאָס רעכט צו וואוטען.

נענומען א קאָנסטיטוציע, וועלכע פּאַרזיכערט דעם אמעריקאנער פאָלק אַף אויביקע צייטען א רעפּובּליקאנער רעגירונג. די קאָנסטי־טוציע איז נאָך פאַראַן, קיין געקרוינטען און געזאַלבּטען קעניג האָ־בען מיר ניט. אָבער עס איז דאָ אויסגעוואקסען א מאָנאַרכישע רע־גירונג, וועלכע איז פּיל דעספּאָטישער פאַר דער רעגירונג פון דעם לעצטען ענגלישען קעניג, וואָס די יענקים האָבען זיך צובּונטעוועט געגען עם. וואָס איז די נפקא מינה פון א פּאָליטישען באָס צו א קעניג? נאָך ניט אַזוי לאַנג צוריק פּלעגט מען דעם דייטשען קיסר ערוועהלען, אזוי האָט זיך אויך געפירט אין פּוילען. דער באָס איז אַן ערוועהלטער קיסר, און זעהר אָפט אפילו ניט קיין ערוועהלטער: און פּונקט ווי דער פּוילישער קעניג, ווערט ער ערוועהלט נאָר פון א קליינעם קלאַס, די פּאָליטישענס, אָבער אלע מוזען עס פאָלגען. ווען גאַווערנאָר (גובּערנאַטאָר) סולצער האָט ניט געוואָלט פאָלגען דעם ניו־יאָרקער באָס מוירפי, האָט עס דער באָס געמאַכט פאַר אויס— גאָווערנאַר. דער באָס קלייבּט אויס די שטאָט־רעגירונג. דער וואָר־טען ביי די וואַלען איז פאַקטיש ניט מער ווי א שטיקעל דרך ארץ, אזוי פירט זיך מער וויניקער איבּער גאַנץ אמעריקע.

איינגעוואַנדערטע פון רוסלאַנד, וואָס זיינען אויפגעוואקסען אין אַזאַ צייט, ווען עס געהט אַן א קאַמפּף געגען די רעגירונג, — קענען זיך ניט פאָרשטעלען, אַז אימיצער זאָל קענען זיין אמת טריי צוגעטאָן צו אַ מאָנאַרך: מען האָט מורא פאַר אַ זשאַנדאַר, דערפאַר שווייגט מען שטיל, אָבער מ'פילט דעם דרוק פון דער רעגירונג, און קיינער איז דעם מאָנאַרך קיין גוטער פריינד ניט. און עס ווייזט זיך אונדז אויס, אַז מאָנאַרכישע רעגירונגען האָבען זיך אַלע מאָל געגרינדעט נאָר מיט גוואַלט און האָבען זיך געהאַלטען מיט גוואַלט.

דאָ אין אמעריקע אָבער קענען מיר זעהען, אַז דאָס איז אַ טעות: די אמעריקאַנער מאָנאַרכען האַלטען זיך ניט מיט גוואַלט. דאָס פאָלק האָט האָלט זיין באָס. איר האָט דאָס אפילו געקענט זעהען אין דער סאָציאַליסטישער אַרבּייטער פּאַרטיי: די דעליאָ־ניסטען האָבען אמת ליב געהאַט זייער קיסר, אזוי ווי די חסידים האָבען ליב זייער רבּי'ן. בקיצור, דאָס פאָלק וויל האָ־בען אַ קייזער. די קאָנסטיטוציע מעג זיך זיין זעהר שעהן און דע־מאָקראַטיש, אָבער דאָס שטערט ניט, אַז עס זאָל זיין אַ מאָנאַרכישע רעגירונג. יעדע מאָנאַרכיע מוז זיך שטיצען אַף אַ הערשענדען

קלאס. נאָך די היינטיקע קאָנסטיטושאָנס פון א סך סטעיטס האָט דער ארבייטער־קלאס געזאָלט זיין דער הערשענדער קלאָס. פאר וואָס־זשע האָבען מיר פאָרט א קאפּיטאַליסטישע רעגירונג?

די קאָנסטיטוציע גיט דאָ דעם קאפּיטאַליסטישען קלאס קיין פּאָליטישע מאכט ניט. ער האַלט די רעגירונג אין זיינע הענט, אָבער די רעגירונג ווערט ערוועהלט דורך ארבייטער שטימען. ווי אַזוי ווערט דאָס געמאכט? דורך א באזונדערען קלאָס אין דער געזעלשאפט, די פּאָליטישענס. מ'זידעלט די פּאָליטישענס אין סאָ־ציאליסטישע צייטונגען און אף סאָציאליסטישע פארזאמלונגען גע־נוג, אָבער מ'פארשטעהט ניט אז די פּאָליטישענס זיינען א באַזונ־דערער קלאָס אין דער אמעריקאנער געזעלשאפט, צוגלייך מיט די קאפּיטאַליסטען און די אָרבייטער. עס זיינען פאראַן אין די פאר־אייניקטע שטאַטען אַ מיליאָן קאפּיטאַליסטען, גרויסע און קליינע. און עס זיינען מכתמא פאראן אַן ערך אזוי פיל פּאָליטישענס. א סך פון די פּאָליטישענס זיינען געוואָרען קאפּיטאַליסטען דורך „פּאָלי־טיקס", א סך קאפּיטאַליסטען זיינען געוואָרען פּאָליטישענס צוליב זייערע געשעפטען, אָבער קאפּיטאַליסטען און פּאָליטישענס זיינען ניט איין און דערזעלבער קלאָס. דאָס דאַרף מען פארשטעהן, וואָרים דאָס ערקלערט, ווי אזוי עס איז מעגלאָך, צום בייספּיל, דורכצופירען ארבייטער־געזעצען, דורך די „קאפּיטאַליס־טישע פארטייען", און פאר וואָס שלעפּען זיך נאָך די יוניאָנס נאָך די „קאפּיטאַליסטישע" פארטייען.

פון וואַנען האָט זיך גענומען דער קלאָס פּאָליטישענס? איר קענט דאָס זעהען אין יעדער יוניאָן, אין יעדען פאראיין, אין יעדער לאָדזש, אין יעדער חברה. וויפיל מיטגלידער קומען צו אַ מיטינג, וויפיל נעמען אנטייל אין דער געשעפטספירונג? געוועהנטלאָך א גאַנץ קליינער פּראָצענט. די איבעריקע אינטערעסירען זיך ניט אין דערין. זיי זיינען צופרידען צו צאָלען זייערע דיוס, כדי צו קריגען דעם קראַנקען בענעפיט, אָדער אויסצופירען דער באַלעבאָס זאָל זיי צאָלען מערער, אָבער עפּעס טאָן פאר די אלע זאַכען — דאָס לאָזען זיי איבער פאר אַנדערע. עס געפינען זיך אַלע מאָל מענ־טשען, וואָס אינטערעסירען זיך יע אין דער אַרבייט און טוען זי. גאַנץ נאַטירלאָך, ווערען זיי די מאכער אין דעם פאראיין, אָדער אין דער יוניאָן. געוועהנטלאָך, פון אָנהויב טוען זיי עס אומזיסט, טאָקע ווייל זיי נעמען די זאך צום הארצען. ווען דער פאראיין, אָדער די

יוניאָן וואקסט אויס און עס איז פאראַן געלד צו באַצאָלען. טו זוע־רען דיזעלבע מאַכער באַצאָלטע בעאַמטע. דאָס זעלבע קומט אויף פאָר אין אַ פּאָליטישער פּאַרטיי.

מיט זעכציק יאָר צוריק, ווען עס האָט זיך אָקאָרסט געבילדעט די רעפּובליקאַנער פּאַרטיי, זיינען צו איר צוגעשטאַנען אַ סך פּרינ־ציפּיעלע מענטשען, וואָס האָבען געפירט אַ קאַמפּף געגען שקלאַ־פעריי. זיי האָבען געגעבען זייער צייט און זייערע פאָר גראָשען פאַר די פּאַרטיי. ווען די רעפּובליקאַנער פּאַרטיי האָט „ערגאָבערט די פּאָ־ליטישע מאַכט", האָבען די גרינדער פון דער פּאַרטיי אריינגעקראָגען אַלע פּאָליטישע עמטער אין זייערע הענט. דעמאָלט האָבען זיך צו דער פּאַרטיי צוגע׳שדכנ׳ט אַ סך לייט, וואָס האָבען געמיינט ניט די הנדה, נאָר די קניידלאַך.

די אייגענע מעשה איז מיט דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. עס זיינען אין איר צונויפגעפאַרט, ווי ביי נח׳ן און תבה, אַ פּיפּערנאָטער מיט אַ בלאָכע. פון איין זייט האָט איר די געוועזענע שקלאַפענהאַל־טער און שקלאַפענטרייבער פון די סויט, וואָס זיינען אַזוי רעאַק־ציאָנער ווי עס קען נאָר זיין. פון דעם אנדערען זייט האָט איר ראַ־דיקאַלען און שטאַטס־סאָציאַליסטען. ווי אַזוי קומט דאָס? אייג־פאַך, ווייל די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז ניט אָרגאַניזירט פאַר געוויסע פּרינציפּען, נאָר זי איז אַן אָרגאַניזאַציע פאַר דעם תכלית פון דער אָרגאַניזאַציע אַליין. עס מאַכט איר ניט אויס, וואָס פאַר אַ פּרינציפּ זי זאָל פאַרטרעטען, אַבי געווינען. און פאַרקערט, עס מאַכט איר ניט אויס, צי איהר פּלאַטפאָרמע וועט אויסגעפירט ווע־רען, צי ניט; דער עיקר איז, אַז אויב יע אויספירען די פּלאַטפאָר־מע, זאָל זי אויספירען און ניט חלילה קיין אנדער פּאַרטיי. וואָרים, וואָס וועט איר זיין די פּעולה, אז אַן אַנדער פּאַרטיי וועט אויספי־רען די דעמאָקראַטישע פאָדערונגען? יענע פּאַרטיי וועט באַקומען די עמטער.

יעדע פּאָליטישע פּאַרטיי איז אַ „קאַמפּף׳ס אָרגאַניזאַציאָן" און דערפאַר מוז זי האָבען אַ שטרענגע „דיסציפּלין". דער ערסטער דין איז, אז פון חדר טאָר מען ניט אויסזאָגען. נאַטירלאַך, אין די אַלטע פּאַרטייען האַנדעלט זיך ניט וועגען פּרינציפּען, דערפאַר מעג מען ריידען אין דער וועלט אריין, וואָס מ׳וויל; אָבער קריטיקירען בעאַמטע, דאָס איז גאָר אַן אַנדער מעשה. די פּאַרטיי איז אָרגאַני־זירט ווי אַן אַרמעע: פּראָסטע יונגים מוזען פאָלגען דעם קעפּטען.

דער קעפּטען מוז פאָלגען די דזשענעראַל קאָמיטע, די קאָמיטע מוז פאָלגען דעם באָס. רעט מיט אַ טעמעני פּאָליטישען וועט ער אייך זאָגען, אז אלץ איז ביי זיי עכט דעמאָקראַטיש; אפילע יעדער דע־מאָקראַטישער וואוטער האָט אַ דעה. עס איז אָבער פּוסטע רייד: וואָס דער באָס וויל, מוז ווערען געטאָן. עס טרעפט אָפּטמאָל, עס געפינט זיך אַ קרח וואָס מאַכט אָן אָן אָפּאָזיציע; אָבער געוועהנטלאַך געפינט ער גאָר קנאַפּע אונטערשטיצונג; די גרויסע מאַסע אינטע־רעסירט זיך מיט דער זאַך, און די קליינע צאָל מיטגלידער פון דער פּאַרטיי, וואָס אינטערעסירען זיך יע, געפינען אַלע מאָל, אז עס לוינט זיך בעסער מיט אַ פּרייז ניט איינצורייסען.

3.

## די פראגע בנוגע צו די סאַציאַליס־טישע פּאַרטייען.

די סאָציאַליסטען רעדען זיך איין, אז די ערפאַרונג פון די אַלטע פּאַרטייען האָט צו זיי קיין שייכות ניט. די פּאָליטישענס זיינען דער הערשענדער קלאַס דערפאַר, מחמת ניט דער אַרבייטער קלאַס אַליין האָט „עראָבערט די פּאָליטישע מאַכט“, עס האָבען עס מיטגעהאָלפען קליינע סוחרים, פאַרמערס, דער מיטעלקלאַס בכלל, און אָט דער־פאַר איז דער זיג פון „פּאָלק“ ניט געווען קיין אַרבייטער זיג, ווען אָבער דער אַרבייטער קלאַס וועט זיך איצטער אָפּזונדערען פון אַלע אַנדערע קלאַסען און וועט ווערען קלאַסענבאַוואוסט, דעמאָלט ווען ער וועט זיגען, וועט דאָס שוין זיין אַן אמת'ער זיג פון דעם אַרביי־טער קלאַס. דעמאָלט וועט קומען אַ סוף צו דער הערשאַפט פון דעם קלאַס פון פּאָליטישענס, אַזוי זאָגט מען אונדז צו, און מ'מיינט עס טאַקע ערענסט. מיר ווייסען שוין אָבער, אז מען האָט אונדז צוגע־זאָגט אַ פּאָלקס־רעגירונג און צום סוף האָט זיך פון איר אויסגעלאָ־זען אַ רעגירונג פון פּאָליטישע באָסעס. ווי קענען מיר וויסען, אז מיר וועלען זיך איצטער אויך ניט נאַרען? היינט צו טאָג ציהען אַי די רעפּובליקאַנער אַי די דעמאָקראַטען פאַר'ן קאַפּיטאַל, וואָרים עס באַצאָלט זיך. אָבער מ'מוז קיין מאָל ניט פאַרגעסען, אז דער קאַפּי־טאַליסטישער קלאַס און דער פּאָליטישען־קלאַס זיינען ניט איין

קלאס, נאָר צוויי קלאסען. ווען עס זאָל זיך באצאָלען בעסער צו האלטען פאר דעם אַרבייטער, וועלען זיך געפינען אַ סך פּאָליטי־שענס פון די אַלטע פּארטייען, וואָס וועלען אריין אין די סאָציא־ליסטישע פּאַרטיי.

איר האָט מסתמא מער ווי איין מאָל געלעזען אין סאָציאליסטי־שע צייטונגען, אז די סאָציאליסטען וועלען „צווינגען ביידע קאפּי־טאַליסטישע פּארטייען צו פאראייניגען זיך געגען די סאָציאליס־טען". דאָס האָט שוין געטראָפען דאָרטען, וואו די סאָציאליסטי־שע קאנדידאטען זיינען ערוועהלט געוואָרען מיט אַ מינאָריטעט (פּלוראליטי). ווען די סאָציאליסטישע פּארטיי וועט אויסוואקסען גרעסער וועט דאָס טרעפען שטענדיק. וואָס וועט זיין דער רעזול־טאַט? עס זיינען היינט פאראן אף יעדען פּאָליטישען אמט צוויי קאנדידאטען. יעדער סטארעוועט זיך צו שלאָגען דעם אנדערען, וואָ־רים ער האָפט אליין צו קריגען דעם אמט, ווען עס זאָל קומען צו אַ פאראייניקונג פון די ביידע פּארטייען, וועלען בלייבען אַ סך פּאָלי־טישענס אָן אַ קנעלונג. זיי וועלען זיך ניט קענען העלפען און ווע־לען געצוואונגען זיין אנצושליסען זיך אָן די סאָציאליסטישע פּאר־טיי. איז עס ניט מעגלאך, אז די פּאָליטישענס זאָלען איינפירען אין דער סאָציאליסטישער פּארטיי די מנהגים פון די אַלטע פּארטייען? אין די „אָפּאָסטאָלישע" צייטען פון דער סאָציאליסטישער באווע־גונג, ווען דער עולם איז נאָך געווען אַזוי ענטוזיאסטיש פאר דער נייער אמונה, ווי די ערסטע תלמידים פון יעזוס'ן, האָבען זיך די פּאָליטישענס גאָר ניט אינטערעסירט מיט די סאָציאליסטישע פּארטייען. זיי זיינען באַשטאַנען נאָר פון מענשען, וואָס האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דער באוועגונג נאָר צוליב דער סאָציאליסטי־שעם אידעע. נאַטירלאך, ווען די סאָציאליסטישע באוועגונג האָט אָנגעהויבען אַ ביסעל צו וואקסען, האָט זי שוין געקענט געבען צו פארדינען אַ דאָקטאָר, אַן אדוואָקאט, אַ שרייבער, אַן אינשורענס איידזשענט, אָבער אפילע יענע, וואָס מ'האָט אין די יונגע יאָרען פון דער באוועגונג גערופען „ביזנעס סאָציאליסטען", האָבען זיך ניט אריינגעמאכט אין די סאָציאליסטישע באוועגונג צוליב ביז־נעס. זיי זיינען אַ פריהער געווען סאָציאליסטען. און נאָכדעם האָ־בען זיי זיך ענטוויקעלט צו ביזנעס־סאָציאליסטען. די פּאָליטישען־ביזנעס אין דער סאָציאליסטישער פּארטיי איז אויסגעוואקסען פון אינעווייניק, עס איז ניט אריינגעקומען פון דרויסען. באַזיצט די

סאָציאַליסטישע פּאַרטיי די קראַפט צו שטערען, אַז מיט איר זאָל זיך עס ניט אויסלאָזען ענדלאַך ווי מיט דער רעפּובליקאַנער פּאַר־טיי? ווען איר זוכט אַן ענטפער אף דער פראגע, טו מוזט איר באַטראַכטען די געשיכטע פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען דאָ אין אמעריקע.

## זיבעצעטער קאַפּיטעל:

# דער אַפּאָסטאָלישער פּעריאָד אין דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי־געשיכטע.

### 1.

### דער אָנפאַנג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

דער סאָציאַליזם איז ניט גאָר קיין נייע זאַך אין אַמעריקע. זינט די צייטען פון ראָבערט אָוען, אין די צוואַנציגסטע יאָרען פון דעם לעצטען יאָרהונדערט, איז אמעריקע געוועזען דער פּלאַץ, וואו מען האָט פּרובירט אַלערליי סאָציאַליסטישע אונטערנעמונגען. אָבער דאָס איז געווען גרעסטענטיילס אַן אימפּאָרטירטע זאַך. צום ערס־טען מאָל האָט דער סאָציאַליזם געפינען סימפּאַטיע צווישען גע־באָרענע אַמעריקאַנער, מיט אַ יאָר צוואַנציק שפּעטער, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען אין פראַנקרייך אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדאַ פון די אידעען פון פוריע. די פוריעריסטישע באַוועגונג אין אמערי־קע האָט צוגעצויגען צו זיך די גרעסטע קעפּ פון לאַנד, וועלכע זיי־נען שפּעטער אַנערקענט געוואָרען פאַר די פירער פון פּאָרטשריט, פון ליטעראַטור, און אין דעם קאַמפּף געגען שקלאַפעריי. די „ניו־יאָרק טריביון" פון האָראַס גרילי האָט צען יאָר נאָכאַנאַנד פּראָפּאַ־גאַנדירט דעם סאָציאַליזם, ווי מ'האָט עס דעמאָלט פאַרשטאַנען. קאַרל מאַרקס איז געווען איר שטענדיקער קאָרעספּאָנדענט. אָבער עס איז געווען צו פריה פאַר אַמעריקע, די טאַגעס־פראַגע איז גע־ווען די אָפּשאַפונג פון שקלאַפעריי, און ווען דער קאַמפּף האָט זיך אָנגעהויבען אין ערנסט, האָט מען דעם סאָציאַליזם געלאָזען אָן אַ זייט. די צייטונג פון די אַלטע פוריעריסטען איז געוואָרען דער קאַמפּפס־בלאַט געגען שקלאַפעריי. האָראַס גרילי איז געווען איי־נער פון די גרינדער פון דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי און האָט גע־האַט אין איר אַ גרויסען איינפלוס. די פוריעריסטען האָבען זיך אַריינגעקליבען אין די הויכע פענסטער, דעם סאָציאַליזם אָבער האָ־בען זיי שוין לאַנג פאַר דעם אויפגעגעבען אַלס אַ שיינעם חלום.

שפּעטער, ווען עס האָט זיך אין דייטשלאַנד אַנגעהויבען אַ שטאַרקע סאָציאַליסטישע באַוועגונג, האָבען די דייטשע עמיגראַנטען מיט זיך געבראַכט אַהער דעם סאָציאַליזם. אָבער ער איז אַ צייט לאַנג געבליבען אָן אָרגאַניזאַציאָנעלע פּלאַנען. צום ערסטען מאָל האָבען די סאָציאַליסטען באַקומען די געלעגענהייט אויפצוטרעטען אין דער עפענטליכקייט, ווען הענרי דזשאָרדזש איז אַרויס מיט זיין בוך און מיט זיין אַגיטאַציע. הענרי דזשאָרדזש איז אַליין ניט געווען אין גאַנצען קיין סאָציאַליסט, אָבער ער האָט נעשטעלט געוויסע סאָציאַליסטישע פאָדערונגען, און אין זיינע אַרטיקלען וועגען די „סאָציאַלע פּראָבלעמען“ האָט ער אויסגעשפּראָכען אַ שאַרפע קריטיק געגען די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט און האָט זיך באַנוצט מיט סאָציאַליסטישע געדאַנקען. אין 1886, ווען די יוניאָנס אין ניו־יאָרק האָבען עם אַרויסגעשטעלט פאַר אַ קאַנדידאַט פאַר מעיאָר, האָבען די דייטשע סאָציאַליסטען מיט דער „ניו־יאָרקער פאָלקס־צייטונג“ עם ענערגיש אונטערשטיצט. עס האָט זיך ענטוויקעלט אַ גלענצענדע אַגיטאַציע פאַר דעם סאָציאַליזם. הענרי דזשאָרדזש האָט באַקומען 68,000 וואָוטס. ניט אַלע פון די וואָוטערס האָבען סימפּאַטיזירט מיט'ן סאָציאַליזם, אָבער אַלע האָבען פון עפּעס געהערט אָדער געלעזען. באַלד נאָך דער וואַל איז אַרויס עדוואַרד בעלאַמי'ס בוך איבער סאָציאַליזם, וועלכען ער האָט באַצייכענט מיט דעם נאָמען „נעישאָנאַליזם“. דער וואָרט „נאַציאָנאַליזם“ אַלס אויסדרוק פאַר סאָציאַליזם, קלינגט פרעמד היינט צו טאָג. ער שטאַמט אָבער פון דער הענרי דזשאָרדזש באַוועגונג. זיינע חברים אין ענגלאַנד האָבען פערלאַנגט, אַז די לאַנד זאָל באַלאַנגען צו דער „נאַציאָן“ („נאַציאָנאַליזירט“ ווערען). בעלאַמי איז געגאַנגען אַ שריט ווייטער, ער האָט זיך געשטיצט אויף הענרי דזשאָרדזשעס קריטיק פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט און האָט געפאָדערט אַז ניט אַליין די לאַנד, נאָר אויך די מאַשינען, די פאַבריקען, אין אַלגעמיין אַלע געשעפטען זאָלען ווערען נאַציאָנאַליזירט. ער האָט, געצויגען סאָציאַליסטישע שלוסען פון הענרי דזשאָרדזש'ס אַרגומענטען, און ער האָט געפונען אַ מאַסע מענטשען, וואָס די אַגיטאַציע פון הענרי דזשאָרדזש'ן האָט צוגעגרייט אָנצונעמען די סאָציאַליסטישע אידעען. בעלאַמי'ס בוך האָט אָנגעמאַכט אַ רושם איבער גאַנץ אַמעריקע, עס האָבען עס געלעזען ווייניגסטענס אַ פּאָר מיליאָן מענטשען. אויב אַ פּראָפּאַגאַנדיסטישער בוך קען מאַכען אַן איינ־

דרוק, טו האט פון בעלאמי׳ס בוך געמוזט עפעס איבערבלייבען אין די אמעריקאנער מוחות. פון בעלאמי׳ס בוך הויבט זיך אן די סאציאליסטישע בעוועגונג צווישען די אמעריקאנער, אומעטום האבען זיך געגומען גרינדען „נעשאנאליסט קלאבס“ (נאציאנאליסטישע“ קלובען), אין 1892 זיינען זיי אלע אריין אין די פאפוליסטישע פארטיי. די פאפוליסטישע פארטיי האט אין 1892 באקומען א מיליאן וואוטס און אין 1894 מער ווי אנדערהאלבען מיליאן. צווישען דיזע אנדערהאלבען מיליאן האבען די „נאציאנאליסטען“ פארבריימעט סאציאליסטישע אידעען. די „קאמינג נעישאן“ און דער „אפיעל טו ריזאן“*) זיינען געגרינדעט געווארען אלס פאפוליסטישע צייטונגען און האבען עטלאכע יאר אונטעשטיצט די פאפוליסטישע פארטיי. צו דער זעלבער צייט האבען זיי פון אנהויב אן פראפאגאנדירט דעם סאציאליזם. די אידעע פון מוניציפאל־סאציאליזם האט זיך פארברייט אויסערהאלב פון אלע פארטייען, צווישען דעמאקראטען און רעפובליקאנער.

אלס פאליטישע פארטיי, זיינען די סאציאליסטען צום ערסטען מאל אופגעטראטען נאך אין 1878 אין שיקאגא, ביי דער וואהל פאר די לעדזשיסלייטשור. די סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי האט געצויגען אן ערך 12000 וואוטס און האט ערוועהלט צוויי פון אירע קאנדידאטען. אבער די באוועגונג האט ניט פראגרעסירט און די פארטיי האט באלד פארלארען איר איינפלוס. מיט א פאר יאר שפעטער האט זיך אין דער פארטיי אויסגעבילדעט אן אנארכיסטישע שטרעמונג, די פארטיי האט זיך צושפאלטען**).

---

*) דער „אפיל טו ריזען“ (אן אופרוף צום שכל) איז היינט דער דער פאפולערסטער ענגלישער סאציאליסטישער וואכענבלאט אין אמעריקע ער ווערט פארברייט אין הונדערטער טויזענטער עקזעמפליארען.

**) עס זיינען פון איר ארויס שפיס, פארסאנס און די אנדערע, וועלכע האבען זיך גרופירט ארום דער דייטשער „שיקאגער ארבייטער צייטונג“ און דער ענגלישער „אלארם“. די אגיטאציע פון די אנארכיסטען האט זיך געענדיקט מיט דער באמבע, וואס איז געווארפען געווארען אין 1886 אף דעם היימארקעט, אבט אנארכיסטען, וועמען די פאליס האבען געהאלטען פאר די פירער זיינען אנגעקלאגט געווארען. די דזשורי איז געווען געפאקט, דזשאדזש גערי, וועלכער איז געווען דער פאר־

2.

## די סאָציאַליסטישע ארבייטער פּארטיי*)

די ס. ל. פּ. אין די מזרח־שטאטען האָט עקזיסטירט אין די 80־ער יאָרען אלס א פּראָפּאגאנדא־פאראיין, אלס באזונדערע פּאָליטישע פּארטיי מיט אייגענע פּארטיי קאנדידאטען איז זי אופגעטראָטען ערסט זינט 1888, אָבער חוץ דעם הענרי דזשאָרדזש קאמפּעין האָבען זיך די סאָציאליסטען ווערענד דער גאנצער צייט פארהאלטען פיינדליך צו דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאָגאנדע, וואָס האָט זיך געפירט אין לאנד אָן זייער פּארטיי־הסכמה. די סאָציאַליסטישע פּארטיי איז נאָך געווען תוהו ובוהו, אָבער דער רוח פון פּארטיי האָט שוין פון אָנהויב אָן געשוועבט איבער איר. אלע פּלאַטפּאָרמעס און פּרינציפּען זיינען געווען גוט נאָר דעמאָלט, ווען זיי האָבען געשטאמט פון דער פּארטיי, ווי באלד ניט, איז די זעלביקע פּלאטפאָרמע מיט די זעלביקע פּרינציפּען געווען אף א כפּרה.

די סאָציאַליסטישע ארבייטער פּארטיי האָט פון אָנהויב אָן געהאט דעם כאראקטער פון א רעליגיעזער סעקטע מיט איר „אני מאמין“ ; ווער עס האָט אין דערין ניט געגלויבט איז געווען אַן אפּיקורוס און איז פארפאָלגט געוואָרען ווי אַן אפּיקורות. צו דערזעלבער צייט האָט די סאָציאַליסטישע ארבייטער פּארטיי שוין פון

---

זיצענדער ביי דעם פּראָצעס איז געווען פּארטייאיש. פינף פון די אָנגעקלאָגטע זיינען פאראורטיילט געוואָרען צום טויט, איינער פון זיי האָט זיך גענומען דאָס לעבען, די איבעריקע פיר זיינען געהאנגען געוואָרען דעם 11טען נאָוועמבער 1887, דריי וואָס זיינען פאראורטיילט געוואָרען אף׳ן גאנצען לעבען צו זיצען, זיינען אין 1893 באפרייט געוואָרען פון גאָווערנאָר אלטגעלד׳ן, וועלכער האָט אין אַן עפענטליכען דאָקומענט ערקלערט דעם גאַנצען פּראָצעס, פאר א יוסטיק־מאָרד, און האָט דעם דשאָרדזש גערי געשליידערט אין פּנים די באשולדיגונג אז ער איז געווען דער מערדער.

---

*) „סאָשאליסט לעיבאָר פּארטי“, אף ענגליש, דער ראשי תבות איז ס. ל. פּ. (עס על פּי).

**אנהויב אַן איבערגענומען די מנהגים פון די אמעריקאנער פּאָליטי־שענס.**

געוועהנטלאָך מאכט מען אין דערין פּאַר א כפרה־האָן דאַ־ניעל דעליאָנען, דעם אמאָליקען באָס פון דער ס. ל. פּ.*) עס פּאסט זיך דאָ זעהר גוט צו דער משל פון מארקס'ן: „דיזער מענש איסט נור קעניג, ווייל זיך אַנדערע מענשען אלס אונטערטאַנען צו איהם פערהאַלטען".

דער רעכטער אמת איז, אז די ס. ל. פּ. האָט שוין געליטען אַן די אַלע חלאת'ן ווען דעליאָן איז נאָך ניט געווען קיין מיטגליעד פון דער פּארטיי.

דעליאָן איז געווען א מיטגליעד פון דעם ניו־יאָרקער נע־שאָנאַליסט קלאַב, וועלכער האָט זיך סוף 1890 אַנגעשלאָסען אַן דער סאָציאַליסטישער ארבייטער פּארטיי, מיט א יאָר פריהער האָט זי שוין געהאט א שפּאַלטונג. די אַנפירער פון דער „ניו־יאָרקער פּאָלקס־צייטונג" זיינען אונצופרידען געווען מיט דער נאַציאָנאַל־עקזעקוטיווע פון דער פּארטיי, האָבען זיי זיך אין א שעהנעם פריה־מאָרגען אריינגעקליבען אין אָפּיס פון דער פּארטיי, ארויסגעטרי־בען די בעאַמטע, וואָס זיינען געזעצלאָך ערוועהלט געוואָרען פון דער פּארטיי און אליין געוואָרען די בעלי הבתים. דער הויפּט מאַ־כער איז געווען דער זעלביקער הוגא פּאָכט, וועלכער האָט מיט צען יאָר שפּעטער פארזוכט דאָס זעלביקע אָפּצוטאָן געגען די „פּאָלקס צייטונג". דעמאָלט איז מען אָף עס געוואָרען שטאַרק ברוגז, בשעת אָבער די „פּאָלקס צייטונג" איז געווען אין דעם פּארמישט האָט דאָס געהייסען א „רעוואָלוציאָנערע מעטאָדע". אין אמעריקאנער „פּאָליטיקס" איז אזא „רעוואָלוציאנערע מעטאָדע"

*) די „ניו־יאָרקער פּאָלקס צייטונג", וועלכע האָט יאָרענלאַנג פאר עם געבוקט זיך, האָט שפּעטער פיל מאָל אָף עם געוואָרפען אַ חשד, אַז ער איז אַן אונטערגעקויפטער אגענט פון דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס. קיינע באַווייזע האָט זי קיין מאָל ניט געבראכט, א חוץ דעם, וואָס מיט זיין טאַקטיקע האָט ער נאָך איר מיינונג געהאָלפען די קאַפּיטאַליסטען. אָבער האָט דען די אייגענע „פּאָלקס צייטונג" יאָרען לאנג ניט געפּאָלגט די זעלבע טאַקטיקע ?

גאָר קיין זעלטענהייט ניט. אזעלכע מעשיות טרעפען זיך ביי די רעפּובליקאנער, ביי די דעמאָקראטען, אפילו אין טשווירמשעס און אויך אין אידישע חברות. אין פראנקרייך האָט נאַפּאָלעאָן דער ערס־טער, און שפּעטער נאַפּאָלעאָן דער דריטער אויך באנוצט זיך מיט דער זעלבער „רעוואָלוציאנערער מעטאָדע" געגען די פאָלקס־רע־וואָלוציאָנערען, עס הייסט איינפאַך „צעזאריזם".

אלזאָ דער צעזאריזם איז איינגעפירט געוואָרען אין דער סאָ־ציאליסטישער ארבייטער פּארטיי נאָך מיט א יאָר פריהער, איידער דעליאָן איז געוואָרען א מיטגליעד פון דער פּארטיי ; צו דער זעל־בער צייט האָבען די שרייבער און די רעדנער פון דער פּארטיי גע־דרשנ'ט ווי שטענדיק, אז די סאָציאל־דעמאָקראטיע אנערקענט אלס איר גרונד־פּרינציפּ, אז די מינאָריטעט מוז „זיך פיגען" (פאָל־גען) דער מאַיאָריטעט.

די סאָציאליסטישע ארבייטער פּארטיי האָט אין יענע צייטען געהאַט א געוויסען איינפלוס נאָר ביי די איינגעוואנדערטע טייטשען און אידען, און דאָס אויך זעהר א שוואכען. די געבאָרענע אמעריקאנער, וואָס האָבען באַלאַנגט צו דער פּארטיי, האָט מען געקענט איבערצעהלען מיט די פינגער. צו דערזעלבער צייט האָט שוין עקזיסטירט א היבשע טרעיד־יוניאָניסטישע באוועגונג. די סאָציאליסטישע ארבייטער פּארטיי האָט געוואָלט, אז די יוניאָנס זאָלען אנערקענען איר פּאָליטישע פירערשאַפט. די יוניאָנס האָבען גאנץ נאַטירליך ניט געוואָלט אנערקענען איבער זיך אן אויסוועלטיקע מאכט, בפרט נאָך די מאַכט פון א פּארטיי וואָס איז געווען א נול אין פּאָליטיק, בעת די אָרגאניזירטע ארבייטער האָבען שוין אפילע דעמאָלט אויסגעפירט געוויסע וויכטיקע פאָדערונגען דורך זייער דרוק אף די אלטע פּארטייען. אקאָרסט פאר דעם האָבען די יוניאנס געצוואונגען די לעדזשיסלייטשור פון ניו־יאָרק איינצופירען דעם געהיימען באַלאָט, ביז דעמאָלט איז אומעטום אין די פאראייניקטע שטאַטען די אָפּשטימונג ביי די וואהלען גע־ווען אן אָפענע. אנערקענען די סאָציאליסטישע ארבייטער פּאר־טיי, וואָלט געהייסען אָפּזאָגען זיך אין גאנצען פון יעדען פארזוך עפּעס אויסצופירען אף דעם וועג פון געזעצגעבונג. אזא אנארכיס־טישע טאַקטיק האָבען די טרעיד־יוניאניסטען ניט געוואָלט אנער־קענען. די סאָציאליסטישע פּארטיי האָט זיך גענומען גרינדען קאָנ־

קורירענדע יוניאָנס, וועלכע זיינען געשטאַנען אונטער דער השגחה פון דער פּארטיי. דיזע יוניאָנס האָבען געבילדעט אין ניו־יאָרק די סענטראל לעיבאָר פעדערעישאָן.

די מאַיאָריטעט פון די יוניאָנס אָבער, איז געווען דאַגעגען אַז די סאָציאליסטישע ארבייטער פּארטיי, אָדער ערגעץ אַן אַנדער פּאָליטישע פּארטיי, זאָל זיין פּארטראָטען אין די יוניאָנס. דורך דעם איז די סענטראל לעיבאָר פעדערעישאָן אָפּגעזונדערט געוואָרען פון אַלע אַנדערע ניו־יאָרקער יוניאָנס, וואָס זיינען פּאראייניקט געוואָרען אין דער סענטראל לעיבאָר יוניאָן, און פון דער אַמעריקאַנער פעדערעישאָן אָף לעיבאָר, די סענטראל לעיבאָר פעדערעישאָן האָט שטענדיק געקעמפּפט געגען די סענטראל לעיבאָר יוניאָן; די „ניו־יאָרקער פאָלקס־צייטונג" איז געווען פעך און שוועבעל געגען אַלע ארבייטער פירער, וואָס האָבען זיך ניט געבוקט פאַר דער פּארטיי.

בשעת דעליאָן איז אריין אין די פּארטיי האָט שוין די סענטראל לעיבאָר פעדערעישאָן עקזיסטירט און ער האָט אַלין געפונען פּארטיקערהייט.

עס איז שווער צו זאָגען, אויב אפילו די פּארטיי־אינקוויזיציע איז איינגעפירט געוואָרען דורך דעליאָנען. דער ערסטער אינקוויזיציאָנס פּראָצעס איז פּאָרגעקומען אין א יאָר נאָך דעם, ווי ער איז געוואָרען א מיטגליעד פון דער פּארטיי. דער בונט איז אויסגעבראָכען אין דער „אַמעריקאַנער ברענטש", עס האָט זיך אויסגעלאָזען דערמיט, אַז פינף מיטגליעדער נעמליך, עדעגלמאַן, אָוועז, קענוואָוירדי, איידראַוואַן עטען און סטיל זיינען פּאַר'משפּט געוואָרען פאַר פּאראַט, פּארשווערונג און אַנדערע פּארברעכען געגען די „סאָציאַליסטישע ארבייטער פּארטיי", אין וואָס איז באַשטאַנען דער „פּאראַט"? וועגען דעם האָט דער „פּיפּל" באַריכטעט, אַז די אַמעריקאַנער ברענטש פלעגט האַלטען אגיטאַציאָנס־פּארזאַמלונגען אין א קליינעם האָל אין קופּער יוניאָן, אָף יענע פּארזאַמלונגען האָבען די „פּארברעכער" קריטיקירט די פּארטיי. דאָס איז שוין געווען גענוג, אין דער זעלביקער זיצונג פון דער פּארטיי אינקוויזיציע איז א חוץ זיי אויסגעשלאָסען געוואָרען דער ארבייטער פירער ערנעסט קורצענקנאַבע, ווייל ער האָט אויסגעשפּראָכען מינדלאָך און אין דרוק, די מיינונג, אַז „פּאָליטישע טעטיקייט איז אומזין".

אַלזאָ נאָך אין אָנפאַנג פון 1892 האָט מען שוין ערקלערט פאַר אַ „פאַרברעכען“ (אַזוי איז געשטאַנען און דעם „פּריגאָוואַר“) ווען איינער האָט אויסגעשפּראָכען אַ מיינונג, מיט וועלכער די מאַיאָריטעט פון דער פּאַרטיי איז ניט געווען איינפערשטאַנען.

עס האָט נאָך גענומען אַ יאָר פיר־פינף, איידער עס האָט זיך אין דער פּאַרטיי אָנגעהויבען אַן אָפּאָזיציע, ווערענד דער גאַנצער צייט האָט זיך די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־פּרעסע געפירט אַזוי, ווי די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע ; וואָס עס האָט ניט געפּאַסט אין קרעמעל האָט מען פאַרשוויגען ; ווען מ׳ האָט געהאַט אַ געלעגענהייט, האָט מען פאַרלוימדעט, דאָס איז געווען די צייט, ווען די פּאָפּוליסטישע בעוועגונג איז געווען שטאַרק פאַרברייט אין לאַנד. אין די וועסט האָבען זיך די סאָציאַליסטען אַנגעשלאָסען אָן דער פּאָפּוליסטישער באַוועגונג, ווייל זיי האָבען אין איר געפונען אַ גוטען פעלד פאַר סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע. אויף די פּאָפּוליסטישע מיטינגען אין שיקאַגאָ האָט דער הויפּט רעדנער פון דער סאָציאַליסטישע אַרבייטער פּאַרטיי פון יענער צייט טאָמאַס מאָרגאַן גערעט פאַר טויזענטער מענטשען און אַזוי איז געגאַנגען איבער דער גאַנצער וועסט. די טעגלאַכע צייטונגען פלעגען געבען אויספירלאַכע באַריכטען וועגען די סאָציאַליסטישע רעדעס, און מיליאָנען לעזער דאָבען צום ערסטען מאָל דערהערט, אַז עס איז פאַראַן אַ סאָציאַליזם אויף דער וועלט. ווען אָבער אַ ינער האָט דאַמאָלס געלעזען די „פאָלקס צייטונג“ אָדער דעם „פּיפּל“, איז גאָר קיין פּאָפּוליסטישע באַוועגונג ניט געווען*). נאַטירליך זיינען די מאַיאָריטעט פון די טעטיקע פּאָפּוליסטען ניט געווען קיין סאָציאַליסטען, אָבער דאָס גופא האָט געהאָלפען צו פאַרברייטען

---

*) סיימאָנז ווייזט אָן אין זיין קריטיק פון הילקוויטס „געשיכטע פון סאָציאַליזם אין די פאַראייניקטע שטאַטען“, אַז הילקוויט האָט אָבגעגעבען אַ סך פּלאַץ צו דער געשיכטע פון יעדען קלייניגקען סאָציאַליסטישען פאַראיין, וואָס איז ווען געגרינדעט געוואָרען, ערגעץ אין אַמעריקע, און צו דער „גרינבעק פּאַרטיי“ פון 1880, ווערענד די פּאָפּוליסטישע פּאַרטיי, וועלכע האָט געהאַט אַ פיל גרעסערע בעדייטונג אין דער געשיכטע פון סאָציאַליזם אין אַמעריקע, פאַרשווייגט ער אין גאַנצען, דאָס איז נאַטירליך, דער אונבאַוואוסטער איינפלוס פון די טראַדיציעס פון דער ס. ל. פּ.

די סאָציאַליסטישע אידעען, ווארים עס פלעגען שטענדיק מוזען פאַרקומען דעבאַטען אין די פארטיי־קאָנווענשאָנס וועגען די פלאַט־פאָרמע ; די סאָציאַליסטען האָבען זיך אימער געסטארעט אריינ־צוברייננען זייערע אידעען אין די פלאטפאָרמעס און רעזאָלוציעס, בעת די קאָנסערוואטיווע פּאָפּוליסטען האָבען מורא געהאט, אז דערמיט וועלען זיי אָפּשרעקען וואוטערס. וואָס היציקער עס זיינען געווען די דעבאַטען, אלץ מערער פלאין פלעגען זיי באקומען אין דער פרעסע, מענטשען האָבען דאָס אלץ געלעזען, ווי אזוי האָט עס אין גאנצען געקענט פאַרפאלען געהן ?

3.

## דעבס.

די ברייאַניסטישע באוועגונג האָט געעפענט פאר די פּאָפּוליס־טישע רעדנער און אגיטאַטאָרס נאָך א ברייטערען פעלד. נאָך דער נידערלאגע פון ברייענען אין 1896 זיינען א סך ראדיקאלע פּאָפּוליסטען געקומען צו דער איינזיכט, אז מ׳ מוז שאַפען א סאָ־ציאַליסטישע אָרגאניזאציע, אונטער דער צאָל איז געווען דעבס. ביז 1894 איז ער געווען א רעגעלער לעיבאָר־לידער ווי גאָמפּערס, ווי מיטשעל, ווי הונדערטע אנדערע. ער איז געווען טריי צו זיין יוניאן און די יוניאן לייט האָבען געהאט צו עם צוטרויען. מיט דער פּאָליטיק האָט ער זיך ניט באשעפטיקט אין דער יוניאן, נאָר, ווי עס פירט זיך ביי אמעריקאנער פּאָליטישענס, ווי ער איז געווען פּאָפּולער צווישען די ארבייטער, האָבען די דעמאָקראטען עם אויס־געשטעלט פאר אַ קאנדידאט אין די לעדזשיסלייטשור פון אינדיא־נאַ און ער איז ערוועהלט געוואָרען.

אין 1893 האָט ער אָרגאניזירט די אמעריקאן רעילוועי יוּ־ניאָן״, און איבער אַ יאָר האָט די יוניאן ערקלערט אַן אלגעמיינעם אייזענבאן־סטרייק, דעם סטרייק האָט די יוניאן פערלאָרען און דעבס איז פאר׳משפט געוואָרען אָפּזיצען זעקס מאָנאַט פאר „קאָנ־טעמפּט אָוו קאורט״ (מיסאכטונג פון געריכט).

דער דעמאָקראטישער פרעזידענט קליוולענד האָט געגען די אייזענבאן־סטרייקערס ארויסגעשיקט סאָלדאטען. די רעפובליקאנער

פּאַרטיי האָט עס דערפאַר אָפּגעלאָדירט, די פּאָפּוליסטישע פּאַרטיי איז געווען די איינציקע פון די גרויסע פּאַרטייען וועלכע האָט זיך אָנגענומען פאַר די סטרייקערס. זי האָט דעמאָלט געהאַט אייגענע סענאַטאָרס און קאָנגרעסלייט אין וואַשינגטאָן, אייגענע גאָווערנאָרס און לעדזשיסלייטשורס. גאַנץ נאַטירלאך האָט זיך דעבס פאַרבונדען מיט דער פּאָפּוליסטישער פּאַרטיי. דורך איר איז ער באַקאַנט געוואָרען מיט די סאָציאַליסטען אין שיקאַגאָ, וואו עס איז געווען די הויפּט־קוואַרטיר פון זיין יוניאָן, און זיצענדיק אין געפענגניס האָט ער געהאַט צייט צו לעזען די פּאָפּולערע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור.

פאַר דער פּאָפּוליסטישער קאָנווענשאָן פון 1896 האָט די „קאָמינג נעישאָן" אין יעדען נומער אַגיטירט, אז די פּאָפּוליסטישע פּאַרטיי זאָל עס נאָמינירען אלס איר קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט, אָבער ער האָט אליין ניט דערלאָזען, אז די „סאָציאַליסטיש־אַנגעהויכטע" (בלשון „פאָלקסצייטונג") און טרעיד־יוניאָניסטישע דעלעגאַטען זאָלען עס נאָמינירען. ער איז אליין געווען פאַר ברייענען.

באַלד נאָך דער וואַל האָט ער זיך ערקלערט פאַר א סאָציאַליסט. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פּרעסע האָט, ווי עס פירט זיך, עס באַלד גענומען באַווייזען, אז ער איז גאָר קיין סאָציאַליסט ניט. „ווען איך בין פאַר אייך קיין סאָציאַליסט ניט, טו וועל איך זיך מאַכען סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע פאַר זיך ווי נאָך מיין נאַרעשען שכל קומט אויס" — איז געווען זיין ענטפער, און אזוי איז געגרינדעט געוואָרען זיין „סאָשעל דעמאָקראַסי אוו אמעריקא"—די ס. ד. א. די סאָשעל דעמאָקראַסי איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין שיקאַגאָ אף א קאָנווענשאָן פון דער „אַמעריקאַן רעילוועי יוניאָן", פון יענער גרויסער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט מיט דריי יאָר פריהער געפירט דעם קאַמפּף געגען פּולמאַנען, זינט דער סטרייק איז פאַרלאָרען געגאַנגען, האָט די יוניאָן עקזיסטירט נאָר אף׳ן פּאַפּיר. פאַר דעם עולם האָט מען דערצעהלט, אז די גרויסע „עי אר. יו" (א. ר. י.) איז ארויס פאַר דעם סאָציאַליזם. די קאָנווענשאָן האָט אָנגענומען „א סאָציאַליסטיש - טעריטאָריאַליסטישען" פּראָג־

ראם*). אלס א „פּראקטישער" אמעריקאנער, איז דעבס ארויס מיט
א פּלאַן ווי צוצוטרעטען צו דער איינפירונג פון סאָציאליזם באלד.
דערצו האָט ער געוואָלט קאָלאָניזירען ערגעץ א סטעיט אין די
וועסט מיט סאָציאליסטען און גרינדען מיט זיי קאָאָפּעראטיווע קאָ־
לאָניעס. אין די קאָלאָניעס האָט ער געוואָלט פירען די ארבייטסקאַ־
זע, וואָס האָבען ניט וואָס צו פארלירען און וועלען גערן געהען וואו־
הין מ'וועט זיי שיקען, ווען זייער צאָל וועט אויסוואַקסען ביז א
מאַיאָריטעט פון די וואוטערס פון דעם סטעיט, דעמאָלט וועלען
זיי אין לעדזשיסלעטשור דורכפירען דעם גאנצען סאָציאליזם,
דערנאָך וועט מען זיך קענען נעמען צו א צווייטען סטעיט, א דריט־
טען, ביז די גאנצע אמעריקאנער רעפּובליק וועט ווערען סאָציאל־
דעמאָקראטיש. צו דעם צוועק האָט ער געגרינדעט א באזונדערען
„קאָלאָניזיישאָן דעפּארטמענט", וועלכער האָט געזאָלט געפינען
מיטלען אף אויסצופירען דעם פּלאַן, ווי אַן עכטער אוטאָפּיסט האָט
ער ניט איינגעזעהען, אַז דער סאָציאליזם מוז זיך ענטוויקלען אלס
א רעזולטאַט פון א קאַמפּף פון קלאַסען. ביי עס איז אויסגעקומען
ווי ביי די ערסטע פראנצויזישע און ענגלישע אוטאָפּיסטען, אַז
דער סאָציאליסטישער אידעאַל קען אַפּעלירען צו יעדען מענטשען,
ביי וועלכען עס איז נאָך ניט אויסגעלאָשען דער געפיל פון גערעכ־
טיגקייט, ס'מאכט ניט אויס, צי ער איז רייך, צי ארעם, און ווי די
פראנצויזישע אוטאָפּיסטען האָבען זיך געווענדעט מיט זייערע
פּלענער צו די הערשער פון לאַנד, אזוי האָט אויך דעבס זיך גע־
ווענדעט צו דזשאָן ד. ראקעפעלער'ן מיט דעם פאָלגענדען בריף:

שיקאַגאָ, דעם 19טען דזשון, 1897.

צו מיסטער דזשאָן ד. ראקעפעלער, ניו־יאָרק:—

„ווערטער הער: איך נעם די פרייהייט אייך צו מעלדען, אַז
מיר האָבען היינט אָרגאַניזירט די סאָשאַל־דעמאָקראסי אָוו אמע־
ריקא, אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט בדעה צו באפרייען די אונטער־
דריקטע און ליידענדע פון אונדזער לאַנד פון דער מאכט פון אינ־
דוסטריעלע אומשטענדע, וועלכע זיי האָבען ניט באַשאַפען און
וועלכע זיי זיינען מאכטלאָז צו ענדערען אָדער צו קאָנטראָלירען.

---

*) דאָס איז געווען מיט עטלאכע יאָר פריהער, ווי עס האָט זיך
געגרינדעט די אידישע „סאָציאליסטיש - טעריטאָריאליסטישע פּארטיי".

אויפצוהויבען די מענטשהייט. דאן וועט דער שטארקער העלפען דעם שוואכען, דער שוואכער וועט ליבען דעם שטארקען, און מענטשלאכע ברידערשאפט וועט איבערמאכען די ערד אף אן אמת'ן גן ערן.

„צו ווידמען זיך צו אזא'ן ארבייט איז מיין העכסטער באגריף פון מיין פליכט צו מיר אליין און צו מיינע מיטמענטשען. גלויבענדיק דאס איר וועט געפינען אין איינקלאנג מיט אייער איינענעם געפיל פון געזעלשאפטלאכער און פאטריאטישער פארפליכטונג צו רייכען אינדז די האנט אין אונזער באפרייענדער און פערענדעלנדער אויפגאבע, צייכנע איך אייער זעהר אויפריכטיק

יודזשין וו. דעבס“.

טראץ דעם אוטאפיסטישען כאראקטער פון דעם בריף זיינען צו דעבס'ן צוגעשטאנען א סך איינגעשפארטע מארקסיסטען. זיי האבען געגלייבט, אז ווען ער וועט בעסער באקענט ווערען מיט'ן סאציאליזם, וועט ער אליין איינזעהען דעם אומזין פון זיינע פלענער.

די סאציאליסטישע באוועגונג אין אמעריקע איז נאך אין יענער צייט געווען אן ערך אין אזא צושטאנד, ווי אין פראנקרייך אין דער צייט פון דעם „קאמוניסטישען מאניפעסט“, ווען מארקס און ענגעלס האבען געארבייט צוזאמען מיט די אוטאפיסטישע סאציאליסטען און אפילע מיט דער בורזשואזנער דעמאקראטיע פון זייער צייט*).

---

*) אין דעם שלוס קאפיטעל פון „קאמוניסטישען מאניפעסט“ איבער די „שטעלונג דער קאמוניסטען צו די פארשידענע אפאזיציאנעלע פארטייען“ שטעהט אזוי: „אין דער שווייץ אונטערשטיצען זיי די ראדיקאלען, זייענדיק גאנץ קלאר ביי זיך, אז דיזע פארטיי באשטעהט פון ווידערשפרעכענדע עלעמענטען, א טייל פון דעמאקראטישע סאציאליסטען אין דעם פראנצויזישען זין, א טייל פון ראדיקאלע בורזשוא...
„די קאמוניסטען ארבייטען ענדלאך אומעטום אן דער פארבינדונג און דער פארשטענדיקונג פון די דעמאקראטישע פארטייען פון אלע לענדער“.

4.

## די סאשאל דעמאקראסי און אמעריקא"

מיט דער ס. ד. א. איז געשאפען געווארען א ברייטע ארגא־
ניזאציע, וואס האט געזוכט אריינצונעמען אלעמען, ווער עס גלויבט
אין די גרונד פרינציפען פון סאציאליזם. די ס. ד. א. איז ניט
געווען קיין פאליטישע פארטיי. עס האבען צו איר באלאנגט פאר־
פוליסטען, אונאפהענגיקע רעפארמערס און אפילו אנארכיסטען.
אין די איסט האט פאר איר געמאכט אן אנהויב די אידישע
אפאזיציאן אין דער ס. ל. פ., וועלכע האט זיך אנגעהויבען פון
מחלוקות אין דער פאבלישינג אסאסיאיישאן פון דעם אפיציעלען
פארטיי ארגאן „אבענדבלאט".

ווען די אידישע סאציאליסטען האבען אין 1890 געגרינדעט
דעם וועכענטלאכען פארטיי ארגאן די „ארבייטער צייטונג", איז
זי געווען אן ארעמע אונטערנעמונג. דער רעדאקטאר און דער ביז־
נעס מענעדזשער האבען געקראגען די העכסטע געהאלט, 12 דא־
לאר א וואך, די מיטארבייטער נאך ווייניקער. אבער אין פיר יאר
צייט איז די צירקולאציע אזוי געוואקסען, אז די צייטונג האט אנ־
געהויבען צו ערשיינען טעגלאך. די געגנאסען, וואס האבען פריהער
געארבייט פאר די פארטיי צייטונג כמעט אומזיסט, אוים טריי־
קייט צו דער פארטיי, האבען אנגעהויבען צו קריגען אנשטענדיקע
געהאלט, (נאך דעם מאסשטאב פון יענער צייט). די צאל מענטשען
אין אפיס איז געוואקסען, עס איז געווארען אן אמת'ער געשעפט,
און די פאבלישינג אסאסיאיישאן איז בּיסלאכווייז אנגעפילט גע־
ווארען מיט „דזשאב־סאציאליסטען". זיי האבען געבילדעט אן
אייגענע „מאשין", א סאציאליסטישע טעמעני־האל, ווי די אפאזי־
ציע האט זיי אנגערופען אין איר ערסטער עפענטלאכער ערקלע־
רונג.

א קלארען פראגראם האט די אפאזיציע אין יענער צייט נאך
ניט געהאט, אבער זי איז געווען אונצופרידען דערמיט, וואס די
באוועגונג באוועגט זיך ניט פון ארט, און זי האט פארלאנגט
„פרייע קריטיק" אינערהאלב דער סאציאליסטישער פארטיי. מיט
דעם מאטא „פרייע קריטיק" האט די אפאזיציאן אונטער מילער'ס

פירונג געגרינדעט דעם „פארווערטס".

נאטירליך, אפאזיציאן צו דעם אפיציעלען ארגאן פון דער
פארטיי איז געווען „פאראט". אום אויסצווריינינגען די פארטיי פון
די פארעטער, האט די פארטיי־נאטשאלסטווע „רעארגאניזירט"
די דריי אידישע דיסטריקטען. די ארגאניזאציעס וואס האבען
עקזיסטירט זיינען ערקלערט געווארען פאר אופגעלייזט און דער
ארגאנייזער פון דער פארטיי האט באקומען דעם אופטראג צו אר־
גאניזירען נייע דיסטריקטען. ווען די מיטגלידער פון די אלטע
דיסטריקטען האבען זיך געיאווועט צו פארשרייבען זיך אין די
נייע, האט מען פון זיי געפאדערט א פאדפיסקע, אז זיי וועלען ניט
באלאנגען צו דער אפאזיציע, — אין חדש תחת השמש, סטאליפין
איז ניט געווען אריגינעל מיט זיין פאדערונג פון אלע רוסישע
שטאטס־בעאמטע, אז זיי זאלען ניט באלאנגען צו קיין אפאזיציא־
נעלע פארטייען. די אפאזיציאניסטען האבען דאגעגען פראטעס־
טירט; זיי זיינען באשטאנען אף דעם, אז זיי זיינען פערזענליך
קיינמאל ניט אויסגעשלאסען געווארען פון דער פארטיי. אלזא זיי־
ענדיק מיטגלידער פון דער פארטיי, איז יעדערער פון זיי בארעכ־
טיקט אריינצוטרעטען אין די פארטיי־ארגאניזאציע פון זיין דיסט־
ריקט, עס האט אבער ניט געהאלפען. די פארטיי נאטשאלסטווע
האבען געוואלט דורכאויס פון זיי פטור ווערען; אנקלאגען זיי פאר
א פארטיי געריכט איז געווען אונמעגלאך, ווארים חוץ געגען א פאר
פירער וואלט מען געגען די איבעריקע ניט געקענט געפינען קיין
פאקטען זיי צו באשולדיקען, סיידען וואס זיי האבען סימפאטיזירט
מיט דעם „פארווערטס". מיט דעם פלאן פון „רעארגאניזעישאן"
איז מען פון אלע ניעבלאגאנאדיאזשנע פטור געווארען מיט איין
קלאפ. די אפאזיציאניסטען האבען אפעלירט צו א רעפערענדום־
וואוט פון דער גאנצער פארטיי און האבען געפאדערט, אז די אנ־
געלעגענהייט זאל באשפראכען ווערען אין דעם אפיציעלען ענגלי־
שען פארטיי־ארגאן, כדי אלע פארטיי גענאסען זאלען זיך קענען
אויסבילדען אן אייגענע מיינונג. עס האט זיך געעפענט א דעבאטע
אין דעם „פיפל", אבער די ערקלערונגען פון מילער'ן, ווינ־
טשעווסקי'ן און א פאר אנדערע אפאזיציאניסטען זיינען הערטרונ־
קען געווארען אין א ים פון באשולדיגונגען און באשימפפונ־
גען, וואס די „לאיאלע" האבען אויסגעגאסען אף זייערע קעפ.
ענטפערען האט מען זיי ניט געגעבען קיין מעגליכקייט. די דעבאטע

איז געשלאָסען געוואָרען. דער רעפערענדום האָט מיט אַ שטאַרקע
מאַיאָריטעט גוט געהייסען די האַנדלונג פון דער פּאַרטיי־נאַ־
טשאַלסטווע.

די אָפּאָזיציע האָט אָפּגעהאַלטען אַ קאָנווענשאָן אין ניו־יאָרק
און האָט באַשלאָסען אַריינצוטרעטען אין די דעבסיסטישע סאָ־
שאַל דעמאָקראַסי, אונטער איר איינפלוס האָט זיך באַלד אָנגע־
שלאָסען אָן דער סאָשאַל דעמאָקאַרסי די הייוועריל[ע]ר סעקציאָן פון
דער ס. ל. פּ., וועלכע האָט שוין געהאַט אָן אייגענעם פּאַרטרעטער
אין דעם סיטי קאַונסיל, דזשיימז קערי.

זינט דער שפּאַלטונג פון דער ס. ל. פּ. אין 1889 איז נאָך
איבערגעבליבען אין לאַנד אָן אָרגאַניזאַציע פון דער זאָגענאַנטער
„ראָזענבערג׳שער פראַקציאָן“, וואָס איז אַרויסגעוואָרפען געוואָ־
רען מיט געוואַלט דורך די ניו־יאָרקער „גענאָסען“. די פּאָפּולים־
טישע באַוועגונג האָט פּאַרשלינגען זייער אַנהאַנג, אָבער אַ צייי־
טונג איז ביי זיי געבליבען, וואָס האָט זיך יאָרען לאַנג געמאַטערט
מיט׳ן טויט. די הויפּט־קוואַרטיר פון זייער „פּאַרטיי“ איז גע־
וועןאין קליוולאַנד. זיי זיינען אויך צוגעשטאַנען צו דער דעבסי־
טישער באַוועגונג. זייער באַזונדערע פּאַרטיי אָרגאַניזאַציע האָבען
זיי אויפגעגעבען ערסט מיט אַ יאָר שפּעטער. אַף דעם אופן האָבען
זיך אין דער סאָשאַל דעמאָקראַסי צוזאַמענגעקליבען אַלערליי מינים
סאָציאַליסטען, אי אוטאָפּיסטען, אי מאַרקסיסטען, אַזוינע, וואָס
גלויבען אין קאָאָפּעראַציע, אַלס מיטעל אויפצובויען אַ פרייע סאָ־
ציאַליסטישע געזעלשאַפט, און אַזעלכע, וואָס גלויבען אין הוילע
פּאָליטיק. אין אַזאַ געמישטער געזעלשאַפט, אַז מ׳וויל איינער זאָל
דעם אַנדערען די אויגען ניט אויסקראַצען, מוז מען ניט ווילענדיק
זיין טאָלעראַנט.

אָט דערפאַר איז אין דער ס. ד. אַ. געוועזען אַ פרייער, אַ טאָ־
לעראַנטער גייסט. עס האָט אָבער געדויערט נאָר אַ קורצע צייט,
שוין פון אָנהויב אָן האָבען זיך אין די ס. ד. אַ. אַריינגערוקט עלע־
מענטען, פאַר וועלכע דער ריכטיקער פּלאַץ איז געוועזען אין דער
ס. ל. פּ. זייער הויפּט קוואַרטיר איז געוועזען מילוואָקי, און זייער
פירער איז געוועזען וויקטאַר בערגער. באַלד נאָך דער גרינדונג פון דער
סאָשאַל־דעמאָקראַסי, אין 1897 איז אויסגעבראָכען דער גרויסער
סטרייק אין די קוילען־גרובען. דעבס האָט אין דעם סטרייק גענו־

מען א טעטיקען אנטייל. דורך די איניציאטיווע פון אלערליי אר־בייטער־פירער און רעפארמערס איז איינבערופען געווארען א קאנווענשאן אין שיקאגא צו בעראטען זיך וועגען דעם סטרייק און די ארבייטער פראגע אין אלגעמיין. עס איז ניט געווען קיין קאנ־ווענשאן אין דעם געוועהנטלאכען זין פון ווארט, וואו מ׳קען אנע־מען בינדענדע באשליסע: עס איז געווען ניט מער, ווי א קאנפע־רענץ, א פארזאמלונג פון מענטשען, וואס האבען א געוויסען איינפלוס יעדערער אין זיין קרייז. ווען אזא קאנפערענץ נעמט אנעט א באשלוס, טו איז קיינער ניט מחויב עס אויסצופירען. אבער דאס אליין שוין, וואס די קאנפערענץ שטימט איין אף א געוויסען באשלוס, איז א סמן, אז די עפענטלאכע מיינונג פון א געוויסען קלאס מענטשען איז איינפארשטאנען מיט דעם באשלוס.

אין יענער קאנווענשאן, וועלכע איז אפגעהאלטען געווארען אין סעפטעמבער 1897, אין שיקאגא, האבען זיך באטייליקט יו־ניאן־פירערס, פאפוליסטען, סאציאל־דעמאקראטען א. אז. וו. די קאנווענשאן האט אנגענומען א רעזאלוציע צו גונסטען פון איני־ציאטיווע און רעפערענדום, פראפארציאנאל וואלען; דעם אכט־שטונדיקען ארבייטסטאג, אפשאפונג פון קינדער ארבייט, באשעפ־טיגונג ביי עפענטלאכע ארבייטען פאר ארבייטסלאזע; די קאנ־ווענשאן האט ווייטער געפאדערט, אז אלע „עפענטלאכע געברויכס־מיטעל“ (פאבליק יוטיליטיס) זאלען באלאנגען צום שטאט, אדער צו דער שטאט, און זאלען געפירט ווערען דורך דעם שטאט — דאס הייסט, אייזענבאנען, טעלעגראפען, וואסער, גאז, עלעקטריע אין דער שטאט זאל איבערנעמען אלע געשעפטען, וואס זיינען אין די הענט פון מאנאפאליעס אדער טראסטס.

אלזא, ווי איר זעט, האט מען זיך אויסגעשפראכען צו גונס־טען פון ראדיקאלע דעמאקראטישע פאדערונגען און פון שטאטס־סאציאליזם. דארט זיך, די ס. ד. א. האט געזאלט זיין צופרידען? אבער בערגער האט וועגען דער קאנווענשאן אין זיין „וויסקאנסין פארווערטס“ געזאגט לאמר, אזוי צו זאגען:

„וויר לאסען בעקאנטליך אין דער בעאורטהיילונג דער אר־בייטער־בעוועגונג שטעטס די גרעסטע טאלעראנץ וואלטען, יע־דאך וויר פערלאנגען, דאס די ארבייטער־בעוועגונג איינע ארביי־טער־בעוועגונג זיין, ניכט אבער איינע לעפעליי צו גונסטען דער

אויפרעכטערהאלטונג דער פערראטעטעו מיטעל־קלאסע אדער איין טומעלפלאץ פיר אלערהאנד ספעציאל־אידעען און פעררוקטע עקס־פערימענטען".

אויסדריקע, ווי „קליין־פאקירען", „שווינדלער", „עמטער יעגער", זעעלענפערקויפער", „בודלער" האבען זיך געשאטען, ווי פון א נומער פון דעם „פיפל".

מיט א האלב יאר שפעטער איז געווען א וואל אין מיל־וואקי. וויקטאר בערגערס תלמידים האבען אפגעדרוקט גרויסע פאסטערס, אין וועלכע די פאפוליסטען זיינען באשולדיקט געווא־רען, אז זיי האבען זיך פארקויפט צו די דעמאקראטען. די פאס־טערס זיינען אנגעקלעפט געווען איבער דער גאנצער שטאט.

אן ארגאניזאציע, וואס האט געהאט פאר א הויפט־פירער דעבסען, וועלכער האט נאר מיט אנדערהאלבען יאר פאר דעם גע־שטימט פאר בריינען, — אזא ארגאניזאציע האט ניט געהאט קיין רעכט צו פארדעכטיקען די פאפוליסטען, פאר וואס זיי האבען גע־מאכט פיוזשען מיט די דעמאקראטען. ארום דערזעלבער צייט איז דעבס געווען אין קאנסאס און איז אופגענומען געווארען מיט גרויסער פאראדע אין דעם סטעיט קאפיטאל ביי דעם פאפוליסטי־שען גובערנאטאר. אלערליי פאפוליסטישע בעאמטע זיינען געקומען עם אפגעבען שלום עליכם. אן דער סאשאל דעמאקראסי אין קאנ־סאס האבען זיך אנגעשלאסען פאפוליסטישע שטאטס־בעאמטע. זיי האבען אלע באקומען זייערע שטעלען אויף דורך פיוזשאן מיט די דעמאקראטען. אלזא, בערגער האט מיט זיינע באשולדיגונגען גע־געבען א פאטש אין פנים זיינע אייגענע גענאסען. איר קענט שוין פארשטעהן אין וואס פאר א שטימונג עס האבען זיך צוזאמענגע־טראפען אין א פאר מאנאט ארום די פארשידענע עלעמענטען, וואס זיינען געקומען צו דער ערסטער קאנווענשאן פון דער ס. ד. א. אין שיקאגא.

5.

## די קאנווענשאן פון דער ס. ד. א. אין 1898.

יעדע אמעריקאנער קאנווענשאן ווערט קאנטראלירט פון א

קליינער קליקע. אלע דעלעגאטען טאנצען נאך זייער פידעל. אז אויסנאם איז נאר, ווען עס געפינען זיך אין א קאנווענשאן צוויי קליקעס, באקעמפפען איינע די אנדערע, דעמאלט טאנצט יעדער צד נאך דער פידעל פון זיין אייגענער קליקע. איך האב בייגעוואוינט עטלאכע פארטשריטלאכע קאנווענשאנס, אומעטום איז פאררען א „מאשין“, אן ארגאניזירטע באנדע, וואס האנדעלט מיט אן אויסגעארבייטען פלאן! זי קומט מיט פארטיקע קאנדידאטען פאר אלע קאמיטעס, מיט א פארטיקע פלאטפארמע און פארטיקע רעזאלוציעס, זי איז גענוי באקאנט מיט אלע פערזענלאכע אנגעלעגענהייטען און אינטריגען, און איז אים שטאנדע צו באנוצען זיך דערמיט פאר אירע פלענער. דער איינצעלנער דעלעגאט, וואס קומט צו דער קאנווענשאן, מיט דעם געדאנק, אז ער וועט אויסהערען, וואס מ'וועט ריידען און וועט שטימען נאך זיין אייגענעם פארשטאנד, איז א נול געגען אזא ארגאניזירטע מאשין. די קאנווענשאן פון דער ס. ד. א.) איז אויך קאנטראלירט געווען פון א קליינער מאשין*)

דער שטרייט־פונקט (די „אישו“), וועלכער האט צוטיילט די קאנווענשאן און ענדליך געבראכט צו א שפאלטונג, איז געווען דער טעריטאריאליסטישער פלאן.

דער „קאלאניזעישאן פלאן“ איז הייס דעבאטירט געווארען אין דער קאנווענשאן. עס זיינען געווען עטלאכע דעלעגאטען, וואס האבען ערנסט געגלויבט, אז דורך קאלאניזאציע קען מען העלפען דער סאציאליסטישער באוועגונג. די אנארכיסטען האבען געהאלטען

*) דעם דריטען אדער דעם פערטען טאג פון דער קאנווענשאן איז צו מיר צוגעגאנגען משארלז מארטין, פון שטעטעל טיפין אין אהייא און האט מיר פארגעשלאגען, אז כדי אלע, וואס זיינען פאר פאליטישע אקציאן זאלען שטימען איניק, טו זאל זיין א לידער אף דעם פלאר, און אלע זאלען שטימען, ווי ער שטימט, און דער לידער זאל זיין קערי פון הייווערהיל. מסתמא בין איך ניט געווען דער איינציקער, וועמען ער האט געגעבען די עצה. אלזא, האט מען שוין ביי דער ערסטער סאציאליסטישער קאנווענשאן איינגעפירט דעם זעלביקען פלאן, אף וועלכען מ'פירט זיך אין קאנגרעס, אין די לעדזשיסלעיטשורס, און איבערהויפט אין אמעריקאנער „פאליטיקס“.

פאר קאָלאָניזאציע. די פּאָפּוליסטען האָבען אונטערשטיצט קאָלאָניזאציע, אום אפּצושוואכען דעם איינפלוס פון דער ריכטונג, וואָס האָט געהאַלטען פאר אונאָפּהענגיקע פּאָליטישע אקציאָן.

די נעוועזענע מעמבערס פון דער ס. ל. פּ. זיינען אלע נאטירליך געווען געגען קאָלאָניזאציע. צוזאמען מיט זיי זיינען געווען א פּאָר דעלעגאטען, וואָס זיינען פארמישט געווען אין די אינטריגען פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע.

די צווייטע פראגע, וואָס האָט געזאָלט ענטשידען ווערען אויף דער קאָנווענשאָן, איז געווען „פּאָליטיקס" (פּאָליטישע אקציאָן). די פּלאטפּאָרמע פון דער ס. ד. א. איז געווען כמעט ווארט פאר וואָרט איבערגעשריבען פון דער פּלאטפּארמע פון דער ס. ל. פּ. זי האָט זיך אויסגעשפּראָכען פאר אונאָפּהענגיקע פּאָליטיק. אין שעביגאן, א שטאָט פון 22,000 איינוואָהנער אין וויסקאנסין, האָט מען ארויסגעשטעלט קאנדידאטען פאר אָלדערמען און זיי ערוועהלט ביי דער ערסטער וואָל. אָבער עס האָבען זיך געפונען א סך דעלעגאַטען, וואָס זיינען געווען געגען סאָציאַליסטישע פּאָפּרטיי־פּאָליטיק. ערסטענס, זיינען די פּאָפּוליסטען פון קאַנסאַס געווען דאַגעגען. זייער פירער איז געווען קלעמענס, א געוועזענער אַנארכיסט, וועלכער איז צוגעשטאַנען צו דער פּאָפּוליסטישער באוועגונג, ווי פילע אַנדערע אמעריקאנער אַנאַרכיסטען, ווייל זיי האָבען די באוועגונג באטראכט פאר א גוטען פעלד פאר ראדיקאַלע פּראָפּאַגאנדע. אין קאנסאס איז די פּאָפּוליסטישע פּארטיי אין 1898 נאָך געווען די הערשענדע פּארטיי און זי האָט איבערגעלאָזען דעם סטעיט קאַנסאַס אַלס ירושה די בעסטע ארבייטער־געזעצע, וואָס זיינען ערגעץ פאראן אין אמעריקע.*) צווייטענס, זיינען געגען אונאָפּהענגיקע

*) קלעמענס האָט מיר פּריוואט דערצעלט, אַז די רעפּובליקאַנער האָבען עם אָנגעבאָטען צען טויזענט דאָלאר, ער זאָל אָרגאַניזירען אין קאנסאס אַ סאָציאַליסטישע פּארטיי, וועלכע זאָל ארויסשטעלען אונאפּהענגיקע קאַנדידאטען; דערמיט וואָלט מען געקענט אָפּציהען געגנוג וואוטס פון די פּאָפּוליסטען, כדי צו ערוועהלען רעפּובליקאנער. אן ענלאכע געשיכטע האָט די סטעיט קאָמיטע פון דער סאָציאל־דעמאָקראטישער פּארטיי פון נעבראסקא אין 1903 פארעפענטלאכט אין דעם ניו־יאָרקער „וואירקער".

פּאָליטיק געווען די אנארכיסטישע דעלעגאטען, ווייל זיי זיינען בכלל געגען פּאָליטיק.

ווייטער זיינען אבער געווען דעלעגאטען, וואס מ'איז חושד געווען, אז זיי זיינען געשטאנען אין פארבינדונג מיט דער דעמאָקראטישער פארטיי אין שיקאגאָ און האָבען געזוכט אפּצו־האַלטען די סאָשאַל־דעמאָקראסי פון אָרגאניזירען זיך אין אַ פּאָלי־טישע פארטיי אין שיקאגאָ. ווען מ'באטראכט, אז זיי האָבען ארגא־ניזירט עטלאָכע קליינע ברענטשעס פון אַנדערהאלבען מעמבערס מיט אַ פּאָר וואָכען פאר דעם, כדי צו פּאַקען די קאָנווענ־שאָן, און אז זיי האָבען זיך באנוצט מיט אלערליי קונצען, ווי געני־טע פּאָליטישענס, אף דער קאָנווענשאָן גופא, טו קען מען פאר־שטעהן, פאר וואס פילע האָבען געהאלטען דעם חשד פאר בארעכ־טיקט.

אף דער אנדער זייט זיינען געשטאנען אַלע, וואָס זיינען גע־ווען מיט דער מיינונג, אז די סאָשאַל־דעמאָקראסי דארף זיך ער־קלערען פאר אַ פּאָליטישע פארטיי.

בערנארד לאזאר באמערקט אין זיין געשיכטע פון אנטיסע־מיטיזם, אז די ערסטע פּאָר הונדערט יאָר נאָך יעזוס'ן האָבען די קריסטען רק געסטארעט זיך צו איבערצייגען די אידען, אַז די עכטע אידישקייט איז יעזוסעס תורה, און אז יעזוס איז טאקע געווען

---

די סטעיט קאָמיטע דערצעהלט, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז אין 1900 אָרגאניזירט געוואָרען אין נעבראסקא דורך רעפּובליקאַ־נער פּאָליטישענס, וועלכע האָבען זיך ארויסגעגעבען פאר סאָציאליס־טען. זיי האָבען באקומען באצאָלט דערפאר פון דער רעפּובליקאנער פּארטיי, ווייל די רעפּובליקאַנער האָבען געוואָלט אָפּציהען וואוטס פון דער פּאָפּוליסטיש־דעמאָקראטישער פיוזשאָן.

מיר ווייסען אַלזאָ היינט, אַז אין נעבראסקא זיינען דעבס און הערימאן געלאָפען אף דעם סאָציאל־דעמאָקראטישען טיקעט, אף די הוצאות פון דער רעפּובליקאנער פּארטיי, ווייל אַזאַ זאך איז מעגלאך אין אַמעריקע, קען מען פארשטעהן פאר וואָס קלעמענס איז געווען דאַ־געגען, אַז די סאָשאל־דעמאָקראסי זאָל זיך ערקלערען פאר אַן אונאָפּ־הענגיקע פּאָליטישע פּארטיי אין קאנסאס.

דער אמת'ער משיח. דאס איז געווען דערפאר, וואס די קריסטען אליין זיינען נאך אין זייער הארצען געבליבען אידען און האבען געהאלטען די אידישע אמונה פאר דעם איינציקען אמת'ען גלויבען. ביסקל וואנען זיי וועלען ניט ווערען אנערקענט פון די אידען אליין פאר גוטע און פרומע אידען, איז זייער ערפאלג צווישען די גוים פאר זיי ניט געווען קיין ערפאלג... דעמזעלביקען געפיל האבען געהאט בנוגע צו דער ס. ל. פ. די אפאזיציאניסטען, וואס האבען זיך אפגע'שמד'ט פאר דעבסיסטען. מ'האט גערעדט און געשריבען געגען די ס. ל. פ., מ'האט געשריען אז זי איז פאנאטיש, אונטאלעראנט, אבער טיעף אין הארצען האט מען די ס. ל. פ. געהאלטען פאר די אמת'ע סאציאליסטישע פארטיי, און מ'האט זיך שטענדיק באמיט צו איבערצייגען די דעליאניסטען, אז די דעבסיסטען זיינען אקוראט אזוינע גוטע סאציאליסטען, ווי זיי. מ'האט זיך שטענדיק געפרעגט: וואס וועט אף דערויף זאגען די ס. ל. פ.? די ס. ד. א. אין ניו־יארק האט זיך רק געמוזט פארענטפערען פאר'ן קאלאניזעישאן פלאן*). וועניקסטענס אבער האבען מיר געקענט שטאלצירען מיט דעם אנדערען הלק פון אונדזער פלאטפארמע, וועלכער איז איבערגעשריבען געווען פון דער פלאטפארמע פון דער ס. ל. פ.

דער קאמפף אין דער קאנווענשאן האט זיך אנגעהויבען איבער דער פלאטפארמע.

דער באס פון דער קאנווענשאן איז געווען בערגער. ער איז געווען אין אלע וויכטיקע קאמיטעס, און נאטירליך איז ער אויך געווען אין דעם פלאטפארם־קאמיטע. ער האט אנגעשריבען איין פלאטפארמע און דער פירער פון דעם אנדערען לאגער אנאנדערע, וועלכע איז געווען געשריבען מיט די אייגענע פראזען, ווי די פלאטפארמעס פון אלע אמעריקאנער פארטייען ווערען געשריבען, נאר מיט אן אוטאפיסטישען גערוך. אז בערגערס פלאטפארמע איז אויך

*) עס האט אונדז שטארק פארדראסען, ווען מר. פייגענבוים האט זיך געוויצעלט אין „אבענדבלאט" איבער דער „פושקע פון רב מאיר בעל הנס". — דער קאלאניזעישאן דעפארטמענט האט ארויסגעשיקט צו די ברענטשעס פאפירענע פושקעס אף צו קלייבען געלט פאר קאלאניזעס.

ניט געוועזן קיין מייסטערווערק באווייזט דער פאקט, אז זי איז אין א פאָר מאָנאַט ארום פארווארפען געוואָרען פון זיין צד גופא.

ווען די פּלאַטפאָרמע־קאָמיטע וואָלט געזוכט צו שאפען אייניקייט, וואָלט ניט געוועזן אזוי געפערליך, אויב מ'וואָלט אויסגעמעקט א פאָר ווערטער פון בערגער'ס פּלאַטפאָרמע און אריינגעשטעלט א פאָר פּונקטען פון דעם אנדערען פּראָיעקט.

דער קאָלאָניזעישאָן פּלאַן צו באזעצען א סטעיט מיט סאָציאַליסטען, וואָלט זיך סיי ווי סיי באלד באוויזען פאר א חלום*). די סאָשאַל־דעמאָקראַסי וואָלט געקענט בלייבען אן אָרגאַניזאציע פאר סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע און אופטרעטען פּאָליטיש נאָר דאָרטען, וואו די ברענטשעס האָבען עס געוואָלט, — אזוי ווי עס האָט זיך פריהער געפירט. דאָס וואָלט מעגלאך געמאכט צו פאראייניקען אין איין אָרגאַניזאציע אַלע סאָציאַליסטען פון לאַנד, אפילו יענע, וואָס ווילען וואוטען פאר אַנדערע פּארטייען אין טאָגעם פראגען. די צאָל פון אזעלכע אונפּארטייאישע סאָציאַליסטען איז פיל גרעסער, איידער יענע, וואָס וואוטען אימער פאר דעם סאָציאַליסטישען טיקעט. די וואַלען וואו מען ערוועהלט קיינעם ניט, וואָלט מען, אמת, געמוזט איבערלאָזען פאר די ס. ל. פּ., אָבער אַזאַ אָרגאַניזאציע וואָלט געהאט א ווייט ברייטערען און שטאַרקערען איינפלוס איידער א קליינע פּארטיי קען האָבען, וואָרים זי וואָלט געקענט האַלטען א בייטש איבער אַלע פּארטייען און צווינגען זיי נאָכצוגעבען אזעלכע פאָדערונגען, ווי, למשל, דאָס

*) ביי דעם קאָנגרעס אין גאָטא אין 1874, וואו די „אייזענאַכער“ און די „לאַסאַליאנער“ האָבען זיך פאראייניקט און געגרינדעט די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּארטיי, זיינען די „לאַסאַליאנער“ באַשטאַנען אף דעם פּונקט פון זייער פּראָגראַם וועגען קאָאָפּעראַטיווע פאַבריקען מיט דער אונטערשטיצונג פון דעם שטאַט, אלס מיטעל איינצופירען דעם סאָציאַליזם. די “אייזענאַכער“ (די מאַרקסיסטען) האָבען אין דעם ניט געגלויבט, זיי האָבען אָבער דעם פּונקט אריינגענומען אין דעם נייעם פּראָגראַם צוליב אייניקייט, און ער איז געבליבען אין דעם פּאַרטיי־פּראָגראַם זיבעצען יאָר, ביז דעם ערפורטער פּאַרטיי־טאָג פון 1891, ווען עס איז אָנגענומען געוואָרען דער איצטיקער פּראָגראַם. די מאַרקסיסטען זיינען געוועזן זיכער, אַז דער לעבען וועט איבערצייגען דעם אַנדערען צד אין דער אונפּראַקטישקייט פון דעם פּונקט.

רעכט צו סטרייקען, צו שטעלען פּיקעטס און צו באיקאָטירען, די אַפּשאַפונג פון אינדזשאַנקשאַנס א. אז. וו.„ איבערהויפּט אזעלכע פּאַדערונגען, וועלכע א קאַפּיטאַליסטישע רעגירונג קען נאָכגעבען, ווען זי איז געצוואונגען. אָבער די ס. ל. פּ. לייט, וואָס זיינען אריין אין די ס. ד. א. האָט אזא זאך גאָר ניט געקענט איינפאלען. האָט מען געבראכט פאר די קאָנווענשאָן צוויי פארשידענע פּלאטפאָר־מעס. אין דער קאָנווענשאָן האָט זיך איבערגעדרעהט די רעדעל: די מינאָריטעטס־פּלאַטפאָרמע האָט געהאט א קליינע מאיאָריטעט אי־בער בערגער׳ס פּלאַטפאָרמע. די קאָנווענשאָן האָט זיך אויסגעלאָ־זען מיט א שפּאלטונג. פון די באַלטערס זיינען די מאיאָריטעט גע־ווען פריהערע מיטגלידער פון דער ס. ל. פּ.

נאַטירליך, מ׳קען זאָגען, אז די ס. ד. א. איז געווען א מישמאַש פון מענטשען, וואָס האָבען ניט געקענט לאנג הויזען צוזאמען. עס איז אָבער ניט אין גאנצען אַזוי. צווישען די דעלעגאטען, וועלכע זיינען געווען אונדזערע געגנער, האָט זיך געפונען „מוטער־דזשאָנס“, צום ביישפּיל, און נאָך אנדערע, וועלכע זיינען אין קורצען צוגע־שטאָנען צו דער סאָציאַל־דעמאָקראטישער פּארטיי. ווען עס וואָלט זיך דאָ געהאנדעלט נאָר אום מיינונגס־פארשידענהייטען, וואָלט מען מיט א ביסעל טאָלעראנץ געקענט אויסמיידען די שפּאלטונג. עס זיינען אָבער דאָ געווען אריינגעמישט גאנץ פּשוט׳ע אינטערע־סען פון דער קעשענע.

ווי איר געדענקט, איז די סאָשאַל דעמאָקראַסי געגרינדעט געוואָרען אף א קאָנווענשאָן פון דער אמעריקאן רעילוועי יוניאָן. פון דער יוניאָן איז שוין אין יענער צייט געבליבען נאָר דער נאָ־מען, די באָרד אָוו דירעקטאָרס און דער אָרגאן פון דער יוניאָן די „רעילוועי טיימז“. די אָרגאניזאציע האָט איבערגעביטען איר נאָ־מען אף „סאָשאל דעמאָקראַסי“, די צייטונג האָט איבערגעביטען די קעפּעל אף „סאָשאל דעמאָקראט“, און די דירעקטאָרען האָט די נייע אָרגאַניזאציע געקראגען בירושה פון דער אַלטער. אין דער אייזענבאַן יוניאָן האָבען זיי אלע געקראגען אנשטענדיקע געהאלט. אין דער נייער אָרגאַניזאציע האָבען זיי אויך געהאָפט צו קריגען געצאָלט, אלס אָרגאנייזער און אגיטאַטאָרס. אָבער עס איז ניט גע־ווען פון וואָס צו צאָלען. דעבס האָט קיין געלט ניט גענומען, פון די אנדערע האָט דער סעקרעטער באַקומען א קליינעם געהאלט,

ווייל ער האָט אָפּגעגעבן זיין גאַנצע צייט פאַר די ארבייט אין אָפּיס. פאַר די איבעריקע אָבער האָט ניט געסטאַיעט. זיי האָבן זיך נאַאיוו באַקלאָגט פאַר דער קאָנווענשאָן, אַז דער סעקרעטער האָט זיי „אויסגעהונגערט" און האָבן עס באַשולדיקט, אַז ער האָט ניט געפירט ראַיעל די קאַסע. די קאָמיטע פון דער קאָנווענשאָן, וואָס האָט אונטערזוכט די ביכער, האָט זיי געפונען אין גוטער אָרדנונג, אָבער איר קענט פאַרשטעהן, אַז מ'איז געקומען אין די קאָנווענשאָן מיט אַ פּאַרטיקען שטרייט.

פון די אַלע אינטריגען האָבן נאָר געוואוסט די מיטגלידער פון די „לאָקאַלס" אין שיקאַגאָ און אין מילוואָקי; ביידע פּאַרטייען זיינען געקומען אָרגאַניזירט. די דעלעגאַטען פון אַנדערע שטעט האָבן פון דעם גאָר ניט געוואוסט. זיי זיינען געקומען ריידען וועגען פּרינציפּען און האָבן געפונען אַ פּערזענליכע מחלוקה פאַר די פאַר דאָלאַר. וועגען פּרינציפּען וואָלט מען שוין אפשר געקענט איינִיק ווערען, אָבער דער פּערזענליכער האַס צווישען די מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַל עקזעקוטיווע איז געווען אַזוי ביטער, אַז עס איז אונמעגלאַך געווען צווישען זיי צו מאַכען אַ טאָלק.

עס איז געווען דריי אור פאַרטאָג שבת, ווען מ'האָט אין דער קאָנווענשאַן אָפּגעשטימט איבער די פּלאַטפאָרמע. די מינאָריטעט איז אַרויס פון דער קאָנווענשאָן און האָט זיך באַלד ווידער פאַרזאַמעלט און גענומען פאַרהאַנדלען וואָס צו טאָן. מען האָט זיך אָפּ'ן שטעל אָרגאַניזירט אַלס „די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון אמעריקע". עס איז נויטיק געווען באַלד אויסצוקלייבען אַ נייע עקזעקוטיווע, וועלכע זאָל זיך שטעלען אין פאַרבינדונג מיט אַלע ברענטשעס און שאַפען אַ נייעם פּאַרטיי־אָרגאַן.

די עקזעקוטיווע האָט נאָר געזאָלט זיין אַ פּראָוויזאָרישע, ביסקל וואַנען מ'וועט האָבען צייט ווידער צונויפברייינגען די געוועזענע מיטגלידערשאַפט פון דער ס. ד. אַ. אַ חוץ דעם, האָט מען פאַר יעדען סטעיט ערוועהלט איין מיטגליד, וועלכער האָט געזאָלט שטעהן אין פאַרבינדונג מיט דער עקזעקוטיווע. די עקזעקוטיווע האָט געזאָלט אויסאַרבייטען אַ קאָנסטיטוציע פאַר די פּאַרטיי און זי פאָרלעגען אויף אַ רעפערענדום, און נאָכדעם האָט געזאָלט אָפּגעהאַלטען ווערען אַ וואַל פון נייע בעאַמטע אויף דעם גרונד פון דער קאָנסטיטוציע.

6

## די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי.

עס האָט גענומען א צייט ביז דער פּראָיעקט פון דער קאָנסטיטוציע פון דער נייער פּאַרטיי איז אָפּגעדרוקט געוואָרען אין דעם פּאַרטיי־אָרגאַן. ווען ער איז פאָרגעלעגט געוואָרען פאַר א רעפערענדום, האָבען איבער עם געשטימט אזוי ווייניק מיטגלי־דער, אַז די עקזעקוטיווע האָט ערקלערט, דאָס דער וואוט רעפרע־זענטירט ניט די פּאַרטיי, און מ'האָט אָפּגעלעגט די גאַנצע זאַך ביז דער נעקסטער קאָנווענשאַן.

שטעלט זיך פאָר, אז אין דעם סטעיט ניו־יאָרק ווערט אָפּגע־שטימט איבער א נייע קאָנסטיטוציע און דער גאָווערנאָר ער־קלערט, אז דער פּראָצענט וואוטערס, וואָס האָבען געשטימט איבער דער קאָנסטיטוציע, איז נאָך זיין מיינונג, קליין, און הגם קיינער האָט ניט געשטימט דאגעגען, ערקלערט ער, אז דער וואוט איז קיין וואוט ניט און די קאָנסטיטוציע איז ניט אָנגענומען געוואָרען.

ווי וואָלט אַזאַ זאַך געהייסען? מ'וואָלט דאָס גערופען אוזוראַפּציע, טיראַניי. אבער אין דעם ס. ד. פּ. האָט קיין איינציקער ברענטש געגען אַזאַ פאַרלעצונג פון דעם פּרינציפּ פון פּאָלקס־פּאַר־וואַלטונג ניט פּראָטעסטירט. איר וועט זאָגען ווער דאַרף'ט איבער א געשריבענע קאָנסטיטוציע? די מעשה איז אָבער, אז אָן א קאָנס־טיטוציע איז ניטאָ קיין בעאַמטען־וואַל. אזוי, פאַרשטעהט איר, איז די עקזעקוטיווע געבליבען אין אַמט ביז דער נעקסטער קאָנ־ווענשאַן.

די סטעיט רעפּרעזענטאַנטען, וואָס זיינען אָנגעשטעלט גע־וואָרען בשעת די ס. ד. פּ. איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין שיקאַגאָ, וואָלטען יעדענפאַלס געהאַט ווייניק וואָס צו זאָגען אין דער גע־שעפטס־פירונג. אבער די עקזעקוטיווע האָט אָן זיי באַלד פון אָנהויב אין גאַנצען פאַרגעסען. אזוי האָט זי זיך גענומען א דיק־טאַטאָרישע מאַכט, וועלכע קיינער האָט איר קיינמאָל ניט געגעבען. אָבער קיינעם האָט דאָס ניט געהאַרט, און די דיקטאַטור פון דער עקזעקוטיווע האָט געדויערט צוויי יאָר.

**ווען איך רעד דא פון א דיקטאטור, איז עס ניט פראסט פרינ־** ציפען־רייטעריי, ווי דער טייטש רופט עס. דאס האט זיך ארויס־ געוויזען אף א גאנץ פראקטישען אופן מיט א יאר שפעטער, אין דעם ניו־יארקער שטאטישען וואל־קאמפעין פון 1899, ווען די ברענטשעס פון דער ס. ד. פ. האבען זיך געהאט פאראייניקט מיט דער אינדעפענדענט לעיבאר פארטיי. די דאזיקע ארבייטער פאר־ טיי איז ארגאניזירט געווארען ביי א קאנפערענץ פון דעלעגאטען פון די ניו־יארקער טרעיד־יוניאנס. זי האט איינגעלאדען די ס. ד. פ. צו פאראייניקען זיך מיט איר פאר דעם קאמפעין און צו שיקען אירע דעלעגאטען אין די צענטראל ארגאניזאציע. די ס. ד. פ. האט מיט א מאיאריטעט די איינלאדונג אנגענומען. עס איז אבער גע־ ווען א שטארקע מינאריטעט פון געוועזענע מיטגלידער פון דער ס. ל. פ., וואס האט עס באטראכט פאר שטנז. צולעצט איז אפגע־ האלט׳ן געווארען א שטורמיישער מיטינג פון אלע ברענטשעס פון דער ס. ד. פ., די „אונקאמפראמיסליכע" האבען פארלאנגט, מ׳זאל צוריקציהען די דעלעגאטען פון דער אינדעפענדענט לעיבאר פאר־ טי, אבער דער פארשלאג איז פארווארפען געווארען מיט א קליי־ נער מאיאריטעט.

מיט א פאר וואכען שפעטער קומט אן אוקאז פון דער נא־ ציאנאל עקזעקוטיווע פון שיקאגא: באלד ארויס פון דער אינדע־ פענדענט לעיבאר פארטי, א ניט, טו ווערט איר סוספענדירט!

אף אזא׳ן ארט האט מען אפילע אין דער דעליאגיסטישער פארטיי אויך קיינמאל ניט געהאנדעלט. ערסטענס, שטעלט זיך די פראגע: ווי אזוי האט זיך די נאציאנאל־עקזעקוטיווע דערוואוסט, אז דאס פאטערלאנד איז אין געפאר? ניט פון די אפיציעלע בא־ ריכטען פון די ניו־יארקער ברענטשעס, ווארים אין יענע באריכטען איז אלץ געווען בלאגאפאלוטשנא, אלזא האט זי זיך דערוואוסט פון דער גאנצער געשיכטע פון פריוואט־בריוולאך. אף פראסט אידיש רופט מען דאס מסירה, אף רוסיש הייסט דאס א דאנאס צו דער נאטשאלסטווע. ווען אימיצער פון דער מאיאריטעט האט געזינדיגט זאלט עפענטליך פראטעסטירען, כדי די פארברעכער זאלען קענען נעגען די פארטיי, טו האבען די רעטער פון דער געזעלשאפט גע־ ענטפערען.

ווייטער האט די נאציאנאל־עקזעקוטיווע אנגענומען דעם דא־

נאָס און האָט די אָנגעקלאָגטע אפילע ניט געפרעגט וואָס זיי האָבען צו זאָגען. זי האָט זיי אָפגע׳משפט אָן זיי אויסצוהערען, גאַר אַזוי ווי עס פירט זיך ביי די רוסישע זשאַנדאַרען.

א הוץ דעם אָבער, ווער זיינען עפּעס געוועזן די נאַציאָנאַל־עק־זעקוטיווע־לייט, וואָס זיי האָבען זיך גענומען דאָס רעכט צו משפּט׳ן די ניו־יאָרקער ברענטשעס? ווי מיר האָבען געזעהען, איז די עק־זעקוטיווע קיינמאָל ניט ערוועהלט געוואָרען פון דער פּאַרטיי. זי איז נאָר אָנגעשטעלט געוואָרען אויף א קורצע צייט נאָך דער שפּאַל־טונג אין שיקאַגא מיט דעם איינציקען צוועק צונויפצוברייננגען די ברענטשעס פון דעם ס. ד. א. אין דער נייער אָרגאַניזאַציע און זיי פּאַרצולייגען א קאָנסטיטוציע. די קאָנסטיטוציע, וואָס זיי האָבען פּאָרגעלייגט, איז אָנגענומען געוואָרען דורך א רעפערענדום, אָבער זיי האָבען ערקלערט דעם רעפערענדום פאר אונגילטיק און זיינען זיך ווייטער געבליבען אין אמט. אַלזאָ האָט די פּאַרטיי ניט געהאַט ניט קיין קאָנסטיטוציע, ניט קיין געזעצליכע בעאַמטע. ווערזשע, אויף דעם גרונד פון וועלכען געזעץ, האָט געהאַט דאָס רעכט צו סוספּענדירען די ניו־יאָרקער ברענטשעס? לויט דער קאָנסטיטו־ציע, וואָס איז שפּעטער אָנגענומען געוואָרען פון דער פּאַראיי־ניקטער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, האָט די אָרגאַניזאַציע פון יעדען סטעיט פאָלשטענדיקע אויטאָנאָמיע אין אירע אינערלי־כע אָנגעלעגענהייטען. כל זמן עס איז קיין קאָנסטיטוציע גאָר ניט געווען, האָט אוודאי יעדער סטעיט געמעגט טאָן, ווי ער האָט געפונען פאר פּאַסיק, און די נאַציאָנאַל־עקזעקוטיווע האָט אין דעם קיין דעה ניט געהאַט. ווייטער, כל זמן עס איז ניט גע־ווען קיין קאָנסטיטוציע, איז דאָך ניט געוועזן קיין פּאַרבאָט צו פּאַר־אייניקען זיך מיט אן ארבייטער־פּאַרטיי פאַר לאָקאַלע וואַלען, די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז כלמרשט געווען דעמאָקראַ־טיש אין אירע פּרינציפּען. אין א פּאָלקספּאַרוואַלטונג איז די קוועלע פון יעדען געזעץ דאָס פּאָלק אַליין. ווען עס איז ניט גע־ווען קיין קאָנסטיטוציע, האָט די עקזעקוטיווע העכסטענס געמעגט פּאָרלייגען אויף א רעפערענדום, מ׳זאָל די ניו־יאָרקער ברענטשעס משפּט׳ן פאַר זייערע עבירות. דעם ביישפּיל האָט זי געקענט גע־פינען אין דער אונטאָלעראַנטער ס. ל. פּ., נאַטירליך, „אדמי־ניסטראַטיוונים פּאַריאַדקאַם“ איז גיכער. די „אונקאָמפּראָמיס־ליכקייט“ פון דער ס. ד. פּ. איז אָבער באַשטאַנען סך הכל אין דעם,

וואס עס איז פערעכענט געווען פאר אן עבירה זיך משדך זיין מיט פאליטישע „גוים“. אבער ווען עס האט זיך געהאנדעלט אום סאציאליסטישע פרינציפען, איז די ס. ד. פ. אפילע אין יענע צייטען גאר ניט געווען אזוי „אונקאמפראמיסטליך“, קורץ נאך דער קאנווענשאן פון 1908 איז פארגעקומען אן אינצידענט, וואס היינט צו טאג איז ער ווערט ספעציעל דערמאנט צו ווערען.

אין יענער צייט האט די סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי געהאט ערוועהלט איין איינציקען שטאטס־בעאמטען, דעם קאנסילמאן דושעימס קערי, אין דער שטאט פערוואלטונג פון העיווערהיל, קורץ נאך דער קאנווענשאן האט ער אין העיווערהילער סיטי קאונסעל געשטימט פאר דעם פארשלאג אויסצוגעבען 15,000 דאלאר פאר א נייע קאזארמע פאר די מילישא. ווען די ס. ל. פ. האט עס דאס אויפגעווארפען, האט ער זיך פארענטפערט דערמיט, אז די מילישא זיינען „פראלעטאריער“ און עס איז די פפליכט פון דער שטאט יענע „פראלעטאריער“ אויפצוהאלטען אין א געזונטער הויז. און אנדער תירוץ איז געווען, אז דער געזעץ צווינגט די שטאט צו בויען קאזארמעס פאר די מילישא.

לאמיר אקארשט באטראכטען די זאך גענויער: די ס. ד. פ. האט זיך ריק בארימט מיט איר „שוועסטער־פארטיי“ אין דייטשלאנד. אין דייטשלאנד זיינען די יונגע געווים פראלעטאריער, און זיי געהען ניט פרייוויליק שיסען זייערע ברידער, ווי די אמעריקאנער „פראלעטאריער“ פון דער מילישא, נאר ווייל מ׳ צווינגט זיי. און ווייטער צי די סאציאל־דעמאקראטישע דעפוטאטען וועלען יע שטימען, צי ניט שטימען פאר קאזארמעס, וועט די רעגירונג דארטען סיי ווי סיי בויען קאזארמעס, וויפיל זי דארף, די סאציאל־דעמאקראטען אבער האבען ביז 1913 געשטימט געגען דעם ביודזשעט. (עס זיינען געווען א פאר אויסנאמען, אבער די מאיאריטעט פון דער פארטיי איז געשטאנען פעסט געגען יעדע אויסנאמע), דערמיט האט די סאציאל־דעמאקראטיע פראטעסטירט געגען מיליטאריזם און איבערהויפט געגען די איצטיקע רעגירונג.

אפילו ווען דער געזעץ האט געצוואונגען די שטאט העיווערהיל צו בויען א נייע קאזארמע, איז דאס אן אויסרייד פאר א „רעוואלוציאנערע“ פארטיי? דער געזעץ הייסט, מוז מען פאלגען!

**נאַטירליך**, קערי איז געווען נאָר איין פּערזאָן, ער איז אָבער **ניט** געווען אבי־ווער, ער איז געווען דער אנערקענטער פירער פון די סאָציאַליסטען פון מאַסאַטשוסעטס, וואָס איז דעמאָלט געווען די היילינגע לאַנד פון דעם אמעריקאנער סאָציאַליזם. און די ס. ד. פּ., וועלכע איז געווען אזוי „אונקאָמפּראָמיסליך“ און רעוואָלוציאָנער“, האָט קיינמאָל געגען די האלטונג פון קערי אין דער אַנגעלעגענהייט ניט פּראָטעסטירט.

דער פּארטיי־חסידיזם האָט געהערשט אין דער ס. ד. פּ. פּונקט אזוי שטארק, ווי אין דער ס. ל. פּ. דער אָפּיציעלער אָרגאַן פון דער פּארטיי, דער „סאָשאל־דעמאָקראטיק העראַלד“, האָט זיך געהאלטען אקוראט אזוי אינטאָלעראנט, ווי דער „פּיפּל“ פון דער ס. ל. פּ. סך הכל מיט א פּאָר יאָר פריהער זיינען אי דער רעדאקטאָר עדוואַרדס, אי בערגער, אי דעבס נאָך געווען פּאָפּוליס־טען. דעמאָלט זיינען הפנים די פּאָפּוליסטען געווען פרום און גוט, אקאָרסט אָבער איז עדוואַרדס געוואָרען א סאָציאַל־דעמאָקראט, זיי־**נען שוין די** פּאָפּוליסטען געוואָרען זשוליקעס, אין דער צייטונג איז געשטאַנען, אז דהי „מידל אָוו דהי ראוד“ פּאָפּוליסטען (די אונקאָמפּראָמיסלאַכע) **האָבען באַשלאָסען** ניט צו פאַרבינדען זיך מיט די דעמאָקראטען, — דאכט זיך, שוין גוט - ניין. מסתמא ווארטען זיי ביסקל וואַנען זיי וועלען עפּעס קריגען, האָט פון זיך באמערקט דער רעדאקטאָר.

אין זומער 1899 האָט זיך צוניופגעקליבען אין באַפאַלאָ א קאָנ־פערענץ פון פארשידענע „רעפאָרמערס“ צו באַשפּרעכען די טאָ־געס־פראגען. וואָס קען מען האָבען געגען אזא קאָנפערענץ? אלע מאָנטאָג און דאָנערסטאָג פלעגען די סאָציאַליסטען אימיצען ארויספרופען אף א דעבאטע. דאָ איז געווען א געלעגענהייט צו דע־באטירען וועגען סאָציאַליזם מיט אזעלכע מענטשען, וואָס קענען האָבען א ווירקונג אף גרויסע מאסען. אין יענער קאָנפערענץ זיי־נען אנוועזענד דרייצען מיטגלידער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראטי־

---

*) צווישען זיי זיינען געווען פרעדריק מאקארטני, וועלכער איז מיט א האַלב יאָר שפּעטער ערוועהלט געוואָרען פאר די לעדזשיס־לייטשור אין מאַסעטשוסעטס; סטראָבעל פון נואַרק; מיסיס קאָ־רין בראון און סטריקלאנד פון שיקאַגאָ, און נאָך אנדערע.

ישער פארטיי*) די קאָנפערענץ האָט אָנגענומען אַן אופרוף צום פאָלק, אין וועלכען עס איז באַהאַנדעלט געוואָרען די פראגע פון טראַסטס, און האָט ערקלערט, אז זיי קענען ניט אויסגעראָטעט ווע־רען דורך אזעלכע רפואות, ווי די דעמאָקראַטען שלאָגען פאָר, נאָר „אַלע נאַטירליכע און עקאָנאָמישע מאָנאָפאָליעס" מוזען באַלאַנגען באלאַנגען צום פאָלק, — אלזאָ, דאָס, וואָס אלע סאָציאליסטען פאַרלאַנגען. עס איז ווירקלאך געווען באַמערקענסווערט, אז עס האָבען זיך צונויפגעקליבען אַ פּאָר הונדערט מענטשען פון אלערליי פארטייען און געזינונגען, און זיי האָבען איינגעשטימט אף אזא סאָציאליסטישע פאָדערונג. ווייטער איז דאָרטען געווען אַ פּראָטעסט געגען די פארגוואַלטיקונג פון די סטרייקערס אין איידאהאָ, געגען דעם קריג אף די פיליפּינעס א. אַז. וו., — אלץ אזוינע זאכען, וואָס קיין סאָציאליסט האָט גאָרנישט געקענט זאָגען דאגעגען, דער רע־דאַקטאָר אָבער פון דעם „סאָשאל־דעמאָקראַטיק העראַלד" האָט, ווי געוואוינטלאך, געמאַכט חוזק פון דער קאָנפערענץ, קיין ארגו־מענטען, נאָר גלאַט אזוי אָפּגעלאכט, ווייל די אנטיילנעמער אין דער קאָנפערענץ האָבען ניט באַלאַנגט צו דעם פארטיי־קלייזעל.

די געוועזענע מיטגליעדער פון דער ס. ל. פּ. פון זייער זייט האָ־בען אריינגעבראכט זייערע מנהגים און זייער גייסט אין די סאָ־ציאל־דעמאָקראַטישע פארטיי, איך וועל דאָ געבען נאָר איין ביי־שפּיל, די סאָציאליסטישע פארטיי האָט אַ צייט לאַנג שטאָלצירט דערמיט, וואס זי פלעגט נעמען פון יעדען קאנדידאַט אין פאָראויס אַן אונטערשריבענע רעזיגנעישאָן אָן אַ דאַטע : ווען ער זאָל ווערען ערוועהלט און וועט ניט זיין פרום און גוט, טו פּילט די פאר־טיי אויס די דאַטע און גיט אָן די רעזיגנעישאָן. אלזאָ האָט מען געהאַט אַ באַוואָרענעס, אז אַ סאָציאליסטישער פארטרעטער פון פּאָלק קען ניט אוועקגעהן אף אַ קרומען וועג.

די חכמה האָט געשטאַמט פון דער ס. ל. פּ., לאָמיר־זשע ערסט באַטראַכטען, וואָס דאָס באַדייט, ערסטענס, וואָס איז שייך באַ־וואָרענעס, איז עס פּשוט געווען אַן אונזין, אַ רעזיגנעישאָן קען דער באַטרעפענדער אימער צוריקציהען, איידער עס קומט וועגען איר צו אַ פארהאַנדלונג, צווייטענס, מוז אַ רעזיגנעישאָן צוערסט אָנ־גענומען ווערען פון דער קערפּערשאַפט, אין וועלכע זי ווערט אָנ־פּלאָן, — זיי וועלען מוזען אוועקנעהמען די לאַנד פון פּאָלק און

געגעבען, און אזא רעזיגנעישאַן קען מען זיין זיכער, וואָלט קיינמאָל ניט אָנגענומען געוואָרען.

אַ באווייז האָט איר, אַז אי די ס. ל. פּ., אי די ס. ד. פּ. האָבען עס פּרובירט, און מען האָט זיך אויסגעלאַכט. קעדי איז צום ערשטען מאָל ערוועהלט געוואָרען אלס קאַנדידאט פון דער ס. ל. פּ. ווען ער איז איבערגעגאַנגען אין די ס. ד. א., האָט די נאַציאָנאַל־עקזעקוטיווע פּאַרלאַנגט זיין רעזיגנעישאַן. קעדי האָט דאַמאָלס געפונען אַ תירוץ, אַז די סעקציאָן הייווערהיל איז מיט אַ מאַיאָריטעט פון די שטימען איבערגעגאַנגען אין די ס. ד. א., אלזאָ, האָט ער געטענה'ט, איז ער געבליבען מיט זיין סעקציאָן. דאָס איז אָבער אַ לאָיער'שער דריידעל; די אונטערשריפט האָט ער געגעבען דער סעקציאָן אלס טייל פון דער פּאַרטיי, ווי באַלד די סעקציאָן האָט אופגעהערט צו באַלאַנגען צו דער פּאַרטיי, איז זי מחויב געווען איבערצוגעבען אלע פּאַרטיי־דאָקומענטען אין די הענט פון דער פּאַרטיי.

דער נעקסטער פאַל האָט זיך אויך געטראָפען אין הייווערהיל, שוין ביי דער ס. ד. פּ. אַ סאָציאַליסטישער אָלדערמאַן האָט געשטימט נעגען די פּרינציפּען פון דער פּאַרטיי. זיין רעזיגנעישאַן איז אָנגעגעבען געוואָרען פון דער ברענטש, אָבער דער קאָמאָן־קאָונסיל האָט זי ניט אָנגענומען מיט עטלאַכע יאָר שפּעטער האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אָפּגעשאַפט דעם דאָזיגען פּאַרטיי־געזעץ. איך האָב אָבער געבראַכט דעם ביישפּיל צוליב זיין פּרינציפּיעלער זייט, אַז די פּאַרטיי ערוועהלט אירען אַ מיטגליד אלס דעלעגאַט צו דער צענטראַל־קאָמיטע פון דער פּאַרטיי, מעג זי נאַטירליך עם אָפּרופען ווען ער פירט זיך ניט, ווי זי פּאַרלאַנגט. אָבער מיט אַן אָלדערמאַן איז גאָר אַן אַנדער זאַך. אַ קאַנדידאַט ווערט ערוועהלט דורך די פאָלקסשטימען, ניט נאָר דורך פּאַרטיי־שטימען: כדי ער זאָל ערוועהלט ווערען מוז ער קריגען עטלאַכע זייטיקע וואוטס צו יעדען וואוטער, וואָס באַלאַנגט צו דער פּאַרטיי. ווי־זשע קען אַ קליינע מינאָריטעט נעמען אָן זיך צו באַזייטיקען אַ פאַרטרעטער פון די מאַיאָריטעט פון די איינוואוינער פון זיין דיסטריקט? שטעלט זיך פאָר, ווען טאַמאַני זאָל זיין אונצופרידען מיט דעם מעיאָר און זאָל אָנגעבען דעם מעיאָרס רעזיגנעישאַן, — וואָלט עס ניט ארויסרופען אַ שטורם פון ענטריסטינג

ביי די בירגער פון ניו־יאָרק? די ס. ל. פּ. אָבער און מיט איר די ס. ד. פּ. האָבען אַף דעם אופן געשטעלט די פּאַרטיי־הערשאַפט העכער פאַר דעם ווילען פון פאָלק.

ווען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי וואָלט געווען אַזוי אָרגאַני־זירט ווי אַלע אנדערע, וואו יעדער איינער קען ווערען א מיטגליד, ווען ער וויל נאָר, וואָלט מען געקענט טענה'ן, אַז עס איז אַזוי ווי אין יעדער פאַרזאַמלונג; יענער, וואָס זיצט אין דער היים, פאַרלאָזט זיך אַף יענע וואָס קומען. דאָס גילט אָבער נים אַף די סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטיי, וואָרים דאָרטען ווערט ניט יעדער אָנגענומען ווען אפילע ער וויל. די פּאַרטיי־הערשאַפט באַדייט אַלזאָ די הערשאַפט פון אַ פּריוואַט־געזעלשאַפט אין עפענטליכע אַנגעלע־גענהייטען. דאָס איז די צרה אַף וועלכע מ'באַקלאָגט זיך זעהר ביטער היינט צו טאָג אין אַמעריקע. די רעפּאָרמירטע, ווי די אָרטאָדאָקסישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אַלזאָ געזוכט אופ־צוהאַלטען די פירונג, וועלכע האָט געמאַכט די אמעריקאַנער רע־פּובליק פאַר אַן אַליגאַרכיע.

ביסלאַכווייס איז פון דער דעבסיסטישער פּאַרטיי אויסגע־וואַקסען אַ צווייטע ס. ל. פּ. ווען עס איז געקומען צו אַזאַ פּונקט האָבען די צוויי פּאַרטייען זיך געמוזט צום סוף פאַראייניקען. די שפּאַלטונג אין דער דעליאָניסטישער פּאַרטיי אין 1899 האָט דער־צו געגעבען די געלעגענהייט.

7.

## „האַכפּעררעט אונד רעוואָלוציאָן"
## אין דער ס. ל. פּ.

מיר זיינען נאָך זעהר ווייט פון יענער צייט ווען שעפּסען וועלען ליגען צוזאַמען מיט לייבען און די וועלט וועט לעבען אין אייביקען שלום. דערווייל גערט אַן אין דער וועלט אַ שטענדיקער־קריג פון פעלקער, ראַסען, קלאַסען און פּאַרטייען. דער גאַנצער אונטערשייד צווישען ציוויליזירטע מענטשען און ווילדע ליגט אין דעם ווי זיי האַלטען זיך ווען עס קומט צו אַ קריג. פאַר־

צייטען פלעגט א שטרייט צווישען צוויי פריצים פירען צו א מלחמה, און זייערע פויערים פלעגען איינע די אנדערע שטעכען מיט מעסערס און ברעכען די קעפ. היינט צו־טאג ווען ראזעוועלט קריגט זיך מיט טאפט׳ן, טו געהען זייערע אונטערטאנען צו א קאנווענשאן און שטימען פאר זייערע פריצים.

ווען מיר ווילען וויסען אף וואס מיר האבען זיך צו ריכטען פון די סאציאליסטישע פארטייען, טו איז די בעסטע פראבע: אף וואס׳ערען אופן קריגען זיי זיך צווישען אנאנדער? פראקציאנען וועלען נאך א צייט־לאנג זיין אפילע אין דעם סאציאליסטישען גן עדן. ווי־זשע וועט מען אונדז באהאנדלען, ווען א סאציאליסטישע פארטיי וועט זיין אפ׳ן פערד? אט צוליב דעם איז די „יולי־רעוואַ־לוציאן" פון 1899 אין דער ס. ל. פ. א העכסט אינטערעסאנטע געשיכטע.

ווען ווען וואלט דאס געקענט איינפאלען מיט א יאר פאר דעם, אז די „ניו־יארקער פאלקס־צייטונג" וועט זיין די פירערקע פון אן אפאזיציע געגען די ס. ל. פ. די „פאלקס־צייטונג" איז שטענדיק געווען לאיאל. ווערענד די לאנג־יעריגע הערשאפט פון דעליאנען זיינען גענוג עולות באגאנגען געווארען פון דער פארטיי, די פאלקס צייטונג אבער האט קיינמאל מיט קיין איינציקען ווארט ניט פראַ־טעסטירט דאגעגען. נאך מער, יעדער אקט געגען די פרינציפען פון פרייהייט און דעמאקראטיע, ווען ער איז נאר באשלאסען גע־ווארען מיט א מאיאריטעט, האט שטענדיק געפונען אונטערשטי־צונג אין די שפאלטען פון דער „פאלקס־צייטונג". זי האט געזוי־דעלט אלע יוניאנס וואס האבען ניט געקושט דעם רבי׳ס רוט, זי האט זיך געטשעפעט צו יעדען סאציאליסט, וועלכער האט געהאט א שטיקעל איינפלוס אין דער טרעיד־יוניאניסטישער באוועגונג און האט ניט באלאנגט צו דער ס. ל. פ.

א יאר פאר דער „רעוואלוציאן" האט די פארטיי־נאטשאלסט־ווע ארויסגעגעבען א פסק געגען א דייטשען רעדנער, איינעם א דאלינסקי, ער זאל א יאר ניט ריידען אין קיין פארזאמלונגען. דאס איז געווען די פארטיי, וואס האט כלומרשט געקעמפפט פאר רעדע־פרייהייט! זיין פארברעכען איז באשטאנען אין דעם, וואס אף א מאסען־פארזאמלונג פון א דיסטריקט האט ער זיך ערלויבט צו קריטיקירען די פארטיי־נאטשאלסטווע. דער דיסטריקט האט זיך

פאר עס אנגענומען. נאטירליך, האט מען אין קורצען דעם דיסט־ריקט סוספענדירט פון דער פארטיי. אין דעם דיסטריקט איז גע־ווען א מיטגליד, דער מענעדזשער פון דער „פאלקס־צייטונג", מאָ־דעסט. פארשטעהט זיך, האט ער תיכף געקראגען דעם לויפפאס, ווי דער טייטש זאגט. די „פאלקס־צייטונג" איז ניט געווען קיין פאר־טיי־אייגענטום, זי איז ארויסגעגעבען געווארען פון א פאבלישינג אסאסיאיישאן, נאר די מאיאריטעט זיינען געווען לאיאלע מיט־גלידער פון דער פארטיי; אלזא, וויבאלד עס האט זיך ארויסגע־וויזען, אז דער מענעדזשער פון דער צייטונג איז א געגנער פון דער פארטיי־מאשין, האט ער אנגעווארען זיין שטעל; פונקט אזוי ווי טאמאני האלל וואלט געטאן אין אזא פאל.

און אט די „פאלקס־צייטונג" איז דורך א צופאל געווארען די אורזאכע פון א שפאלטונג אין דער פארטיי. עס האט זיך געדארפט טרעפען, אז דער הויפט־רעדאקטאר פון דער ניו־יארקער „פאלקס־צייטונג" שליטער זאל זיין קראנק. זיין אסיסטענט יוליוס גרונציג האט געהאט די העזה אנצושרייבען א לייטארטיקעל, וואו ער האט געזאגט, אז עס איז גאר ניט קיין נארישקייט, ווען סאציאליסטען אגיטירען פאר זייערע אידעען אין די יוניאנס. דאס איז געווען אין יענער צייט האכפערראט.

קורץ נאכדעם האט די „פאלקסצייטונג" באגאנגען נאך אן עבירה: עס איז דארט ערשינען א לייטארטיקעל וועגען דעם שפא־ניש־אמעריקאנישען קריג, און דער רעדאקטאר האט געזאגט, אז דורך דעם קריג מוז ידער ארבייטער צאלען העכערע טעקסעס. („שטייערן" אף טייטש). אזא זאך דורכלאזען איז געווען אונמעג־לאך, סטייטש, ווי אזוי קען מען דאס זאגען אין א סאציאליסטישער צייטונג? נאך דעם וויסענשאפטליכען סאציאליזם נאך, פארדינט דער ארבייטער פונקט אזוי פיל ווי ער באדארף ניט צו קרעפירען פאר הונגער, ווען ער צאלט טעקסעס, טו הייסט דאס אז זיינע שכירות מוזען עס סטאיען אף טעקסעס אויך, אלזא מוזען די שכירות זיין הויך געגוג דערצו... ווען די טעקסעס וועלען אראפגענומען ווע־רען, טו מוזען די שכירות אויך פונקט אף אזוי פיל אראפזינקען. ווען מ'רעדט אנדערס העלפט מען דערמיט די רעפארמערס, אלזא האכפערראטה! די „פאלקס־צייטונג" האט דענסטמאל איבערגע־דרוקט די סאציאליסטישע פלאטפארמעס פון כמעט אלע לענדער; זי האט דערמיט געזוכט צו באווייזען אז דאס איז גאר ניט געגען

דעם וויסענשאפטליכען סאָציאליזם. אף דערוף האט דעליאָן גע־ענטפערט, אז די „פאָלקס־צייטונג“ ווערט ארויסגעגעבען אין דעם סטעיט ניו־יאָרק, ניט אין אַנדערע לענדער, אַלזאָ איז זי מחויב צו האַלטען זיך אָן דער פלאטפאָרמע פון דעם סטעיט ניו־יאָרק. ס'מאכט ניט אויס, וואָס עס שטעהט אנדערסוואו. אלזאָ, א פאר־וויקעלטע פראגע פון פינאַנץ־וויסענשאַפט ווערט ענטשידען מיט א מאַיאָריטעט־וואוט: אין „טימבוקטו“ מעג זיך צוויי מאָל צוויי זיין פיר, אין ניו־יאָרק אָבער, ווען די מאַיאָריטעט זאָגט, אז צוויי מאָל צוויי איז פינפטהאלבען, מוז אַ טרייער גענאָסע נאָכזאָגען: פינפט־האלבען. ווען ניט, טו וואָס ווערט ווערען פון דער פארטיי־דיסציפּ־לין?

א חוץ דער ריין טעאָרעטישער פראגע איז אבער געווען א גאַנץ פראַקטישע פראגע — די אונצופרידענקייט מיט דער האל־טונג פון דער פארטיי בנוגע צו די יוניאָנס. מען האט זיך באקלאָגט אף דעליאָנען, וואָס ער וויל מיט געוואַלד צווינגען די יוניאָנס, זיי זאָ־לען זיך נאָכשלעפּען נאָך דער סאָציאליסטישער פארטיי. מ'האָט גע'טענה'ט גאַנץ ריכטיק, אז כל זמן עס זיינען נאָך פאראַן רע־פובליקאנער און דעמאָקראטישע ארבייטער, טו איז אזא טאַקטיק שעדלאָך אי פאר די ארבייטער־באוועגונג אי פאר די סאָציאליסטי־שע פארטיי. דער צוועק פון א יוניאָן איז צו פאראייניקען אלע אר־בייטער פון א פאך פאר זייער טעגלאכען קאמפּף מיט די בעלי בתים וועגען העכערע שכירות, קירצערע ארבייטס־שטונדען, אנ־שטענדיקע באהאַנדלונג, א. אז. וו. אויב מען וויל עפּעס אויס־פירען, מוזען אלע ארבייטער, אָדער ווייניקסטענס א מאַיאָריטעט, באלאנגען צו דער יוניאָן. היינט וואס איינער וויל העכערע שכירות, הייסט נאָך ניט, אז ער וויל וואוטען פאר א סאָציאליסטישען קאנ־דידאט. צי ער איז גערעכט, צי ניט, מאכט גאָר ניט אויס; כל־זמן ער אליין מיינט, אז ער איז גערעכט, וועט ער ניט צושטעהן צו אזא אָרגאניזאציע, וואָס פארלאנגט פון אירע מיטגלידער, זיי זאָ־לען וואוטען פאר אַ געוויסען קאנדידאט. נו, די מאַיאָריטעט פון די ארבייטער דאָ הי זיינען ענטוועדער רעפּובליקאנער אָדער דע־מאָקראטען; ווען זיי זאָלען בלייבען שטעהן פון ווייטען, טו וואו וועט די יוניאָן נעמען מיטגלידער? די סאָשאַליסט טרעיד ענד לעיבאָר אַלייענס, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין 1896 צו פאראייניקען די סאָציאליסטישע פארטיי מיט די יוניאָנס, האָט

געהאט די ערפאַרונג: זי איז איינפאַך געווען ניט מער ווי אַ סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדא קלוב, פאַר טרעיד־יוניאָניסטישע צוועקען האָט זי ניט געטויגט.

דאָס זיינען געווען די שטרייט־פראַגען, צוליב וועלכע עס האָט זיך ענטוויקעלט אַ קאַמפּף אין דער פּאַרטיי, וואָס האָט אין קורצען געבראַכט צו אַ שפּאַלטונג.

דער ענגלישער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער ס. ל. פּ., „דהי פּיפּל“, פלעגט צו יענער צייט ערשיינען אין דעם אָפיס פון דער „פאָלקסצייטונג“, וועלכע האָט אין פאַרלויף פון עטלאַכע יאָר צוגעלעגט צו עס היפּשע טויזענטער דאָלארס. ווען דעליאָן האָט גענומען סיסטעמאַטיש אַטאַקירען די „פאָלקסצייטונג“, האָט דער פערוואַלטונגסראַטה פון דער „פאָלקס־צייטונג“ פאַרפּאַסט אָן ענטפער און האָט אופגעפאָדערט דעם „פּיפּל“, ער זאָל עס דרוקען. אין אַמעריקאַנער צייטונגען פירט זיך, אַז ווען אימיצער איז אָנגעגריפען, גיט מען עם פּלאַץ פאַר אָן ענטפער. דעליאָן אָבער האָט ניט געהאַלטען פון „בורזשואַזנע“ אַנשטענדיקייט. ווען ער האָט באַקוקען דעם אַרטיקעל, האָט ער זיך ענטזאָגט עס צו דרוקען. די זאַך איז פאָרגעקומען פאַר דער נאַציאָנאַל־עקזעקוטיווע, האָט זי איינשטימיק גוט געהייסען די האַנדלונג פון דעליאָנען. אַלזאָ דעליאָן מעג אָנגרייפען אַ פּאַרטייצייטונג, ער מעג זיינע באַשולדיגונגען דרוקען אַף יענער צייטונגס רעכענונג, די באַשולדיקטע צייטונג אָבער האָט ניט דאָס רעכט זיך צו פאַרטיידיקען. צווישען די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע זיינען געווען מאַטשעט און סעניאַל, איינער אַ געוועזענער קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט, דער אַנדערער אַן אַלטער אַנערקענטער סאָציאַליסטישער פירער, פאַרענטפערען זיי, אַז זיי האָבען ניט פאַרשטאַנען, וואָס זיי טוען, קען מען ניט. עס איז גאָר ניט געווען די פראַגע, צי די „פאָלקסצייטונג“ איז געווען גערעכט, נאָר צי האָט אַן אָנגעקלאָגטע פּערזאָן דאָס רעכט זיך צו פאַרטיידיגען. צוויי אַלטע סאָציאַליסטען האָבען אַף די פראַגע געענטפערט פונקט ווי רוסישע זשאַנדאַרען. די מאַכט פון דעליאָנען און פאַכטען איז נאָך געווען אַזוי שטאַרק אין דער פּאָבלישינג אַסאָסיאיישאָן פון דער פאָלקס־צייטונג גופא, אַז עס איז זיי געלונגען דורכצופירען אין דעם פאַרוואַלטונגס־ראַט מיט אַ קליינער מאַיאָריטעט אַ רעזאָלוציע

געגען דעם רעדאַקטאָר, מיט דער אויפפאָדערונג, ער זאָל אליין די רעזאָלוציע אפדרוקען אין דער צייטונג. עס איז אינטערעסאנט צו וויסען, אז די מאַיאָריטעט איז באשטאַנען, א חוץ דעליאָנס חסידים, פון „געגנאָסען" וואָס האָבען געהאַט שטעלען אין דער „פאָלקסצייטונג": די לייט האָבען פשוט געציטערט פאר זייער שטיקעל ברויט. די געשיכטע מיט מאָדעסטען איז נאָך געווען פריש. די רעדאַקציע האָט זיך אָבער ניט אונטערגעגעבען און האָט אַפּע־לירט צו דער גאַנצער פּאָבלישינג אסאָסיאיישאָן. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען א שטאַרקע אגיטאַציע אין דער פּאַרטיי געגען דעליאָ־נען און פאַכטען און עס האָט אויסגעזעהען, אז די פּאָלקסצייטונגס־פּאַרטיי וועט געווינען אין ניו־יאָרק. די דעליאָניסטען זיינען געווען פעסט ענטשלאָסען, אז אויב זיי קענען ניט אויספירען אף א גלייכען וועג, איז יעדער מיטעל גוט צו באַשיצען די אינטערעסען פון פּראָ־לעטאַריאַט געגען די „קרעמערלאַך, די מלוה׳ס און די טעקס־פּיי־ערס", וואָס טראַכטען נאָר, ווי צו פאַרראַטען דעם רעוואָלוציאָנע־רען סאָציאַליזם.

דיזער יעזואיטישער גייסט איז געווען דער פּאָלקסצייטונגס איינענע האַראָוואַניע. אָט וואָס זי האָט געשריבען צום ערסטען מאַי 1893 אונטער דער קעפּעל — „די ערבזינדע דעם פּראָלעטאַ־ריאַטס":

„אים נאַמען דער גערעכטיגקייט פאָרדערען וויר דאַס אונד יענעס. זאָ שפּריכט לײדער, אונד, וואָס נאָך שלימער איסט, זאָ דענקט אימער נאָך איינע גראָסע מעהרהייט דער אָרגאַניזירטען אַר־בייטער, אינסבעזאָנדער הירצולאַנדע. ד א ר ו נ ט ע ר א ו י ך מ א נ כ ע ד י ז י ך ס אָ צ י אַ ל י ס ט ע ן נ ע נ ע ן. אונד וואָס פאָרדערן זי ניכט אַלעס פאָן דען הערשענדען קלאַסען, וועלכע פּרעכטיגע דינגע פערלאַנגען דיזע גוטע מענשען אונד שלעכ־טע מוזיקאַנטען אים נאַמען דיזער שעהנען אידעע: ג ע ר ע כ־ט י ג ק י י ט, גלייכעס רעכט פיר אַלע, הומאַניטעט, אונד ווי אַלע יענע ד ע ק ל אַ מ אַ ט אָ ר י ש ע פ פ ע ק ט פּ אָ ל ע ן ו ו אָ ר־ט ע לויטען!... דער פראָמע גלויבע אין די שטיכהאַלטיגקייט די־זער בעגרינדונג דער ארבייטער פאָרדערונגען, אַנדערס אויסגע־דריקט ד י ג ע נ י י ג ט ה י י ט צ ו ר ב ע ר ו פ ו נ ג א ו י ף ד י ב י ר ג ע ר ל י כ ע ר ע כ ט ס א י ד ע א־

ל אַ ג י ע — דאס איסט די ערבזינדע דעם פראָלעטאריאטס. דאס
איזט דאס פאוילע קוקוקסאיי וועלכעס דאס פראלעטאריאט
אין זיין בעוואוסטזיין איבערנאָמען האט. איבערנאָמען
אויס דעם ווערטערבוך עבען יענעס בירגערטומס, וועל־
כעס הייטצוטאַגע איין קרויין שלאַגט (צלב'ט זיך איבער) ביי דער
עראינערונג אן זיינע אייגענען יוגענד־אידעאַלע.

„...קיינע ערלעזונג דעם פראָלעטאריאטס אויס דעם באַנע
(קללה) סאָציאלער קנעכטשאַפט אָהנע ערלעזונג פאָן דיזער ערב־
זינדע. אונד זאָ וואר דיזע ערלעזונג איינע זעלבסטערלעזונג, זאָ
וואר די בעפרייאונג דער ארבייטער דאס יוערק דער אַרבייטער
קלאסע זעלבסט זיין מוס, עבענזאָ געווים מוס דער ערסטע שריט
צו דיזעם ציעלע איין אקט גייסטיגער זעלבסטערלעזונג, אינטע־
לעקטואלער זעלבסטבעפרייאונג זיין, איין אַקט דער רייניגונג דעם
בעוואוסטזיינס דער ארבייטער פאָ זיענעם שטינקענדען אונראַט
(ברוד) דעם פערטראועגס אן אַללע אונז איבערליפערטען פאַרשטע־
לונגען פאָן רעכט אונד גערעכטיגקייט, רעכטס - גלייכהייט אונד
הומאניטעט. וויל דאס פראָלעטאריאט זיין אייגענער היילאנד ווער־
דען (זיך אליין ראטעווען), דאָן צו ערסט אין דיזער זויבערונג זיי־
נעס בעוואוסטזיינס פאָן אללען בירגערליכען געדאנקען־פלאוזען
(פוסטע תירוצים), אים אופשוואונג צו דעם פראָלעטארישען קלאס־
סענ־בעוואוסטזיין".

בקצור, די גע'ירשנ'טע עבירה פון דעם פראָלעטאריאט באַ־
שטעהט אין דעם, וואָס עס זיינען נאָך פאַראַן א סך לייט, וואָס
האלטען זיך פאר סאָציאליסטען און גלויבען אין גערעכטיגקייט,
מענטשען־רעכטע און נאָך אזעלכענע פוסטע רייד. ווען די ארביי־
טער ווילען זיין פריי, מוזען זיי צוערסט אויסראָמען פון זייערע
קעפ דעם פארטרויען אין רעכט און גערעכטיגקייט.

דער פאָלקסצייטונגס תורה האָט געפונען גוטע תלמידים, די
גענאָסען האָבען זיך באפרייט פון אַלע בורזשואַזנע געדאנקען ווע־
גען רעכט און גערעכטיקייט און האָבען זיך באוויזען פארטיק צו
סאָציאליסטיש־רעוואָלוציאָנערען האנדלען מיט שטולען און ביר־
פלעשלאך, ביסקל וואנען עס איז ערשינען א פארטרעטער פון דער
קאפיטאַליסטישער געזעלשאפט מיט א דובינקע, און עס איז גע־
וואָרען אָרדנונג.

דער פירער פון דער דעליאַניסטישער מחנה אין דער ערסטער שלאַכט מיט די „קליינבירגער, קרעמערלאַך און מלוים“ פון דער „פאָלקסצייטונג“ איז געווען דער שני־למלך אליין, הוגאָ פּאָכט.

ווען איך זאָג — שלאַכט, מיין איך ניט אַ „קאַמפּף מיט גייס־טיקע וואפען“, וואו איין געגנאַסע רופט דעם אַנדערען מיט די ני־דעריקסטע נעמען, נאָר טאַקע אַ ריכטיקע שלאַכט אַף אַ באַריקאַדע (אַ פיאַנאָ אין אַ שענק איז געווען די „באַריקאַדע“), וואו בלוט איז פאַרגאָסען געוואָרען אים נאָמען פון דעם רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם.

הוגאָ פּאָכט איז שוין געווען אַן „אַלטער רעוואָלוציאָנערער קעמפּפער“. ווי איך האָב שוין דערצעהלט האָט ער מיט צען יאָר פריהער געפירט די אַטאַקע געגען די ראָזענבערג׳שע פראַקציאָן. די „פאָלקסצייטונג“ לייט האָבען דאַמאָלס געפונען די נאַציאָנאַל עק־זעקוטיווע פאַר אונפעהיק, האָט מען זיך בשתקה אריינגעקליבען אין אָפיס, פאַרכאַפּט די ביכער מיט דער גאַנצער שטיקעל אָרימקייט, וואָס איז דאָרטען געווען, און מ׳האָט פאַר זיך געמאַכט אַ נייע עק־זעקוטיווע. די געגנאָסען אין ניו־יאָרק האָבען געזאָגט אמן, איז גע־ווען כשר.

איצטער האָט דער „ערפּראָבטער“ רעוואָלוציאָנער געוואָלט אָפּשפּילען דעם אייגענעם קונץ זיינע אַלטע געגנאָסען פון דער „פאָלקסצייטונג“. דעם 10טען יולי 1899 האָט געזאָלט זיין די ערסטע זיצונג פון דער ניי־ערוועהלטער דזשענעראַל־קאָמיטע, אין וועלכער די פאָלקס־צייטונג האָט געהאַט אַ מאַיאָריטעט. די צענט־ראַל קאָמיטע פון דער סעקציאָן ניו־יאָרק פלעגט ביי דער ס. ל. פּ. ערוועהלען די נאַציאָנאַל עקזעקוטיווע, און עס האָט אויסגעזעהען, אַז דעליאָן וועט מוזען אראָפּ פון ביינקעל, זיין פּראַקציאָן האָט באַשלאָסען דערצו ניט דערלאָזען.

ווען מ׳איז זיך צונויפגעקומען, האָט דער אָרגאַנייזער ער־קלערט, אַז די נאַציאָנאַל עקזעקוטיווע וועט אונטערזוכען, ווער פון די נייע דעלעגאַטען איז געזעצליך ערוועהלט געוואָרען, און יענע וועט זי צולאָזען צום מיטינג. די איבעריקע וועלען ניט צוגעלאָזען ווערען. דאָס איז געווען אַ ברוך פון דעם גרונד־פּרינציפּ פון אַ פאָלקס־רעגירונג.

אין א פאלקס־רעגירונג ענטשיידען אין יעדער געזעצגעבענדער קערפערשאפט די ניי־ערוועהלטע מיטגלידער אליין, ווער פון זיי איז געזעצליך ערוועהלט געווארען און ווער ניט. עס ווערט בכלל אנגענומען, אז די נייע פארטרעטער זיינען געזעצליך ערוועהלט געווארען; ווען עס טרעפען זיך א פאר אויסנאמען, טו קענען די איבעריקע אליין די זאך אונטערזוכען. אנדערש קען דאס גאר ניט געהן. שטעלט זיך פאר, אז דער פרעזידענט פון די פאראייניקטע שטאטען זאל האבען די מאכט צו ענטשיידען, צי דער קאנגרעס איז געזעצלאך ערוועהלט געווארען, צי ניט, וואס פאר א פנים וואלטען דעמאלט האבען די וואלען? אן אפאזיציאנעלע מאיאריטעט וואלט קיינמאל ניט געהאט קיין שאנס ערוועהלט צו ווערען. דער קאנגרעס וואלט שטענדיק טאנצען ווי די רעגירונג פייפט, און עס וואלט געווען א צעזארישע אליגארכיע, ווי אין פראנקרייך אונטער די נאפאלעאנען.

ווען הוגא פאכט האט ערקלערט ביי דעם מיטינג, אז די עקזעקוטיווע וועט אונטערזוכען די געזעצליכקייט פון דער פארטיי־וואל, זיינען אלע געווארען ווי אופגעקאכטע. הוגא פאכט האט זיך גאנץ קאלט גענומען און געשלאסען דעם מיטינג. דעמאלט האט זיך אנגעהויבען אן עכטע שלעגעריי, ווי אין די גוטע אלטע צייטען ביי א פריימערי אין טאמאני האלל. די געגנאסען האבען איינע די אנדערע צו׳הרג׳עט ווי ריכטיקע פאליטישענס, נאך דער שלעגעריי איז די פראגע נאר געווען, ווער וועט ווערען צוערסט אויסשליסען פון דער פארטיי. די דעליאניכטען זיינען געווען אין א בעסערער לאגע: זיי האבען נאך דערווייל געהאט זייער פאפירענע גיליאטינע, די „באז־סא"*) — זייער עקזעקוטיווע, וועלכע איז באשטאנען פון עטלאכע מענטשען, און האט געקענט צו יעדער צייט צוזאמענקומען, בעת די געגנער זייערע האבען נאך געדארפט זיך צוזאמענקלייבען און ערוועהלען א נייע עקזעקוטיווע. מ׳האט זיך בארארפט היילען. עס האט זיך געבילדעט א קאמיטע און האט צוזאמענגערופען א פארזאמלונג פון אלע ניו־יארקער פארטיי־מיטגלידער צו באראטען זיך וועגען דער

---

*) א וואלד־זעג, אזוי האט דעליאן מיט שטאלץ גערופען זיין פאליטישע מאשין.

לאגע. דער אופרוף איז פארעפענטליכט געוואָרען נאָר אין דער
פּאָלקסצייטונג, וואָרים קיין ענגלישע צייטונג א חוץ דעם „פּי־
פּעל“ האָט די פּארטיי ניט געהאט. אף איבערמאָרגען אָוועגט זיי־
נען צוזאמענגעקומען אלע געגנער פון דעליאָנען. זיינע פריינט
זיינען בכיון ניט געקומען. ביי דער פארזאמלונג איז די אַלטע
עקזעקוטיװע אראָפּגעזעצט געוואָרען, און מ'האָט ערוועהלט אַ
נייע. נאָך דעם מיטינג, א זייגער צוועלף ביי נאכט, זיינען די
נייע עקזעקוטיװע־לייט מיט זייערע פריינט געגאנגען איבערנע־
מען דעם אָפיס. דעליאָנס פריינט האָבען זיך געריכט אף דערוף
און האָבען זיך פארשפארט אין אָפיס. עס איז איבער־אַ־נייס גע־
קומען צו קלעפּ. די „אונקאָמפּראָמיסליכע“ רעוואָלוציאָנערען וואָס
זיינען געווען אינעווענים האָבען אריינגערופען קאפּיטאַליסטישע
פּאָליסלייט און די געגנאָסען פון דער „פּאָלקסצייטונג“ האָבען זיך
געמוזט אָפּטראָגען. די דעליאָניסטישע מאשין האָט מיט איר האנד־
לען פּראָװאָצירט אירע געגנער, דאָס איז אמת, אָבער די „פּאָלקס־
צייטונג“־פראקציאָן איז אויך געגאנגען בדרך כאפּ־לאפּ. וואו פירט
זיך דאָס, מ'זאָל קומען איבערנעמען אן אָפיס צוועלף א זייגער ביי
דער נאכט? יעדער איינער, וואָס האלט א פארטרויענסאמט פון אַ
פאראיין, האָט דאָס רעכט צו פארלאנגען, אז מ'זאָל קומען איבער־
נעמען די ביכער עפענטליך, ניט בגנבה. ווער רעט אָבער פון
רעכט? רעכט איז „שטינקענדיקע מיסט“, לערנט „די פּאָלקסציי־
טונג“. פרעגט בעסער, אף וואָס האָט מען די גאנצע מעשה גע־
דארפט? אף וואָס האָט מען זיך געקוואפּעט, ווען מען האָט פּרובירט
פארכאפּען דעם אָפיס פון דער נאַציאָנאל־עקזעקוטיװע? וואָס
האָט מען דאָרטען געהאָפט צו קריגען, א פּאָר ביכער מיט אדרע־
סען? מילא פאר דעם ערסטען מאָל קען מען זיי מוחל זיין, ווייל
זיי זיינען געווען אופגערעגט. אָבער דאָס איז נאָר געווען אין אָנ־
הויב: די זעלבע געשיכטע האָט זיך אָפּגעשפּילט כמעט אין יעדען
דיסטריקט. נאָכדעם ווי די צוויי פראקציעס האָבען זיך שוין איינע
די אַנדערע אויסגעשלאָסען פון דער פּארטיי, איז אין יעדען דיסט־
ריקט פאָרגעקומען א שלעגעריי וועגען א פּאָר דאָלאר. די קאורטס
זיינען געווען פול מיט ציוויל־קלאַגען, וואָס איין פראקציע האָט
אָנגעגעבען אף די אנדערע. אין איין דיסטריקט האָט מען זיך
עטלאכע חדשים גע'משפט איבער אן אַלטע צובראָכענע פּיאנאָ, אין

אנאנדער דיסטריקט האָבען די פּאָלקסצייטונג־לייט אָנגענעבען אף דעם טרעזשורער, אז ער האָט גע'גנבה'ט ביי דעם דיסטריקט עט־לאכע דאָלאר. די „גנבה" איז באשטאַנען אין דעריז, וואָס ער האָט באלאנגט צו דער דעליאַניסטישער פּראקציע און האָט איבערגע־געבען די פּאָר דאָלאר אין דעם דעליאַניסטישען דיסטריקט. פאר־שטעהט זיך, איז אין די אַלע פּראָצעסען אוועק די גאַנצע חלה אף המוציא און די סאָציאַליסטען האָבען באוויזען, אז זיי זיינען ניט אַ האָר בעסער פאר אנדערע פּאָליטישענס.

נאָך אזעלכע געשיכטען, וואָס האָט דער זייטיקער עולם גע־קענט דענקען, לעזענדיק, ווי די פּלאטפּאָרמע פון דער סאָציאַליס־טישער ארבייטער פּארטיי „ווארנט", אַז אויב מ'וויל האָבען שטאַ־טישע אייזענבאנען, גאַז און דערגלייכען, זאָל מען זיך למען השם אף קיינעם ניט פּארלאָזען, אַ חוץ דער פּארטיי, וועלכע קען ניט פּארטיק ווערען מיט אַן אַלטער אָפּגעניצטער פּיאנאָ!

נאָכדעם ווי די ס. ל. פּ. האָט זיך צושפּאָלטען, זיינען געוואָ־רען צוויי פּארטייען, וואָס יעדע פון זיי האָט פּרעטענדירט, אז זי איז די אמת'ע ס. ל. פּ. און מ'האָט זיך וועגען דעם גע'משפּט אין אַלע קאורטס אין ניו־יאָרק, אין פילאדעלפיע, אין קליוולאנד, או־מעטום, וואו עס איז נאָר געווען אַ ברעקעל סעקציאָן, וואָס האָט געוואָלט אופשטעלען קאנדידאטען צו קריגען אַ צענדליק וואוטס. מילא, דאָס קען מען זיי מוחל זיין, וואָרים זיי גלויבען, אז דאָס איז דער „קלאסענקאמפּף". איין זאך אָבער איז גע,ועזען גאָר מיאוס, דאָס איז געוועזען דער קאמפּף וועגען דעם „פּיפּל". דער „פּיפּל" איז געווען אַ רכילות־בלעטעל. די רעבעלען האָבען אליין אַזוי געזאָגט אין דעם רעפּאָרט פון זייער נאַציאָנאל־קאָמיטע צו דער קאָנווענ־שאָן אין ראָטשעסטער, וועלכע האָט שטאַטגעפונען אין 1900. דורך דעם „פּיפּל" האָבען די סאָציאַליסטען געקראָגען מער שונאים איי־דער אַלע רענעגאַטען זיינען אימשטאַנד געווען אופצוהעצען געגען דעם סאָציאַליזם. פון פינאַנציעלען שטאַנדפּונקט איז דער „פּיפּל" אויך ניט געווען קיין ערפאָלג. די ניו־יאָרקער „פּאָלקסצייטונג" האָט צו עם שטענדיק צוגעלייגט. מיט אַ פּאָר וואָכען פאר דער „רעוואָלוציאָן" האָט די „פּאָלקסצייטונג" באשלאָסען עם אופצוגע־בען. ווען עס איז אבער געקומען צו אַ שפּאַלטונג, האָט זיך די „פּאָלקסצייטונג" געכאַפּט ארויסצוגעבען דעם „פּיפּל". נאַטירליך,

האַט אַרויסצורופען אַ רעפערענדום. די פאָלקסציייטונג פראקציאָן האָט עס באטראַכט פאר אַן אקט פון פּאָליטישע באָסעס, וואָס פּייפען אף דעם ווילען פון די מיטגלידער, היינט הערט וואָס דעבס האָט וועגעי דעם געהאַט צו זאָגען*).

„איר וועט זיכער הערען רייד וועגען „באָסעריי“ און „העלדען־קולט“. דער סאָרט רייד איז אונדז ניט אונבאקאנט. מיר האָבען עס געהערט איבער אונדזערען גאנצען וועג. דאָס רעט קנאה אין די הערצער פון אונגעראָטענע מענטשען, טוט אַ דרעה אייער לאַנטערנע אהין, פון וואַנען עס הערט זיך דער קול, און איר וועט זעהען, ניט אימער, אָבער געוועהנלאַך, אַ פּיצינקען מאַן, אָדער צוויי — דריי אזוינע, וואָס האָבען מורא אז זיי וועלען אָנווערען זייער באשעפטיקונג. זיי זיינען שרעקלאַך געגען „באָסעס“, — דאָס הייסט, געגען אַנדערע באָסעס אַף זיי. זיי ציטערן, אז מ׳ וועט חלילה אוסקומען אָן זיי, און דערפון שטאַמט זייער ליליפוטאַנער אַטאַקע געגען לידערס, באָסעס און העלדען־פערערער“.

דאָס איז זעהר כאראקטעריסטיש. דער פּראָטעסט געגען באָסיזם, וועלכער הערט זיך אין אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען און אויסערהאלב פון אַלע פּאַרטייען, די גאַנצע באַוועגונג, וואָס שטרעבט אויסצוראָטען מאַשין־פּאָליטיק, דאָס איז פאר דעבס׳ן פּראָסט קנאה. אזוי רעט יעדער פּאָליטישער באָס. וואָס דעבס אליין קען פון נאַטור קיין באָס ניט זיין, מאַכט גאַר ניט אויס: ער אונטערשטיצט דעם פּרינציפּ פון באָסיזם.

## 12.

## אַ בליק אַף די וויטערע געשיכטע פון דער ס. פּ.

מיר האָבען געזעהען, אז אפילו אין יענע יאָרען, ווען די וואל פון אַ סאָציאליסטישען מעיאָר אָדער אָלדערמאַן ערגעץ אין אַ קליינשטעטעל איז געווען אַ „זיג“, מיט וועלכען מען האָט שטאָלצירט אין גאַנץ אמעריקע, ווען די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זיינען

*) „סאָשאל דעמאָקראַטיקט העראָלד“, 1901, נומער 30.

געווען קליין און אָרעם און האָבען ניט געקענט צוציהען קיין קאָריערי־סטען און פּאָליטישענס, האָבען זיי זיך שוין געפירט אין זייער פּראַקטיקע נאָך די אַלגעמיינע מנהגים פון דעם אַמעריקאַנער פּאַרטיי־סיסטעם. זינט יענער צייט איז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי שטאַרק אויסגעוואַקסען, זי האָט שוין ערוועהלט איבער 1,000 פון אירע מיטגלידער פאַר אַלערליי פּאָליטישע עמטער, זי האָט שוין געהאַט אין אירע הענט די אַדמיניסטראַציע פון אַ גרויסע שטאָט ווי מילוואָקי, אירע פירערס שטעהען אָן דער שפּיץ פון גרויסע אַרבייטער־יוניאָנס. די אַמאָליקע סאָציאַליסטישע חסידות איז אָפּגעקילט געוואָרען. די „אונקאָמפּראָמיטליכקייט" איז פאַרבליבען נאָר אין די באַציהונגען צו אַנדערע פּאָליטישע פּאַרטייען. אָדער אָרגאַניזאַציעס, — מען טאָר ניט געהן אין קלויסטער, מען טאָר ניט עסען ביי אַ גוי; — אָבער די פּאַרטיי האָט זיך געוויזען גאַנץ צופרידען צו מאַכען אַ קאָמפּראָמיס מיט אַ פּרינציפּ, ווען זי דענקט, אַז דאָס קען העלפען די אינטערעסען פון דער „אָרגאַניזאַציאָן". אין די פאָלגענדע קאַפּיטלען וועל איך ווייזען די פּראַקטישע שטעלונג פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען צו דעמאָקראַטיע, פּאָליטישער פרייהייט און גלייכהייט.

גענאנגען א רעגען, און גענאָסע דלפּונזאָן האָט געהאט קאטער, האָט עס די ווייב ניט געלאָזט געהן, קורץ, איר קענט די אלטע לידעלע:

הינטעלע וויל ניט מענטשעלע בייסען,
מענטשעלע וויל ניט עפּעלאך רייסען,
עפּאלאך ווילען ניט פאלען!

ביי די אלטע פארטייען איז דאָס ניטאָ, סוירקולארס ווערען באַשטעלט צו דער צייט, דלפּונזאן נעמט אַן אמברעלא (א רעגען־שירעם אף טייטש) און געהט, יואו מ׳האָט עס געשיקט; ווען ער האָט קאָטער, לויפט אריבער זיין ווייב בעצייטענס אַנצוזאָגען, מ׳זאָל אנשטאט עם באַזאָרגען אַן אנדערען, — וואָרים ד׳ער מלאך־המות טרייבט אלעמען.

קיין געלט אף אגיטאַציע פעלט די אלטע פארטייען אויך ניט. יעדער, וואָס האָט א רעגירונגס־שטעל דורך די פּארטיי, מוז צאָ־לען מעשר אין די פּארטיי־קאַסע. קיין ארירס אין די דיוס ניעדאָ־אימקעס בל״עז) איז ניטאָ. ווער עס וויל ווערען א קאנדידאט מוז איינצאָלען נאָך דער טאקסע אף די הוצאות פון דער וואל, אזא פּארטיי קען אדוועדטייזען אירע מיטינגען און אירע קאנדידאטען, קען פאַנאנדערטיילען איר ליטעטראטור אף אזא שטייגער, וואָס קיין אונאפּהענגיקער קאנדידאט, קיין פּארטיי וואָס לעבט מיט חובת־הלבבות, קען זיך מיט איר ניט גלייכען.

ווייטער מאכט דער געזעץ אלערליי שוועריקייטען פאר אונ־אפּהענגיקע קאנדידאטען, וואָס ווילען קאָנקורירען מיט א רעגעלער פּארטיי. אז אונאַפּהענגיקער קאנדידאט דארף א גרויסע צאָל אונ־טערשריפטען נאָמינירט צו ווערען. די בעאמטע פאר ווענמען עס רעגיסטרירען זיך די וואָטערס, די בעאמטע, וואָס פּאַסען אוף איבער די וואַלען, זיינען אלע פּארטרעטער פון די צוויי גרויסע פּארטייען: די פּארטרעטער פון די אוּנאַפּהענגיקע קאנ־דידאטען מעגען זיך שטעהן אַן א זייט און קוקען, קיין שטימע האָ־בען זיי ניט. די וואוטס ווערען געציילט פון די פּארטרעטער פון די צוויי גרויסע פּארטייען, און יעדער ווייס וואָס דאָס באַדייט. וואָס העלפט, אז אַן אונאפּהענגיקער קאנדידאט קריגט שוין יע א מאַיאָריטעט, ווען די וואוטס ווערען ניט ריכטיק געציילט, און דער קאנדידאט, וואָס האָט געקראָגען א מינאָריטעט, ווערט ער־קלערט פאר ערוועהלט? און ווען ער געהט אַנקלאָגען אין די

קאורטס, נעדויערט עס יאָהרען לאַנג. דערווייל׳ע בלייבט זיך דער געשלאָגענער קאנדידאט אונגעזעצליך אין זיין אמט און קען זיך אזוי אַפּזיין דעם גאנצען טערמין זיינעם.

נאטירליך, א פּארטיי קען ניט אויסקומען אָן די וואוטערס, און די וואוטערס זיינען פריי צו שטימען פאר וועמען זיי ווילען. דאָס וואָלט אָבער געהאַט א ווערדע נאָר דאַן, ווען די וואוטערס וואָל־טען געהאט א דעה אין אופּשטעלען קאנדידאטען און אויסארבייטען די פּלאַטפּאָרמע פון דער פּארטיי, פאר וועלכע זיי ווילען שטי־מען, אָבער די פּארטיי באַשטעהט פון מענטשען, וואָס האָבען א געשעפטס - אינטערעס אין איר, און יעדער איינער, וואָס וויל עפּעס קריגען, מוז בעלאַנגען צו ערגעץ א קליקע. ווען ניט צו דער הערשענדער קליקע, טו וועניקסטענס צו א שטאַר־קער באנדע — א „געננג״, מיט וועלכען מ׳מוז זיך רעכענען, ווען איר קומט אריין אָן איינצעלנער פרעמדער מענטש, וואָס קענט איר אויספירען ? מ׳וועט אייך שטום מאַכען מיט „פּאָינטס אָוו אָרדער״ און „שלום דער דעבאטע״, מ׳וועט אייך לאָזען שטימען וויפעל איר ווילט, ווייל מ׳ווייס, אז אייער שטימע איז ווי ווי ארויס־געוואָרפען, ווען עס זאָל אייך געלינגען צו אָרגאַניזירען א צאָל וואו־טערס, וואָס קען ווערען געפערלאַך, וועט מען אייך מיט אלער־ליי קונצען און שווינדעל אונשעדלאַך מאַכען, און ווען דאָס העלפט ניט, וועט מען פּראָסט ברעכען די ביינער.

דער וואוטער, וואָס איז ניט קיין פּאָליטישען, ווייס דאָס גאַנץ גוט און רוקט זיך ניט. ביידע פּארטייען זיינען דורך דעם געוואָרען ארגאניזאציעס פון פּאָליטישענס, וואָס מאַכען א געשעפט פון „פּאָ־ליטיקס״. מיט אזא ארגאניזאציע איז שוין לייכט פאר א קאַ־פּיטאליסטישע קארפּאָרעישאָן צו מאַכען ביזנעס.

ווען איר ווילט, אז אייער סאציאליסטישער קאנדידאט זאָל ערוועהלט ווערען, מוזט איר אָנקומען צו טויזענטער וואוטערס, איר מוזט זיי אלעמען איבערצייגען, אז אייער פּלאַטפּאָרמע איז גוט און אייער קאנדידאט איז א מענטש, וואָס מ׳קען זיך אף עם פארלאָזען. ווען אן אייזענבאן־מאגנאט וויל, זיין קאנדידאט זאָל ערוועהלט ווערען, ווענדעט ער זיך גאָר ניט צו די וואוטערס, ער געהט צו דעם פּאָליטישען באָס פון דער פארטיי וואָס האָט די בעסטע אויסזיכטען, און ווען ער וויל זיין גאָר זיכער, געהט ער

צו די באָסעס פון ביידע פּאַרטייען, ער באַדינגט זיך מיט זיי, באַשטעלט ביי יעדער פּאַרטיי עטלאַכע קאַנדידאַטען, וואָס ער האָט אַליין אויסגעקליבען, און די פּאַרטיי־מאַשין טוט דאָס איבריקע. עס הייסט כלומרשט, אַז דאָס פאָלק, די וואָוטערס ערוועהלען אַ פּרעזידענט, אין דער אמת׳ן אָבער ערוועהלען עס נאָר די פּאָליטישע מאַשינען פון די צוויי אַלטע פּאַרטייען: די רעפּובליקאַנער מאַשין ערוועהלט איין קאַנדידאַט, די דעמאָקראַטישע מאַשין אַן אַנדערען, און דאָס פאָלק האָט נאָר די ברירה אויסצוקלייבען איינעם פון די צוויי מאַשין־קאַנדידאַטען. אַזוי איז מיט קאָנגרעסלייט, גאָווערנאָרס א. ז. וו. פאַר וועמען דער וואָוטער זאָל ניט שטימען, וועט ערוועהלט ווערען אַ קאַפּיטאַליסטישער קאַנדידאַט. שטימען פאַר אַן אומאָפּהענגיקען קאַנדידאַט האַלט דער וואָוטער פאַר ארויסגעוואָרפען, ווען עס געפעלט אים אפילו די פּלאַטפאָרמע פון דעם קאַנדידאַט. די גרעסטע צרה פון דעם אַמעריקאַנעם פּאָליטישען לעבען איז אָט די אונטערטעניקייט צו דער פּאַרטיי. דער רעפּובליקאַנער וואָוטער איז צופרידען נאָכצוגעהן נאָך זיין פּאַרטיי אונטער אַלע אומשטענדען, עס מאַכט ניט אויס, וואָס פאַר אַ פּלאַטפאָרמע, וואָס פאַר אַ טאַקטיק זי וועט אָנעמען, און דער דעמאָקראַטישער וואָוטער איז פּונקט אַזוי. אויב ער איז טעטיק אין „פּאָליטיקס“, טו וועט ער פּרובירען דורכזועצען זיין מיינונג אין זיין פּאַרטיי. פּירט ער ניט אויס, טו וועט ער פאָרט בלייבען „רעגולער“. אַזוי האָט ברייען אונטערשטיצט פּאַרקער׳ן אין 1904 און פּאַרקער ברייענען אין 1908, אַזוי האָט דער ראַדיקאַל לאַפּאָלעט אונטערשטיצט טאַפט׳ן אין 1908, איז דער וואָוטער ניט קיין טעטיקער פּאָליטישען שטימט ער איינפאַך פאַר זיין פּאַרטיי, זי מעג זיך אפילע איבערקערען מיט׳ן קאָפּ אראָפּ. אף דעם האַלט זיך די מאַכט פון די אַלטע פּאַרטייען, אף דעם האַלט זיך די פּאָליטישע קאָרופּציאָן פון די אַלטע פּאַרטייען. די קאַפּיטאַליסטען האָבען זיך פאַרזיכערט מיט ביידע גרויסע פּאַרטייען און אף דעם אופן געפינט זיך די פּאָליטישע מאַכט שטענדיק אין זייערע הענט.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אויך ניט געקענט אויסמיידען דעם איינפלוס פון אַמעריקאַנער מאַשין־פּאָליטיקס. אירע אידעען וועגען די אויפגאַבען פון אַ פּאַרטיי, וועגען איר אָרגאַניזאַציע זיינען אַקוראַט די זעלבע ווי ביי די פּאָליטישענס פון די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען. די פּאַרטיי מוז זיין אָרגאַניזירט ווי

א פּאָליטישע מאַשין, וואָס דאַרף שטעהן איבער די וואוטערס. זיי מוזען שטימען אזוי ווי די פּארטיי הייסט זיי.

2.

## מאַשין־פּאָליטיק אין דער סאָציאַליסטישער פּארטיי.

דער פּארטשריט פון דעמאָקראַטישע פּרינציפּען אין דער אמעריקאַנער פּאָליטיק דריקט זיך אויס אין דעם פּראָטעסט גע־גען פּארטיי־הערשאַפט, געגען מאַשין־פּאָליטיקס, מען וויל זיך שוין ניט פערלאָזען אַף די קאָנווענשאָנס, וועלכע זיינען אי־מער געפאַקט, מ׳זוכט מיט אַלערליי מיטלען צו מאַכען דעם וואוּ־טער אונאָפּהענגיק, צו געבען דעם פּאָלק די מעגליכקייט אויסצודריי־קען זיין ווילען אָן פּארטיי־באַהעלפערס. צו דיזען צוועק האָט מען אין פילע סטעיטס איינגעפירט די איניציאַטיווע און דעם רע־פערענדום; צו דעם צוועק האָט מען אין עטלאַכע סטעיטס דורכ־געפירט א געזעץ אז יעדער וואוטער, וואָס שטימט פאַר א געוויסע פּאָליטישע פּארטיי, מוז צוגעלאָזען ווערען צו די פּריימאַריס פון זיין פּארטיי, אַף וועלכע עס ווערט אָפּגעשטימט וועגען דעלע־גאַטען צו פּארטיי־קאָנווענשאָנס, אָדער וועגען קאַנדידאַטען, אָדער אפילו וועגען פּארטיי־בעאַמטע.

צו יעדער פּאָליטישער באַוועגונג, וואָס זוכט צו דעמאָקראַטי־זירען דעם אמעריקאַנער שטאַט, האָט זיך די סאָציאַליסטישע פּאַר־טיי שטענדיק פּאַרהאַלטען קאַלט אָדער פיינדליך, א ביישפּיל האָט איר מיט דער איניציאַטיווע און דעם רעפערענדום, זיי זיינען צום ערסטען מאָל אויפגעשטעלט געוואָרען אלס א פּאָליטישע פאָדערונג אין דער פּלאַטפאָרמע פון דער ס. ל. פּ. אין 1888, זי געפינט זיך אויך אין דער פּלאַטפאָרמע פון דער ס. פּ., אבער זינט זי איז געוואָרען פּאָפּולער, האָט זיך די סאָציאַליסטישע פּארטיי געהאַל־טען פון ווייטען פון דער באַוועגונג.

דאָס שטאַמט דערפון, וואָס די סאָציאַליסטישע פּארטיי איז אָרגאַניזירט ווי א פּאָליטישע מאַשין, פּונקט אזוי ווי די אַלטע פּארטייען, די סאָציאַליסטישע פּארטיי איז די איינציקע, וואָס

זאָגט אָפּעז, אז א פּאָליטישע מאשין איז א נויטיקע זאך, אז די סאָציאַליסטען דארפען אויסבויען אן אייגענע פּאָליטישע מאַשין. אלדזשערנאָן לי האָט דאָס אמאָל אויסדריקליך געזאָגט אין א לייט ארטיקעל פון דעם ניו־יארקער פּארטיי־אָפּיציאָז:

„די פּאָליטישע מאשין איז אין זיך אליין א גוטע זאך, זי קען דינען א גוטען אָדער א שלעכטען צוועק. אבער יעדער צוועק, צי גוט צי שלעכט וועט בעסער דערגרייכט ווערען דורך א פּארטיי מיט א שטארקער מאשין איידער דורך א פּארטיי מיט א שוואכער אָדער גאָר אָהן א מאַשין*).

דאָס איז ניט קיין פּאראיינצעלטע מיינונג. דער געוועזענער סאָציאליסטישער אסעמבלימאַן (געזעצגעבער) פון סקענעקטאדי, הערבערט מעריל, האָט זיך אויך אויסגעדריקט אין דעמזעלבען זין:

„נאָך אַלעמען זיינען פאראַן אַלערליי מאַשינען... פאר וואָס זאָלען די סאָציאליסטען ניט דיסציפּלינירען די מיטגלידער פון דעם ארבייטערקלאס, זיי זאָלען ווערען רעדער און שרייפלאך פון א מאַשין, וואָס זאָל... פארזיכערען די אויסארבייטונג פון קאָ־לעקטיוויזם און אינדוסטריעלע דעמאָקראטיע?“**)

אזוי לאנג ווי די סאָציאליסטישע פארטיי איז געווען זעהר קליין, האָט זיך דער געזעץ וועגען איר ניט געקימערט. אָבער אין 1907 איז אין דעם סטעיט ניו־יארק אָנגענומען געוואָרען א נייער וואל־געזעץ, וואָס האָט געשטעלט די סאָציאליסטישע פּאר־טיי אף א גלייכען פוס מיט די אַלטע פּארטייען, די סאָציאליסטישע פּארטיי האָט אויך געמוזט איינפירען ביי זיך פריימערים; יעדער איינער וואָס איז א סאָציאליסט און וויל שטימען פאר סאָציא־ליסטישע קאנדידאטען זאָל מעגען קומען צו א סאָציאליסטישער פּארטיי פריימערי, צי ער האָט א פּארטיי־ביכעל, צי ניט, און זאָל מעגען שטימען ניט בלויז, ווער עס זאָל נאָמינירט ווערען פאר א קאנדידאט ביי די וואלען, נאָר אויך פאר מיטגליעדער פון פּארטיי־קאָמיטעס.

---

*) „די וואָרקער“, פעברואַרי 19, 1905.

**) „ניו־יאָרק קאָלל“, דזשוליי 16, 1916.

די מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע זיינען ניט מער ווי א צענטעל פון דער צאָל סאָציאַליסטישע וואוטערס. די צענטעל האָט ביז אהער געהאט די מאַכט אויסצוקלייבן די קאנדידאטען, פאר וועמען די אנדערע ניין־צענטעל האָבען געמוזט וואוטען. די דירעקטע פּריימערים גיבען די וואוטערס אליין א דעה איבער דעם, ווער עס זאָל זיין דער קאַנדידאט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

איר קענט זיך פאָרשטעלען, וואָס פאר א שרעק עס איז געווארען צווישען די גענאָסען: עס וועלען קומען אַלערליי רעוויזיאַניסטען, זיי וועלען זיך אויך אָנרופען סאָציאַליסטען, וועלען נאָמינירען קאַנדידאטען און אפילע אויסקלייבען פּאַרטיי־בעאמטע און פּאַרטיי־קאָמיטעס, אף דעם אופן וועלען זיי קענען ווערען די בעלי־הבתים איבער דער פּאַרטיי. אין דעם „וואָירקער“ זיינען געדרוקט געווען אלערליי פּלענער, ווי אזוי צו מאכען דעם געזעץ צו נישט, די פּאַרטיי זאָל בליבען, ווי פריהער, די בעל־הבית׳טע איבער די וואוטערס.

הילקוויט האָט אריינגעבראכט א פּלאַן אז עס זאָלען עקזיסטירען צוויי פּאַרטיי־ארגאניזאציעס, איינע אן אָפּיציעלע, ווי דער געזעץ הייסט, וואָס וועט אויסגעקליבען ווערען פון אלע וואוטערס, אן אנדערע אן אונאָפּיציעלע, וואָס וועט ציהען די דראָטען ביי די פּריימערים און וועט שוין זיך פאָסטארען אז די „ארגאניזעישאָן“ זאָל פאנעווען איבער די וואוטערס ווי בעפאר. אנאנדער גענאָסע האָט געטרויסט די ניו־יאָרקער גענאָסען מיט דעם ביישפּיל פון וויסקאָנסין: דאָרטען איז אויך פאראן א פּריימערי־לאָא, פונדעסטוועגען האָט די פּאַרטיי־אָרגאַניזעישאָן קיין שוועריקייטען: וואָס זי וויל, דאָס טוט זי, און די וואוטערס זאָגען „באָם“. דער „וואָירקער“ האָט געזאָגט אין אַלייטאַרטיקעל, אז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי מוז זיך פארזיכערען געגען דעם געזעץ וועגען די דירעקטע פּריימערים, קוקט אף די אלטע פּאַרטייען, האָט ער געשריבען, זיי פארלאָזען זיך ניט אף די וואוטערס, יעדע פון זיי האָט איר אייגענע אָרגאַניזאַציע, וואָס פאסט שוין אוף, אז נאָר אזעלכע קאנדידאטען זאָלען נאָמינירט ווערען, וועמען די פּאַרטיי־מאשין האָט שוין פאראויס באַשטימט, אל־א דיכאָציאַליסטישע פּאַרטיי דארף אין דערין נאָכמאַכען די אלטע פּאַר־

טייען, כדי דער געזעץ וועגען די פּריימעריס זאָל ווערען צו גאָר־
נישט.

די אַלטע פּאַרטייען ווייזען נאָך עפּעס דרך ארץ פאַר דעם
וואָוטער ; זיי זאָגען עם : „קומט אריין אין אונזער פּאַרטיי,
מ׳יר וועלען אייך צונעמען מיט דעם גרעסטען פערגעניגען, איר
קענט אויסקלייבען אייערע אייגענע דעלעגאַטען צו דער קאָנווענ־
שאָן, וואָס וועט אויסאַרבייטען די פּלאַטפּאָרמע“. אין דער סאָ־
ציאַליסטישער פּאַרטיי האָבען די סאָציאַליסטישע וואָוטערס גאָר־
נישט וואָס צו זאָגען. איר מעגט זיין א סאָציאַליסט און וואָוטען
דעם סאָציאַליסטישען טיקעט, דאָס גיט אבער אייך נאָך קיין רעכט
ניט אריינצוטרעטען אין די פּאַרטיי ; איר דאַרפט ערסט אָנ־
גענומען ווערען פון אייער דיסטריקט־אָרגאַניזאַציע. לאָמיר זיך
פאָרשטעלען, אז אַלע אָרגאַניזירטע אַרבייטער פון די פּאַראייניק־
טע שטאַטען זאָלען היינט באַשליסען, אז די אַלטע פּאַרטייען זייי־
נען זיי שוין דערעסען געוואָרען און זיי ווילען זיך אָנשליסען אָן
דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. עס וואָלט זיך געענדעט אָן דער פּאַר־
טיי־אָרגאַניזאַציע צו זאָגען, ווער עס זאָל אריינגענומען ווערען און
ווער ניט ; און די פּאַרטיי־פּרעסע האָט זעהר אָפט ערקלערט, אז
זי האָט מורא פאַר א צושטעלען וואוקס פון דער פּאַרטיי, וואָרים
דאָס קען שטעלען אין סכנה איר זאָגענאַנטע „אונקאָמפּראָמיס־
ליבע“ טאַקטיק. אַלזאָ, א הויפען מענשען נעמען זיך דאָס רעכט
צו ענטשיידען פאַר דעם גאַנצען אַרבייטער־קלאַס, ווער עס זאָל
האָבען א שטימע אין דער אויסאַרבייטונג פון אן אַרבייטער־פּלאַט־
פאָרמע און אין דעם אויסקלייבען פון אַרבייטער־קאַנדידאַטען, און
ווער ניט.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־קאָנווענשאָנס אונטערשיידען זיך
קאָם פון די רעפּובליקאַנער אָדער דעמאָקראַטישע. עס איז פאַראַן
א געהיימער קאָקוס פון לידערס, וואָס באַשטימט אין פאָראויס ווע־
מען מ׳זאָל ארויסשטעלען פאַר א קאַנדידאַט, ווער זאָלען זיין די
קאָמיטעס, א רעגעלער „סלעיט“ ; די עפּענטליכע פאַרהאַנדלונ־
גען פון דער קאָנווענשאָן זיינען ניט מער, ווי א טעאַטער־שפּיל.
ווען איר באַלאַנגט ניט צו ערגעץ א קליקע, ווען איר זייט פּשוט
א דעלעגאַט, מעגט איר גאַנץ גוט זיצען אין דערהיים, די קאָנווענ־
שאָן האַלט אין איין היילענעס און האָט גאָר קיין צייט ניט פאַר א

גרינדליכע דעבאטע. א „קיקער" (און „אונצופריעדענעם") האט מען פיינט אין דער סאָציאַליסטישער פארטיי אקוראט ווי אין די אַלטע פּארטייען, נאר אין טעמעני איז מען צופריעדען דערמיט, וואָס מ'לאָזט עם ניט עפענען דעם מויל, אין דער סאָציאַליסטישער פּאר־טיי וועט מען עם סוף כל סוף אויסשליסען אלס א „פּאררעטער".

געגען אונאפּהענגיקע קאנדידאטען איז די סאָציאַליסטישע פּארטיי נאָך מער פארביסען, איידער די אלטע פּארטייען: הוירסט איז ניט ארויסגעוואָרפען געוואָרען פון דער דעמאָקראטישער פּאר־טיי, נאָכדעם ווי ער איז געלאָפען געגען דעם „רעגעלען" דעמאָ־קראטישען פּארטיי־קאנדידאט פאר מעיאָר, — דער געוועזענער סאָציאַליסטישער מעיאָר קאָלטער, פון בראָקטאָן, איז יע ארויס־געטריבען געוואָרען פון דער פּארטיי דערפאר, וואָס ער איז נאָך אמאָל געלאָפען אלס אונאָפּהענגיקער קאנדידאט. די פּארטרעטער פון דער סאָציאַליסטישער מאשין־פּאָליטיק, באַרשטעהט איך, זיי־נען ניט צופרידען מיט א קאנדידאט וואָס איז א פּארטרעטער פּראָסט פון סאָציאַליזם, אלס פּרינציפּ. זיי ווילען דער קאנדידאט זאָל זיין א ווערקצייג פון דער פּארטיי־מאשין.

3.

## מאשין פּאָליטיק אין די סאָציאַליס־טישע שטאָט־אדמיניסטראציעס.

ווען אַ קאַנדידאט פון טעמעני ווערט ערוועהלט פאר מעיאָר, איז ער ניט דער דינער פון דער גאַנצער שטאָט, ווי ער האָט געזאָלט זיין נאָך דעם געזעץ נאָך, נאר ער איז איינפאָך א פּריקאַזציק פון טעמעני האָל: ער מוז זיך מייעב זיין מיט דער פּארטיי־קאָמיטע וועגען יעטוועדער וויכטיקער זאך, ער איז פאראנטוואָרטליך צו דער פּארטיי, ניט צו די וואוטערס. אין דער סאָציאַליסטישער פּארטיי איז באַלד פון אָנהויב אָן געגאנגען אויך אזוי. דער ערסטער סאָציאַ־ליסטישער מעיאָר אין אמעריקע, טשעיס, וועלכער איז ערוועהלט געוואָרען פאר מעיאָר אין העיווערהיל, מאַסאטשוסעטס, אין 1898, פלעגט זיך וועגען אלע שטאָטישע עסקים מייעב זיין מיט די פּאָר צענדליק פּארטיי־מיטגלידער. די פּאָר טויזענט וואוטערס, וואָס האָ־בען פאר איהם געשטימט, האָבען קיין שום דעה ניט געהאט. אין יענע צייטען איז די סאָציאַליסטישע פּארטיי געוועזען ניט מער, ווי

א פאראיין פאר פראפאגאנדע. היינט איז זי שוין די „דריטע" פּארטיי אין לאנד, אין פילע קליינע און מיטעלערע שטעט האָט זי שוין געוואונען די פּאָליטישע מאכט. זי דארף זיך פארנעמען מיט פראַגען וועגען שטאַט־פּארוואלטונג, און עס ווייזט זיך אויס, אַז זי געהט אויף דעם וועג פון די אַלטע פּאָליטישע פּארטייען און האלט זיך פעסט אָן די זעלבע מעטאָדען פון מאַשין־„פּאָליטיקס", געגען וועלכע עס איז גערינכטעט די גאנצע פראגרעסיווע פּאָליטישע באוועגונג פון די לעצטע יאָרען.

ווי איך האָב שוין פריהער געזאָגט, האלט זיך די מאכט פון די אַלטע פּארטיי־מאַשינען אף דעם „ספּאָילז־סיסטעם",*) וואָס מען רופט אף ניו־יאָרקער אידיש — די קאָריטע. דער ערסטער מיטעל אפצושוואכען דעם ספּאָילז־סיסטעם איז די „סיוויל סער־וויס רעפּאָרם" (די רעפּאָרמע פון דעם ציוויל־דינסט, אף טייטש). די רעפּאָרמע באשטעהט אין דעריין, אַז די בעאמטע, וואָס טוען פאר די רעגירונג געוואוינלאכע ארבייט, וועלכע האָט ניט קיין שייכות צו איר פּאָליטישען פּראָגראם, זאָלען באשטימט ווערען אף זייערע שטעלען דורך אָן עקזאמען, מיט א קאָנקורס, ניט דורך פּראָטעקציע („פּול", ווי מ'רופט עס אין אמעריקע). נו, ווען די ערסטע סאָציאליסטישע אדמיניסטראציע איז אין 1910 ערוועהלט געוואָרען אין מילוואקי, א שטאָט מיט איבער פיר הונדערט טוי־זענט איינוואוינער, איז פארבליבען אין קראפט דער אלטער כלל, אז צו קריגען א שטעלע דארף מ'זי האָבען א „פּול", — ווען ניט א פּאָליטישען, טו א פערזענליכען פּול.

לאָמיך איך געבען אַביישפּיל. די סאָציאליסטישע שטאָט־פּארוואלטונג האָט באשלאָסען איינצופירען א מאָדערנעם סיסטעם פון בוכפירונג. דאָס איז גאנץ גוט. ווי טוט מען עס אָבער? אָט האָט די אינטערסטעיט קאמערס קאָמישאָן מיט צוויי יאָר פריהער פּאָרגעשריבען אַ נייעם סיסטעם בוכפירונג פאר אַלע אייזענבאַ־נען און זי האָט נויטיק געהאט אַ סך ספּעציאליסטען דערצו, וואָס

*) דער אויסדרוק שטאַמט פון פּרעזידענט דזשעקסאָן, וועלכער האָט געזאָגט באלד נאָך דעם ווי ער איז ערוועהלט געוואָרען, אַז „דעם זיגער געהערען די אָנגערויבטע אוצרות" (ספּאָילז), מיינענדיק די שטעלען ביי דער רעגירונג.

זאָלען קענען אונטערזוכען די ביכער פון די אייזענבאַנען. וואָס האָט זי געטאָן? זי האָט אנאָנסירט א קאָנקורס, און יעדער פאַכמאַן האָט געהאט די געלעגענהייט צו באווייזען וואָס ער קען. אף דעם אופן האָט די קאָמישאָן געהאט די מעגלאכקייט אויסצו־קלייבען פאר די שטעלען די בעסטע ספּעציאַליסטען, וואָס זיינען פאַראַן אין אמעריקע. אנאנדער ביישפּיל איז די עפענטליכע ביב־ליאָטעקע פון שיקאַגאָ. די שטאָט האָט געוואָלט האָבען א הויפּט ביבליאָטעקאַר. די געהאַלט איז אַן ערך צען טויזענט דאָלאַר א יאָר. געוואוינטלאך קלייבט מען אויס פאר אַזעלכע שטעלען א מענטש מיט א גרויסען פּוּל. אָבער די קאַפּיטאַליסטישע שטאָט־פאַרוואַלטונג פון שיקאַגאָ האָט אף די שטעלע אויך ערקלערט אַן עפענטליכען קאָנקורס פאר אַלע ספּעציאַליסטען אין דעם פאַך.

נו, ווי־זשע האָט די סאָציאַליסטישע אדמיניסטראַציע פון מילוואָקי געהאנדעלט? גאָר אף דעם אַלטען שטייגער. וויקטאָר בערגער איז געפאָרען קיין מעדיסאָן (די הויפּט־שטאָט פון וויס־קאָנסין) און האָט זיך דאָרטען נאָכגעפרעגט ביי לייטען, צי קענען זיי ניט א ספּעציאַליסט אין שטאָט־פינאַנסען, און זיי האָבען עס נאַראַיעט איינעם א מיסטער האַגענאַו, וואָס איז געוועזן דער אקאונ־טאַנט פאר די אייזענבאַן־קאָמישאָן פון וויסקאָנסין.

דער שטרייט צווישען דר. לאָן, דעם סאָציאַליסטישען מעיאָר פון דער שטאָט סקענעקטעדי, און דער „אָרגאַניזעישאַן“ פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פון דעם סטעיט ניו־יאָרק אין 1916 איז ארויסגעקומען פּשוט צוליב פּאָליטישע „דזשאָבס“, אזוי ווי עס האָט פּאַסירט מיט עטלאכע יאָר פריהער צווישען מעיאָר גיינאָר פון ניו־יאָרק און טעמעני־האָל.

דער שטרייט צווישען דר. לאָן און דער פּאַרטיי־אָרגאַניזעי־שאָן פון סקענעקטעדי האָט זיך אָנגעהויבען נאָך איידער ער איז נאָמינירט געוואָרען פאר מעיאָר. ווי די ניו־יאָרקער „פאָלקס־ציימונג“ האָט באריכטעט, האָט לאָן ערקלערט פאר דעם לאָקאַל פון דער פּאַרטיי, אז אויב עס וועט עס אויסקומען וועט ער לויפען אַלס אונאָפּהענגיקער קאנדידאַט פאר מעיאָר. ס'ווייזט אויס, מ'האָט ווי עס איז געמאכט שלום, לאָן איז נאָמינירט געוואָרען אַלס קאנדידאַט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, ער האָט זיך ענטזאגט פון אַלע אינדאָרסמענטס, וואָס אנדערע פּאַרטייען האָ־

בען עס אַנגעבאַטען, און ער איז ערוועהלט געוואָרען פאר דעם אַמט פון מעיאר. דאָ האָבען זיך אָבער באלד אָנגעהויבען צרות.

אַלס מעיאר האָט ער געדארפט אויסקלייבען די העכסטע בעאַמטע פאר די פערשידענע אָפּטיילונגען פון דער שטאָט־פּארוואלטונג. די פּארטיי־אָרגאַניזאציע האָט געפאָדערט פון עם, אַז ער זאָל אָנשטעלען נאָר אַזעלכע לייט, וועמען זי וועט גוט הייסען, און אַז ער זאָל צו דעם צוועק צושטעלען איהר אין פאָראויס די נעמען פון אַלע קאנדידאטען, וועמען ער וויל אָנשטעלען. אַזוי האָט זיך אימער געפירט אין טעמעני־האָל. פּאקטיש וואָלט עס געהייסען, אַז דער מעיאר לאָזט איבער דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאציע אויסצוקלייבען די נויטיגע לייט. פּארשטעהט זיך, האָט זי געוואָלט אָנשטעלען גוטע פּארטיי־לייט. מעיאָר לאָן האָט געענטפערט, אַז ער איז אַ בעאַמטער פון דער שטאָט סקענעקטעדי, ניט פון דעם סאָציאַליסטישען לאָקאל, אַז ער איז ערוועהלט געוואָרען פון די וואוטערס בכלל, ניט נאָר פון די מיטגלידער פון לאָקאל, און דעריבער איז ער פאראנטוואָרטלאך צו דעם פאָלק פון דער שטאָט. כדי ער זאָל קענען טראָגען די פּאראנטוואָרטלאכקייט, דארף ער אליין האָבען די דעה, וועמען צו פּארטרויען די געשעפטען פון דער שטאָט. ער קען דאָס ניט איבערגעבען צו אַ גרופּע פון אַ פּאָר הונדערט מענטשען, וואָס זיינען צו קיינעם ניט פּאראנטוואָרטלאך.

צו פירען די געשעפטען פון אַ שטאָט פון קרוב הונדערט טויזענט איינוואוינער, מוז מען זיין קאָמפּעטענט, עס איז ניט גענוג צו זיין אַ גוט־שטעהענדער מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי.

צווישען די לייט, וואָס ער האָט אָנגעשטעלט, זיינען געווען עטלאכע מיטגלידער פון די אַלטע פּארטייען. דער סאָציאַליסטישער לאָקאל האָט געזאָגט דעם מעיאר, אַז עס זיינען פאַראַן צווישען זיינע מיטגלידער אַזוינע, וואָס זיינען פונקט אַזוי קאָמפּעטענט, ווי די פּערזאָנען, וואָס ער האָט אויסגעקליבען. לאָן, פּארקערט, איז געווען מיט דער מיינונג, אַז די לייט, וואָס ער האָט אויסגעקליבען, זיינען די בעסטע.

מילא, וועגען די מעלות און חסרונות פון די פּערזאָנען איז שווער פאר א זייטיקען מענטשען ארויסצוזאָגען א מיינונג. אפשר

איז דער לאַקאַל געווען געדעכט און אפשר איז דער מעיאָר געווען גערעכט. און ווידער, ווי קען מען מעסטען, ווער איז דער בעסע־רער און ווער איז דער ערגערער קאנדידאַט? אַף די העכסטע עמ־טער קען מען ניט אימער באַשטימען אַ קאַנדידאַט דורך אַן עקזאַ־מען. אי דער לאַקאַל, אי דער מעיאָר זיינען אין דעם פּונקט געווען אייניק, אַז די עמטער, וועגען וועלכע עס איז אַרויסגעקומען דער סכסוך, דאַרף מען באַזעצען אָן אַן עקזאַמען. די פראַגע איז נאָר געווען, ערסטענס, ווער זיי זאָלען זיין: צי פּאַרטיי־מיטגלידער, צי זייטיקע מענטשען, און צווייטענס, ווער זאָל זיי אויסקלייבען: צי דער מעיאָר, צי דער לאַקאַל. דאָס זיינען פּרינציפּיעלע פראַגען, ניט קיין פּערזענליכע, און דאָס וועלען מיר צוגלידערען.

דער לאַקאַל האָט זיך געשטיצט אַף דעם, וואָס דר. לאַן האָט אַ פּאָר טעג פאַר זיין איינטריט אין אַמט צוגעשטעלט די נעמען פון זיינע קאנדידאַטען צום לאַקאַל, הייסט דאָס, אַז ער האָט אנער־קענט דאָס רעכט פון דעם לאַקאַל צו זאָגען אַ דעה. נאָר וואָס דען? ער האָט צוגעשטעלט די נעמען צו שפּעט, און איידער זיי האָבען צייט געהאַט עס צו מעלדען, אַז זיי זיינען ניט מסכים אַף זיינע קאַנדידאַטען, האָט ער שוין די קאַנדידאַטען באַשטימט אַף די שטעלען. עס איז אמת, אַז פון זיין אייגענעם שטאַנדפּונקט, האָט דר. לאַן באַגאַנגען אַ פעלער דערמיט, וואָס ער האָט צוגעשיקט דעם צעטעל צו דעם לאַקאַל: אויב דער לאַקאַל דאַרף ניט האָבען קיין דעה אין דעם ענין, טו צו וואָס האָט ער געדאַרפט אריינשיקען די נעמען צו דעם לאַקאַל? עס ווייזט אויס, ער האָט דאָס געטאָן נאָר פון יוצא וועגען, ער האָט פּשוט ניט געוואָלט קריגען זיך מיט דעם לאַקאַל. דערמיט אבער, וואס ער האָט אריינגעשיקט די נעמען מיט אַ פּאָר טעג פאַר דעם אָנהויב פון זיין טערמין, האָט ער געגעבען אָנצוהערענעס, אַז ער וועט אַליין אויסקלייבען זיין „קאַבינעט". ער האָט מסתמא געהאָפט, אַז דער לאַקאַל וועט זיך אויך ניט ווע־לען קריגען מיט עס און וועט עס אַראָפּשלינגען. אין דער טעאָ־ריע וועט דאָס הייסען, אַז דער לאַקאַל האָט אַן אויפזיכט איבער דעם, וועמען דער מעיאָר באַשטימט פאַר די העכסטע עמטער, און אין דער פּראַקטיק וועט ער באַשטימען, וועמען ער וויל. דאָס איז געווען אַן אונגעלונגענער קאָמפּראָמיס. צוליב דעם פּראַקטי־שען רעזולטאַט איז דר. לאַן צופרידען געווען צו פאַרבויגען זיין פּרינציפּ. די געגנאָסען פון זיין לאַקאַל פאַרקערט האָבען ניט גע־

מיינט די הגדה, וואָס ער האָט זיי אוועקגעגעבן, זיי האָבן טאַקע געמיינט די קנײדלאַך.

די פּאַרטיי טענה׳ט, אַז דערמיט, וואָס דער מעיאָר האָט אָנגענומען די נאָמינעישאָן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, האָט ער אַף זיך גענומען אַ פאַראַנטוואָרטלאַכקייט צו דער פּאַרטיי. עס איז ניט פּראָסט אַ פּערזענליכער זיג פון דר. לאָן, עס איז אַ זיג פון דעם קאַנדידאַט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אויב דר. לאָן וועט אין זיין אַמט אָנמאַכן פעלערן, וועט דער פלעק פאַלן אַף די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. די גאַנצע פּאַרטיי וועט דורך דעם ליידען ביי די צוקינפטיקע וואַלן. עס האָט זיך דאָ געהאַנדעלט ניט פּראָסט אום טעכנישע אַרבייט. נאָר אום די פּרינציפּיעלע שטעלונג פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג צו די טעגלאַכע געשעפטען, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער סאָציאַלער פראַגע. דעריבער איז נויטיק, אַז דעם מעיאַרס „מיניסטאָרען״, אַזוי צו זאָגן, זאָלן זיין מענטשען מיט סאָציאַליסטישע פּרינציפּען. ווען אָבער מעיאָר לאָן שטעלט אָן אַף דעם פּאָסט פון טשיעף אָף פּאָליס, למשל, אַ מענטשען מיט אַ קאַפּיטאַליסטישער געזינונג, קען אַזאַ מאַן אָננעמען אַ פיינדליכע שטעלונג געגען די אַרבייטער אין דער צייט פון אַ סטרייק. דאָס איז איין זייט.

מעיאָר לאָן ענטפערט אַף דעם, אַז ער איז ערוועהלט געוואָרען פאַר דעם אַמט פון מעיאָר פון דער שטאָט סקענעקטעדי, ניט פאַר אַן אַמט אין דעם לאָקאַל, און עס האָבן פאַר עם געשטימט טויזענטער וואוטערס, וואָס באַלאַנגען ניט צום לאָקאַל. ער איז פאַראַנטוואָרטליך צו זיי — ניט נאָר צו די מיטגלידער פון דעם לאָקאַל. איבערגעבען צו די מיטגלידער פון דעם לאָקאַל די מאַכט צו באַשטימען די העכסטע בעאַמטע פון דער שטאָט, וואָלט באַדייטען, אַז ער האָט פאַקטיש רעזיגנירט זיין אַמט פון מעיאָר צו גונסטען פון אַ קליינער גרופּע מענטשען, וואָס קיינער האָט זיי ניט אויסגעקליבען, דאָס האָט ער קיין רעכט ניט צו טאָן.

דער לאָקאַל האָט פאַרקלאָגט דעם מעיאָר פאַר דער סטעיט קאָמיטע פון דער פּאַרטיי. די סטעיט קאָמיטע האָט געשיקט אַלדזשעראָן לי און נאָך צוויי מעמבערס צו אונטערזוכען דעם סכסוך. לי, ווי איר געדענקט, גלויבט אין אַ פּאָליטישע מאַשין, די איינציקע צרה מיט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז, נאָך

זיין מיינונג, וואָס איר מאַשין איז ניט געווען שטאַרק. איר קענט לייכט פאַרשטעהן, אַז אויסהערענדיק זיין רעפּאָרט, האָט די סטעיט־קאָמיטע גע׳פּסק׳ענט פאַר דעם לאָקאַל און געגען דעם מע־יאָר. די „ניו־יאָרקער פאָלקס־צייטונג" האָט זיך רעדאַקציאָנעל געזעצט שבעה נאָך לאָנ׳ען, דעם רעפאָרמער. אבער ער האָט מודיע געווען, אַז ער אנערקענט ניט דאָס רעכט פון דער סטעיט־קאָמיטע פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אריינצומישען זיך אין די פאַר־וואַלטונג פון דער שטאָט סקענעקטעדי.

מ׳קען ניט לייקענען, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי טראָגט אַ געוויסע פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר אירע קאַנדידאַטען. אויב אַ סאָציאַליסטישער בעאַמטער זאָל אוועקגעהען אויף אַ קרומען וועג, וועט דאָס געוויס שעדיקען די גאַנצע פּאַרטיי. דעריבער האָט די פּאַרטיי דאָס רעכט אויסצוקלייבען די פּערזאָן, וועמען זי וויל נאָמינירען פאַר איר קאַנדידאַט פאַר אַ פאַראַנטוואָרטליכען אַמט, ווי דער אַמט פון מעיאָר. עס איז די פליכט פון דער פּאַרטיי צו זעהן, אַז איר קאַנדידאַט זאָל פאַרשטעהן די פּרינציפּען פון איר פּלאַטפאָרמע, זאָל זיין אין איינקלאַנג מיט איר טאַקטיק און זאָל זיין אַ מענטש, אויף וועמען מ׳זאָל זיך קענען פאַרלאָזען, אַז ער וועט צו יעדער צייט טריי פאַרטרעטען די פּרינציפּען פון דער פּאַרטיי.

איז מעיאָר לאָן אַ מענטש, אויף וועמען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט זיך געקענט פאַרלאָזען? ער איז ניט געווען קיין גרינער אין דער פּאַרטיי, ער איז שוין איין מאָל געווען מעיאָר פון סקענעקטעדי און איז דעמאָלט אויך געלאָפען אַלס קאַנדידאַט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. אַלזאָ האָט די פּאַרטיי געוואוסט, ווי ער וועט זיך האַלטען, אויב ער וועט ערוועהלט ווערען נאָך אַמאָל פאַר דעם זעלביקען אַמט. ווייבאַלד זי האָט געוואוסט, וואָס ער איז, און האָט עם נאָמינירט, הייסט דאָס, אַז זי פאַרלאָזט זיך אויף עם, אַז ער וועט איר קיין חרפּה ניט אָנמאַכען. איר נאָמינעי־שאָן הייסט, אַז זי רעקאָמענדירט עם צו די וואוטערס פון דער שטאָט סקענעקטעדי אַלס אַ פּאַסענדען קאַנדידאַט פאַר דעם אַמט פון מעיאָר. דערמיט ענדיקען זיך אירע פליכטען און אירע רעכ־טע. אויב ער וועט חלילה טאָן עפּעס שלעכטס, דעמאָלט וועט זי עם מיגען פאַרדאַמען. אבער אויב ער איז יע אַ פּאַסענדער מענטש, וועמען די פּאַרטיי קען רעקאָמענדירען צו די וואוטערס, אַ מענטש,

אף וועמען מ׳קען זיך פארלאָזען, טו פאר וואָס זאל מען עם וועלען בינדען די הענט אין פאָראויס?

ווי איר זעהט, האָט זיך אין דעם סכסוך צווישען דעם סאָציאַליסטישען מעיאָר און זיין פּארטיי־אָרגאַניזאציע איבערגע׳חזר׳ט דער זעלבער קאמפף געגען פּארטיי־הערשאפט, וואָס געהט שוין א פּאָר צענדליק יאָהר אָן אין דער אמעריקאנער פּאָליטיק.

די אמעריקאנער פּאָליטישע רעפּאָרמערס זיינען געקומען צו דער איינזיכט, אז די פּארטיי איז א פאראייניקונג פון מענטשען, וואָס האָבען זיך אליין אויסגעקליבען פאר קהל׳שע פארזאָרגערס און זיינען צו קיינעם ניט פאראנטוואָרטליך. דאָס הערכסטע, וואָס דער וואוטער קען טאָן, איז אויסבייטען איין קאָמאנדע אף אן אנדערע. די רעפּאָרמערס האָבען זיך גענומען צו דער ארבייט און האָבען דורכגעפירט א גאנצע רייהע געזעצען, וואָס מאכען די ערוועהלטע בעאמטע פאראנטוואָרטליך דירעקט צו די וואוטערס. אויב די וואוטערס זיינען אונצופרידען מיט א בעאמטען, האָבען זיי די מיטעל פון עם פּטור צו ווערען.

ענטפערען אף דעם די כאָציאליסטישע טעאָרעטיקער פון מאַשין־„פּאָליטיקס“, אז די קאָנטראָליע פון די וואוטערס עקזיסטירט נאָר אפ׳ן פּאפּיער, — אז דער גאנצער עולם דארף אופּפּאַסען, לאָזט זיך אויס, אז קיינער פּאסט ניט אוף. ווען דער בעאמטער איז ניט פאראנטוואָרטליך צו אן אָרגאניזירטער פּארטיי, איז ניטאָ ווער זאָל זיך צו עם נעמען, ווען ער פירט זיך ניט ווי געהעריק. מיר מוזען זיך אלזאָ פארלאָזען אף די פּארטיי. מיר ווייסען אָבער, אז ווען אן ערוועהלטער סאָציאליסטישער פּארטיי־קאנדידאט פירט זיך ניט ווי די פּארטיי וויל, קען זי עם אויך גאָר־נישט ניט טאָן, סך הכל קען זי געגען עם פּראָטעסטירען, אָבער דאָס קען פּונקט אזוי גוט טאָן א פּריוואַטע קאָמיטע פון וואוטערס. פּארקערט אָבער, ווען עס איז פאראן א פּארטיי וואָס נעמט זיך אונטער אופּצופּאסען אף די ערוועהלטע בעאמטע, איז ווידער א קשיא: ווער וועט אופּפּאַסען אף די פּארטיי גופא? ווען אלע בעאמטע זיינען אָפּהענגיק פון דער אָרגאניזאציע, וועלען זיי נאַטירליך פאָלגען דעם ווילען פון דער פּארטיי־אָרגאניזאציע. ווען א מעיאָר פירט זיך ניט ווי געהעריק, טו האָבען די וואוטערס די

ברירה פאר עס ניט צו שטימען, אויב ער לויפט דעם צווייטען
מאל. די מיטגלידער פון א פארטיי אבער ערוועהלען זיך אליין,
די וואוטערס בכלל האבען איבער דער מיטגלידערשאפט פון דער
פארטיי גאר קיין דעה ניט.

כל־זמן עס האט נאך עקזיסטירט דער פארטיי־קאלום אפ'ן
באלאט, האט מען נאך געקענט זאגען, אז דער וואוטער, וואס האט
געשטימט „סטרייט", האט מיט דעם צלם אונטער דעם פארטיי־
ציכען געשטימט פאר די סאציאליסטישע פארטיי, ניט פאר די
פערזאן פון ערגעץ א קאנדידאט.*) אפילע דעמאלט זיינען געוועזען
א סך וואוטערס, וואס האבען געשטימט פאר פארשידענע קאנדי־
דאטען פון פארשידענע פארטייען. מיט דער איינפירונג פון דעם
מאסאטשוזעטס באלאט, קען מען שוין דאס בשום אופן ניט בא־
הויפטען. דער וואוטער שטימט פאר יעדען איינצעלנעם קאנדי־
דאט באזונדער, ניט פאר דעם קאנדידאט'ס פארטיי. די וואוטערס
פון סעקענעקטעדי האבען ערוועהלט דר. לאן פאר מעיאר, ניט
דעם לאקאל סקענעקטעדי, די פאדערונג, ער זאל אנשטעלען נאר
יענע לייט, וואס די פארטיי רעקאמענדירט עס אדער אף וועמען זי
איז מסכים, איז א שריט צוריק פון דעמאקראטיע צו מאשין־פא־
ליטיק. מעיאר לאן איז געוועזען גאנץ גערעכט, וואס ער האט צוריק־
געוויזען די רעאקציאנערע פרעטענזיעס פון די פאליטישענס פון
זיין פארטיי.

דערפאר האט עס די „ארגאניזעישאן" פון דער פארטיי גע־
שטעלט אונטער אן אנקלאגע. ער איז געפונען געווארען שולדיק,
און א מאיאריטעט האט עס געוואלט ארויסווארפען פון לאקאל,
אבער דערצו דארף מען האבען צוויי דריטעל מאיאריטעט, און דאס
האבען זיינע געגנערס ניט געהאט. די סטעיט־קאמיטע האט בא־
שלאסען צו „רעארגאניזירען" דעם לאקאל, דאס הייסט, אוועק־
נעמען ביי איהם דעם טשארטער און ארגאניזירען א נייעם לאקאל
אין וועלכען מען וועט אריינגעמען נאר אזעלכע פון די פריהערע

*) אויף דעם זשארגאן פון די פאליטישענס הייסט דאס שטימען
פאר „א געלען הונט", אבי ער איז דער קאנדידאט פון דער פארטיי.

מיטגלידער, וואָס זיינען „סעיף"‚*) ווי מ'רופט דאָס אַף דעם לשון פון די אמעריקאנער פּאָליטישענס, דאָס הייסט, אייגענע מענטשען. אַף וועמען מ'קען זיך פּאַרלאָזען.

אין דעם סאָציאַליסטישען לעבען דאָ היע איז דאָס שוין אויך קיין נאָווינע ניט. אין 1897 האָט די אַלטע ס. ל. פּ. אַף דעם אופן רעאָרגאַניזירט די דריי אידישע דיסטריקטען, וואָס האָבען אקאָרסט געהאַט געגרינדעט דעם „פאָרווערטס", אַלס אָרגאַן פון דער אָפּאָ־זיציאָן. מ'האָט אוועקגענומען די טשאַרטערס ביי די דיסטריקטען און אין די נייע „רעאָרגאַניזירטע" דיסטריקטען האָט מען ניט אריינגענומען קיין איינציקען פּאָרווערטסיסט.

די „רעאָרגאַניזעישאַן" האָט דעמאָלט פּונקט, ווי איצט, גע־האַט דעם צוועק פּאַקטיש אויסצושליסען פון דער פּאַרטיי די אָפּאָ־זיציאָן, אָן קיין שום געריכט. איר פּאַרשטעהט דאָך, אז ווען מ'וויל אויסשליסען א מיטגליד פון דער פּאַרטיי, דאַרף מען עם שטעלען אונטער אָן אנקלאַגע און עם געבען א פּראָצעס. אויב מ'וועט געגען עם פּערזענליך עפּעס קענען דערווייזען, קען מען עם אויסשליסען פון דער פּאַרטיי; אויב ניט, בלייבט ער א מיטגליעד פון זיין ברענטש אָדער לאָקאַל. הייַנט, ווען מ'זאָל אָנקלאָגען די זעקס און זעכציק מיטגלידער, וואָס האַלטען פאַר לאָנ'ען, טו אין וואָס באשטעהט זייער פאַרברעכען? וואָס זיי האָבען געשטימט, אז לאָן האָט קיין פאַרברעכען ניט באגאנגען און עס קומט עם ניט צו באַשטראָפען? דאָס איז דאָך ניט מער ווי א מיינונג, און מעג דען די סאָציאַליסטישע פאַרטיי ארויסוואַרפען מיטגלידער נאָר צוליב זייערע מיינונגען? ווען אָבער זייער לאָקאַל איז אופגעלייזט גע־וואָרען, דאַרפען זיי אריינקומען אַלס נייע מיטגלידער, און דער־מאָלט נעמט מען זיי ניט אריין.

מעיאַר לאָן'ס געגנער האָבען אחר המעשה געזוכט אַף עם אַלערליי עבירות. ערסטענס, איז ער פאַר „פּריפערעדנעס". די סאָ־ציאַליסטישע פּאַרטיי איז גערעכט טאַקע, וואָס זי פּאָדערט פון אירע פּאַרטרעטער, זיי זאָלען ניט שטימען פאַר מיליטערישע אויסגאַבען, אבער וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט מעיאָר לאָנ'ען? ער קען דאָך ניט שטימען פאַר אָדער געגען מיליטערישע אויסגאַבען, וואָרים זיין אמט האָט דערמיט גאָר נישט צו טאָן. אַט איז דער

*) „בלאָגאָנאַדיאָזשנע" אַף רוסיש.

סאָציאַליסטישער מעיאָר האָון פון מילוואָקי אויך אזוי פּאַטריאָ־טיש, ווי מעיאָר לאָן, עס זיינען פאַראַן נאָך אַ סך אַנדערע פּירערס פון דער פּאַרטיי, וואָס זיינען פאַר „פּריפּערעדנעס". אויב די פּאַר־טיי זאָל זיך נעמען צו זיי אַלעמען, וועט זי זיך מוזען צושפּאַלטען*)

צווייטענס, האָט דר. לאָן אַליין געשטימט פאַר דעם פּונקט פון דער קאָנסטיטושאַן, וואָס צווינגט די ערוועהלטע פּאַרטיי־לייט אָנצושטעלען נאָר אַזעלכע בעאַמטע, וועמען די „אָרגאַניזעישאַן" וויל. על כן דאַרף ער פאָלגען דעם געזעץ. ענטפערט ער, אַז איידער ער האָט אָנגענומען די קאַנדידאַטור, האָט ער ערקלערט פאַר אַ מיטינג פון דעם לאָקאַל, אַז ער נעמט אָן נאָר בתנאי, אַז ער זאָל אַליין פריי זיין אָנצושטעלען, וועמען ער געפינט פאַר פּאַסיק.

דאָ שטעלען זיך אַלערליי גמרא־קשיות: צי האָט דער לאָ־קאַל געהאַט דאָס רעכט אָנצונעמען דעם תנאי? צי האָט ער גע־מעגט עובר זיין אָף די פּאַרטיי־קאָנסטיטוציע, וואָס ער גיט צו, ער האָט געטאָן? די דאָזיקע פראַגען קענען אינטערעסירען נאָר אַן ענגען קרייז מענטשען. פאַר דעם ברייטען עולם שטעהט דאָ אַ וויכטיקערע פּרינציפּיעלע פראַגע: דאַרף דער ערוועהלטער קאַנ־דידאַט אָנשטעלען אַזעלכע בעאַמטע, וואָס די פּאַרטיי־„אָרגאַני־זעישאָן"**) רעקאָמענדירט, הגם ער מיינט, אַז זיי טויגען ניט, אָדער ער מעג אויסקלייבען אַ מענטשען, וועמען ער אַליין געפינט פאַר פּאַסענד?

---

*) קורץ נאָך דעם ווי מעיאָר לאָן איז ארויסגעוואָרפען געוואָרען פון דער פּאַרטיי, איז איבערגעגעבען געוואָרען אָף אַ רעפערענדום פון די מיטגלידער פון דער גאַנצער פּאַרטיי אין אַמעריקע די פאָדערונג פון אַ לאָקאַל, אַז וויקטאָר בערגער זאָל אַראָפּגעזעצט ווערען פון דעם אַמט פון אַ מיטגליד פון דער נעשאָנאַל קאָמיטע (צ. ק.) פון דער פּאַרטיי, דערפאַר וואָס ער איז אין דעם „מילוואָקי לידער" ארויסגעקומען פאַר „פּריפּערעדנעס". אָבער די פאָדערונג איז נידערגעשטימט געוואָרען מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט. תייסט דאָס, אַז בערגער מעג און לאָן טאָר ניט?

**) „אָרגאַניזעישאָן" איז דער עדעלער נאָמען פאַר אַ פּאָליטישע מאַשין.

די פארטיי־פירערס ענטפערען אף דעם, אז אויב דער מעיאר זאל האבען אזא מאכט, קען ער אויפבויען אן אייגענע פערזענליכע מאשין, צוגעגעבען, אז דאס איז מעגלאך, איז דעמאלט די קשיא: וואס איז בעסער, א מאשין, וואס באשטעהט פון מענטשען, העמעס נעמען אפילו זיינען אונבאקאנט צו די וואוטערס, אדער א מאשין, וואס ווערט קאנטראלירט פון אן ערוועהלטען שטאט־בעאמטען, וועלכער איז פאראנטווארטליך צו די וואוטערס און קען אין צוויי יאר ארום דורכפאלען ביי דער וואל, אויב ער האנדעלט געגען דעם ווילען פון די וואוטערס? אדער אנדערס גערעט, וואס איז בעסער: אן „אינוויזיבל גאווערנמענט“, א רעגירונג אינו־נראה, וואס איז צו קיינעם ניט פאראנטווארטליך, אדער א רעגירונג, וואס איז פאראנטווארטליך צום פאלק?

עס איז אינטערעסאנט צו הערען, ווי עס ענטפערט אף דעם די ניו־יארקער „פאלקס־צייטונג“, דער ארגאן פון די ארטאדאקסען פון דער היים:

„עס אונטערליגט קיין צווייפעל, דאס דזשארדזש ר. לאן אין דער סאציאליסטישער פארטיי אויסגעשפיעלט האט, דאס די שטאאט־עקזעקוטיווע דען אפעלירענדען גענאסען פאן סקענעקטעדי רעכט געבען אונד איינע רעארגאניזירונג דער דארטיגען פארטיי־ארגאניזאציאן פארנעהמען ווירד. דאמיט איסט די פראגע דער פארטיי־צוגעהעריגקייט לאן'ס איין פיר אלעמאל געלעזט. יעדער סאציאליסט וועט עס בעדויערען... דאס דער מעיאר פון סקענעקטעדי מוז פון איצטער אן בעטראכט ווערען פאר א געגנער פון דער סאציאליסטישער בעוועגונג... און דאך איז קיין אנדער ברירה ניטא. אויב די סאציאליסטישע באוועגונג פון די פאראייניקטע שטאטען וויל זיין טריי צו איר אויפגאבע צו זיין די פארטרעטערין פון די פראלעטארישע ארבייטער אינטערעסען אף דעם פאליטישען און עקאנאמישען געביט, דולדעט זי, דאס איינצעל פערזאנען, פירער זאלען זיך האלטען אזוי הויך איבער דער מאסע, איבער דער ארגאניזאציאן, אז זיי זאלען געהן אף זייער אייגענעם וועג, און זיי אכטען ניט און טרעטען מיט די פיס דעם ווילען פון דער פארטיי־מיטגלידערשאפט, טו וועט אויך דיזע פארטיי זיהר באלד רעפרעזענטירען ניט די אינטערעסען פון דעם ארבייטער־קלאס, זאנדערן די אינטערעסען פון איינצעלנע פערזאנען און קליקען. דר. לאן איז גערעכט, עס האנדעלט זיך אום דעם

פרינציפּ פון דעמאָקראַטיע, וואָס שטעהט אין שפּיל אין דעם סכסוך צווישען עס און דער פּאַרטיי; נאָר ער שטעהט ניט אויף דער זייט פון דעמאָקראַטיע, זאָנדערען אויף דער זייט פון דעם אונבענרע־ניצטען רעכט פון דעם יחיד געגען דאָס רעכט פון דער מעהר־הייט".

עס איז אמת א מחיה צו זעהן, ווי די וועלט שפּיגעלט זיך אָפּ קאַפּויר אין דעם מח, וואָס האָט זיך אופגעהאָדעוועט אין א דייטשער קאזארמע און איז אויסגעפּינישט געוואָרען אין דער אט־מאספערע פון אמעריקאנער מאשין־פּאָליטיקס, די „אָרגאניזאַציאָן" ווערט צוזאמענגעמישט מיט דער „מאסע". די אָרגאניזאַציאָן אין סקענעקטעדי וואָס האָט גע'משפּט לאָנ'ען, האָט אָפּגעגע־בען אין גאנצען ווענקער ווי צוויי הונדערט שטימען ביי איר מי־טינג. פאר מעיאר האָבען עס געמאכט עטלאכע טויזענט וואו־טערס. אבער לויט דער „פּאָלקסצייטונג", זיינען די צוויי הונדערט די „מאסע", און לאָן, דער פאַרטרעטער פון די טויזענטער, וואָס האָבען עם ערוועהלט, שטעלט זיך „געגען דאָס רעכט פון דער מערהייט".

דער מוסר פון דער מעשה איז, אז יעדע פּאַרטיי־רעגירונג איז ניט מעהר ווי אן אליגארכיע, א רעגירונג פון א קליינע קליקע.

דער פּאָליטישער אידעאל פון דער סאָציאליסטישער פּאַרטיי איז אלזאָ די פּאָליטישע מאשין. ווערענד די גאנצע פּראָגרעסיווע באוועגונג פון די לעצטע דרייסיק יאָהר אין אמעריקאנער פּאָליטיק באשטעהט אין דעם קאמפּף געגען די מאשין, וואָס האָט געמאכט פון דער דעמאָקראַטיע א הוילע פאָרמאליטעט, זוכט די סאָציאליס־טישע פּאַרטיי אופצוהאלטען די אונפאראנטוואָרטליכע הערשאפט פון די קליקע פּאָליטישענס. אין פּאָליטיק איז זי איינפאך רע־אקציאָנער.

4.

## פאָליטישע „צונעפוילטקייט“ אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי*)

די חסידים פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי זיינען ביי זיך איינגערעט, אז די סאָציאַליסטישע פּארטיי באשטעהט פון צדיקים, און דעריבער זיינען די אַלע רעפאָרמען, מיט וועלכע מ׳וויל זיך באַווארענען געגען מאַשין־פּאָליטיק אין די אלטע פּארטייען, גאָר אי־בעריק בנוגע צו דער סאָציאַליסטישער פּארטיי. שטימט נאָר פאר די סאָציאַליסטישע פּארטיי, וועט איר שוין ממילא האָבען אן אמת׳ע דעמאָקראטיע.

אזעלכע מעשיות האָט מען געקענט דערצעהלען אין די אמאָליקע צייטען, ווען די סאָציאַליסטישע פּארטיי האָט סך הכל געהאט עליות צו פּארטיילען*) זינט די סאָציאַליסטישע פּארטיי־באַוועגונג איז געוואקסען ביי אונדז אין לאַנד און עס זיינען אויסגעוואקסען צייטונגען און אָרדענס און יוניאָנס מיט גוט באצאָלטע בעאַמטע, האָבען מיר געזעהן, אז אַ פּאָליטישע מאַשין בלייבט א פּאָליטישע מאַשין, אפילע ווען זי איז באדעקט מיט א רויטען פלאַג. לאָמיר אַראָפּסט הערען, וואָס די „ניו־יאָרקער פּאָלקס־צייטונג“ האָט געזאָגט וועגען דער פּארטיי־מאָראל נאָך אין 1904. די ניו־יאָרקער „פּאָלקסצייטונג“ איז כשר סאָציאַליסטיש און וועט קיין בלבול אף די פּארטיי ניט אויסטראכטען.

„אויף אונז העגגען די שלאַקען דער אומגעבונג נאָך אָן, אין דער וויר אויפגעצאָגען וואָרדען אונד אין דער וויר לעבען מי־

*) „פּארפוילט אָדער צוגעפוילט?“ איז געווען די קעפּעל פון אַן ארטיקעל, וועלכען מאָרים ווינטשעווסקי האָט געשריבען איבער דעם אינערליכען צושטאַנד פון דער ס. ל. פּ. אין זיין צייטונג „אמת“ אין 1896.

**) מ׳זאָגט, אַז אין די אַלטע פּאַרטייען האַלט זיך דער באָסיזם אף „בודעל“. מיר ווייסען דאָך אָבער פון דער ס. ל. פּ., אז באָסיזם איז מעגליך גאָר אָן געלט־אינטערעסען.

סען“, איז געשטאַנען אין אירען א לייטאַרטיקעל. „צוואר ניכט צור ענטשולדיגונג וואהל אבער צור ערקלערונג קאַן אויף די פּאַרגענגע אין דעןביידען אלטען פּארטייען הינגעוויזען ווערדען. דערען פּראַקסיס זיך נאַטירליך אויך ביי אונז אין דעם גראַדע מעהר אָדער וועניגער געלטענד מאכט אלס די איינגעבאָרענען אמעריקאַנער די אַבערהאַנד געווינען... אימערהין מוז קאָנסטאַטירט ווערדען דאס די שלעכטען זיטען אמעריקאַנישער פּאָליטיק זיך אין אירען אָנ־פאַנגען אויך ביי אונז שוין געצייגט האבען.“*)

עס איז נאָך ניט אזוי ווייט געקומען, ווי ביי די דעמאָקראַ־טען אָדער די רעפּובליקאַנער, אבער די סאָציאַליסטען האָבען נאָך קיין געלעגענהייט ניט געהאט. די רעפּובליקאַנער פּאַרטיי איז אויך געוועזען ערלאך איידער זי האָט געקראַגען די מאכט, און זי האָט אויך געהאט אין אירע רייהען די בעסטע מענטשען פון יענער צייט, אבער ווען זי איז געוואָרען א פּאָליטישע מאכט, האָבען זיך צו איר אריינגעקליבען פּאָליטישענס און זיי זיינען באַלד געוואָרען די גאַנצע מאכערס. פּאַרוואָס־זשע זאָל דער עולם זיך פּאַרלאַזען בלינדערהייט אף די אָרענטלאכקייט פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי? א פּאָליטישע מאשין מיט איר באָסיזם, מיט איר דיס־ציפּלין, האָט זיך ביז איצטער אלעמאָל אויסגעוויזען פּאַר אַן אויס־געצייכענטען אינסטרומענט פּאַר קאָררופּציאָן, דאָס איז די געשיכ־טע פון אלע אמעריקאַנער פּארטייען, און עס וואָלט זיין א נס, אז אין דער סאָציאַליסטישער פּארטיי זאָל עס צוגעהן אנדערס. פּאַר אַ יונגע פּארטיי האָט זי שוין א נישקשה'דיקען רעקאָרד.

די סטעיט קאָמיטע פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי פון נעבראַסקא האָט פּארעפּענטליכט אין דעם ניו־יאָרקער „וואָויר־קער“ אינטערעסאַנטע פּאקטען וועגען דעם ווי אזוי די סאָציאַל־דע־מאָקראַטישע פּארטיי איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין יענעם סטעיט אין 1900. ביי דער וואַל פּאַר פּרעזידענט אין יענעם יאָר איז די פּאָפּוליסטישע פּארטיי נאָך געוועזען די צווייטע פּארטיי אין נעב־ראַסקא, זי האָט נאָמינירט בראַיאַנ'ען פּאַר פּרעזידענט, און ער האָט געהאט גוטע אויסזיכטען צו געווינען דעם סטעיט. אום עס צו שלאָגען, האָבען די רעפּובליקאַנער געדונגען עטלאכע סאָציאַליס־

*) ניו־יאָרקער פּאָלקסצייטונג, דען 11טען יוני, 1904.

טען, זיי זאָלען אָרגאַניזירען אַן אונקאָמפּראָמיסליכע רעוואָלוציאָ־נערע פּאַרטיי און אױפשטעלען עלעקטארס פאַר דעבס׳ן. מ׳האָט נאָמינירט אַ פולען סאָציאַל־דעמאָקראַטישען טיקעט, און די רע־פּובליקאַנער פּאַרטיי האָט געגעבען אַף הוצאות.

פון דעם סטעיט איידאהא האָט אַ קאָרעספּאָנדענט פון דער זאָציאַליסטישער פּאַרטיי־צייטונג דערצעהלט אין 1904, אַז דער איינציגער סטעיטישער קאָמיטעט געפירט פון אַ באַנדע „סקעבס, דע־טעקטיווס און רעפּובליקאַנער פּאָליטישענס“. איין דעטעקטיוו פון ראָקפעלערס קאָמפּאַני איז געלאָפען אַף דעם סאָציאַליסטישען טיקעט צוזאַמען מיט אָרענטליכע סאָציאַליסטען. „ראָקעפעלער׳ס קאָמפּאַני, וועלכע קאָנטראָלירט די מעטאַל־גרובען און דעם האַנ־דעל פון דעם דיסטריקט, האָט געוואָלט געווינען די וואַל אין די קאַונטי, און דערצו איז נויטיק געווען צו שפּאַלטען די אַרבייטער וואָטס צווישען אַלערליי פּאַרטייען, וואָס שטעהען אין אָפּאָזי־ציע צו די אולטראַ־קאַפּיטאַליסטישע רעפּובליקאַנער; מיט זייערע ווערקצייגע אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז געווען אַ לייכ־טע זאַך אױפצושטעלען אַ סאָציאַליסטישען טיקעט, וועלכער וועט אָפּציהען עפּעס וואָוטס“*)

ווען וואָלט זיך דאָס געחלומ׳ט, אַז ראָקפעלער זאָל קאָנט־ראָלירען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין דעם טייל איידעהאָ, וואו ער האָט יאָרען לאַנג געפירט אַ ביטערען קאַמפּף געגען די אָרגאַני־זירטע אַרבייטער?

אין שעבאָיגען, אין דעם סטעיט וויסקאָנסין, וואו די סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטי האָט ערהאַלטען איר ערסטען זיג נאָך אין 1898, האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי ענדלאָך מיט אַ פּאָר יאָהר שפּעטער ערוועהלט איר אייגענעם מעיאָר און עטלאָכע אַל־דערמען. וואָס האָט זיך אויסגעלאָזען? דער מעיאָר און די אַל־דערמען האָבען אָרגאַניזירט אַן אייגענע מאַשין. דורך פּאָליטישע דזשאָבס האָט די מאַשין געהאַלטען אין אירע הענט די סיטי סענ־טראַל קאָמיטע פון דער פּאַרטיי, און מ׳האָט געמאַלקען די קהל־שע בהמה אַף אַ וויסענשאַפטליכען אופן, ביז די סטעיט קאָמיטע

*) „דהי וואַרקער“, מאַרטש 6, 1904.

איז געצוואונגען געווען אויסצושליסען פון דער פארטיי די גאנצע פארטיי־ארגאניזאציאן פון ישעבאיגען. די וויכטיגסטע זאך איז, וואס דאס זיינען ניט געווען קיין זייטיקע פאליטישענס, וואס האבען זיך אריינגעגנב'עט אין די פארטיי; דער מעיאר פון ישעבאיגען איז געווען א דייטשער סאציאליסט פון דער היים.

אף אן ענלאבען אופן איז עס צוגעגאנגען אין מאסאטשוזעטס, וואו די סאציאליסטישע פארטיי האט א קורצע צייט געהאט די מעגלאכקייט אויסצובויען אן אייגענע מאשין און צו פארכאפען די פאליטישע מאכט אין א פאר שטעדטלאך*).

דערווייל זיינען דאס נאך אויסנאמען, נו, איז עס דאך דערווייל אן אויסנאם, ווען עס געלינגט דער סאציאליסטישער פארטיי, וואו עס איז אויסצוקלייבען א מעיאר. אבער דאס זיינען סימפטאמען, וועלכע באווייזען, אז שוין אפילע היינט איז די פארטיי גאר ניט פארסאראנצירט געגען קארופציאן. דערווייל איז נאך די פארטיי אימשטאנד ארויסצוואגען די קארופטע עלעמענטען: פארגעסט אבער ניט, אז די סאציאליסטישע פארטיי איז נאך דערווייל צו שוואך זי זאל צוציהען צו זיך א סך פאליטישענס. ווען די סאציאליסטישע פארטיי וועט וואקסען, קען זי זיך ריכטען צו קריגען די פאליטישע מאכט דא אין א שטאט, דארטען אין א קאונטי, אדער אין א דיסטריקט, נאך לאנג איידער זי וועט האבען די מאכט „אפצושאפען" דעם גאנצען קאפיטאליסטישען סיסטעם.

לאז זיין, אז די איצטיקע מיטגלידער פון דער פארטיי זיינען אלע ריינע אידעאליסטען און וועלען אונטער אלע אומשטענדען בלייבען דיזעלביקע אידעאליסטען. אבער מיט דעם ווייטערען וואוקס פון דעם סאציאליסטישען וואוט, פון וואנען וועלען זיך נעמען די סאציאליסטישע וואוטערס, אויב ניט פון יענע, וואס האבען געהאלטען פריהער פאר די אלטע פארטייען? און מיינט איר, אז איר קענט אריינלאזען אין די פארטיי נאר די „רענק ענד פייל" און פארשפארען די טיר פאר די פאליטישענס? עס זיינען שוין אין דער פארטיי היינט־צו־טאג פאראן גענוג אזוינע אקטיווע מיטגלידער, וואס זיינען פריהער געווען טעטיקע פאליטישענס אין אנדערע

*) וועגען דעם איז א גאנץ אויספירליכער ארטיקעל ערשינען אין דעם סאציאליסטישען „ניו־יארק קאלל".

פּאַרטייען, און זיי האָבען נאַטירליך געבראַכט מיט זיך זייערע פּאָ־ליטישע מנהגים. זאָל אָבער די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי ווע־רען אַזוי שטאַרק, אַז ס'זאָל זיין זיך אַרוב וואָס צו רייבען, און אויב די פּאָליטישע קאָררופּציאָן וועט ביז יענער צייט ניט אויסגעריינעקט ווערען דורך די רעפאָרמערס אין אַלע פּאַרטייען, טו איז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אויך ניט פאַרזי־כערט געגען קאָררופּציאָן.

דעריבער ליגט עס אין דעם אינטערעס פון יעדער פּאָרטשריט־ליכער באַוועגונג, די מאַכט פון די פּאַרטיי־מאַשינען זאָל געבראָכען ווערען און די וואוטערס זאָלען זיך צוגעוואָהנען צו וואוטען אונאָפּ־העגגיק, נאָך זייער אייגענעם שכל, ניט קוקענדיג אָף די פּאַרטיי. כל זמן דער וואוטער וועט ניט אַנטוואוינט ווערען פון זיין פּאַרטיי, אַזוי לאַנג איז ניטאָ קיין האָפנונג צו ברעכען די מאַכט פון דער פּאָליטישער קאָרופּציאָן. מיט דרשות, אַז מ' דאַרף פאָלגען די פּאַר־טיי, צי מ'איז איינפאַרשטאַנען מיט איר, צי ניט, העלפט מען באַ־פעסטיקען די מאַכט פון מאַשין־פּאָליטיק אפילו פאַר יענע צייטען, ווען די סאָציאַליסטישע פאַרטיי וועט קריגען א דעה אין דער פּאָליטיק. ווען מ'העלפט אופבויען א פּאָליטישע מאַשין אין דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, מוז מען זיך ריכטען, אַז זי וועט באַנוצט ווערען פאַר קאָרופּטע צוועקען, ווי אין אַלע אַנדערע אַמעריקאַנער פּאַרטייען.

ניינצעטער קאפיטעל.

# פּרייהייטס־באשרענקונגען אין די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

## 1.

### דער קאמפּף אום מאכט.

אין אונדזער קאפּיטאַליסטישער געזעלשאפט זעהט זיך ארויס אין יעדען מין אונטערדריקונג בולט דער עקאָנאָמישער אינטערעס. דעריבער איז גאנץ נאטירליך, ווען מען גלויבט, אז נאך דער אָפּשאפונג פון קאפּיטאַליזם וועט קיינער ניט האָבען קיין אינ־טערעס צו באשרענקען דעם אנדערענס פרייהייט. דאס איז אבער א פאלשער שלום. מען פארבייט דאָ די עקאָנאָמישע אָרגאניזא־ציע פון דער געזעלשאפט מיט דעם עקאָנאָמישען אינטערעס פון דעם יחיד. לאָז זיין, אז אין א סאָציאליסטישער געזעלשאפט וועט שוין גאָר ניט זיין קיין פּלאץ פאר א קאמפּף פון עקאָנאָמישע אינ־טערעסען. מיינט איר זשע, אז דער מענטש האָט קיין אנדערע אינטערעסען ניט, צוליב וועלכע ער זאָל וועלען פירען א קאמפּף?

מיינט איר, אז אַ חוץ געלט איז דעם מענטשען קיין זאך ניט ליב? און וואו איז כבוד? נעמט א לאדזש, א חברה, וויפיל מחלוקת קומען ארויס וועגען עליות, וועגען דעם, ווער עס זאָל זיין פּרעזי־דענט? אָדער נעמט די געשיכטע פון דער שפּאלטונג אין דער סאָ־שאליסט לייבאָר פּארטי (ס. ל. פּ.) אין 1899: א גרופּע פירערס האָבען דוקא געוואָלט בלייבען פּארטיי־בעאמטע, הגם עס זיינען שוין אף זייער שטעל ערוועהלט געוואָרען נייע, זייערע געגנער. אום וואָס האָט זיך דאָ געהאנדעלט? אום געלט? אַ פּאָר פון די פירערס האָט מען חושד געווען, אז פאר זיי איז דאָ בעגאנגען אום זייערע שטעלען. אויב אפילו אזוי, זיינען דאָס געווען נאָר א פּאָר פּערזאָנען, די איבעריקע, די גרויסע מאיאָריטעט, האָבען געקעמפּפט ניט צוליב דעם, אז יענע זאָלען בלייבען ביי זיי־ערע שטעלען. זיי האָבען געהאט א פּרינציפּ, פאר וועלכען זיי זיינען געשטאַנען, דעם אונקאָמפּראָמיסליכען, קלאסען־באוואוסטען, ווי־

סענשאפטליכען, רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם. און צוליב דעם פּרינ־ציפּ האָט מען זיך נאָך א בעאַמטען־וואַל אין דער פּאַרטיי געשלאָגען מיט אזעלכע וואפען ווי פלאַשען, שטולען, שטעקענס און ענדלאך האָט מען אפילע געררופען קאַפּיטאַליסטישע פּאָליסלייט, זיי זאָלען שליסען די דעבאַטע איבער דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם. יע־דער בעאַמטען־קלאַס וויל אלע מאָל בלייבען אין אמט, ווען צוליב געלט, טו צוליב כבוד, ווען ניט צוליב כבוד, טו צוליב עפּעס אן אי־דעע.

איך האָב באַלאַנגט אי צו קלאַבס, אי צו לאָדזשעס, אי צו פּאַר־איינען און איך האָב ניט געזעהען א פאַראיין זאָל זיין אָן א באָס, א גענעראַל, א מאַכער, איך האָב געזעהען רעוואָלוציאָנערע קרוזשאָקען אונטערען פּעטערבורג אין רוסלאַנד. קאָלאָניעס פון פאַרשיקטע אין סיביר, וויסענשאַפטליכע פאַראיינען, אומעטום איז פאַראַן א באָס. ס'האָט פאַר עם רעספּעקט און מ'טאַנצט ווי ער פּייפט. מיינט איר, אַז מוירפי אין נויאָרק איז ניט רעספּעקטירט פון זיינע נאָכשלע־פער? אָדער נעמט דעליאַנען, האָט מען דעם מענטשען ניט פאַרגע־טערט? אבער פּרופּט מאַכען אַן אָפּאָזיציע געגען א באָס, וואָס דער עולם האָט פאַר עם רעספּעקט און לאַמיר אקאָרסט זעהען, ווי וועט איר דערמאָלט אויספירען? דער ביישפּיל פון סאָציאַליסטישע באָ־סעס איז וויכטיק דערפאַר, וואָס עס האַנדעלט זיך דאָ ניט וועגען האַפּ־לאָפּ. א וואָרד־הילער אין טעמעני האָל מאַכט אויס א סך בעסער איידער דער דיקטאַטאָר פון דער ס. ל. פּ. אין אירע בעסטע יאָרען, ווען ער האָט באַקומען די אָרעמע פּאָר דאָלאַר געהאַלט אלס רעדאַקטאָר. פּאָר וואָס זשע זאָל די זעלבע באַסעריי זיין אונמעגלאך אין א סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, ווען מען האָט שוין אפילע אָפּ־געשאַפט די מאַכט פון דעם געלט־זאַק?

אף דערוף ענטפערט מיינער אַ קריטיקער: די סאָציאַליסטישע באַסעריי שטאַמט דערפון וואָס דער באָס איז געבילדעטער פאַר די געוועהנלאַכע סאָציאַליסטישע בשר־ודם'ניקעס, און ווייטער זיינען די געגנאָכען צו פאַרנומען אין זייערע פּערזענליכע געשעפטען צו באַ־טייליקען זיך אין פּאַרטיי מיטינגען. אין דער סאָציאַליסטישער גע־זעלשאַפט אם ירצו השם וועלען אלע זיין גלייך געבילדעט און א חוץ דעם וועט ביזנעס זיין צוזאַמען מיט פּאָליטיקס, דעמאָלט וועט יעדער איינער אליין וועלען זיין א באָס. אין דערין האָט איר אַ גרויסען טעות. ערסטענס האָט בילדונג מיט באַסיזם גאָרנישט צו טאָן: דער באָס איז בשום אופן ניט דער געבילדעטסטער אין דער

פּאַרטיי. ניט מיט בילדונג נעמט ער, נאָר דורך זיין שטאַרקע פּער־זענלאַכקייט, א באָס איז א געבאָרענער לידער. צווייטענס, פּאַר וואָס זאָל עפּעס דער עולם זיך מער אינטערעסירען מיט פּאָליטיק אין א סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט איידער אין דער קאַפּיטאַליסטישער? אמת, מ'וועט האָבען מער צייט פאַר פּאָליטיק, אָבער פון וואַנען איז דאָס געדרונגען, אז דער עולם וועט אַזוי פאַרקאַכט זיין אין פּאָלי־טיק, אז יעדערער וועט ליבער פאַרברייננגען זיין פרייע צייט אויף ביזנעס־מיטינגען, איידער אויף א קאָנצערט אָדער אין טעאַטער? עס זיינען היינט אויך פאַראַן מענטשען, אפילו אין דער סאָציאַליכטי־שער באוועגונג, וואָס האָבען א סך פרייע צייט, טרעפט איר זיי דע־ריבער שטענדיק אויף די פּאַרטיי־מיטינגען?

דער באָסיזם איז א וועלט־ערשיינונג. אן אינדיאַנער טשיף, א יוליוס צעזאַר, א ראַבעספּיער, א נאַפּאָלעאָן, א סטאַמבולאָוו, א ניע־טשאַיעוו, א קראָוקער, א דעליאָן, א פּלעכאַנאָוו, א זשול געד — דאָס זיינען נאָר פאַרשידענע עקזעמפּליאַרען פון דעם זעלבען סאָציאָלאָ־גישען טיפּ.

די פּאָליטישע פילאָסאָפיע פון דעם סאָציאַליסטישען באָ־סיזם איז זעהר בולט אויסגעדריקט געוואָרען אין אן ארטיקעל פון דער „ניו־יאָרקער פאָלקסצייטונג", וועלכען איך האָב שוין פריהער ציטירט*). א „קלאַסען־בעוואוסטער" סאָציאַליסט דאַרף זיך אָפּ־זאָגען פון דער גאַנצער „בירגערליכער רעכטס־אידעאָלאָגיע", דאָס הייסט פון די יוגענד־אידעאַלען פון דעם אַמאָליקען רעוואָלוציאָנע־רען ליבעראַליזם.

ניט פרייהייט איז דער לאָזונג פון דעם קלאַסען־קאַמפּף, ווי די „פּאָלקסצייטונג" פאַרשטעהט עס, נאָר דיסציפּלין. וואָס הייסט דיסציפּלין? דאָס איז א סאָלדאַטסקער וואָרט, ער באַדייט, אז דער סאָלדאַט מוז פאַרלאַנגען וואָס די נאַטשאַלסטווע הייסט. אויף דערויף איז פאַראַן א פירוש: עס איז פאַראַן א דיסציפּלין פון א קאַזאַרמע און עס איז אויך פאַראַן א דעמאָקראַטישע דיסציפּלין. א דעמאָקראַ־טישע דיסציפּלין איז אַזאַ דיסציפּלין, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען פון דער גאַנצער פּאַרטיי און יעדער טרייער גענאָסע דאַרף זיך צו

---

*) דער אַרטיקעל איז געשריבען געוואָרען צום ערסטען מאַי 1893.

איר אונטערוואַרפֿען. היינט איז די קשיא: אַף וואָס דאַרף מען די דיסציפּלין? איז דער תירוץ, אַז דיסציפּלין איז נויטיק, אום אופּצו־האַלטען די מאַכט און די איינהייט פון דער פּאַרטיי. קורץ פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע איז אין „מאָסקאָווסקיא וויעדאָמאָסטי“ געווען אַן אַרטיקעל וואו עס איז געשטאַנען, אַז די סאַמאָדערזשאַ־וויע איז נויטיק אום אופּצוהאַלטען די מאַכט און די איינהייט פון רוסלאַנד. דער פאַרגלייך איז אַ גאַנץ ריכטיקער, וואָרים אין וואָס באַשטעהט די „דעמאָקראַטישע“ דיסציפּלין? און אַ צענאַר איבער די פּאַרטיי־פּרעסע, איבער די רעדע־פרייהייט פון פּאַרטיי־גענאָסען און דערגלייכען. דער רעדאַקטאָר פון „מאָסקאָווסקיא וויעדאָמאָסטי“ און די גוטע דיסציפּלינירטע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־גענאָסען זיינען איינפֿערשטאַנען אין דעם פּונקט: אַז מען זאָל יעדען איינעם לאָזען שרייבען, וואָס ער וויל, איז עס געפֿערלאַך פאַר די אינטערעסען פון זייער אָרגאַניזאַציע. ביי דעם רעדאַקטאָר פון דער רוסישער רע־אַקציאָנערער צייטונג הייסט די אָרגאַניזאַציע די רוסישע אימפּעריע. ביי די סאָציאַליסטישע גענאָסען — די פּאַרטיי, אָבער וואָס מאַכט אויס? דער פּרינציפּ, די טאַקטיק זיינען דיזעלבע.

מיר האָבען אַף דעם געוויס גענוג פּרעצעדענטען, ווי עס רופֿט זיך אַף דער יוריסטישער שפּראַך.

2.

## סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־צענזור אין אַמעריקאַ.

קורץ פאַר דער שפּאַלטונג פון דער ס. ל. פּ. אין 1899, בשעת דער „פּיפּל“ איז אַרויסגעגעבען געוואָ־רען פון דער „פֿאָלקסצייטונג“, אַף אירע אייגענע הוצאות, האָט איר דעליאָן ביטער אָנגעגריפען אין דעם „פּיפּל“, ווען זי האָט פאַרלאַנגט, מען זאָל איהר לאָזען געבען אַן ערקלערונג אין דעם „פּיפּל“ געגען די באַשולדיגונג, האָט די נאַ־ציאָנאַלער־זאַלשטוועער פון דער ס. ל. פּ. איר דאָס ניט ראַזרעשעט, און אַ היבשער טייל פון דער פּאַרטיי האָט עס גוטגעהייסען. די „פֿאָלקסציי־טונג“ אָבער האָט געהאַט אַן אייגענע דרוקעריי, האָט זי איר ער־קלערונג אַליין אָפּגעדרוקט און פאַנאַנדערגעשיקט צו די אָבאָנענ־טען פון „פּיפּל“.

איז דאָס אַן אויסנאַמספאַל? בשום אופן ניט. דער ניו־יאָר־קער אידישער „פאָרווערטס" איז געגרינדעט געוואָרען פון פריי־הייטס־ליבענדע סאָציאַליסטען, אויסדריקליך צוליב פרייע קרי־טיק, מ'זאָל קענען קריטיקירען די סאָציאַליסטישע פּארטיי. דארף מען שוין בעסער? נו, וואו איז די פרייע פרעסע? דער „פאָר־ווערטס" האָט די מאָנאָפּאָליע פון דער אידישער סאָציאַליסטישער פרעסע, און ווען זיינע אנפירערס ווילען ניט, אז געוויסע שרייבערס, וואָס באלאנגען צו דער סאָציאַליסטישער פּארטיי, זאָלען זיך באטיי־ליגען אין א ספּעציעלער אויסגאַבע צו דער ערעפענונג פון דער קאָנ־ווענשאָן פון דעם ארבייטער רינג (אין 1916), טו זאָגען די פּארוואל־טער פון דעם „פאָרווערטס" לא מיט אן אלף, און ס'איז פאַרפאַ־לען!

וואָס - זשע העלפט אונדז, ווען דער פּרינציפּ פון מיינונגס־פרייהייט וואָלט אפילו געווען אנערקענט אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אז אין דער פּראַקטיקע איז אין דער פּאַרטיי־פּרעסע ניטאָ קיין פּלאַץ פאר דעם אויסדרוק פון מיינונגען וואָס שטימען ניט איין מיט דער הערשענדער מיינונג?

עס איז אָבער אַ פאַקט, אז אפילו אין פּרינציפּ ווערט די מיינונגספרייהייט ניט אנערקענט אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. דאָס האָט באוויזען דער באשלוס פון דעם פּאַרטיי־קאָנג־רעס פון 1912, אז ווער עס וועט פּרעדיקען סאַבאָטאַזש זאָל אויס־געשלאָסען ווערען פון דער פּאַרטיי. ווער עס האלט פאר דעם פּרינ־ציפּ פון רעדעפרייהייט און פּרעס־פרייהייט, וואָלט געגען די פּראָ־פּאַגאַנדע פון סאַבאָטאַזש קעמפּפען מיט א פּראָפּאַגאַנדע געגען דעם סאַבאָטאַזש. דער קאָנגרעס האָט געדארפט אָנעמען א רע־זאָלוציאָן געגען דעם סאַבאָטאַזש. די נעשיאָנאַל קאָמיטע האָט גע־מעגט פאַרעפענטליכען א רעזאָלוציאָן, אז זי איז ניט איינפער־שטאַנען מיט די מיינונגען פון העיוואוד'ן, אז זיין פּראָפּאַגאַנדא דריקט אויס נאָר זיין פּערזענליכע מיינונג, און ניט די מיינונג פון דער פּאַרטיי. דאָס וואָלט געווען גאַנץ געגונג. אָבער ווי איר זעט, האָט די פּאַרטיי זיך גענומען דאָס רעכט צו באַשטימען וואָס א פּאַרטיי־מאַן מעג זאָגען און וואָס ער טאָר ניט. אף דעם לשון פון דעם אַדמיניסטראַטיווען רעכט רופט מען דאָס **צענזור.**

און די צענזור איז איינגעפירט געווארען דורך א רעפערענדום פון דער גאנצער פארטיי פון לאנד*)

היינט ווען די סאָציאַליסטישע פארטיי איז די רעגירונג און די פאבריקען פון דרוק־מאשינען, פון זעטץ־מאשינען, פון פאפיר, און אז. וו. באלאנגען צו דער געזעלשאפט, וויפיל פרייהייט וואלט האָבען אן אָפּאָזיציע אונטער איר ממשלה?

3.

## סאָציאַליסטישע פארטיי־צענזור אין אייראָפּא.

די אמעריקאנער סאָציאַליסטישע פארטייען זיינען גאר ניט קיין אויסנאם פון דער גאנצער סאָציאַליסטישער וועלט.

בשעת אלע פראנצויזישע סאָציאַליסטישע פראקציעס האָבען זיך פאראייניקט, איז איינער פון די ערסטע פונקטען געווען, אז די גאנצע סאָציאַליסטישע פרעסע איז געשטעלט געווארען אונטער די צענזור פון דער פארטיי.

די צענזור, וואָס די דייטשע פארטיי־פארוואלטונג האָט אין דער צייט פון דער איצטיקער מלחמה ארויפגעלעגט אויף די סאָציאַליסטישע פארטיי־פרעסע איז באקאנט פאר דער גאנצער וועלט. איצטער טאָרען די פארטיי צייטונגען ניט שרייבען געגען מיליטאריזם. מיט צוויי יאָרען פאר דער מלחמה אבער, האָט דער פארטייטאג אין כעמניץ אויסגעשלאָסען הילדעבראנד׳ן דערפאר וואָס ער האָט גערעדט און געשריבען פאר אימפעריאליזם און קאלאָניאלפּאָליטיק. זיין עבירה איז נאָר באשטאנען אין דעריז, וואָס

---

*) אין אַ קליינשטעטל אין אהאיאָ איז מען געגאנגען נאָך ווייטער. דאָרטען האָט די פארטיי באשלאָסען, אַז קיין מיטגליד זאָל ניט דעבאטירען מיט די אנארכיסטען. עס איז אָבער אין שטעדטעל געקומען עמאַ גאָלדמאַן האַלטען אַ לעקציע און צוויי מיטגלידער פון דער פארטיי האָבען מיט איר יע דעבאַטירט. זיי זיינען דערפאר געשטעלט געוואָרען פאר אַ פארטייגעריכט און סוספּענדירט געוואָרען פון דער פארטיי אויף זעקס חדשים.

ער האט בשעת מעשה געהאט אנדערע מיינונגען איידער די מא־יאריטעט. דער פארטייטאג האט געהאט דאס רעכט אנצונעמען א שארפע רעזאלוציאן געגען זיינע מיינונגען. די פארטייגענאסען האָבען געדארפט זארגען דערפאר, ער זאל ניט אויסגעקליבען ווערען פאר קיין אמט אלס אפיציעלער פארטרעטער פון דער פארטיי. אבער אויסשליסען עם פאר זיינע מיינונגען, הייסט איינפירען א צענזור.

קאוטסקי פרואווט אויסצופשט'לען אן אונטערשיעד צווי־שען שטאט און פארטיי:

„די פאדערונג פון פאלשטענדיקער מיינונגספרייהייט — מאכט ער — איז א פאדערונג וואס דארף געשטעלט ווערען צום שטאט, צו דער מלוכה. ווען מען ווענדעט דיזע פאדערונג אן אף א פ א ר ט י י פארליערט זי יעדען זין, ווארים א פארטיי באשטעהט אין דעם וואס זי איז דאך א פאראייניקונג פון די אלע פערזאָנען, וועלכע שטרעבען אין דער פאליטיק בעצם צו דערגריי־כען די גלייכע צילען מיט גלייכע מיטלען און זיי זיינען אין דער באציהונג פון גלייכער מיינונג. די פארטיי איז אן ארגאניזאציאן פון ק א מ ף מיט באשטימטע מיטלען פאר באשטימטע צי־לען. דאס הייסט אלזא, אן ארגאניזאציאן פון קאמפף געגען די אלע וואס שטעלען זיך אנטקעגען אירע שטרעבונגען, געגען די אלע וואס פארטיידיגען אנדערע מיינונגען. די באקעמפפונג פון בא־שטימטע מיינונגען איז די אויפגאבע פון א פארטיי, איר רעכט אף עקזיסטענץ“.

קאוטסקי וואלט געווען גאנץ גערעכט, ווען עס וואלט זיך דא געהאנדעלט וועגען ערגעץ א פרייוויליקען אונטערשטיצונגס־פאר־איין, אדער א בילדונגס־פאראיין, — דעמאלט וואלטען די מיט־גלידער פון'ם פאראיין געקענט זאגען: מיר ווילען זיך מאכען א חברה פאר אונדזער אייגענע פלעזשור, און אויב איר ווילט צו אונדז באלאנגען, טו מוזט איר זיין צופרידען מיט אונדזער פי־רונג, א ניט — טו בעט אייך קיינער ניט, געהט זיך געזונטער־הייט און מאכט פאר זיך אן אייגענע חברה. א פארטיי אבער האט צו טאן מיט עסקים וואס באריהרען די אינטערעסען פון דעם גאנצען פאלק, ניט פון אירע מיטגלידער אליין. זי נאמינירט דאך דעפוטאטען פאר דעם רייכסטאג וואס וועלען מאכען געזעצן

ניט נאָר פאַר די פּאַרטיימיטגלידער, אבער פאַר די גאַנצע אַרביי־טערקלאַסע, און עס קען דאָך זיין, אַז עס געפינען זיך וואוטערס וואָס האָבען אַנאַנדער מיינונג ווי די מערהייט פון דער פּאַרטיי ווי אַזוי מען קען דעם סאָציאַליסטישען ציל וואָס בעסער און וואָס גיכער דערגרייכען. אַ פּאַרטיי וואָס פירט זיך דעמאָקראַטיש האָט קיין רעכט ניט פאַר זיי צו פאַרשפּאַרען די טיר. יעדער סאָציאַליס־טישער וואוטער האָט לכל הפּחות דאָס רעכט צו זאָגען אַ דעה אין אַלע פּאַרטיי־עסקים. די מאַיאָריטעט מעג זיך דערנאָך שטימען געגען זיין מיינונג. קאַוטסקי׳ס פּלפּול וועגען פּאַרטיי־ און מלוכה איז צונויפגעפּאַסטריגעוועט מיט ווייסע פעדים. די פּאַרטיי איז אַ טייל פון דער מאַשינערי פון אַ פּאַרלאַמענטאַרישער מלוכה: זי שטעלט אויף די קאַנדידאַטען פאַר׳ן פּאַרלאַמענט און פאַר די שטאַטפאַרוואַלטונג און דער וואוטער האָט נאָר די ברירה צווישען די פאַרשידענע פּאַרטיי־קאַנדידאַטען ווען מען אויסצוקלייבען פאַר זיינע געזעצגעבער און פאַרוואַלטער. דער היינטיקער פּאַרלאַמענ־טאַרישער שטאַט איז אַ פּאַרטיי־שטאַט; אין אַ מאָנאַרכיע ווי דייטשלאַנד באַשטעהט נאָר די געזעצגעבענדע געוואַלט און די שטאַטפאַרוואַלטונג פון פּאַרטיי־פאַרטרעטער; אין ענגלאַנד, אין פראַנקרייך, אין אַמעריקע איז די גאַנצע רעגירונג צוזאַמענגע־שטעלט פון פּאַרטייען. אַלזאָ, ווען איך פאַרלאַנג מיינונגספרייהייט פון דעם שטאַט, הייסט דאָס, אַז איך פאַרלאַנג זי פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, פּונקט אַזוי ווי פון דער נאַציאָנאַל־לי־בעראַלער אָדער פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי.

אָבער לאָז זיין, אַז בראשית, ווען גאָט האָט באַשאַפען די סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, זיינען אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטען געווען ענליך איינער צו דעם אַנדערן ווי צוויי אַרבעס: אַלע האָבען געהאַט אי דיזעלבע צילען, אי דיזעלבע מיטלען. אָבער עס איז אַוועק אַ צייט, די וועלט איז ניט געבליבען דיזעלבע, עס האָבען זיך ענטוויקעלט נייע אינדוסטריען, נייע לענדער, עס האָבען זיך איבערגעביטען די פאַרהעלטניסע אין דער וועלטפּאָליטיק, עס האָ־בען אויפגעטויכט נייע פראַגען אין דער געזעצגעבונג, און עס איז געקומען אַ צייט, אַז בערנשטיין, וואָס איז בשעת דער מחלוקה פון „די יונגע“ אין 1890 געווען פּונקט אַזאַ אָרטאָדאָקס ווי קאַוטסקי, איז געוואָרען גאָר אַ רעוויזיאָניסט. און ניט ער אַליין, נאָר אַ היבשע צאָל אַנדערע. הייסט דאָס, דאַרף מען זיי אַרויסוואַרפען פון

דער פּאַרטיי? גאַנץ שעהן, אבער מיט וואָס איז מען געזיכערט, אז אין עטלאכע יאָר ארום וועט ווידער ניט אויפטויכען א נייע פראַגע, וואָס וועט ווידער צוטיילען די היינטיקע אָרטאָדאָקסען אין פארשידענע לאַגערן? א גוטען ביישפּיל האָבען מיר אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. מיט עטלאכע יאָר צוריק איז זי באַשטאַנען אויסשליסליך פון אָרטאָדאָקסען. אמת, עס זיינען געווע[ן] צוויי אָרטאָדאָקסישע סעקטען: די חסידים (באָלשעוויקעס בלע"ז) און די מתנגדים (מענשעוויקעס), אָבער גאָטספּאָרכטיקע מארקסיסטען זיינען געווען אי די איינע, אי די אנדערע; די רעוויזיאָניסטען זיינען אַוועק אין די קאדעטישע פּאַרטיי, אָדער צו די טרודאָוויקעס, און די פרומע גענאָסען האָבען מיט פרייד געזאָגט: ברוך שפּטרני. וואָס־זשע האָט זיך אויסגעלאָזען? אין א פּאָר יאָר ארום האָט זיך די פּאַרטיי צושפּאָלטען אין א האַלב־טוץ קלייזלאַך.

קיינער ניט אָפּלייקענען, אז א פּאַרטיי איז אַן אָרגאַניזאַציאָן פון קאמפּף פאר געוויסע מיינונגען און געגען אַנדערע מיינונגען. ביי קאוטסקי'ן אבער קומט אויס, אז דער איינציקער מיטעל צו באקעמפען א מיינונג איז ארויסצוואַרפען דעם בעל דבר וואָס רעדט אויס די מיינונג. איז דען גאָר קיין אַנדער מיטעל ניטאָ? קען מען די שטרייט־פראַגען ניט דעבאַטירען אין פאַרזאַמלונגען און אין דער פּרעסע?

קאוטסקי'ן געפעלט ניט וואָס די רעוויזיאָניסטען וואַרפען אויף דעם כעמניצער פּאַרטייטאָג, אז ער האָט געהאַנדעלט ווי א טריבונאַל פון דער אינקוויזיציע. די קירכע, זאָגט ער, ווען זי פּאַרמשפּט אַן אַפּיקורס, נעמט זי ביי אים אַוועק די מעגלאכקייט צו פאַרברייטען זיינע מיינונגען, בעת די פּאַרטיי, ווען זי פּאַרמישפּט אַן אַנדערסדענקענדען, לאָזט זי עם פריי צו פאַרשפּרייטען זיינע מיינונגען. דאָס איז גאָר א שוואכער תירוץ. ווען א מענטש ווערט אויסגעשלאָסען פון דער פּאַרטיי, ווערט ביי עם אָפּגעשניטען יעדע מעגלאכקייט צו פאַרשפּרייטען זיינע מיינונגען צווישען דעם איינציקען פּובליקום וואָס אינטערעסירט עם. וואָס טויג מיר, וואָס איך מעג שרייבען רעוויזיאָניסטישע אַרטיקלען אין דער „ניו־יאָרק טריביון“, אז אירע לעזער אינטערעסירען זיך גאָר ניט מיט אַזוי־

נע פראגען, ווען דער „ניו־יאָרק קאָלל“, וואו מיינע ארטיקלען וואָלטען יא געפונען א קרייז פון לעזער, איז פאר מיר פארמאכט?

קאוטסקי וויל בשום אופן ניט געבען דעם איינצעלנעם דאָס רעכט צו באשטימען פאר זיך וואָס איז א סאָציאַל־דעמאָקראטי־שע מיינונג, און וואָס איז ניט: דאָס דארף באשטימען דער פּארטיי־טאָג, דאָס הייסט די מאַיאָריטעט פון דער פּארטיי, מיינט ער. דאָס הייסט מאכען דעם קאָנסערוואטיזם פאר דעם העכסטען גע־זעץ פון דער פּארטיי. יעדער פּאָרטשריט באשטעהט אין דער ענט־וויקלונג פון נייע אידעען, און יעדע נייע אידעע מוז דאָך זיין פּארשידען פון די אידעען וואָס זיינען אלגעמיין אנערקאנט, אנ־דערס וואָלט זי דאָך ניט געווען ניי. א נייע אידעע ווערט ניט געבאָרען מיט אמאָל אין אלע קעפּ, עס הייבט זיך אָן פון א קליינע צאָל מענטשען. ווען מען זאָל זיי פארווערען צו פארשפּרייטען זיי־ערע אידעען ביז וואנען דער פּארטיי־טאָג וועט זיך אויסשפּרעכען פאר זיי, הייסט דאָך דאָס, אז זיי וועלען קיינמאָל ניט האָבען קיין אויסזיכט צו קריגען די אדאברעניע פון דעם אוטשאָני קאָמיטעט פון דעם פּארטייטאָג, וואָרים דער פּארטייטאָג באשטעהט דאָך פון פּארטרעטער פון דער מאַיאָריטעט וואָס האָט קיינמאָל נאָך ניט געהאט די געלעגענהייט צו הערען די נייע אידעען. חוץ דעם, קענט איר זיך פּאָרשטעלען, אז ערגעץ א פּארטייטאָג זאָל זיך קע־נען פּארנעמען מיט פּסק׳נען אלערליי סאָציאליסטישע שאלות? וויפיל נייע מיינונגען יערלאָך וואָלט די פּארטיי אף דעם אופן גע־קראָגען די ראזרעשעניע צו אבסוזשדאיען? דער סאָציאַל־דעמאָ־קראטישער יהשוע בן נון וואָלט געווען צופרידען די זון זאָל זיך אָפּשטעלען פון איין פּארטייטאָג ביז צו דעם אנדערן.

צוואַנציקסטער קאַפּיטעל:

# סאָציאַליזם און די פּראָלעטאַרישע סאָלידאַריטעט

## 1.

### דער געדאַנק פון „ברודערשאַפט" אין דער געשיכטע.

אין דער סאָציאַליסטישער פּרעסע און פון דער סאָציאַליסטישער פּלאַטפאָרמע ווערט שטענדיק גע'דרש'ענט, אַז אים גרונד פון אַלע צרות ליגט די עקאָנאָמישע פראַגע. ווען די עקאָנאָמישע פראַגע וועט געלייזט ווערען דורך דעם סאָציאַליזם וועט די ראַסען־פראַגע שוין ממילא אופהערען צו זיין א פראַגע, און אַלע מענשען פון אַלע נאַציאָנען און אַלע ראַסען וועלען ווערען ברידער.

די מעשה איז אַלט, יעזוס האָט ערקלערט, אַז ביי דעם רבונו של עולם איז ניטאָ קיין גריכען און קיין אידען, נאָר אַלע מענטשען זיינען ברידער. דער קאָסמאָפּאָליטיזם פון דעם קריסטענטום האָט געפונען זיין אויסדרוק אין דער וועלט־מאַכט פון דער רוימיש־קאַטאָלישער קירכע.

די אופקלערונגס־באַוועגונג פון דעם מיטעל־קלאַס אין דעם אכצעהנטען יאַרהונדערט האָט ווידער ערקלערט זיך פאַר די פאַרברידערונג פון אַלע פעלקער. די רעוואָלוציאָנערע בורזשואַזיע האָט אויסגעפירט דעם פּראָגראַם אויף אַזוי פיל, וויפיל עס האָט גענוצט דעם קאַפּיטאַל און זיין געשעפט. די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן און די קלענערע רעוואָלוציאָן אין דעם נייַנצעהנטען יאַרהונדערט האָבען אַרונטערגעריסען די ראַגאַטקעס, וואָס האָבען פאַרצאַמט דעם וועג פון איין לאַנד אין די אַנדערע: דער קאַפּיטאַל האָט געדאַרפט אַרבייטער, עמיגראַנטען. די האַנדעלס־געזעצע פון אַלע לענדער זיינען היינט די זעלבע: דער קאַפּיטאַליסט קען רוהיק שיקען וואַרע קיין בראַזיליע, קיין רוסלאַנד, אָדער יאַפּאַניע, און דיסקאָנטירען זיינע וועקסלען אין לאָנדאָן אָדער פּאַ־

ריז, — די וועלט איז זיין פאטערלאנד, און ער ברענט און מאר־
דעט אין דעם נאמען פון דעם קאפּיטאליסטישען קאסמאפאליטיזם,
וועלכער הייסט היינט אימפּעריאליזם.

און איצט קומט דער סאציאליזם, וועלכער האט די קאסמא־
פאליטישע אידעען גע׳ירש׳ענט פון דער רעוואלוציאנערער בור־
זשואזיע, און זאגט אונדז ווייטער צו גלייכהייט און ברידערלאכ־
קייט פון אלע מענטשען, אים נאמען פון דעם ארבייטער־פּרא־
לעטאריאט. „פּראלעטאריער אלער לענדער, פאראייניקט אייך!“
איז די נייע תפלה. די פּראלעטאריער פון אלע לענדער זיינען ווי
איין נאציאן און זיי האבען איין געמיינזאמען פיינט, די פאראיי־
ניקטע קאפּיטאליסטען פון אלע לענדער. דער וואוקס פון דער אר־
בייטער באוועגונג ברייננט מיט זיך די ענטוויקלונג פון פּראלע־
טארישער סאלידאריטעט. אזוי שטעהט אין דער תורה

לאמיר אבער אוועקלייגען די סענטימענטאלע פּראזען אן א
זייט, לאמיר א קוק טאן וואס דער ארבייטער־קלאס טוט צו פאר־
טיידיקען זיינע קלאסען־אינטערעסען.

## 2.

## די באשרענקונג פון איינוואנדערונג.

דער ערסטער פּראקטישער ערפאלג פון דעם אמעריקאנער
ארבייטער־קלאס איז געוועזן דער געזעץ, אז מ׳זאל ניט אריינלאזען
קיין כינעזער אין אמעריקע. אלזא, דער ערסטער פּראקטישער
אמענדמענט צו דער אינטערנאציאנאלער סאלידאריטעט פון דעם
פּראלעטאריאט הייסט: פּראלעטאריער אלער לענדער, א חוץ כי־
נעזער פאראייניקט אייך! און וויקטאר בערגער, דער אנערקאנטער
פירער פון דער אפּארטוניסטישער ריכטונג אין דעם אמע־
ריקאנער סאציאליזם, האט נאך באלד נאך דער גרינדונג פון דער
סאציאליסטישער פּארטיי געזאגט: אמן! און הערמאן שליטער,
א וועטעראן אין דער דייטשער און אמעריקאנער סאציאליסטי־
שער באוועגונג און א פרומער ארטאדאקסישער מארקסיסט, איז
אין 1904 אויפגעטראטען אויף דעם אמסטערדאמער אינטערנא־
ציאנאלען סאציאליסטישען קאנגרעס פאר די באשרענקונג פון
דער איינוואנדערונג פון „ריקשטענדיקע ראסען“.

ווי איר זעהט, האָט דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס געמאַכט אַמעריקע פאַר אַ קאָסמאָפּאָליטישע לאַנד. דער קאַפּיטאַל האָט פאַרלאַנגט העגט און דערפאַר זיינען די טירען געווען אָפען פאַר די אונטערדריקטע פון אַלע נאַציאָנען. זינט אבער עס האָט זיך אָנגעהויבען די ארבייטער באַוועגונג, האָבען די ארבייטער ארויסגעשטעלט אַלס זייער הויפּט פאָדערונג די באַשרענקונג פון איינוואַנדערונג. איר קענט מעסטען דעם וואוקס פון דער ארבייטער־באַוועגונג דורך די שטריינקייט פון די געזעצע געגען איינוואַנדערונג, עס האָט זיך אָנגעהויבען מיט די כינעזער און היינט רעדט מען שוין צווישען ארגאַניזירטע ארבייטער, אַז עס וואָלט געווען אַ פּלאַן אין גאַנצען ניט אריינצולאָזען קיין אויסלענדישע ארבייטער. דאָס איז נאַטירליך נאָר דער אידעאַל. אין דער ווירקלאַכקייט איז מען אַלע מאָל געצוואונגען עפּעס אראָפּצולאָזען פון דעם אידעאַל. די אָרגאַניזירטע ארבייטער וואָלטען דערפאַר געווען צופרידען, אַז מען זאָל ניט אריינלאָזען די איינוואַנדערער פון „איסטערן ענד סאַדהערן יוראָפּ“, דאָס הייסט אידען און איטאַליענער. די פּאָליציייסקע פּריטשעפּקעס אָף עליס איילאַנד, די גזירות אָף אידישע אימיגראַנטען האָבען די אונטערשטיצונג פון דער אמעריקאַן פעדערעישאָן אָוו לייבאָר. אַלזאָ, דער צווייטער פּראַקטישער אַמענדמענט צו דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט פון די ארבייטער הייסט: פּראָלעטאַריער אַלער לענדער פאַראייניקט אייך, אבער לאָמיר זיך בלייבען גוטע פריינט פון ווייטען*)

דאָס זעלבע קומט פאָר אין דעם ארבייטער גן עדן — אין אויסטראַליע. עס זיינען דאָרטען סך הכל פאַראַן עטלאַכע מיליאָן מענטשען אין אַ לאַנד, וואָס איז אַזוי גרויס ווי די פאַראייניקטע שטאַטען, אבער די ארבייטער פילען זיך ענג און זוכען צו פאַרבעסערען זייער לאַגע דורך די באַשרענקונג פון איינוואַנדערונג.

מען וועט מיר, נאַטירליך, זאָגען, אַז די ארבייטער קענען זיך ניט העלפען: אונטער דעם קאַפּיטאַליסטישען דרוק זיינען זיי געצוואונגען צו שיצען זיך געגען אונבאַשרענקטע קאָנקורענץ פון

---

*) אַ ספּעציעלע באַהאַנדלונג פון דער האַלטונג פון דער אמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי צו אימיגראַציע וועט דער לעזער געפינען אין דעם ערסטען באַנד, פערטע אָפּטיילונג.

אויסלענדישע ארבייטער. לאָז זיין אזוי, אבער וואס באווייזט דאָס? אז די אינטערעסען פון די ארבייטער פון אלע לענדער זיינען גאר ניט איידניק, ווי מען האָט זיך פאָרגעשטעלט נאָך גראד פאר־קערט: וואָס איז גוט פאר דעם אייראָפּעאישען ארבייטער, וועל־כער זוכט צו פארבעסערען זיין ביטערע לאגע, איז שלעכט פאר דעם אמעריקאנער ארבייטער. וואָס עס וועט דעם אמעריקאנעם ארבייטער העלפען מאכען אן אנשטענדיקען לעבען, דאָס איז א מכה פאר דעם אויסלענדישען ארבייטער. וואו זשע איז די פּראלעטא־רייטע סאָלידאריטעט, וואס האָט געזאָלט זיך ענטוויקלען דורך דעם קלאסען־קאמפּף פון דעם פּראָלעטאריאט געגען דעם קאפּיטאל?

די סאָציאליסטישע תורה לערענט אז די קלאסען אינטערעסען פון די ארבייטער צווינגען זיי זיך צו פאראייניקען אָן אונטערשיד פון ראסע אדער נאָציאָן, אבער די פּראקטיקע ווייזט, אז עס איז נאָך גאָר ניט אזוי זיכער. די איינציקע האָפנונג איז, אז די פאר־ברייטונג פון סאָציאליסטישע אידעען וועט אויסראָטען דעם נאָ־ציאָנאלען האס און די ראסען־פאראורטיילטע. עס איז אבער נאָך א גרויסע פראגע אויב דער סאָציאליזם אליין איז פארזיכערט געגען דעם איינפלוס פון נאָציאָנאלע און ראסען פאראורטיילע.

עס האָט זיך שוין אָפט געטראָפען אין דער געשיכטע, אז ווען א נייע אידעע נעמט זיך פארברייטען אין די מאסען, פאסט זי זיך גאנץ גיך צו צו די באגריפע און פאראורטיילע פון די מאסען. ווי שטעהט עס מיט דעם סאָציאליזם?

אַן ענטפער אף די פראגע וועט אונדז געבען די האלטונג פון די אמעריקאנער סאָציאליסטען צו דער ניגער־פראגע.

## 3.

## די לאַגע אין די סויט.

ביז ניט לאנג צוריק האָט די סויט עקזיסטירט אין גאנצען פון פארמעריי; קאטען (באוועל) איז געווען די הויפּט סחורה. מ'פלענט זי ארויספירען קיין אייראָפּא, און אין די ניו־ענגלאנדס סטעיטס. אפ'ן שטעל זיינען קיין פאבריקעס ניט געווען. דורך הויי־

כע איינפּאַרס־צאָלען האָט מען אין די ניו־ענגלאַנד סטעיטס גע־האַלפען די פאַבריקאַנטען אויסצוברייטען זייערע שפּינערייען און וועבערייען. דאָס הייסט, עס איז אויסגעוואַקסען אַ גרויסער אר־בייטער קלאַס. עס האָבען זיך גענומען בילדען יוניאָנס, עס האָט זיך אָנגעהויבען אַן אַגיטאַציע פאַר קירצערע שטונדען, נעגען קינ־דער ארבייט. די פּאָליטישענס זיינען געצוואונגען געווען אַרויסצו־געבען געזעצע עפּעס צו באַשיצען די ארבייטער. ווי ווייניק דאָס איז געווען, האָט עס ביי דעם פאַבריקאַנט אין די אויגען אויסגע־זעהען צו גרויס. אַ סך פון זיי זיינען זיך מישב געווען: צו וואָס דאַרף איך פירען קאַטאָן פון סויטה־קאַראָליינאַ קיין באָסטאָן און אויסאַרבייטען עס אין מיין פאַבריקע, וואָלט עס ניט בעסער כדאי געווען צו מאַכען אַ פאַבריקע אָפּ'ן שטעל און פאַרשפּאָרען אַלע טראָבעל מיט יוניאָן־בעאַמטע און פעקטאָרי־אינספּעקטאָרס?

און עס האָבען זיך גענומען גרינדען פאַבריקען אין די סויטה, שכירות זיינען דאָרטען נידעריק, די שטאַטישע ארבייטער זיינען גאַר אַ קליינער פּראָצענט פון פאָלק און קיינער האָט פאַר זיי קיין מורא ניט. דער קאַפּיטאַליסט, וועלכער עסט זיך שטענדיק אָפּ די האַרץ, וואָס דער ארבייטער איז אונטערדריקט דורך די טיראַניי פון די יוניאָנס, האָט ענדליך געפונען די אמת'ע לאַנד פון פריי־הייט: דער ארבייטער און דער קאַפּיטאַליסט זיינען ביידע פריי צו באַדינגען זיך וועגען דער ארבייט, ווען עס ווילט זיך דעם ארבייטער דוקא ארבייטען צוועלף שטונדען אַ טאָג, קען עס קיינער ניט שטערען אין זיין פּרנסה. ווען אַן אַלמנה בלייבט מיט קליינע יתומים פון זעקס, זיבען יאָר, טו מעג זי זיי שיקען אין דער פאַב־ריקע, זיי זאָלען ארבייטען דאָרטען צוועלף שטונדען ביי־נאַכט און העלפען איר צו פאַרדינען אויף חיונה. אין דער אמת'ן וואָס פאַר אַ תכלית קומט פון זיי אַרויס, ווען זיי לויפען אַרום ליידיקער־הייט? אין דער פאַבריקע פּאַסט מען אויף זיי אויף, זיי זאָלען ניט ווע־רען קיין הולטאַיעס, זיי לערנען זיך „דיסציפּלין".

די קינדער און די פרויען, וואָס ארבייטען אין די פאַבריקעס האָבען קיין וואוט ניט, האָט מען פאַר זיי ניט וואָס מורא צו האָ־בען, אַז זיי וועלען דורך געזעץ פאַרגוואַלטיקען די אַמעריקאַנער פרייהייט. די טאַטעס האָבען אַ וואוט. אין די סויטה פאַרנעמט זיך אַ גרויסער פּראָצענט פון פּראָלעטאַריאַט מיט „פּאָליטיקס"

שכור'ן און געמבלען אין סאלונס, בעת זייערע ווייבער און קינ־
דער האלטען זיי אויף מיט זייער ארבייט נאטירליך זיינען דער
ספּארט פּראלעטאריער נעגען יעדען געזעץ וואָס באשרענקט „די פּריי־
הייט פון דעם ארבייטער".

דער קאפּיטאל האָט האַלט פּרייהייט. א סך נייע פאבריקעס
האָבען זיך אין די לעצטע יאָרען געגרינדעט אין דער פרייער
סויטה. די שטאַטישע באַפעלקערונג וואקסט, ארבייטער פון די
דערפער קומען אין די שטעט. עס זיינען נאַטירליך אלין שווארצע.
ביז איצטער האָבען די ווייסע ארבייטער אויסגעפירט אין די מערס־
טע פאבריקעס מ'זאָל קיין ניגער ניט געבען קיין ארבייט, אָבער
דער געשעפט וואקסט, מ'דארף רק מער הענט. וואו נעמט מען
זיי? די ארבייטער פון באָסטאן וועלען ניט פאָרען אין די סויטה,
[illegible] האָרטען איז דער ארבייטס־לוין זעהר נידעריק. דער קאַ־
פּיטאל קען אלזאָ ניט אויסקומען אָן שווארצע הענט. ביסלאכווייז
ווערען זיי איינגעפירט אין די פאבריקעס און די קוילען־און אייזען־
גרובען, די יוניאָנס זיינען געגען זיי, א סך יוניאָנס אין די סויטה
נעמען זיי ניט אריין. נאַטירליך זיינען די ניגערס געגען יוניאָנס.
דאָס איז שוין אליין ווערט געלט פאר דעם קאפּיטאליסט. כדי
אָבער דעם ניגער זאָל ניט אריין אין קאָפּ צו פאָדערען ארבייטער־
געזעצען, האָט מען ביי עם אוועקגענומען אלע פּאָליטישע רעכטע.
דער ווייסער פּראלעטאריאט האָט אין דערין געהאָלפען די קאפּי־
טאליסטען.

וואָס האָט געזאָלט זיין די אויפגאבע פון סאָציאליזם אין די
סויטה? מ'קען דעם סאָציאליזם באטראכטען ענטוועדער פאר אַן
אלגעמיינעם מענטשלאכען אידעאל אָדער פאר אַן אויסדרוק פון
די קלאסען־אינטערעסען פון דעם ארבייטער־קלאס. דער אידעאל
פון דעם דעמאָקראטישען סאָציאליזם איז גלייכהייט, ברידער־
ליכקייט און סאָלידאריטעט פון אלע מענטשען. מאכען אַן אונטער־
שיד געגען שווארצע איז געגען דעם אידעאל פון דעם סאָציאליזם.
די אינטערעסען פון דעם ארבייטער־קלאס פארלאנגען, אז אלע
ארבייטער זאָלען האָבען א וואוט. ווען מ'נעהמט אוועק דעם וואוט
פון די ניגערס, שוואכט מען אָפּ דעם ארבייטער־קלאס.

לאָמיר־זשע א קוק טאָן וואס איז די שטעלונג פון די אמעריִ־
קאנער סאָציאליסטען צו דער ניגער־פראגע אין דער ווירקליכקייט.

4.

## סאציאליסטישע פאליטיק און די ניגערס.

אין 1901 ביי דער קאנווענשאן אין אינדיאנאפאליס, וואו עס איז געגרינדעט געווארען די סאציאליסטישע פארטיי, איז אנגענומען געווארען א רעזאלוציע, אין וועלכער די נייע פארטיי האט זיך איינגעשטעלט פאר די רעכטע פון דער שווארצער ראסע, מיט א יאר שפעטער האט זיך ארגאניזירט די סאציאליסטישע פארטיי אין לואיזיאנא און האט אין איר סטעיט־קאנסטיטושאן איינגעפירט באזונדערע ברענטשעס פאר שווארצע. די נאציאנאל־עקזעקוטיווע האט צוליב דעם ענטזאגט דעם סטעיט־קאמיטע פון לואיזיאנא ארויסצוגעבן א טשארטער, דאס האט ארויסגערופען א דעבאטע אין דער סאציאליסטישער פרעסע, וואס האט זיך געצויגען א גאנץ יאר. פון אנדערע סטעיטס אין די סויטה זיינען אויך אריינגעקומען שטימען אין דער סאציאליסטישער פרעסע, אז זיי געפעלט דער פלאן פון לואיזיאנא און זיי ווילען זיך אויך ארגאניזירען אף דעם זעלביקען אופן. דאגעגען איז דעבס אין יענער צייט ארויס מיט אן ארטיקעל איבער די ניגער־פראגע, וואו ער האט געזוכט צו באווייזען, אז דער סאציאליזם וועט מאכען א סוף צו דער ראסען־פראגע.

דעבס דערצעהלט איבער דער קאנווענשאן פון די אמעריקאן ריילוועי יוניאן, וועלכע איז אפגעהאלטען געווארען אין 1894, וואו מ'איז ארויס אין סטרייק געגען פולמאנען. דאס איז געווען א העכסט אידעאלער אויסדרוק פון סאלידאריטעט צווישען ארבייטער. 150,000 מאן זיינען ארויס אין סטרייק צו העלפען 3,000 ארבייטער פון דער פולמאן קאמפאני, וועלכע האבען פריהער צו דער יוניאן גאר ניט באלאנגט און זיינען אריין אין די יוניאן נאר צוליב דעם סטרייק. עס האט ניט געפעלט קיין ענטוזיאזם און זעלבסט־אופאפפערונג, אבער דער סטרייק איז פארלארען געגאנגען. פאר וואס? ווייל דיזעלביקע קעמפער האבען זיך ענטזאגט אריינצונעמען ניגער אין די יוניאן און די ניגערס זיינען דערפאר געגאנגען סקעבען.

דעבס און אלע דירעקטארען פון דער יוניאָן האָבען געאר־ בייט מיט אלע כחות צו ווירקען אף די קאָנווענשאָן, אז זי זאָל ניט מאכען קיין אונטערשיד געגען די ניגערס, אָבער זייערע ארגומענטען האָבען ניט געהאָלפען: די שנאה פון די דעלעגאטען פון די סויטה קעגען דעם ניגער איז געווען שטארקער פאר יוניאָן־ פרינציפען און קלאסען־אינטערעסען. וואס פאר א ווירקונג האָט געהאט די סאָציאליסטישע אגיטאציע אין די סויטה? האָבען דעבס'עס ארגומענטען געפונען א בעסערען אָפּקלאנג ביי די סאָ־ ציאליסטען אין די סויטה, ווי ביי די אייזענבאן־ארבייטער אין 1894? אף די פראגע מוז מען ענטפערן מיט „ניין“.

די שטעלונג פון דאָס רוב אמעריקאנער סאָציאליסטען צו דער ניגער־פראגע געפינט איהר אויסגעדריקט אין עדווארד בעלא־ מי'ס בוך „גלייכהייט“, וואָס איז ערשינען ניט לאנג פאר זיין טויט, אין 1897. אין זיין אידעאלער סאָציאליסטישער געזעלשאפט וועלען די נעגערס לעבען אפגעזונדערט פון די ווייסע, דערמיט וועט די פראגע געלייזט ווערען. אלזאָ, א „טשערטא אָסעדלאסטי“ ווי אין רוסלאנד. א סאָציאליסטישע געטא — דאָס איז דער סאָציא־ ליסטישער אידעאל, דאָס איז די סאָציאליסטישע לייזונג פון דער ניגער־פראגע.

איך האָב געזעהען דעם אידעאל שטארק רעקאָמענדירט אין דעם „אפיל טו ריזאָן“.

אף דעם איז נאַטירליך פאראן א תירוץ: בעלאמי איז ניט געווען קיין קלאסען־באוואוסטער סאָציאליסט, און דער „אפיל טו ריזאן“ איז נאָך דעמאלט ניט ארויסגעגאנגען אונטער דער רעדאק־ ציע פון קלאסען־באוואוסטע גענאָסען. ווער קען זיין פאראנט־ וואָרטליך פאר יעדע זאך, וואָס איינעם וועט איינפאלען, וועלכער פרעטענדירט צו זיין א סאָציאליסט!

נו וועל איך אייך געבען אן אויסצוג פון דער „ניו־יארקער פאָלקסצייטונג“, וועלכע איז קלאסען־באוואוסט, אינטערנציאָנא־ ליסטיש, רעוואָלוציאָנער, וויסענשאפטליך, אונקאָמפּראָמיסליך און איז שטענדיק גערעכט. אין דעם נומער פון אכטען יאנוואר 1903, האָט זי געהאט א לאנגען לייטארטיקעל: „צור לויזונג דעם נעגער פראָבלעם“. עס שטעהט אין יענעם ארטיקעל אזוי:

„ווען מיר סאָציאַליסטען ערוואַרטען אַ לויזונג פון דעם נע־גער־פּראָבלעם אין די פּראַאייניקטע שטאַטען פון דער פאַרניכטונג פון קאַפּיטאַליזם און דער איינפירונג פון אַ סאָציאַליסטישער גע־זעלשאַפט, טו איז דאָס, נאָך אונדזער מיינונג נאָך, ווייל מיר נעמען אָן, אַז אַ פּערנינפּטיקע געזעלשאַפטס־אָרדענונג וועט אין דיזער פראַגע אויך געפינען אַ פּראַקטישערען וועג איידער עס איז מעגלאָך ביז אהער פאַר די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט מיט איר ווידערשפּרוך פון אינטערעסען. קיינעסוועגס אבער ניט, ווייל מיר האָפען, אַז מען קען דורך ערגעין וועלכען אַרגומענט מאַכען שווייגען דעם ראַסען־אַנטאַגאָניזם... עס האַנדעלט זיך דאַרום איי־נע מעגליכסטע טרענונג דער ראַסען, ניכט איין צוזאַמענלעבען דערזעלבען אין איינינגערמאַסען גלייך גרויסען מאַסען הערבייצו־פירען... מען מוז זיך קלאָר דעריבער זיין, אַז די נעגער־פראַגע ווי ווייט מ׳קען פאָראויסזעהען אין דער צוקונפט, וועט עקזיסטירען אַלס פראַגע, ווען מ׳וועט זי ניט באַזייטיגען אין אַ פּראַקטישער ווייזע“.

דער פּראַקטישער פּלאַן באַשטעהט אין דערין, אַז אַלע ניגער זאָלען אריבערקלייבען זיך — „נאַטירליך גאַנץ פרייוויליק“ — אין עטלאכע סטעיטס, צום ביישפּיעל, אַלאַבאַמאַ, דזשאָרדזשיא, מיסי־סיפּי, און סויטה קאַראָליינאַ, און די ווייסע זאָלען פון דאָרטען ארויסקלייבען זיך. ווען עס וועלען בלייבען אַ פּאָר ניגער ערגעץ צווישען די ווייסע, אָדער אַ פּאָר ווייסע צווישען ניגער, טו קען פון דעם קיין ניגער־פּראַגע ניט ארויסוואַקסען.

„דאָס ניגער־פּראָבלעם ווערט געלויזט... דער סאָציאַליזם ווירדע אויך מיט דיזער נעגער פראַגע שפּילענד פערטיג ווער־דען“.

אַלזאָ, וויטער אַ סאָציאַליסטישע טשערטאַ אָסיעדלאָסטי, אַ סאָציאַליסטישע געטאָ פאַר די ניגער, — אזוי וועט דער סאָציאַ־ליזם „שפּילענדיק פּטור ווערען“ פון דער ניגער־פּראַגע!

ליידער וועלען מאנכע פון אונדז צו יענער גליקלאכער צייט ניט דערלעבען. וואס טוט מען אבער היינט? די סאָציאליסטישע פארטיי זוכט צו מאכען פראָפאגאנדע אין די סויט. מ'האָט ארויס־געשטעלט סאָציאליסטישע קאנדידאטען, פרובירט מען צו קריגען וואוטס. די ניגער אָבער האָבען שוין היינט קיין וואוטס ניט: די ווייסע האָבען ביי זיי די וואוטס אווּעקגענומען. אלזא מוז מען זיך סטארעווען צו קריגען ווייסע וואוטס, און דער ווייסער האָט פיינט א ניגער. וואָס פאר אן עצה קען זיך געבען אן אונקאָמפּראָ־מיסליכע פארטיי? איבער דעם באריכטעט די זעלביקע „פאָלקס־ציייטונג" אין דעם נומער פון דעם 22טען סעפטעמבער, 1902. זי דערצעהלט איבער דער סאָציאליסטישער פארטיי אין אלאבאמא, וועלכע האָט ביי דער לעצטער וואל ארויסגעשלעפּט קאנדידאטען מיט א פּלאטפארמע. אין יענער פּלאטפארמע האָט זיך געפונען אלצדינג אף דער וועלט, נאָר די „נעגער פראגע..." איז פארשטעהט זיך אויך קלוגער ווייזע ניט דערמאָנט, ווייל, ווען זי איס סאָ־ציאליסטישען זינע ערווייטערט וואָרדען ווערדע, מאן דאמיט דער אגיטאציאָן איין צו צייט אונאיבערווינדליכעם הינדערניס אין דען וועג געווארפען העטע".

פארשטעהט איהר? ווען מ'וואָלט גערעט אים סאָציאליסטי־שען זין וועגען דער נעגער־פראגע וואלט דאָס געשטערט דער אגיטאציע, נו, טו שווייגט מען בעסער צו!

זינט מען האָט ביי די נעגערס אווּעקגענומען דעם וואוט, איז אין דעם זעלביקען סטעיט אלאבאמא איבער א נייס איינגע־פירט געווארען ניגער־שקלאפעריי. אבער די סאָציאליסטישע פּארטיי האָט מורא צו פארלירען וואוטס, דערפאר האָט זי „קלוגער ווייזע די נעגער פראגע ניט דערמאנט".

היינט זאָגט זשע מיר וואס איז די נפקה מינה פון א גע־זועהנטלאכען פּאָליטישען צו א סאָציאליסטישען פּאָליטישען?

די ס. פּ. האָט זיך אין דער ניגער פראגע געהאלטען אקוראט ווי די רעפּובליקאנער פּארטיי, נאָר מיט דעם אונטערשיד, וואָס די רעפּובליקאנער פּארטיי האָט אין אירע יונגע יארען פּאָרט באפרייט די ניגערס און זיי געגעבען פּאָליטישע רעכטע, בעת די סאָציאליס־

טישע פּארטיי שוין אין דעם צווייטען יאָר פון איר עקזיסטענץ האָט פארגעסען אַז דעם וואָס זי האָט צוגעזאָגט ביי איר גרינדונג אין 1901 און האָט געשטווינגען שטיל אין אלאבאמא, ווען די אויס־בייטער און הויטשינדער האָבען איבער א נייעם איינגעפירט די שקלאפעריי. אין די נאָרד מעג זיך א סאָציאליסט שרייבען א בריליאנטענעם ארטיקעל איבער גלייכהייט פון אלע מענטשען אַן אונטערשיד פון הויט־פארב, דאָס זעלבע טוען אויף די רעפּובלי־קאנער, ווארום די ראַסען־פראגע איז אין די נאָרט, נאָך דערהויילע קיין פראגע ניט. אין די סויט אָבער דערלאָזען די רעפּובליקאַנער מען זאל ביי די ניגער אוועקנעמען אלע מענטשען־רעכטע און די סאָציאליסטען מאַכען אויף א שווייג. דער מאָטיוו איז דאָס זעלבע: מ׳האָט מורא מ׳וועט חלילה פארלירען וואוטס.

אָבער אין דער צייט ווען די „פאָלקסצייטונג“ האָט געדרוקט דעם ארטיקעל, האָט די סאָציאליסטישע פּארטיי אין דעם גאַנצען סטעיט אלאבאמא אָקאָרסט געהאט געקראָגען 2312 וואוטס, דאָס הייסט סך הכל 2 פּראָצענט*). אף וואָס טויגען די וואוטס, ווען זיי זיינען גאָר קיין סאָציאליסטישע ניט?

מילא, ווען די רעפּובליקאנער יאָגען זיך נאָך וואוטס, טו קען מען אף זיי קיין פאריבעל ניט האָבען; זיי מיינען ניט די הגדה, זיי מיינען די קניידלאך. אבער צו וואָס דארפען די סאָציאליסטען די וואוטס? מ׳וויל אונדז איינשמועסען, אז ווען מען קריגט וואוטס, מאכט מען דערמיט פראָפּאגאנדא פאר דעם סאָציאליזם. ווען אָבער מ׳ מוז פארשווייגען דעם גרונד־פּרינציפּ פון סאָציאליזם, ווען מען טאָר ניט ריידען אין דעם סאָציאליסטישען זין, טו וואָס איז דאָס פאר א פראָפּאגאנדא פאר דעם סאָציאליזם?

די רעדאקציאָנעלע מיינונג פון דער „ניו־יאָרקער פאָלקסציי־טונג“ איז וויכטיק דערפאר, וואָס די דאזיקע צייטונג איז שטענדיק געוועזן דער שומר פון דער פּארטיי אָרטאָדאָקסיע. לאָמיר איצטער

*) ביי דער וואל פון 1901.

אויסהערען א האלב־אָפיציעלע־שטימע פון יענער גאָלדענער צייט, ווען די סאָציאַליסטישע פארטיי האָט נאָך כמעט ניט פארזוכט דעם טעם פון פאָליטישע דזשאָבס און איז נאָך געווען ניט מער ווי אַ פאראיין פאר פראָפּאַגאַנדע. אין דעם ווינטער פון 1902 — 1903 האָט די נאַציאָנאַל־עקזעקוטיווע פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי געשיקט דזשאָן ס׳עעים׳ן, דעם ערסטען סאָציאַליסטישען מעיאָר, וואָס איז ערוועהלט געוואָרען אין אַמעריקע, ער זאָל פאָהרען אין די סויטה אלס אָרגאַניזער, ער זאָל דאָרטען טאָן סיסטעמאַטישע אָרבייט פאר דעם סאָציאַליזם.

אין דער יום־טוב׳דיקער אויסגאַבע פון דעם אָפיציעלען פּאַר־טיי־אָרגאַן „דהי וואורקער“, וואָס איז ערשינען דעם ערסטען מיי 1903, דערצעהלט ער, אז ער האָט גערעט פאר פאַרזאַמלונגען אין אַ סך וויכטיקע שטעט, אין זיבען סטעיטס. פון דער ראַסען־פראַגע, זאָגט ער, אז זי איז די הויפּט־פראַגע אין די סויט.

טויזענטער מענטשען, וואָס עס עקעלט זיי שוין פּשוט פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וואָטען פאָרט דעם דעמאָקראַטי־שען טיקעט, ווייל זיי האָבען מורא פאר ניגער־הערשאַפט. — פילע פון זיי — די צאָל איז כמעט אומבעשרענקט — וואָלטען שטימען פאר דעם סאָציאַליזם, ווען זיי וואָלטען געקענט פארשטעהן דעם חלוק צווישען געזעלשאַפטליכער און אינדוסטריעלער גלייכהייט. דאָס איז די וויכטיקסטע אורזאַכע דורך וועלכע עס איז אזוי שווער צו געווינען די לייט פון דער דעמאָקראַטישער צו דער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי.

„פּאַרנינפטיקע סאָציאַליסטישע רעדנער“, מיינט ער ווײַ־טער, „וואָלטען געקענט פיל אויפטאָן פאר דעם סאָציאַליזם אין די סיוט.אָבער הערט צו וואָס איך וועל אייך זאָגען, אַ רעדנער מוז זיין אַ מענטש מיט פאַרשטאַנד, קאַלט ווי ליאָד, ווען ער וויל אויסמיי־דען טראָבעל, אין פילע געגענטען אין די סויט איז ריידען וועגען סאָציאַליזם פונקט אזוי ווי טאַנצען אף אייער, אָבער אַ מאָן, וואָס האָט די פעהיקייטען, קען האָבען דעם גרעסטען ערפאָלג“.

אַלזאָ, אַט האָט איר די סאָציאַליסטישע „טאַקטיק“. מ'קען אָפּגעווינען אַ גוזמה וואוטערס פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי פאַר די סאָציאַליסטישע, ווען מען זאָל זיי נאָר פאַרזיכערען, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי וועט באַהאַנדלען דעם ניגער פּונקט אַזוי ווי די דעמאָקראַטישע. אז ניט, קען דער רעדנער האָבען צרות.

גלייכהייט איז גאַנץ גוט אין שאָפּ, אָבער „געזעלשאַפטליכע גלייכהייט“, — ווער רעט גאָר פון אַזעלכע זאַכען? דער סאָציאַליסטישער רעדנער מוז אַלזאָ פאַרזיכערען זיינע צוהערער אין די סויט, אַז אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועט מען די ניגערס ניט צולאָזען אין די זעלביקע סקולס און קאַלעדזשעס, ווי די ווייסע, מ'וועט די ניגערס ניט אריינלאָזען אין די זעלביקע פּאַבליק לייברעריס, אין די זעלבע פּארקס, אין די זעלבע קאַרס, — וואָרים דאָס הייסט אַלין „געזעלשאַפטליכע גלייכהייט“ אין די סויט. ווער רעט שוין פון פּאָליטישע רעכטע. די ניגערס זיינען אין דער מאַיאָריטעט אין די סויט; ווען מ'זאָל זיי לאָזען וואוטען צוגלייך מיט די ווייסע, וועט דאָך זיין „ניגער־הערשאַפט“. און דער וואוטער אין די סויט וועט גיכער שטימען פאַר דעם קאַפּיטאַליזם מיט דער הערשאַפט פון דער קאָרופּטער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, איידער פאַר דעם סאָציאַליזם מיט ניגער־הערשאַפט.

דער סאָציאַליזם אין די סויט מוז אַלזאָ זיין אַ סאָציאַליזם פאַר דעם ווייסען מענטשען, — דאָס האָבען מיר שוין געהערט פון די „רעפאָרמערס,“ דאָס זעלבע זאָגט דער שליח פון דער „אונקאָמפּראָמיסליכער אינטערנאַציאָנאַלער פּאַרטיי“.

מען מוז געדענקען, אַז טשעים אַליין איז פון העיווערילֿ, מאַסאַטשוסעטס, וואו דער ניגער ווערט באַהאַנדעלט פון דעם געזעץ גלייך מיט דעם ווייסען און דער ראַסען־האַס איז ניט קענטיק פון אויבען אָן.

די ניגער־פראגע איז א סך דיסקוטירט געווארען אין דער סאָ־ציאַליסטישער פרעסע פאר די וואַלען פאר פרעזידענט אין 1904.

נאָך בראיאן׳ס נידערלאגע ביי דער וואל פון 1900 האָבען די דעמאָקראטען פון די סויטה געקראָגען די אויבערהאנט איבער דער גאַנצער דעמאָקראטישער פארטיי, ווייל זיי זיינען געווען די איינ־ציקע דעמאָקראטען, וואָס זיינען געבליבען ביי׳ן רודער. די „בור־באָנען" פון די סויט זיינען באקאנט פאר די פארביסענסטע רע־אקציאָנערן, מען האָט געוואוסט אין פאָראויס, אז ביי דער וואל פאר פרעזידענט אין 1904 וועלען זיי פרובירען פאראייניקען ארום זייער קאנדידאט אלע רעאקציאָנערע עלעמענטען פון לאנד. מען האט זיך געקענט ריכטען, אז א טייל פון די ראדיקאלע דעמאָקרא־טען וועלען אויס פראָטעסט שטימען פאר דעם סאָציאַליסטישען קאַנדידאט. די רעכענונג האָט זיך אויסגעוויזען פאר ריכטיק: דער דעמאָקראטישער קאנדידאט פארקער האָט אָנגעווארען כמעט א מיליאָן וואוטס פון, די וואָס בראיאן האָט געקראָגען אין 1900, און די סאָציאַליסטישע פארטיי האָט צוגעקראָגען 300,000 נייע וואוטס צו די 100,000, וואָס זי האָט געצויגען ביי איהר ערסטען קאמפּעין פאר פרעזידענט אין 1900.

אין דער צייט, ווען מען האָט זיך געגרייט צו דעם קאמפּעין פון 1904, זיינען אין דער אמעריקאנער סאָציאַליסטישער פרעסע אויסגעשפּראָכען געוואָרען מיינונגען, אז מ׳דארף אָפּשאפען די רעזאָלוציע, וואָס די קאָנווענשאָן אין אינדיאנאפּאָליס האָט אָנגענו־מען לטובת די ניגער מיט דריי יאָהר פאר דעם.

דער רעדאקטאר פון דעם „אינטערנעישאָנאל סאָשעליסט רע־וויאו" האָט זיך געווענדעט צו די מיטגלידער פון דער פארטיי, זיי זאָלען זיך אויסשפּרעכען איבער די פראגע מיט וועלכע די קאָנווענ־שאָן האָט זיך געדארפט באַשעפטיקען. אונטער די בריף, וועלכע זיינען פארעפענטליכט געווארען געפינען זיך דריי, וועלכע באַ־

האנדלען די ניגער־פראגע. איינער פון זיי איז געקומען פון אן אל־טען מאן, וועלכער איז אמאל געווען א שקלאפען־אייגענטימער און איז געגאנגען אין מלחמה אופצוהאלטען די שקלאפעריי. ער איז דער איינציקער פון די שרייבער, וועלכער רעט ווי א מענטש. ער דערצעהלט, אז ער איז געווען א רשע א פריין פאר זיינע שקלא־פען. „איך פלעג זיי שלאגען — זאגט ער — אן קיין שום פריטשי־נע, ווייל איך האב זיך געהאלטען פאר עפעס בעסערס פון זיי. די צייט האט באוויזען, צו זייער אייביקען כבוד, און צו מיין אייביקער חרפה, און צו דער אייביקער חרפה פון אונזער ראסע, אז דער ניגער איז געווען בעסער פאר אונדז“.

ווייטער דערצעהלט ער וועגען דעם בירגער־קריג און צום סוף זאגט ער אזוי:

„איך בין ענטשלאסען צו פארטיידיקען די פאליטישע און עקאנאמישע רעכטע פון דער פארביקער ראסע, און וואס אנבא־טרעפט זייערע רעכטע און אומגאנג צווישען לייטען, טו וואלט איך בעסער פירען באקאנטשאפט מיט א ניגער, וואס וועט מיר אנקארמענען, איידער מיט א ווייסען מאן, וואס וועט מיך לאזען ארומגעהן א הונגעריקען“.

אבער דער מאן איז נאטירליך א „געפילס־סאציאליסט“, א „סענטימענטאליסט“, די „אונקאמפּראמיסליכע“, וויסענשאפט־ליכע, קלאסענבאוואוסטע“, רעוואלוציאנערע ריידען גאר אנדערש. ערסטענס לאמיך אייך פארשטעלען געגאסע ווילשיר'ן. געגאסע ווילשיר איז ניט אבי־ווער. ער האט א צייט לאנג ארויסגעגעבען א זשורנאל וואס האט געהאט א גרויסע סירקולעישאן, ער איז גע־ווען א פארטיי־רעדנער, ער איז געווען א סאציאליסטישער קאנ־דידאט פאר דעם ענגלישען און פאר דעם קענעדער פארלאמענט און פאר דעם אמעריקאנער קאנגרעס. ער איז אלזא אין יענער צייט געווען א לעבעדיגע פארקערפערונג פון דעם „אינטערנא־ציאנאלען סאציאליסטישען פראלעטאריאט“*).

*) שפעטער איז ער „אראפ פון וועג“, איצטער איז ער א סינדי־קאליסט.

„עס איז גאנץ גוט באקאנט, זאָגט ער, אז איך בין בשום אופן ניט קיין אפּאָרטוניסט, אין דעם זין, אז איך זאָל האַלטען פאר אזוינע געזעצע וואָס קענען שריט ביי שריט אריינברינגען דעם סאָציאליזם, נאָר איך בין ענטשידען אן אפּאָרטוניסט ווען עס קומט צו מאכען פּראָפּאַגאַנדע. איך האַלט ניט דערפון, אז סאָציאַליסטען זאָלען עפּעס טאָן אזעלכעס, וואָס מאכט זיי אזוי פאַרהאַסט אין דער געזעלשאפט, אין וועלכער זיי לעבען, אז זיי קענען ניט קריגען קיין צוהערער... יעדע זאַך, וואָס שטערט דעם סאָציאַליסט, דער עולם זאָל זיך צו עם צוהערען, איז א שטערונג פאר דעם סאָציאליזם... וואָס איז שייך צו דעם ניגער, טו וואָס ווייניקער מיר סאָציאַליסטען וועלען אריינלאָזען זיך אין בלאָטע, אין פּאָמאָיעס וועגען אונדזערע רויטע, שווארצע און געלע ברידער, וועט אלץ זיין בעסער".

דער זין איז גאנץ פּראָסט: די אמעריקאנער ליבען ניט, ווען מ'רעט וועגען ברידערלאכקייט מיט ניגערס, מיט די כינעזער, מיט אינדיאנער, — איז דערפאר גלייכער וועגען דעם צו שווייגען. די רייד וועגען ברידערלאכקייט זיינען ניט מער ווי „בלאָטע".

ער איז חלילה קיין אפּאָרטוניסט: ווען עס זאָל פאָרקומען די פראגע, צי מ'זאָל מאכען עפּעס א געזעץ, אז דער לענדלאָרד זאָל ניט קענען ארויסווארפען דעם טענענט. איינס־צוויי־דריי, אפּ'ן גאס, וועט ער זיין דאגעגען; מ'מוז צואווארטען ביז דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציאָן, אבער וואו עס האנדעלט זיך וועגען סאָציאַליסטישע פּרינציפּען, דאָרטען, זאָגט ער, איז ער אן אָפּאָרטוניסט.

אן אנדערער פון די גדולים פון דער פּארטיי פון יענער צייט, טשארלז דאָבבז, וועלכער איז א צייט געוועזען נעישאָנאל קאָמיטעמאן פון קענטאָקי, שרייבט אזוי:

„נאָך מיין מיינונג נאָך, איז די רעזאָלוציע וועגען די ניגער, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען ביי דער קאָנווענשאָן אין אינדיאַנאַפּאָלים אין 1901, געוועזען א טעות. ניט ווייל מיר דארפען פאר־

שפּארען די מיר פאַר דעם שווארצען מאַן׳ס נאָז, נאָר ווייל די רע־
זאָלוציע צייכענט זיך אויס דורך א סענטימענטאַלען, היסטערישען
גייסט. אין דער ווירקליכקייט איז זי געוועזן אן איינלאַדונג צו דעם
„ברודער אין שווארצען“ צו קומען ארומנעמען זיך מיט אונדז און
צוקושען זיך ווי ברידער. דער ניגער, אויב ער איז אינטעליגענט
גענוג צו פארשטעהן, וואס די סאָציאַליסטען ווילען, וועט קומען צו
אונדז אָן א סענטימענטאַלען אופרוף... אלס ראַסע פעלט דעם ני־
גער־ארבייטער אין די סויט דער שכל און דער מוט, וואס מ׳באַ־
דאַרף צו זיין א סאָציאַליסט. מאַכען פון זיין לאַגע א באַזונדערע
פראַגע איז נאַריש, ווייל ער וועט ברייגגען ווייניקער דיווידענדען
אף די ענערגיע, וואָס מ׳מוז אויפברייגגען אום עם צו באַקערען,
איידער יעדער אנאַנדער ארבייטער אין דער גאַנצער וועלט. מאַנכע
פון אונדזערע געגאָסען געפינען עס פאַר זעהר שווער איינצוהאַל־
טען זייער ברענענדיקע ליבע צו דעם שווארצען מאַן*) אָבער אונ־

דזער פארטיי־פּאָליטיק דאַרף זיך אויסצייכענען דורך פראַסטען
שכל, ניט דורך ברענענדיקייט. און דער פראָסטער שכל זאָגט, אַז
עס איז ניט ווערט צו פיל זיך צו מאַטערען אום אריינצוכאַפּען
דעם ניגער. מיר אַפּעלירען צו לאָהן־ארבייטער, און עס מאַכט אונדז
גאָר ניט אויס, צי דער לאָהן־ארבייטער האָט ברוינע אויגען, אָדער
בלויע, צי ער איז שווארץ, צי ווייס. דאָ פּראָטעסטירען מיר גע־
גען ראַסען־אונטערשידען און באַלד מאַכען מיר זיי נאָך שאַרפער,
דורך דעם, וואָס מיר נעמען אָן, אַז די ראַסע פון דעם ארבייטער
גיט עם א באַזונדערע שטעלונג. לאָמיר ניט מאַכען דעם טעות.
לאָמיר ניט ארויסגעבען קיין מאַרגיידזש (היפּאָטעקע) אף די צו־
קונפט, אַז מיר וועלען האַלטען וואָס מיר זאָגען צו וועגען דער
פירונג אין דער קאָאָפּעראַטיווער וועלט. עס איז מעגלאַך, אַז אונ־
דזערע ווייסע פרויען וועלען זיין דעזדעמאָנעס און וועלען זיך
משדך זיין מיט אָטעלאָס, און די ווייסע מענער וועלען נאָכטאָן
שלמה המלך און נעמען זיך ווייבער משבא. און אפשר טאָקע נים.
מ׳קען קיינמאָל אין פאָראויס ניט זאָגען“.

*) דאָס איז אַ שטאָך דעבס׳ן, וועלכער האָט מיט אַ פּאָר מאָנאַט
פאַר דעם פארעפענטליכט אַן עדעלען אַרטיקעל וועגען דער פראַגע אין
דעם זעלביקען זשורנאַל.

עס לעזט זיך פונקט ווי א לייטארטיקעל אין א קאפיטאליס־טישער צייטונג אין די סויט. הערט זיך גאר צו צו די חכמה׳צקעס וועגען „ברידערליכקייט“, ווי כיטרע מען פרובירט דאס צו פארשי־טען אייך זאמד אין די אויגען, וואס עס מאכט עס ניט אויס „צי דער לאהן־ארבייטער איז שווארץ, צי ווייס“. און באלד קומט דער סטערעאטיפנער ארגומענט פון דעם פאליטישען, אז דער ני־גער נעהט שוין משדך זיין זיך צו „אונדזערע ווייסע פרויען!“

לאמיר זעהען צו פארשטעהן, וואס דער סאציאליסטישער פאליטישען האט דא אנגערעט. מיר זיינען געגען ראסען־אונטער־שידען, זאגט ער, און צו דער זעלבער צייט רײַ־ען מיר באזונדער וועגען דעם ניגער. וואס מאכט דאס אויס שווארץ צי ווייס, אבי אן ארבייטער!

דער פאקט, וואס מ׳האט ביי דעם ניגער אוועקגענומען אלע פאליטישע רעכטע, ווייל „ער האט ניט גענוג שכל“ צו זיין א וואו־טער, וואס מ׳לאזט עס ניט אריין אין די סקולס אין־איינעם מיט ווייסע און מ׳ גיט ניט אויס גענוג געלט אף באזונדערע סקולס פאר ניגער; וואס מ׳לאזט עס ניט אריין אין א טעאטער, אין א ביבליאטעקע, אף א לעקציע. וואס עס זיינען פאראן א סך יוניאנס, וואו מען נעמט ניט אריין קיין פאבריקע ארבייטער — ווער רעט שוין פון דער ערנידעריגונג, פון די באליידיגונגען, וואס א ניגער מוז אויסהאלטען אין די סויטה, ווען אפילו כאציאליסטען לאזען יעם ניט אריין אין זייערע ברענטשעס אין איינעם מיט ווייי־סע, — פון דעם מאכט זיך אונדזער סאציאליסטישער פאליטי־שען גאר ניט וויסענדיק.

די ניגער־פראגע איז א באזונדערע פאליטישע פראגע אין די סויטה, און א פאליטישע פארטיי מוז צו איר שטעלונג נעמען. עס באצאלט זיך אבער ניט, מאכט דער „אונקאמפראמיס־ליכער“ פאליטישען: וואס איז די פעולה אנצונעמען זיך פאר דעם ניגער׳ס קריוודע, אז פון עם וועט קיין סאציאליסט סיי ווי סיי ניט ווערען! און עס ווייזט אויס, אז אפילו ווען דער סאציא־

ליסטישער משיח וועט שוין קומען, וועט מען דעם ניגער אויך באַהאנדלען ווי חם׳ס אן אייניקעל.

דאָס זיינען ניט קיין פּאראיינצעלטע מיינונגען, דאָס איז דער גייסט פון די סויטה אין דער סאָציאליסטישער פּארטיי*).

די פראגע וועגען די ניגערס איז ניט בארירט געוואָרען ביי דער סאָציאליסטישער קאָנווענשאָן אין שיקאגא אין 1904, און איז זינט יענער צייט אָפיציעל פון דער פארטיי פון דעם גאנצען לאנד קיינמאָל ניט באהאנדעלט געוואָרען. אין דעם סטעיט אַקלאהאמאַ, וואו די סאָציאליסטישע פארטיי איז שטארקער, ווי אין ערגעץ אַנאַנדער סטעיט, האָט זי זיך אָנגענומען פאר די שווארצע, ווען די דעמאָקראטישע פארטיי האָט אריינגעבראכט א ביל אוועקצונעמען ביי זיי דאָס שטימרעכט. אָבער אקלאהאמא גע־

*) אָט האָט איר אַ סעמפּל פון וויקטאָר בערגער׳ס „סאָשעל דעמאָקראטיק העראָלד“, נאָך פון די גוטע אַלטע צייטען, אין דעם נומער פון דעם ניינצעטען פעברואר, 1903, איז ערשינען אַ נאָטיץ אונטערשריבען פון אַ געוויסען סלייסאָן פון אלאבאמא, וואו עס ווערט אַנאָנסירט צום פארקויפען אַ פארם אין אלאבאמא אין אַ געגענד „אָן אַ ניגער, פריי פון קדחת, מיט אויסגעצייכענטע וואַסער און אַ וואונדערשעהנעם קלימאַט“. אַלזאָ, ניגערס זיינען גערעכענט פאר אַזאַ מכה, ווי קדחת: ניטאָ קיין ניגער — איז אַזאַ מעלה, ווי גוטע וואסער און אַ גוטער קלימאַט. איהר וועט זאָגען, עס איז אַן אַדווערטייזמענט (אגב איז עס ניט, עס איז אַ סאָרט שטימע פון פאָלק), און פאר אַן אדווערטייזמענט איז די רעדאקציע ניט פעראנטוואָרטליך. איך וויל אָבער, איר זאָלט באַטראכטען: דער „סאָשאל דעמאָקראטיק העראָלד“ איז עפּעס געווען אַזאַ פארברייטעטע ביזנעס צייטונג, וואָס עס האָבען געשאָטען זיך דאָרטען אדווערטייזמענטס אַזש פון אלאבאמא? מ׳פארשטעהט דאָך, עס קומט פון אַ לעזער, דאָס הייסט, לכל הפּחות, פון אַ סאָציאליסטישען סימפּאטייזער, און ביי עס קומט אויס גאַנץ זעלבסטפארשטענדליך, אַז דער, וואָס וועט לעזען זיין נאָטיץ אין דעם „העראָלד“, וועט עס אויך האַלטען פאר א מעלה, וואָס מ׳טרעפט ארום דער פאָרם קיין ניגער ניט.

הערט איינגענטליך ניט צו די סויט*). אין די עכטע סויט, וואו דער ראסען־האס געגען די ניגערס איז אלגעמיין, לאזען די ווייסע סאציאליסטען ניט אריין די נעגערס אפילו אף זייערע אגיטאציאנס־מיטינגען. און די „אונקאמפראמיסליכע“ אמעריקאנער סאציאליסטען פון די נארט האבען זיך געוויזען גאנץ צופרידען נאכצוגעבען די פאראורטיילע פון די סויט, כדי נאר צו קריגען דארטען וואוטס.

די דאזיקע פאליטיק האט זיך בולט ארויסגעוויזען אין דער צייט פון ראזעוועלט'ס קאנדידאטור פאר פרעזידענט אין 1912.

קורץ פאר דער שיקאגאער קאנווענשאן, ביי וועלכער עס האט זיך ארגאניזירט די פראגרעסיווע פארטיי, האט ראזעוועלט זיך געווענדעט צו א פאליטישען אין אטלאנטא, דזשארדזשיא, מיט א בריף, אין וועלכען ער זאגט, אז נאך זיין מיינונג דארף די גאנצע רעגירונג אין די סויט ליגען אין די הענט פון די ווייסע, און די שווארצע דארפען זיך פארלאזען אף די לאסקע פון זייערע ווייסע שכנים: ווען די שווארצע וועלען זיך שעהן אויפירען, וועלען די ווייסע מוזען פאר זיי האבען דרך־ארץ, און דעמאלט וועלען די שווארצע אויך קריגען א שטימע. ביז יענער צייט אבער וועט די פראגרעסיווע פארטיי זיך שטיצען נאר אף די ווייסע ראסע אין די סויטה, און די שווארצע וועט זי ניט צולאזען.

---

*) אקלאהאמא איז נאך ביז 1893 געווען א טעריטאריע פון אינדיאנער, וואו די ווייסע האבען זיך גאר ניט געטארט באזעצען. ווען זי איז געעפענט געווארען פאר ווייסע קאלאניסטען, זיינען אהין אנגעלאפען א סך פארמערס פון קענסאס און די אנדערע ארומיקע סטעיטס פון די וועסט. קענסאס איז פאר דעם בירגערקריג געווען דער פלאץ, וואו די קאלאניסטען פון די נארט האבען געקעמפפט געגען די שקלאפען־האלטער פון די סויט, וועלכע האבען דארטען געוואלט איינפירען שקלאפעריי. אין דער צייט, ווען אקלאהאמא איז געעפענט געווארען פאר די ווייסע קאלאניסטען, זיינען קענסאס און די ארומיקע סטעיטס געווען דער רעכטער צענטר פון דער ראדיקאלער פאפוליסטישער באוועגונג.

די פראגע האט געדארפט פארקומען פאר דער קאנווענשאן, ווען עס האבען זיך געמעלדעט שווארצע דעלעגאטען פון די סויט. ראזעוועלט האט געפאדערט אז זיי זאלען אויסגעשלאסען ווע־רען, אף דעם גרונד וואס זיי רעפרעזענטירען ניט קיין וואוטערס. עס האט וועגען דעם אויסגעבראכען א שטארקער סכסוך ביי דער קאנווענשאן, און ווי ראזעוועלט אליין דערצעהלט, איז שיער ניט געקומען צו א שפאלטונג טאקע ביי דער גרינדונג גופא פון דער נייער פארטיי. איינערזייטס זיינען צווישען די דעלעגאטען געווען קאנגרעסלייט פון די וועסט, וואס אין זייערע דיסטריקטען וואה־נען א סך שווארצע וואוטערס, און וועלכע זיי קענען ניט ווידער ערוועהלט ווערען. צווייטענס, זיינען אויך געווען עהרליכע אי־דעאליסטען, ווי צום ביישפיעל, מיס דזשעין אדאמז, פרעזידענט פון דעם פארבאנד פאר די גלייכבארעכטיגונג פון די נעגערס, — זי האט געהאלטען א הייסע רעדע געגען דעם פארשלאג אויסצור־שליסען די שווארצע. ווען עס איז געקומען צו א וואוט, האט ראזעוועלט אויסגעפירט מיט א קליינע מאיאריטעט.

מען וואלט געקענט דענקען, אז די סאציאליסטישע פארטיי וועט זיך אנכאפען פאר די ראסען־פראגע אלס א גוטע „קעמפיין־אישוו", צו ווייזען ווי אונקאנסעקווענט עס איז דער דעמאקרא־טיזם פון דער פראגרעסיווער פארטיי, און צו געווינען פאר די סאציאליסטישע פארטיי די שווארצע ארבייטער. די נעגער זיינען דאך א ראסע פון פראלעטאריער, און אגב האבען זיי א האלבען מיליאן וואוטס אין די נארט. זיי שטעהען איצטער אין אזא פארצווייפעלטער לאגע, אז זיי ווייסען ניט וואוהין זיך צו קעה־רען. די רעפובליקאנער האבען זיי אזוי לאנג געפיהרט פאר'ן נאז, ביז זיי האבען צו דער רעפובליקאנער פארטיי פארלארען יעדען צוטרוי. וועגען די דעמאקראטען איז דאך אבגערעט, זיי זיי־נען א פארטיי פון קאסטען־הערשאפט; זיי זיינען די אונטער־דריקער פון דער שווארצער ראסע. קומט ראזעוועלט און גיט די אונטערדריקטע אן עצה, אז זיי זאלען זיך פארלאזען אויף זייערע אונטערדריקער. בלייבט די סאציאליסטישע פארטיי, וואס לעגט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט פאר דעם פראלעטאריאט, וואס קען נאר קלאסען־סאלידאריטעט, וואס דרשנ'ט וועגען גלייכ־הייט. דא איז געווען א געלעגענהייט פאר די סאציאליסטישע פארטיי ארויסצוקומען מיט ברענענדע ווערטער פון פראטעסט

און ענטריסטונג, אָבער קיינער האָט זיך אין דעם ניט פאראינ־טערעסירט. די ניו־יאָרקער „פאָלקסצייטונג“ האָט געשריבען א קליינע נאָטיץ, אופוואַרפענדיק דזשעין אדאמז פארוואָס זי איז צוגעשטאַנען צו דער פּראָגרעסיווער פּארטיי, און אין אַן אַנדער נאָטיץ האָט זי געזאָגט, אַז איצטער איז געקומען די צייט פאַר די סאָציאַליסטישע פּארטיי ארויסצוטרעטען אין קאמפּף פאר די נעגערס. אין דער ענגלישער סאָציאַליסטישער פּרעסע האָט מען די פראַגע כמעט ווי פארשוויגען. אין דער „שיקאַגאָ דיילי וואָרלד“ איז געווען א קליינער לייטארטיקעל, אין דעם ניו־יאָרקער „קאָלל“ קיין איינציקער, אין בערגער׳ס „מילוואָקי לידער“ און אין געגט׳ס „נעשאָנאל סאָשעליסט“, קיין וואָרט. טשארלז עדווארד ראָססעל האָט זיך גע׳חכמה׳ט וועגען דער קאָנווענשאָן פון דער בול מוז פּאַרטיי און וועגען ראָזעוועלט׳ען, אָבער א מאָדנע זאַך, וועגען די נעגערס האָט ער אין גאנצען פארגעסען. זיידעל האָט געשריבען, און בערגער האָט געשריבען, און אפילו דעבס האָט געשריבען וועגען דער פּראָגרעסיווער פּארטיי און אופגעצעהלט אירע עבירות, אָבער וועגען דעם נעגער האָט קיינער פון זיי קיין וואָרט ניט דער־מאָנט. דעבס האָט מיט עטלאכע יאָר צוריק אָנגעשריבען א הייסען ארטיקעל פאר די שווארצע אין דער „אינטערניישאָנאל סאָ־שעליסט רעוויו“, וואָס חוץ א קליינע צאָל סאָציאַליסטישע לעזער האָט קיינער ניט געזעהן. אָבער אין דער צייט פון דעם קאמ־פּעין, ווען די גאנצע פּרעסע האָט זיך צוגעהערט צו די ווערטער פון דעם סאָציאַליסטישען קאנדידאט, איז ער געבליבען שטום.

ווען איר וועט זיך דערמאָנען וועגען דער האַלטונג פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי, וועט פאר אייך קלאָר ווערען די אור־זאכע פון דער קאַלטקייט. די סאָציאַליסטישע פּארטיי האָט קיין אָפיציעלע שטעלונג ניט אָנגענומען אין דער פראַגע, ווייל זי יאָגט זיך אויך נאָך די ווייסע וואוטס פון די סויטה, און די ווייסע סאָציאַליסטען פון די סויטה, און אפילו א סך אין די נאָרטה, זיינען אין דער פראגע איינפארשטאנען מיט ראָזעוועלט׳ן.

5.

## שלום.

דער אויטאָפּיסטישער סאָציאַליזם איז ניט געוועזן דוקא דעמאָקראַטיש, ער האָט אנערקענט קלאַסען אין א סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. עס ווייזט אויס אז אונדזער אמעריקאַנער „וויסענשאַפטליכער“ סאָציאַליזם אונטערשיידעט זיך אין דעם גאָר ניט פון דעם אויטאָפּיסטישען; עס מעג זיך זיין א סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מיט „קאַסטען“ ווי אין מצרים, דאָס הייסט מיט אזעלכע קלאַסען, וואָס א מענטש קען פון איינער קיין מאָל ניט אריבערגעהן אין אן אנדערע — א ניגער בלייבט אימער א ניגער, ער קען פון זיין הויט ניט ארויסשפּרינגען.

לויט ווי א סאָציאַליסטישער פירער פון די סויט דערצעהלט אונדז, איז אויף דעם ניגער ניט ווערט אָנצואווערען די צייט, וואָרים דער ניגער האָט ניט דעם שכל, ניט דעם מוט, וואָס מ׳בעדאַרף אום צו זיין א סאָציאַליסט.

וואָס זשע איז געוואָרען פון דעם געשיכטליכען מאַטעריאַליזם, וועלכער ערקלערט, אז ווען די עקאָנאָמישע פאַרהעלטניסע בייטען זיך, מוזען זיך די מענטשלאַכע געדאַנקען אויך בייטען און צופּאַסען זיך צו די נייע פאַרהעלטניסע? דער ענטפער אויף די קשיא איז „אז דער געשיכטליכער מאַטעריאַליזם האָט זיך „צוגעפּאַסט צו דער נידערטרעכטיקייט“*).

די אויסברייטונג פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָט געבראַכט אין די רייהען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי טויזענטער אמעריקאַנער פון אנדערע פּאַרטייען, און האָט צוגעצויגען צו איר כמעט א מיליאָן וואָוטערס. מיינט איר זשע, אז א מענטש טרעט אריין אין די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, בייט ער שוין באַלד איבער אלע זיינע מיינונגען? ווען א מאַן, וואָס אגיטירט פאַר דעם רעפּעדענדום, קען בלייבען א ניגער־פרעסער, טו קען ער בלייבען א ניגער־פרעסער אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

---

*) דער אויסדרוק שטאַמט פון דעם רוסישען סאַטיריקער שטשעדרין.

קארל מארקס האָט געגלויבט, אז דער סאָציאליזם מוז זיין אינטערנאַציאָנאל, ווייל די קלאסען־אינטערעסען פון די ארביי־טער פון אלע לענדער זיינען די זעלבע. מיר זעהען דאָ אין אמע־ריקע, אז דער ארבייטער־קלאס טרעט אויף געגען פרעמדע אר־בייטער. עס לוינט זיך בעסער פאר די אמעריקאנער ארבייטער,— אזוי דענקען זיי — אז זייערע „קלאסען־געגנאָסען“ זאָלען עסען קדחות אדער קרעפּירען פאר הונגער אין כינא; ווען די אָרגאַניזיר־טע ארבייטער אין אמעריקע וואָלטען נאָר געקענט, וואָלטען זיי פארשפּארט די טיר פאר די איטאליענער, פּאָליאקען, אידען — קורץ פאר יעדע מאסען־איינוואנדערונג, נאָר דער קאפּיטאליסטי־שער קלאס לאָזט ניט. אלזאָ די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון דעם ארבייטער־קלאס פירען נאָך ניט צו אינטערנאַציאָנאלער סאָלי־דאריטעט.

בלייבט דער סאָציאליסטישער אידעאל, אלס א מאָראלישע קראפט: עס האָט זיך געטראָפען אין דער געשיכטע, אז די מענ־טשען זיינען אף אַ מאָמענט באגייסטערט געווארען פון אַן עדלען אידעאל. פון אידעאלען לאכט מען אָבער היינט: דאָס איז „סענטימענטאל“. וואָס ווייניקער מיר וועלען זיך צושפּרייטען וועגען אונדזערע שווארצע ברידער, וועט פאר אונדזער פּראפּא־גאנדא (פון ברידערליכקייט) רק זיין בעסער — אזוי דרש'ענען די אונקאָמפּראָמיסטליכע אָפּאָרטוניסטען. די סאָציאליסטישע פּארטיי אין אמעריקע איז ניט קיין אידעאלע באוועגונג, עס איז אַ פּאָליטישע „פּארטיי“, און ווי איר זעט, זיינען פאר יעדע פּארטיי די אינטערעסען פון דער פּארטיי בילכער, איידער אלע אידעאלען. ווען די סאָציאליסטישע באוועגונג וואָלט געהאט אין זינען דעם סאָציאליסטישען אידעאל, וואָלט א סאָציאליסטישער אָרגאניזיר זיך געזאָגט: א מענטש וואָס איז פול מיט ראסען פּאָראורטיילע קען ניט זיין קיין אמת'ער סאָציאליסט. איך וועל בעסער זוכען צו געווינען די שווארצע ראסע פאר דעם סאָציאליזם, ווייל זיי זיינען אונטערדריקט מערער פאר אלעמען; דער גרעסטער טייל פון דעם ארבייטענדען פאָלק אין די סויטה זיינען שווארצע, אלזאָ, א פּאר־טיי, וואָס ארבייט פאר די באפרייאונג פון דעם ארבייטער־קלאס און גלויבט, אז די באפרייאונג פון דעם ארבייטערקלאס מוז זיין די אַרבייט פון דעם ארבייטערקלאס זעלבסט, — **מוז זיך ווענדען צו די ניגערס אין די סויט.**

אבער א פאליטישע פארטיי טראכט גאר אנדערש: ווען זיי זאלען זיך שטארק אנעמען פאר דעם ניגער, קען מען ביי דער הערשענדער ראסע קיין וואוטס ניט געווינען, און וואס טויג דער ניגער, ווען ער האט קיין וואוט ניט?

א רעוואלוציאנער וואלט אויף דעם געזאגט: די רעכטע זייטען פון די ניגערס געראויבט געווארען מיט גוואלט, דורך אן אפענעם ברוך פון די קאנסטיטושאן: אויף גוואלט וועלען מיר ענטפערן מיט גוואלט; די רעוואלוציאנערע סאציאל־דעמאקראטיע וועט אפגעווינען פאר די שווארצע ראסע אין א רעוואלוציאנערען קאמפף די רעכטע וואס די קאפיטאליסטישע אויסבייטער און די רעאקציאנערע קליינבירגער פון די סויטה האבען ביי איר אוועקגענומען.

עס הויבט זיך אבער גאר ניט אן, און דאס באווייזט אז דער ווארט „רעוואלוציאנער“ איז ביי די אמעריקאנער סאציאליסטען ניט מער ווי א פראזע.

דער שלוס צו וועלכען מען קומט, ווען מען באטראכט די שטעלונג פון די אמעריקאנער סאציאליסטען צו דער ניגער־פראגע, איז, אז ענטוועדער מעג זיין סאציאליזם אן גלייכהייט פון אלע מענטשען, אדער די סאציאליסטישע פארטיי פון אמעריקע איז גאר ניט אזוי אונקאמפראמיסליך, ווי זי באריהמט זיך.

## איינאונצוואנציקסטער קאַפּיטעל

# סאָציאַליסטישע יוניאָן־ביוראָקראַטיע.

די ענגלישע פאביאנער סאָציאַליסטען סידני וועב און זיין פרוי האָבען אין זייער וועלטבארימטען בוך באצייכענט די טרעיד־יוניאָנס מיט דעם נאָמען „אינדוסטריעלע דעמאָקראַטיע“. די פּראַקטיקע פון די גרעסטע אמעריקאנער יוניאָנס ווייזט, אז פאר זיי וואָלט זיך גיכער געפּאסט דער נאָמען „אינדוסטריעלע ביוראָקראַטיע“.

וועגען דעם ביוראקראטיזם אין די אמעריקאנער יוניאָנס קען מען שרייבען א בוך. איך וועל זיך דאָ באשרענקען מיט איין ביישפּיעל פון א ביוראָקראַטישער מאַשין אין א „סאָציאַליסטישער יוניאָן“. דאָס איז די וועסטערן פעדערעישאָן אָוו מיינערס. זי ווערט אלגעמיין באטראכט פאר א „רעוואָלוציאָנערע“ אָרגאניזאַציע. איר פּרעזידענט מאָיער איז א מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי. זיין נאָמען איז פארבונדען מיט די ביטערסטע קעמפּפע פון דער פעדערעישאָן געגען די אייגענטימער פון די מעטאַל־גרובען. און אָט די יוניאָן איז יאָרענלאנג געלעגען אין די הענט פון א קליקע, וואָס האָט זיך געפינט אָף דעם שטייגער פון טעמעני האָלל.

ווען דער טעלעגראַף האָט אין דעם זומער פון 1914 געבראכט די יעדיעה אז די מיינערס האָבען אויסגעריסען מיט דינאַמיט דעם לאָקאל פון זייער יוניאָן און אז פּרעזידענט מאָיער האָט געדאַרפט אנטלויפען פון ביוט, ווייל ער איז שיר ניט גע'הרג'עט געוואָרען פון די געוועזענע מיטגלידער פון זיין אָרגאניזאציע, האָט עס די סאָציאַליסטישע פּרעסע ערקלערט פאר א פשוט'ע פּראָוואָקאַציע זייטענס דעם קופּער־טראָסט, וואָס וויל ברעכען די יוניאָן. פארשטעהט איר, ביוט איז זעהר שטארק יוניאָניזירט, און וואָס האָבען געפאָדערט די געגנער פון דער יוניאָן? ניט מער, אז מען זאָל זיי לאָזען ארבייטען אָן יוניאָן־ביכלאָך. איז דאָך קלאָר, אז דאָס זיינען סקעבס; ווי אלע סקעבס, ווילען זיי ניט לאָזען די בעאמטע

פון דער יוניאָן איבערקוקען זייערע ביכלאַך, און צוליב דעם האָבען זיי געקעמפפט. דער קופּער־טראָסט האָט אַ קאָנטראַקט מיט דער יוניאָן, וואָס צווינגט עס צו געבען „פּרעפערענס“ די מיטגלידער פון דער פעדערעישאָן, איז די גאַנצע מעשה ניט אַנדערש ווי אויפגעהעצט פון דעם טראָסט. און וויבאַלד די בוטאַוישטשיקעס געגען די וועסטערן פעדערעישאָן שטעהען אונטער דעם איינפלוס פון דער „איי־דאַבליו־דאַבליו“*) איז דאָך שוין אודאי זיכער, אַז דאָ אַרבייט אַ פּראָוואָקאַטאָר. וואָרים אויב ניט, אויב עס וואָלט זיך געהאַנדעלט גאָר אום דעם פּרינציפּ פון אינדוסטריאַליזם, איז דאָך די וועסטערן פעדערעישאָן אַן עכטע אינדוסטריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע. וואָס־זשע ווילען זיי, דער ווילדער מאָב?

היינט הערט אָקאָרשט, צוליב וואָס זיי האָבען פּראָטעסטירט. זיי האָבען ניט געוואָלט געבען צו שטייער פאַר די מישיגאַנער סטרייקערס און די קופּער גרובען — דאָס הייסט זיי זיינען געגען אַרבייטער־סאָלידאַריטעט. ניט אַנדערש ווי פּראָוואָקאַציע!

ווער איז אין דעם שולדיג? נו, פאַרשטעהט זיך, די „דעמאַגאָגען“, די איי־דאַבליו־דאַבליו־ניקעס, „העיוואָוד און אַ האַלב מיין אַנדערע מענטשען, וואָס זיינען פריהער געוועזען פּראָמינענט אין דעם ביוטי לאָקאַל, זיינען די הויפּט־שולדיגע אין דער מהלוקה“. האָט געזאָגט מאַיער אַלין אין זיין יערלאכען באריכט צו דער קאָנווענשאָן פון דער פעדערעישאָן דעם 24טען יולי 1914. זיי האָבען ניט געקענט קאָנטראָלירען די לעצטע קאָנווענשאָן, האָבען זיי באַשלאָסען צו ברעכען די פעדערעישאָן דערמיט, וואָס זיי וועלען אָפּצירען דעם ביוטער לאָקאַל, וואָס איז געוועזען דער שטאַרקסטער אין דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע**). די רכילות'ניקעס פון דער „איי־דאַבליו־דאַבליו“ האָבען געוואָרפען אַ חשד אַף די בעאַמטע פון דער פעדערעישאָן, אַז די איינצאָלונגען פאַר די מישיגאַנער סטרייקערס, וואָס זיינען צוזאַמענגעקליבען געוואָרען, ווען עס איז שוין געווען נאָכ'ן סטרייק, זיינען גאָר ניט געגאַנגען אויף מישיגאַנער סטרייקערס.

---

*) דאָס זיינען די ערסטע אותיות פון דעם נאָמען: „אינדאָסטריאַל וואָירקערז אָוו דהי וואָירלד“ (די אינדוסטריעלע אַרבייטער פון דער גאַנצער וועלט).

**) ניו־יאָרק קאָלל, דעם 25טען יולי, 1914.

מאיער האָט באשולדיגט דעם סאָציאַליסטישען מעיאָר דאָנ־קאנען און דעם רעדאקטאר פון דעם „מאָנטאנא סאָשיאַליסט“, אז זיי האָבען געהאלטען מיט די צושטערער פון דער יוניאָן און האָבען גענגען איהם „געהעצט“. פון די אַלע טענות פון מאָיער׳ן קענט איר זעהען, ווי די אָרגאַניזאַציע פון דער גנזעלשאַפט באשטימט דעם געדאנקען־גאנג פון אירע מיטגלידער. ווען מענטשען, וואָס האַלטען זיך פאר סאָציאַליסטען, ווערען א שטיקעל רעגירונג, נעמען זיי אָן די רוסישע פּאָליציייסקע פילאָסאָפיע פון דער געשיכטע. זיי הערען אוף צו פארשטעהן, אז ניט העיוואוד, ניט די עטלאכע אדיוטאַנטען זיינע האָבען אופגעהעצט די מיינערס אין ביוט. איר מעגט זיך צורייסען „העצענדיק“, — אויב די מאַסע איז אליין צופרידען מיט דעם, ווי עס געהט, וועט זי אייך ניט הערען. ווען די מאַסע הערט יע די „העצערס“, איז דאָס דערפאר, וואָס די „העצערס“ האָבען אויסגעדריקט דאָס, וואָס עס האָט דער מאַסע אליין אָנגעוועהטאָגט. עס האָבען געמוזט זיין אורזאַכען אין דעם לאָקאַל גופא, וואָס האָבען געבראכט צו דער שפּאַלטונג פון דער יוניאָן.

די „איי־דאָבעליו־דאָבעליו“ האָט שוין עקזיסטירט עטליכע יאָר, אבער ביז 1914 איז דער לאָקאַל אין ביוט געווען פאראייניגט. אין 1913, ביי דעם יערלאכען פאראד פון דער יוניאָן, האָבען מאר־שירט 8,000 מאן, אין 1914 האָבען מארשירט סך הכל 200. ווי קומט דאָס, אז מיט אמאָל האָבען זיך ביי זיי איבערגעדרעהט די מחות? ס׳האָבען זיך געיאוועט א פּאָר אגיטאַטאָרס, און די 8,000 מאן, וואָס זיינען יאָרען־לאנג געשטאַנען אין דער יוניאָן, זיינען דורך א פּאָר רעדעס אזוי אופגערייצט געוואָרען, אז זיי האָבען גע־נומען אופרייסען מיט דינאמיט זייער אייגענעם יוניאָן־לאָקאַל!

בלייבט דאָך פּאָרט א קשיא: פאר וואָס האָבען די מיינערס געגלויבט העיוואוד׳ען, און ניט געגלויבט מאָיער׳ן? אויב מען דאַרף נאָר זיין פראָמינענט און העצען, קען מען געווינען דעם עולם, טו פאר וואָס האָט מאָיער אליין ניט געהעצט געגען די „איי־דאבעליו־דאָבעליו?“ נאָך דעם קאמפּף האָט ער פארגעשלאָגען צו „רעאָרגאַ־ניזירען“ דעם לאָקאַל און ארויסטרייבען די „איי־דאבל־דאָבליו“. אויב ער האָט עס געקענט טאָן, טו פאר וואָס האָט ער זיי ניט ארויסגעטריבען פריהער? דער פאַקט איז אבער, אז ווען זיינע

צוויי־דריי הונדערט געטרייע יוניאָן־לייט האָבען זיך צונויפגעקלי־בען ארויסצואָרגאניזירען די זעקס טויזענט בונטאָוושטשיקעס, האָט מאָיער אליין געדארפט אנטלויפען פון די ארבייטער, וואָס האָבען עם יאָרען־לאנג ערוועהלט פאר זייער פרעזידענט.

דער עיקר איז ניט, וואָס מעיאר דאנקאן האָט געהעצט געגען מאָיער'ן, נאָר פאר וואָס האָבען די מיינערס געפאָלגט דאָנקאַן'ען, ניט מאָיער'ן?ביידע זיינען גוטשטעהענדע מיטגלידער פון דער זעלביקער סאָציאליסטישער פארטיי, און דאָנקאן זאָגט, אז ער איז ניט פארבונדען מיט דער „איי־דאָבעליו־דאָבעליו". דאָס, וואָס איי־נער פון זיי האָט עם געשטאָכען מיט אַ מעסער, איז א סימן, אז ער האָט ניט געהאַנדעלט אזוי ווי זיי האָבען געוואָלט.

עס איז קלאָר, אז עס האנדעלט זיך דאָ ניט אום פערזאָנען, אָדער „העצערייען" פון „געוויסע צייטונגען".

מיט זידלעריי געגען העיוואוד'ן און די „איי־דאָבעליו־דאָבעל־יו" קען מען קיין מענטשען מיט אָפענע אויגען ניט אָפּנארען. דער לאָקאל ביוט, דאָס הייסט, די מאיאָריטעט פון דער גאנצער פעדע־רעישאָן, איז געגאנגען נאָך העיוואוד'ען, טו פאר וואָס־זשע האָט ער ניט געקענט קאָנטראָלירען די לעצטע קאָנווענשאָן? הייסט דאָך דאָס, אז די קאָנווענשאָן האָט געהאלטען מיט מאָיער'ן און זיינע אדיוטאַנטען געגען דעם ווילען פון דער מאיאָריטעט פון די מיט־גלידער.

ווייטער, ווי עס איז געשטאַנען אין דעם „קאל"", האָט די נייע יוניאָן פון די בונטאָוושטשיקעס סך הכל געמאכט איין אמענד־מענט צו דער אלטער קאָנסטיטוציע, אז די יוניאָן טאָר ניט מאכען קיינע קאָנטראקטען אויף א באשטימטען טערמין מיט די קופּער קאָמפּאַניעס. דאָס לאָזט שוין צווייפלען איבער דער ערקלערונג פון די אָפיציעלע סאָציאליסטישע לייטארטיקעל־שרייבערס, אז די רע־וואָלטע פון די מיינערס געגען די וועסטערן פעדערעישאָן איז די ארבייט פון פּראָוואָקאטארס, וואָס זיינען אונטערגעשיקט געוואָ־רען פון דעם קופּער־טראָסט. אזא פונקט ניט דער יוניאָן דאָס רעכט צו ענדיקען דעם קאָנטראקט און ארויסגעהן אין סטרייק צו יעדער צייט, ווען זי געפינט עס פאר נויטיק. די קאָרפּאָרעישאָנס זיינען אימער געגען אזעלכע קאָנטראָקטען. זיי פּארלאנגען, פּארקעהרט, **אז** די קאָנטראקטען זאָלען זיין אויף א לאנגען טערמין.

די רעפּאָרטס אין דער סאָציאַליסטישער פּרעסע וועגען דעם קאַמפּף זיינען געווען פּאַרטייאיש פאר מאָיער'ן און געגען די רעבעלען. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָלט אימער פאר יעדע יוניאָן־רעגירונג און איז אמער געגען אַלע בונטאָווששטשיקעס, עס מאַכט ניט אויס פאר וואָס זיי בונטעווען זיך. ברפּט נאָך וואָס איז שייך צו די „איי־דאָבעליו־דאָבעליו“, מוזען זיי דאָך זיין אונגערעכט, כאָטש די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פּרעטענדירט אָפיציעל, אַז זי האַלט זיך כלומר'שט נייטראַל צו די שטרייטיקייטען צווישען די פאַרשידענע טיפּען ארבייטער־אָרגאַניזאַציעס. אָבער די פּאַקטען זיינען געווען אזוי בולט, אז אפילו די באריכטען אין דער פּאַרטיי־פּרעסע האָבען זיך ניט געקלעפּט מיט דער אָפיציעלער ערקלערונג פון דער מחלוקה. דער „ניו־יאָרק קאָלל“ האָט אָפּגעדרוקט אַ אינטערוויאו מיט דער געוועזענער סטעיט־סעקרעטערין פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין מאָנטאנא, מיס קרייגער. אָט וואָס זי האָט דערצעהלט*):

אין 1910 איז דאָנקאַן צום ערסטען מאָל ערוועהלט געוואָרען פאר מעיאָר, מיט עם איז אויך אריין אַ סאָציאַליסטישע מאַיאָריטעט אין די באָארד אָוו אָלדערמען. דאָס האָט ניט געשמעקט דעם קופּער טראָסט, וואָרים איר דאַרפט וויסען אַז די שטאָט ביוט איז אויסגעבויט אף די קופּער גרובען און די אַלע גרובען געהערען צו דעם טראָסט. ביי דער נעקסטער וואַל פאר אָלדערמען, אין 1912, האָט דער טראָסט, פאַרשטעהט זיך, געקעמפּפט מיט אַלע מיטלען געגען די סאָציאַליסטישע קאנדידאַטען. אין דער צייט פון דעם קאַמפּיין האָט דער טראָסט אָפּגעזאָגט פינף הונדערט סאָציאַליסטישע מיינערס, רעכענענדיק אז זיי וועלען מוזען אָפּפאָרען און די סאָציאַליסטישע קאנדידאַטען וועלען פארלירען פינף הונדערט וואוטס. פון דער צאָל זיינען אן ערך פיר הונדערט געווען פינען, מיטגלידער פון דער פינישער ברענטש פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. זיי האָבען זיך געווענדעט צו דער וועסטערן פעדערעישאָן אָוו מיינערס, זי זאָל זעהן, מען זאָל זיי צוריקנעמען צו דער ארבייט, לויט דעם אָפּמאַך וואָס זי האָט געהאַט מיט דער אמאלגאַמייטעד קאָפּפּער קאָמפּאַני. אָבער די וועסטערן פעדערעישאָן האָט

*) ניו־יאָרק קאָלל, דעם 4טען יולי, 1914.

פאר די פינף הונדערט ארויסגעוואָרפענע מיטגלידער גאָרנישט ניט געקענט אופטאָן, און די גאנצע לאַסט פון אונטערשטיצען זיי איז געפאלען אויף די פינישע ברענטש פון דער סאָציאליסטישער פארטיי. דריי מאָנאט זיינען אוועק, עס איז אָפּגעהאלטען געוואָרען א קאָנ־ווענשאָן פון דער פעדערעישאָן, אבער ס'האָט זיך אויסגעלאָזען מיט גאָרנישט. די אונצופרידענע האָבען דעמאָלט אָרגאניזירט אַן „איי־דאָבליו־דאָבליו פראָפאגאנדא ליג". די מיטגלידער פון דער פּראָפּאגאנדא ליעג זיינען אבער ניט געווען די איינציקע וואס זיי־נען אונצופרידען געווען מיט דער פעדערעישאָן. כמעט אלע מיט־גלידער פון לאָקאל ביוט זיינען געווען אונצופרידען. פאקטיש האָט דער גאנצער לאָקאל באשלאָסען ארויסצוטרעטען פון דער פעדע־רעישאָן. געבליבען אין דער פעדערעישאָן איז א קליינינקער הוי־פענדעל. דאָס ווייטערע קענט איר שוין לייכט פארשטעהן. די פאָר הונדערט האָבען פרעטענדירט, אז זיי זיינען „דער לאָקאל". דער לאָקאל האָט געהאַט אַן אייגענע הויז, וואָס איז אויפגעבויט גע־וואָרען מיט די צאָלונגען פון די זעקס טויזענט, אבער די בעלי־בתים איבער דעם זיינען געבליבען די פאָר הונדערט. דער לאָקאל האָט אויך געהאַט אַ פאָנד. דאָס איז נאַטירליך געבליבען אין די הענט פון די „לאָיאלע" פאָר הונדערט.

ווענען די „לאָיאלע" זאָגען זייערע געגנער אז זיי זיינען ניט מער ווי משרתים פון דעם קופּער־טראָסט. „די עמטער פון דער יוניאָן זיינען אריינגעפאלען אין די הענט פון דעם רעאַקציאָנערען עלעמענט, וואָס ווערט קאָנטראָלירט פון דער קאָמפּאני", זאָגט מיר קריגער. אנשטאָט צו באקעמפּפען אָפּען די יוניאָן, האָט די קאָמ־פּאני כיטרע בעאיינפלוסט די וואלען פון יוניאָן־בעאמטע, און עס איז די אלגעמיינע מיינונג אז די לאָקאלע בעאמטע זיינען געווען די ווערקצייג פון דער קאָמפּאני.

איך האָב איבערגעגעבען באריכות די אָפּיציעלע מעשה. איצ־טער וועל איך צוזאמענשטעלען די פאקטען, ווי זיי זיינען געווען, נאָך די באריכטען, וואָס זיינען ערשינען אין דער סאָציאליסטישער פּרעסע.

די וועסטערן פעדערעישאָן האָט די רעפּוטאציע פון אַ ראדי־קאלער ארבייטער־אָרגאניזאציע, אבער דאָס איז געווען אמאָל. דער

אמת איז, אז מאיער איז געוואָרען דער פירער פון א מאשין, וואָס האָט געשאָטען מיט סאָציאַליסטישע פראַזען פאַר דער אויסערער וועלט און געפירט א גאָמפּערסיסטישע טאַקטיק אין די באַציהונגען פון דער יוניאָן צו די קאַפּיטאַליסטען.

אין 1907 האָט דער מענעדזשער פון דעם קופּער־טראָסט געשלאָסען א קאָנטראַקט מיט די בעאַמטע פון דער יוניאָן אויף פינף יאָר. אין יענער צייט האָט די קאָנסטיטוציע פון דער יוניאָן געפאָדערט, אז יעדער קאָנטראַקט זאָל גוט־געהייסען ווערען פון דער עקזעקוטיוו באָארד פון דער פעדערעישאָן. יענער קאָנטראַקט איז אָבער גאָר ניט פאָרגעלעגט געוואָרען פאַר דער עקזעקוטיווע פון דער פעדערעישאָן. ביי דער קאָנווענשאָן, וואָס עס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען יענעם יאָר, איז אָנגענומען געוואָרען א רעזאָלוציע, וואָס האָט ערקלערט פאַר בטל יעדען אָפּמאַך, וועלכער איז געשלאָסען געוואָרען אויף א באַשטימטען טערמין. די קאָנסטיטוציע איז אַמענדירט געוואָרען אין דעמזעלבען זין. מיט פינף יאָר שפּעטער אָבער, אין 1912, האָט די קאָנווענשאָן ווידער אַמענדירט די קאָנסטיטוציע און ערקלערט קאָנטראַקטען אויף א באַשטימטען טערמין פאַר געזעצליך. ווי מאיער האָט שפּעטער אַליין צוגעגעבען (ביי דער קאָנווענשאָן אין 1914), זיינען די מיינערס אין ביוט בשעת מעשה געווען אונצופרידען און האָבען באַשולדיקט זייערע בעאַמטע, אז דער קאָנטראַקט, וואָס זיי האָבען געמאַכט מיט דעם קופּער טראָסט וואָס ווערט קאָנטראָלירט פון ראַקעפעלער'ן), איז געגען די פּרינציפּען פון דער יוניאָן, אז די ארבייטער זיינען דורך דעם קאָנטראַקט פאַרשקלאַפּט ביי דעם טראָסט. וואָס האָט די קאָנווענשאָן אין 1912 געענטפערט אויף די קלאַגע? זי האָט דעם דעלעגאַט פון דעם ביוטער לאָקאַל אויסגעשלאָסען פון דער פעדערעישאָן. די מיינערס זיינען געצוואונגען געווען צו אונטערוואַרפען זיך צו דער ביוראָקראַטיע פון דער וועסטערן פעדערעישאָן, ווייל לויט דעם קאָנטראַקט מיט'ן קופּער־טראָסט האָט קיינער ניט געטאָרט ארבייטען אין די מיינס אָן א יוניאָן־קאַרט, און ראַקעפעלער'ס סופּעראינטענדענט האָט, נאַטירליך, געפאָלגט די יוניאָן־בעאַמטע, ווען זיי האָבען עם אויפגעפאָדערט, ער זאָל אוועקשיקען א געוויסען אַרבייטער.

די קליינע צאָל יוניאָן־פירערס האָט געקראָגען די בעסטע ארבייט, און די מאסע יוניאָן־לייט האָבען אין צוואַנציק יאָר גע־

קראָגען א העכערונג אויף 25 סענט א טאָג, בעת אַלע אנדערע אַר־בייטער אין דער שטאָט האָבען געקראָגען געהעכערטע זייער אַר־בייטסלוין אויף 100 פּראָצענט. נאַטירליך, ווען עס קאָסט צוויי מאָל אזוי פיל צו בויען א הויז, פארלאנגט דער לענדלאָרד העכערע רענט, און אזוי געהט דאָס כסדר. די הוצאה אין ביוט איז געשטי־גען א סך העכער, איידער דער ארבייטסלוין פון די מיטגלידער פון דער גרויסער סאָציאליסטישער יוניאָן.

ביוט איז געווען די ציטאדעל פון דער וועסטערן פעדערעי־שאָן. לויט דעם רעפּאָרט וואָס איז אָפּגעגעבען געוואָרען ביי דער קאָנווענשאָן אין 1914, געפינען זיך אין דעם סטעיט אריזאָנא 30,000 מיינערס, — פון זיי איז גאָר א קליינער פּראָצענט אָרגאַ־ניזירט. אין קאָלאָראדאָ איז די וועסטערן פעדערעישאָן צובראכען געוואָרען אין 1904, אין דער צייט פון דעם גרויסען קאמפּף, אין מישיגען האָט זי פּרובירט אָרגאניזירען די קופּער מיינערס, דער לעצטער סטרייק (אין 1913) אָבער איז פערלאָרען געגאנגען.

לויט דעם לעצטען סטאַטיסטישען רעפּאָרט פון דעם צענזוס־ביורא, האָבען אין 1909 געארבייט אונטער דער ערד אין די קופּער מיינס פון מאָנטאנא ארום 9,000 מיינערס. די צאָל אָרגאניזירטע מיינערס אין ביוט פאר דער שפּאַלטונג האָט באטראָפען, לויט דעם אָבגעגעבענעם וואוט, מער ווי צוויי דריטעל פון אלע מיי־נערס*). היינט אין די מעטאל־גרובען פון אַלע אנדערע סטעיטס האָבען אין 1909 געארבייט אונטער דער ערד אַן ערך 70,000 מאַן. פון זיי זיינען פארטראָטען געווען ביי דער קאָנווענשאָן אין דענ־ווער ווייניקער ווי 5,000, דאָס הייסט, ווייניקער ווי 7 פּראָצענט. דערפון קענט איר זעהען, אז דער לאָקאל איינס פון ביוט האָט טאקע פארדינט דעם נאָמען „דער גיבראלטאר" פון דער פעדערעישאָן. דאָרטען זיינען די מאיאָריטעט פון די מיינערס געווען אָרגאני־זירט, וועהרענד אין אנדערע סטעיטס זיינען די אונגעהויערע מאַ־יאָריטעט ניט אָרגאניזירט, די לאָקאלס, וואָס האָבען אונטערשטיצט די מאַשין, זיינען שוואך און האָבען עקזיסטירט דורך די פינאנ־

*) אמת, די גאנצע צאָהל מיינערס איז געוואַקסען זינט דעם לעצ־טען אָפיציעלען סטאַטיסטישען רעפּאָרט, פון דער אַנדערער זייט אָבער זיינען דאָך מסתמא ניט אַלע גוטשטעהענדע מעמבערס פון דער יוניאָן געקומען צו וואוטען.

ציעלע שטיצע, וואָס זיי האָבען געקראָגען פון לאָקאל איינס פון ביוט. ביי די קאָנווענשאָנס אָבער האָבען יענע שוואכע לאָקאלס געשטימט געגען לאָקאל איינס, ווען ער האָט געבראכט קלאגען געגען זיינע בעאמטע. מיט אנדערע ווערטער, די לאָקאלס, וואָס זיינען געזעסען אף קעסט ביי לאָקאל איינס, האָבען אופגעהאלטען אין אמט די בעאַמטע פון לאָקאל איינס, מיט וועלכע דער לאָקאל אליין איז געווען אונצופרידען.

מיר באגעגענען זיך דאָ מיט דעמזעלביקען צענטראליסטישען פרינציפ, וואָס האָט זיך געוויזען פאר א קוואל פון קאָרופּציאָן און א שטערונג פון פּאָרטשריט אין דער אמעריקאנער פּאָליטיק. ווען עס איז ערגעץ געלונגען די איינוואוינער פון א שטאָט ארונטערצוּווארפען א רעאקציאָנערע אָדער א קאָרופּטע מאשין און ערוועהלען א רעפאָרם־אַדמיניסטראציע, האָט זי געפונען, אז אירע הענט זיינען געבונדען דורך די צענטראלע מאכט פון דעם סטעיט. אזוי איז צום ביישפּיל געווען אין מילוואָקי, ווען דער סאָציאליסט זיידעל איז געווען מעיאר און די מערצאָל פון די אָלדערמען זיינען געווען סאָציאליסטען. זיי האָבען ניט געהאט קיין רעכט צו פירען די געשעפטען פון דער שטאָט ווי זיי האָבען געוואָלט, ווייל דער געזעץ פון דעם סטעיט וויסקאָנסין גיט ניט דער שטאָט מילוואָקי קיין „האום־רול“.

איך וועט פרעגען, וואָס איז די נפקא־מינה: די לעדזשיס־לייטשור אין מעדיסאָן ווערט דאָך ערוועהלט אף דעם גרונד פון דעם אלגעמיינעם שטימרעכט, פונקט ווי דער מעיאָר און די אָל־דערמען פון מילוואָקי, און די בירגער פון מילוואָקי האָבען דאָך אויך דאָס רעכט צו שטימען פאר זייערע פּארטרעטער צו דער לעדזשיס־לייטשור, דאָס איז א פאַלשע אויסטייטשונג פון דעמאָקראַ־טיע. די איינוואוינער פון דער שטאָט אָשקאָש זיינען ניט פאר־אינטערעסירט אין דעם שטרייט צווישען דער שטאָט מילוואָקי און איר שטאָט־באַן קאָמפּאַניע, זיי ווייסען אפילו ניט, אז עס געהט אָן אַזאַ שטרייט. אויב זייער פּארטרעטער אין דער לעדזשיסלעי־טשור אין מעדיסאָן וועט שטימען געגען די אינטערעסען פון די איינוואוינער פון מילוואָקי און פאר די אינטערעסען פון דער שטאָט־באַן קאָמפּאַניע, וועט ער דורך דעם ניט אָנווערען דעם צוטרוי פון זיינע וואוטערס. אף דעם אופן קען די לעדזשיסלייטשור

שטערען יעדער פּראָגרעסיווער באַוועגונג אין דער שטאָט מיל־
וואָקי.

די ווירקונג פון דעם צענטראַליסטישען פּרינציפּ אין די יו־
ניאָנס איז פּונקט דיזעלבע. ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען די
מחלוקה אין דער יוניאָן, האָבען די בעאַמטע געזוכט פּטור צו ווע־
רען פון די „אונצופרידענע עלעמענטען", דערמיט וואָס מען האָט
זיי ניט געלאָזט ארבייטען אָן א באַצאָלטע יוניאָן־קאַרד. די מיי־
נערס האָבען דעמאָלט אָפּגעהאַלטען א גרויסען מאַסמיטינג, ביי
וועלכען עס איז אָפּגעשטימט געוואָרען איבער דער פראגע, צי זאָל
אָן ארבייטער דאַרפען וויזען פאַר א בעאַמטען פון דער פעדע־
ריישאָן זיין יוניאָן־קאַרטע, אויב ער וויל ארבייטען אין די מיינס.
דער וואוט איז געווען 243 דאַפיר און 6,348 דאַגעגען. מיט אַנ־
דערע ווערטער די גאַנצע ביוטער יוניאָן האָט באַשלאָסען ארויס־
צוטרעטען פון דער וועסטערן פעדערעישאָן אָוו מיינערס.

באַלד נאָך דער אָפּשטימונג איז פּרעזידענט מאָיער געקומען
מיט דעם פאָרשלאַג, אַז אַלע בעאַמטע פון דעם לאָקאַל זאָלען רע־
זיגנירען, אבער עס איז שוין געווען צו שפּעט.

די אורזאַכע פאַרוואָס מאָיער האָט געמאַכט דעם פאָרשלאַג אַז
די בעאַמטע זאָלען רעזיגנירען, איז געווען די באַשולדיגונג אַז ביי
דער וואַל וואָס איז ניט לאַנג פאַר דעם אָפּגעהאַלטען געוואָרען,
זיינען בעגאַנגען געוואָרען אַלערליי פאַלשקייטען. דאָס איז ניט גע־
ווען קיין נאָווינע אין דער יוניאָן: ביי די פריהערדיקע וואַלען זיי־
נען אויך ארויסגעקומען צוזאַמענשטויסע, און דער עולם איז גע־
ווען אונצופרידען. ענדליך, האָט ביי זיי די געדולד געפּלאַצט.

ארויסגעקומען איז עס טאַקי דורך די איינצאַלונג פאַר די מי־
שיגאַנער סטרייקערס. די פעדערעישאָן האָט ארויסגעשיקט דעם
אַסעסמענט שוין נאָך דעם, ווי דער סטרייק איז אויפגעגעבען גע־
וואָרען, און די מיינערס פון ביוט האָבען פּשוט ניט געטרויט זייע־
רע בעאַמטע, אַז די געלט וועט באַנוצט ווערען פאַר די מישיגאַנער
סטרייקערס*).

---

*) איר מוזט וויסען אַז די אָנפירער פון דעם בונט אין ביוט זיי־
נען געווען פינישע סאָציאַליסטען. ווען זיי האָבען אויפגעריסען דעם

דעם פֿאַרשלאַג, אַז די בעאַמטע פֿון דעם לאָקאַל זאָלען רעזיג־נירען, האָט מאַיער געמאַכט, באַלד ווי ער איז געקומען קיין ביוט, — ראַכט זיך, דאָס האָט געדאַרפֿט צופֿרידען שטעלען די בונטאָוו־שציקעס, — פֿאַר וואָס זשע האָבען זיי ס׳ ניט אָנגענומען? דאָס איז, פֿאַרשטעהט איר, אָבער נאָר איין טייל פֿון דעם פֿאַרשלאַג. צום מיטינג, אויף וועלכען מען האָט געדאַרפֿט וואָטען פֿאַר נייע בע־אַמטע, האָט מען צוגעלאָזען נאָר יענע, וואָס זיינען געווען גוטשטע־הענד. די מאַיאָריטעט פֿון די מיינערס אָבער זיינען צוליב דעם סכסוך ניט געווען גוט־שטעהענד. דער סאָציאַליסטישער מעיאָר דאַנקאַן (אויך אַ געוועזענער בערגאַרבייטער און אַ מיטגליד פֿון דער יוניאָן) האָט דעריבער געראַטען די בעאַמטע פֿון דער פֿעדע־רעישאָן, אַז זיי זאָלען צולאָזען אַלעמען וואָטען פֿאַר לאָקאַלע בע־אַמטע, אַפּילו יענע, וואָס זיינען ניט גוטשטעהענד. דאָס אָבער האָט מאַיער׳ס חברה ניט געוואָלט, הגם עס איז אַן אַלגעמיינער מנהג אין די מיינס אין די וועסט, אַז ווען אַ מיינער געהט אַרום אָן אַר־בייט, זאָל ער קריגען צוויי מאָנאַט צייט צו ווערען גוטשטעהענדיק.

דערפֿון קענט איר שוין זעהען, אַז מיט דעם באַשלוס צוצו־לאָזען צו דעם מיטינג נאָר יענע, וואָס זיינען גוטשטעהענד, האָט מאַיער זיכער געמאַכט, אַז די אַלטע קליקע זאָל ווידער בלייבען ביי׳ן רודער. דאָס האָט אויפֿגעבראַכט די מאַסע געגען מאַיער׳ן. טויזענטער זיינען געשטאַנען אַפּ׳ן גאַס און סך הכל אַ פּאָר הונ־דערט זיינען אריין אין דעם יוניאָן־האָל, וואו עס האָט געזאָלט אָפּ־געהאַלטען ווערען די וואַל. איידער דער מיטינג איז געקומען צו ענד, האָט זיך אָנגעהויבען אַ שיסעריי. דער לאָקאַלער סאָציאַליסטישער פֿאַרטיי־אָרגאַן, „ביוט סאָשאַליסט“, דערצעהלט, אַז אָנגעהויבען די שיסעריי האָט איינער, וואָס איז געווען אין דעם יוניאָן־האָל: ער האָט אויסגעשאָסען דורכ׳ן פֿענצטער און האָט איין מאַן געהרג׳עט און עטלאַכע פֿאַרוואונדעט. פֿון דער מאַסע האָט מען

---

יוניאָן־סייף מיט דינאַמיט, האָבען זיי געזוכט באַווייזע, אַז די בע־אַמטע האָבען צוגע׳לקח׳ענט די פֿאָנדען פֿון דער יוניאָן. עס איז בשעת מעשה געמעלדעט געוואָרען אין דער אַלגעמיינער פּרעסע אַז די געלט וואָס איז געווען אין דעם סייף, האָבען זיי ניט אָנגערירט, זיי האָבען נאָר צוגענומען די דאָקומענטען.

געענטפערט מיט רעוואָלווער־שאָסען. איינער האָט געגעבען א גע־
שריי: „אויב מיר קענען מאָיער'ן ניט ארויסוואוטען, וועלען מיר
איהם ארויסדינאַמיטירען!" דינאַמיט אין די מיינס, מוזט איר
וויסען, איז אַ וואָכעדיקע זאַך, וואָרים ער ווערט געברויכט אַף אופ־
צורייסען שטיינער. מאָיער מיט זיין חברה האָבען דערזעהען, אז
עס געהט דאָ אום זייער לעבען, און זיינען אנטלאָפען דורך די הינ־
טער־טהיר. מיט אַ האַלבע שטונדע שפּעטער האָבען די אונצופריי־
דענע מיינערס אופגעריסען די הויז פון דער יוניאָן מיט דינאַמיט.
מיט עטלאַכע וואָכען שפּעטער, ביי דער קאָנוועגשאָן אין דענווער,
האָט מאָיער געלאָזט בעטען דעם ראַזיקען „מאָב", זיי זאָלען ווידער
אריינגעהן אין די פעדערעישאָן.

אין אַ רעדע, וואָס מאָיער האָט געהאַלטען ביי דער קאָנוועג־
שאָן אין דענווער דעם 24טען יול 1914, האָט ער אַליין צוגעגעבען,
אז „פילע געטרייע לייט אין ביוט זיינען איבערצייגט, אז זיי האָ־
בען געדרעכטע קלאַגען". דעם ערסטען אויגוסט איז פאַר דער קאָנ־
וועגשאָן אריינגעבראַכט געוואָרען אַ פּאָרשלאָג, אז זי זאָל אוסקליי־
בען א קאָמיטע פון דריי מענטשען, זיי זאָלען פירען די וואַל פון
לאָקאַלע בעאַמטע אין דער ביוט מיינערס יוניאָן נומער איינס. לאָ־
מיר באַטראַכטען וואָס איז געווען דער זין דערפון. אין ביוט איז
דאָך שוין מיט אַ פּאָר מאָנאַטען פאַר דעם אָפּגעהאַלטען געוואָ־
רען אַ וואַל, וואָס האָט מען געדאַרפט אַ נייע וואַל? דערפון
וואָס די קאָנוועגשאָן פון דער גאַנצער פעדערעישאָן וויל גאָר אויס־
קלייבען א ספּעציעלע קאָמיטע צו פירען די וואַל פאַר לאָקאַלע בע־
אַמטע אין אַ לאָקאַל יוניאָן, איז דאָך קלאָר באַשיימפּערלאַך, אז גע־
וויינטלאַך פאַרנעמט זיך ניט די צענטראַל־אָרגאַניזאַציאָן מיט
לאָקאַלע וואַלען צוליב וואָס זשע איז איר איינגעפאַלען זיך
אריינצומישען דעם מאָל? זיינען די בעאַמטע געזעצליך ערוועהלט
געוואָרען, איז דאָך דאָס געגען די דיסציפּלין — ווער רעדט שוין
פון האָום־רול (זעלבסטפּאַרוואַלטונג) — אז מען זאָל נעמען ארונ־
טערוואַרפען געזעצליך ערוועהלטע בעאַמטע, אום צוליב צו טאָן
אַ באַנדע בונטאַוושטשיקעס, וואָס האָבען באַגאַנגען דעם גרעס־
טען פאַרברעכען — געגרינדעט אן אָפּאָזיציאָנעלע יוניאָן. אויב עס
איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אַ וואַל, מוז זיך די מינאָריטעט אונ־
טערוואַרפען דער מאָיאָריטעט, אנדערס קען דאָך קיין אָרגאַניזאַ־
ציע ניט עקזיסטירען. איז דאָס מעגלאַך, אז מאָיער, דער לאַנג־יע־

ריקער פרעזידענט פון דער פעדערעישאן, און די גאנצע קאנווענשאן, זאלען וועלען נאכגעבען אן אונצופרידענער מינאריטעט און מאכען צונישט דעם ווילען פון דער מאיאריטעט? דאס איז א קלארער באוויז, אז זיי האבען געוואוסט, אז יענע בעאמטע זיינען ערוועהלט געווארען געגען דעם ווילען פון דער מאיאריטעט, אז די דאזיגע „רעגוליארז" פארטרעטען ניט מער ווי א מינאריטעט*)

ווי קען א מינאריטעט ערוועהלען בעאמטע געגען דעם ווילען פון דער מאיאריטעט? ניט אנדערש ווי דורך שווינדעל און גוואלט.

די רעדאקציע פון דעם „ניו־יארק קאלל", וועלכע קיינער וועט ניט חושד זיין, אז זי סימפאטיזירט מיט אן אפאזישאן־יוניאן, האט וועגען דעם געזאגט דאס פאלגענדע: „מאיער... האט צוגע־געבען, — אזוי האט ער וויינקסטענס געגעבען צו פארשטעהן מיט זיין האנדלונג, — אז די בעאמטע האבען מיסברויכט זייער מאכט, און שטארק מיסברויכט, אין יענעם לאקאל"**).

---

*) כדי איר זאלט וויסען, ווי עס האט געהאלטען ביי די מיי־נערס, וועל איך אייך געבען א פאר ציפערען, וואס זיינען די אונפארטיי־אישסטע עדות. ביי דעם מאסמיטינג פון די מיינערס אין דער שטאט ביוט, וואס איז אבגעהאלטען געווארען קורץ פאר דעם, ווי דער אפיס פון דער יוניאן איז אופגעריסען געווארען מיט דינאמיט, האבען וועי־ביקער ווי איינער פון יעדע 25 מיינערס אין ביוט געשטימט צו פאר־בלייבען אין דער וועסטערן פעדערעישאן (דאגעגען 6348). דעם ערס־טען אוגוסט איז ביי דער קאנווענשאן פון דער גאנצער וועסטערן פעדע־רעישאן פארגעקומען די וואל פאר פרעזידענט און מאיער איז ווידער ערוועהלט געווארען מיט 3378 שטימען. די מיטגלידער פון דער עק־זעקוטיווע האבען געקראגען נאך וויניגער שטימען, די קלענסטע צאל איז געוועזן 2310. דאס ווייזט גאנץ קלאר, ווען עס האט רעפרעזענטירט פרעזידענט מאיער, ער האט רעפרעזענטירט א מינאריטעט פון דער צאל מיטגלידער, וואס די פעדערעישאן האט גע־האט פאר דער מחלוקה.

**) „ניו־יארק קאלל", 19 יול, 1914, ז. 16.

נאָך שאַרפער רעדט דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי־אָרגאַן פון ביוט, דער „ביוט סאָשאַליסט“. נאָך זיין מיינונג זיינען געווען „אַלגעמיינע און ספּעציעלע מיסברויכען אין דער אָרגאַניזאַציאָן פון די מיינערס, וואָס האָבען געפירט צו דער רעוואָלטע. די פאַר־אנטוואָרטליכקייט ליגט שוין פילע יאָרען אַף די אונקאָמפּעטענטע לאָקאַלע בעאַמטע פון דער יוניאָן אין ביוט, וועלכע האָבען סיס־טעמאַטיש און מיט ערפאָלג געשטערט יעדען פאַרזוך אָבצושאַפען די מיסברויכען דורך קאָנסטיטוציאָנעלע מיטלען, און אַף די בעאַמ־טע פון דער פעדערעישאָן, וועלכע האָבען ניט אונטערשטיצט די מאַסע מיטגלידער, ווען זיי האָבען געוואָלט אָפּשאַפען די מיסברוי־כען און מאַכען אַן ענד צו דער אריינמישונג פון די קאָרפּאָרעי־שאָנס אין די געשעפטען פון דער יוניאָן, צו דעם סיסטעם פון שפּי־אָנעריי, צו דער פאַרפאָלגונג פון די מיינערס, וואָס האָבען געשטימט נאָך זייערע פּאָליטישע איבערצייגונגען“.

שעהן איז געווען דער סוף פון דער געשיכטע. מאָיער, דער פירער פון די מיינערס פון קאָלאָראַדאָ אין דעם קאַמפּף פון 1903 — 1904, ווען גאָווערנאָר פּיבאָדי האָט געשיקט סאָלדאַטען צו אוסמיריאיען די יוניאָן־לייט, דערזעלביקער מאָיער האָט זיך גע־ווענדעט צום גאָווערנאָר פון מאָנטאַנאַ, ער זאָל שיקען סאָלדאַטען צו באַשיצען דעם אָפיס און די בעאַמטע פון דער יוניאָן געגען די בונטאָוושטשיקעס.

דאָס איז דער רעזולטאַט פון לאַנגע יאָרען פון מאַשין־פּאָלי־טיק אין דער יוניאָן. די מאַסע לאָזט מען ניט אויסדריקען איר ווילען אַף אַ געזעצליכען וועג, מען פעלשט וואַלען, מען פּאַראַדירט אונטער אַ סאָציאַליסטישען און „רעוואָלוציאָנערען“ פלאַג און מען לעבט אין פריינדשאַפט מיט דעם טראַסט. דער בלוטיקער קאַמפּף אין ביוט איז געווען אַן אויפשטאַנד פון דער אַרבייטער־מאַסע גע־גען אַ באַנדע זעלבסטהערשער, וואָס האָבען זיך מיט גוואַלט אַרויפ־געזעצט אַף די פּלייצעס פון די אַרבייטער. דיזער אויפשטאַנד איז געווען פונקט אַזוי בארעכטיקט, ווי דער אויפשטאַנד פון די מעקסי־קאַנער רעוואָלוציאָנערען געגען די באַנדע „סיענטיפיקאָס“. עס איז פּוסטע רייד, וואָס מ׳ דערצעהלט, אַז די וועסטערן פעדערעישאָן האָט אַ דעמאָקראַטישע קאָנסטיטוציע. די מעקסיקאַנער קאָנסטי־טוציע פון 1857 איז פיל דעמאָקראַטישער, ווי די קאָנסטיטוציע

פון די פאראייניגטע שטאטען, אבער א פאפירענע קאנסטיטוציע איז א קנאפע סגולה, ווען א קליקע אוזורפאטארס טרעט זי מיט די פיס.

דער קאמפף ווייזט זעהר בולט אז „אינדוסטריאליזם“ איז אויך גאר קיין רפואה ניט געגען באסיזם און מאשיז־הערשאפט.

### צוויי-און-צוואנציקסטער קאפיטעל:

# די קלאסען־איינטיילונג פון דעם אמעריקאנער פאלק.

1.

## דער פונדאמענט פון דער „רעוואלו־ציאנערער“ טאקטיק.

דער קלאסען־קאמפף ווערט באטראכט פאר דעם פונדאמענט פון דעם היינטיקען סאציאליזם. געוועהנליך ווערט אנגענומען, אז די קאפיטאליסטישע געזעלשאפט האט אין צושפאלטען זיך אין צוויי קלאסען: די קאפיטאליסטען און די ארבייטער. עס איז נאך פאראן א מיטעל־קלאס, נאר ער האלט אין פארשווינדען. דער ארבייטער־קלאס איז די מעהרהייט פון דער היינטיקער געזעלשאפט. דעריבער איז די איינציקע זאך, וואס מען באדארף־ער זאל ווערען קלאסענבעוואוסט. ווען ער וועט ענדליך פארשטעהן זיינע אינטערעסען, וועט ער איינזעהען, אז ער האט די מאכט מיט זיינע אייגענע קרעפטען איבערצומאכען די גאנצע געזעלשאפט, אף זיין אייגענעם פאסאן, זייענדיק די מאיאריטעט, דארף ער קיינעם'ס לאסקע ניט. פארקערט, א פארבינדונג מיט דעם מיטעל־קלאס, אדער מיט די קאפיטאליסטען, איז נאר א שטערונג, וואס לאזט דעם ארבייטער־קלאס ניט געהן אויף זיין אייגענעם, גלייכען, ריכטיקען וועג. כדי דער ארבייטער־קלאס זאל קענען אונגעשטערט אויספירען זיינע פאדערונגען מוז ער זיך ארגאניזירען אין אן אייגענער פארטיי. און די פארטיי זיינע טאר זיך ניט לאזען פארפירען אין קיינע קונקעל־מונקעל מיט אנדערע פארטייען. די גאנצע געזעלשאפט, חוץ דעם ארבייטער־קלאס, איז „איין רעאקציאנערע מאסע“. אזוי איז נאך געשטאנען אין דעם ערסטען פראגראם פון דער דייטשער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי, וואס איז אנגענומען געווארען אין גאטא אין 1874. אמת זינט דעמאלט איז אוועק א היבשע צייט, און דער זאץ פון דעם גאטישען פראגראם וועגען דער „איינער רעאקציאנערער מאסע“ איז נאך אן אויספירליכער דעבאטע געשטריכען געווארען. אבער, וואס מאכט דאס אויס? דייטשלאנד איז זיך דייטשלאנד און אמעריקע איז זיך אמעריקע, דא ביי אונדז גילט

נאָך דער פּאַרצייטיקער פּראָגראַם פון דעם פּאַרצייטיקען סאָצי־
אַליזם.

מיר לעבען דאָ אין אַ דעמאָקראַטישער רעפּובּליק, וואו די רע־
גירונג מוז זיך שטיצען אויף די מאַיאָריטעט פון דעם פאָלק. די
מעשׂיות וועגען דער „דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט", וועלען
בלייבען אַ פּוסטע פּלוידעריי, כּל זמן דער פּראָלעטאַריאַט האָט ניט
קיין מאַיאָריטעט. די גאַנצע תורה וועגען דער קלאַסענבאַוואוסטער
פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי מוז שטעהן אָדער פאַלען לויט נאָך דעם
ענטפער אף די פראַגע: צי איז טאַקע דער ארבייטער־קלאַס
די מאַיאָריטעט פון דער היינטיקער געזעלשאַפט, און אויב ניט צי
האָט ער אַן אויסזיכט אין קורצען צו ווערען אַ מאַיאָריטעט? אַט
אויף די פראַגע וויל איך דאָ געבען אַן ענטפער מיט ציפערען אין
האַנט.

## 2.

## באַשרייבונג פון די קלאַסען.

אין אַ דעבאַטע אף דער פּלאַטפאָרמע איז זעהר לייכט
איינצוטיילען די גאַנצע געזעלשאַפט אין קלאַסען: עס זיינען פאַ־
ראַן קאַפּיטאַליסטען און לוין־ארבייטער, און די יעניקע, וואָס
זיינען ניט קיין קאַפּיטאַליסטען און ניט קיין ארבייטער, יענע
געהערען צו דעם מיטעל־קלאַס. אָבער, ווען איר באַקענט זיך מיט
די פאַקטען, טו ווייזט זיך אויס די מעשׂה גאָר ניט אַזוי איינפאַך.
ערסטענס, לאָמיר נעמען די פאַרמערס. וואָס איז אַ פאַרמער?
איז ער אַ קאַפּיטאַליסט, אָדער אַ פּראָלעטאַריער? מילא, קיין פּראָ־
לעטאַריער איז ער געוויס ניט, ווארים ער האָט לאַנד, בהמות,
מאַשינען, — קורץ ער איז אַליין דער אייגענטימער פון די פּראָ־
דוקציאָנענס מיטלען מיט וועלכע ער ארבייט. הייסט דאָס, ער
איז אַ קאַפּיטאַליסט? אָבער אַ קאַפּיטאַליסט איז נאָר יענער,
וואָס מאַכט אַ פּראָפיט פון געדונגענע ארבייט. היינט, ווען איר
באַטראַכט די פאַרמעריי, ווייזט זיך גאָר אויס, אַז לויט דער פאָלקס־
צעהלונג פון 1900, זיינען יענעם יאָר אין די פאַראייניקטע
שטאַטען געווען 5,800,000 פאַרמערס, בעת די צאָל געדונגענע
פאַרם־ארבייטער איז געווען סך הכּל 2,100,000. דאָס הייסט,
אויף יעדע צוויי־דריי קאַפּיטאַליסטען איז אויסגעקומען בשותּפות
איין לוין־ארבייטער. עפּעס אַ מאָדנער סאָרט קאַפּיטאַליסטען!

און ווייטער, ווען איר וועט באטראכטען די שכירות פון די פארם־ארבייטער, וועט איר געפינען, אז זיי האבען פארדינט אין דורכשניט 175 דאלער א יאר, שוין אריינרעכענדיק זייערע קעסט. עס איז קלאר, אז פון איין ארבייטער וואס קריגט אליין $1.75 קען דער קאפיטאליסט אויך קיין גרויסען אוצר ניט אנקלייבען. ווען עס האט זיך געפונען איין פארמער, וואס האט א סך גערונגענע ארבייטער, טו זיינען געבליבען נאך א גרעסערע צאל פארמערס, וואס האבען גאר קיין גערונגענע ארבייטער ניט געהאט און האבען געפירט זייער פארמעריי מיט דער הילף פון זייערע אייגענע קינדער. בקיצור ניט פאר קיין קאפיטאליסט, און ניט פאר קיין פראלעטאריער קען מען דעם פארמער ניט פארעכענען. מען מוז פון עס מאכען א באזונדערען קלאס.

היינט נעמט די פארם־ארבייטער. אין די טאבליצעס פון דעם צענזוס (די פאלקס־צעהלונג) זיינען זיי איינגעטיילט אין צוויי מינים: פארמערישע קינדער וואס ארבייטען אין דערהיים, ביי זייערע עלטערן, און סתם פארם־ארבייטער, דאס הייסט זייטיקע, גערונגענע לייט. עס איז קלאר, אז די פארמערשע קינדער, וואס וואהנען מיט זייערע עלטערען און העלפען אין דער היים, קענען ניט באטראכט ווערען פאר פראלעטאריער. אדער לוין־ארבייטער, צו דער זעלבער צייט, קענט איר זיי אריינרעכענען אין דעם קאפיטאליסטישען קלאס?

היינט מיינט איר שוין, אז די גערונגענע פארם־ארבייטער קען מען צוזאמענמישען מיט די אייזענבאן־ארבייטער, אדער ארבייטער אין די פאבריקען, למשל? די פארמעריי אין אמעריקא איז א קליין־באטריב, עס זיינען פאראן א קליינע צאל קאפיטאליסטישע אונטערנעמונגען, אבער זיי באשעפטיקען נאר א קליינעם טייל פון די פארם־ארבייטער. די גאנצע מאסע ארבייטען ביי קליינע פארמערס, איין ארבייטער, צי א פאר אף א פארם. היינט דא דארף מען זיך דערמאנען, פאר וואס באטראכט קארל מארקס דעם פראלעטאריאט פאר יענעם קלאס, וואס וועט אויפבויען די סאציאליסטישע געזעלשאפט: ער ווייזט, אז דער פראלעטאריאט ווערט ארגאניזירט אין דעם גאנג פון דער ענטוויקלונג פון דער קאפיטאליסטישער פראדוקציאן. די געזעלען ביי די קליינע בעלי־מלאכות זיינען געווען צושפרייט, בעת די ארבייטער אף אן אייזענבאן, אדער אין א פאבריק, זיינען פארזאמעלט אין גרויסע מא־

סען. אין דער אמעריקאַנער אינדוסטרי איז שוין דער קליינ־געווערב כמעט אין גאַנצען פאַרשוואונדען, אָבער אין דער פאַרמעריי האָט ער זיך נאָך קאַם אָנגעהויבען, און מען קען נאָך דערווייל ניט פאָראויסזעהן די צייט, ווען א בעדייטענדער טייל פון די פאַרם־ארבייטער וועלען זיין באַשעפטיקט אין גרויסע צאָלען ביי קאַפּי־טאַליסטישע אונטערנעמער. עס איז גאַנץ קלאָר, אז פאַראיינצעל־טע, צואוואָרפענע פאַרם־ארבייטער קענען ניט האָבען די זעלבע געדאַנקען, צום ביישפּיעל, וועגען טרייד־יוניאָניזם, ווי ארבייטער אין אַ פאַבריק. דער פאַרהעלטניס פון דעם פאַרמער צו דעם פאַרם־ארבייטער איז אַ פּערזענליכער, זיי ארבייטען צוזאַמען אַפ׳ן פעלד; זיי עסען צוזאַמען ביים טיש.קורץ, ווען מען וויל שטעהן אַף דעם גרונט פון דער מאַטעריאַליסטישער פילאָזאָפיע, קען מען וועגען פּראָלעטאַרישען קלאַסען־באַוואוסטזיין ביי דעם פאַרם־ארבייטער ניט רעדען: זיין אידעאַל איז ניט דער סאָציאַליזם, נאָר צו ווערען אַ פאַרמער אַליין. און דאָס איז גאָרניט אַזוי אונמעגליך, ווי פאַר אַ שטאָט־ארבייטער צו ווערען אַ קאַרנעגי. די צאָל פאַרמערס וואַקסט, אין די דרייסיק יאָר פון 1870 ביז 1900 איז זי געוואַקסען אַזוי:

3,000,000 — — — — — — — — — 1870
4,000,000 — — — — — — — — — 1880
5,400,000 — — — — — — — — 1890
5,800,000 — — — — — — — — — 1900
6,100,000 — — — — — — — — — — 1910

בקיצור, די פאַרם־ארבייטער מוז מען אָפּטיילען פון די אינ־דוסטריעלע ארבייטער אין אַ באַזונדערען קלאַס.

דערמיט זיינען מיר אָבער נאָך ניט פאַרטיק. עס זיינען פאַראַן אַנדערהאַלבען מיליאָן פּראָלעטאַריער און אפילו לוין־אר־בייטער, וואָס מען קען פאָרט ניט אַריינוואַרפען אין איין טאָפּ מיט אינדוסטריעלע ארבייטער, — דאָס זיינען די דינסטמיידלאַך און די דינער אין פּריוואַט־פאַמיליעס. אמת, זיי זיינען געדונגענע אר־בייטער, זיי ווערען אונטערדריקט פיל ערגער ווי די ארבייטער, אָדער די ארבייטערינען אין די פאַבריקען, ווארים אַן ארבייטערין איז אָפּגעזעסען איהר צייט אין דער פאַבריק או זגעהט אהיים, ווע־רענד אַ דינסטמיידעל טאָר דאָס ניט. פונדעסטוועגען אָבער איז פאַראַן אַ פונדאַמענטאַלער אונטערשיד צווישען אַן ארבייטערין

און א דינסטמיידעל: פון דער ארבייטערינס ארבייט מאכט דער באלעבאס פראפיט, ווערענד אן דער דינסטמיידעל פארדינט ער גארניט. נאך וויכטיקער איז אנאנדער אונטערשיד: די צאל אינדוסטריעלע ארבייטער וואקסט אין דער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט, ווערענד די צאל דינער און דינסטמיידלאך איז אין די צען יאר פון 1890 ביז 1900 געבליבען די זעלבע, דאס הייסט אין פארגלייך צו דער גאנצער באפעלקערונג איז זי געפאלען. זינט 1870 איז זייער צאל געפאלען פון 7,8 פראצענט ביז 5.1 פראצענט; דאס הייסט עס זיינען היינט פאראן מיט א דריטעל ווייניקער באדינטע איידער מיט דרייסיק יאר צוריק. עס איז קלאר אז מיט דער ענטוויקלונג פון קאפיטאליזם ווערט די צאל דינסטמיידלאך קלענער, ווען איר שטעהט אלזא אף דעם מאטעריאליסטישען שטאנדפונקט, טו קענט איר ניט ערווארטען אז ביי די דינסטען זאל זיך ענטוויקלען א פראלעטארישער קלאסען־באוואוסטזיין. דער אידעאל פון א לאקעי קען ניט זיין צו קריגען דעם פולען פראדוקט פון זיין לאקעיסקער ארבייט אין דער סאציאליסטישער געזעלשאפט, ווארים אין אזא געזעלשאפט איז ניטא קיין פלאץ פאר לאקעיען. רעדענדיק פון דעם מאטעריאליסטישען שטאנדפונקט איבער די געשיכטליכע ראליע פון דעם פראלעטאריאט, קען מען די דינער און דינסטמיידלאך ניט צוזאמענמישען מיט אינדוסטריעלע ארבייטער. דאס איז א שיכט פון דער באפעלקערונג וואס איז איבערגעבליבען פון די אמאליקע צייטען, ווען די פריצים זיינען געווען דער הערשענדער קלאס. זי איז ניט דער פראדוקט פון קאפיטאליזם, ווי דער אינדוסטריעלער פראלעטאריאט.

וואס באטרעפט דעם קאפיטאליסטישען קלאס, איז ער אויך ניט אזוי פראסט, ווי עס שיינט. מילא, א פאבריקאנט איז בלא ספק א קאפיטאליסט, נו און וואס איז א קרעמער? ווען ער האט א קראם מיט א געדונגענעם משרת און פארקויפער איז ער א קאפיטאליסט, נו, און ווען ער זיצט אין קראם מיט זיין ווייב און קינדער און מאכט פונקט אזוי פיל געשעפט ווי יענער, טו וואס איז ער, א קאפיטאליסט אדער אפשר גאר א פראלעטאריער? און ווען ער דינגט פאר קריסטמאס עטלאכע מיידלאך ביז נאך ניי־יאר, טו ווערט ער דעמאלס א קאפיטאליסט? איר זעט דערפון אז ווען עס האנדעלט זיך פון דער גאנצער באפעלקערונג, טו מוז מען אנשטאט דעם קאפיטאליסטישען קלאס אונטערשטעלען דעם אונטערנעמער־

קלאַס. אבער דער אונטערנעמער־קלאַס, דאַרפט איהר ניט פאַר־געסען, ענטהאַלט אין זיך פושקארט פעדלערס, אייגענטימער פון סאָדא־וואַסער סטענדס, צייטונגס־פּאַרקויפער, און דערגלייכען, זיי זיינען אַלע ענלאַך צווישען זיך אין דעם, וואָס זיי זיינען געשעפטס־לייט, ניט קיין געדונגענע אַרבייטער. זייער עקאנאמישע לאַגע צווינגט זיי צו פאַרגרעסערען זייער געשעפט, ווי ווייט זיי קענען. אין זייער אייגענעם פראַקטישען לעבען איז זייער אידעאַל דער גרויסער קאַפּיטאַליסט, אפילו ווען עס געפינט זיך צווישען זיי א געוויסע צאָל פאַרבלאָנדזשעטע סאָציאַליסטען אָדער אַנאַרכיסטען פון דער ניו־יאָרקער איסט־סייד.

מיר האָבען אויסגערעכענט דריי פּראָלעטאַריער־שיכטען און צוויי אונטערנעמער־שיכטען, און מיר זיינען נאָך אַלין ניט פאַרטיק. עס בלייבען נאָך אַלין אזוינע געזעלשאַפטליכע גרופּען, אָדער קלאַסען ווי איר ווילט, וואָס מען קען ניט אריינרעכענען, ניט צווישען די קאַפּיטאַליסטען ניט צווישען די לוין־אַרבייטער.

וויאוהין וועט איר אריינרעכענען דאָקטוירים, פּראָפעסאָרען, לערער און דערגלייכען? עס זיינען פאַראַן גרויסע דאָקטוירים, וואָס האָבען אסיסטענטען און צאָלען זיי געהאַלט, אבער קען מען זאָגען, אז א גרויסער דאָקטאָר מאַכט פּראָפיט דערפון וואָס ער דער־צאָלט ניט זיין אסיסטענט דעם פולען ווערט פון זיין פּראָדוקט? עס איז גאַנץ קלאָר, אז דער גרויסער ספּעציאַליסט קריגט באַצאָלט א מאָנאָפּאָליסטישען פּרייז פאַר זיין נאָמען. ווען ער קריגט צען דאָלער פאַר א וויזיט און א דאָקטאָר אויף איסט־בראָדוויי איין דאָ־לער, טו ווען דער ספּעציאַליסט זאָל דינגען א דאָקטאָר פון איסט־בראָדוויי פאַר אַן אסיסטענט און צאָלען עם איין דאָלער פון יעדען קראַנקען, וועט דער אסיסטענט קריגען דעם פולען פּראָדוקט פון זיין אַרבייט און דעם ספּעציאַליסט וועט בלייבען ניין מאָל אזוי פיל, ניט פאַר דעם אסיסטענטס אַרבייט, נאָר פאַר זיין אייגענעם נאָמען. אזוי איז אויך מיט א גרויסען אַדוואָקאַט, — ניט די אונבאַצאַלטע אַרבייט פון דזשאָדזש פאַרקער׳ס אָפּיס באָי ברייגגט אַריין זיינע גרויסע פאַרדינסטען. יעדער פּראָפעסיאָנעלער מענטש אַרבייט אַליין, אפילו ווען ער דינגט אַנדערע לייט עם צו העלפען, און דער אסיסטענט ביי דעם גרויסען דאָקטאָר, דער אינזשעניער, וואָס איז באַשעפטיקט ביי א פירמע פון קאָנסולטירענדע אינזשעניערען, באַ־טראַכטען זיך ניט פאַר מיטגלידער פון אַן אַנדער קלאַס איידער זייע־

רע ארבייטסגעבער. אדער נעמט צום ביישפיל א פראפעסאר אין אן אוניווערסיטעט: זיין געהאלט מעג זיין קליין, אבער קען מען זאגען, אז ער ווערט עקספלואטירט פון זיינע באלעבאטים, די טראס־טים פון דעם אוניווערסיטעט? דער פאקט איז, אז קיין איינצי־קער אוניווערסיטעט דעקט ניט די אויסגאבען.

די שטאטס־בעאמטע, ווי פאליסלייט, לערער און לערערקעס, מעגען זיך האבען זייערע יוניאנס, מעגען אפילו זיין פארבונדען מיט דער אמעריקאן פעדערעישאן אוו לעיבאר, אבער עס בלייבט דאך אן אונטערשיד צווישען זיי און דעם אינדוסטריעלען פראלע־טאריאט; זיי האבען אנאנדער ארבייטס־געבער. זייער ענדציל איז ניט פטור צו ווערען פון דעם באלאבאס, ווי ביי די ארבייטער וואס שאפען פאר א טראסט, צום ביישפיעל, — ווארים זייער בא־לאבאס, דער שטאט, וועט ניט אפגעשאפט ווערען און וועט ניט „אפ־שטארבען". ווען דער שטאט קלינגט שלעכט פאר „רעוואלוציא־נערע" אויערען, קען אן ענגעלס איבערבייטען דעם נאמען, דער עיקר אבער זיינער, וועט בלייבען אין אן „ארגאניזירטע געזעלשאפט" אויך. די שטאטס־בעאמטע קעמפפען געגען זייער באלאבאס מיט אנדערע מיטלען, איידער די לוין־ארבייטער געגען א פריוואט קא־פיטאליסט, — ניט מיט עקאנאמישע, נאר מיט פאליטישע (ווא־רים אפילו א סטרייק פון שטאטס־בעאמטע איז פון אנהויב אן א פאליטישער סטרייק). בפרט דא אין אמעריקע געהערען דאס רוב שטאטס־בעאמטע צו די הערשענדע פאליטישע פארטייען און אף דעם אופן בילדען זיי א טייל פון דעם הערשענדען קלאס. ווייטער, געזעלשאפטליך, האלט זיך דער שטאטס־בעאמטער פאר א גרעסע־רען יחסן ווי דער פראסטער ארבייטער.

בקיצור, די אלע פראפעסיעס, וואס זיינען דא אויסגערעכענט געווארען און אנדערע ענלאכע בילדען א באזונדערע געזעל־שאפטליכע גרופע, וואס געהערט ניט צו דעם קאפיטאליסטישען קלאס. הגם עס געפינען זיך צווישען זיי אונטערנעמער אין זייער פאך, און אויך ניט צו דעם זעלבען קלאס, ווי די אינדוסטריעלע אר־בייטער, הגם זיי מאכען א לעבען פון זייער ארבייט.

היינט איז פאראנען נאך אנאנדער געזעלשאפטליכע גרופע, וואס קען ניט אריינגערעכענט ווערען, ניט אין דעם קאפיטאליס־טישען און ניט אין דעם ארבייטער־קלאס, — דאס זיינען די פאר־

שידענע מינים אגענטען, וואס זיי בילדען א מחנה פון א דריטעל מיליאן, ווערליק דער פאלקס־צעהלונג פון 1900. אן אגענט וואס לעבט פון קאמיסיע איז א געשעפטסמאן, וואס זיין אינטערעס איז דער זעלביקער ווי דער אינטערעס פון דער פירמע, וועמעס וואַרע ער פארקויפט. אמת, דער אגענט וואלט געוואלט זיין פראצענט קאמיסיע זאל זיין וואס העכער, און די פירמע וואלט גערן געצאלט וואס ווייניקער, אבער אזא געגענזאץ געפינט איר צווישען קאפּיטאליסטען אויך: דער אייגענטימער פון א קוילען־גרוב וויל קריגען פאר זיינע קוילען וואס טייערער, ווערענד דער פאבריקאנט וואס האט א סטים ענדזשין (א פאראוויק) וויל קויפען קוילען וואס וועלוועלער. אבער ביידע געהערען פארט צו דעם זעלבען קאפּיטאליסטישען קלאס. און אזוי פילט זיך אויך דער אגענט אדער דער האנדעלס־רייזענדער, וואס פארט ארום מיט סעמפּעלס, סאלידאריש מיט דעם אונטערנעמער. צו דער זעלבער צייט איז ער א מענטש וואס מאכט א לעבען פון זיין אייגענע פראצע, כאטש ער ארבייט מיט׳ן קאפּ, ניט מיט די הענט. דאס איז אלזא, אן איבערגאנגס־קלאס — פון קאפּיטאליסט צום לוין־ארבייטער.

היינט זיינען פאראן צוויי קלאסען מענטשען, וואס זיינען גערונגענע לייט פונקט ווי דער ארבייטער, און פונדעסטוועגען קען מען זיי אויך ניט אריינרעכענען אין דעם אינדוסטריעלען ארבייטער־קלאס. דאס זיינען, ערסטענס די אדמיניסטראציע פון דעם געשעפט; די מענעדזשערס, די פארלייט, די אפיס לייט, וואס זייער אויפגאבע באשטעהט אין קאמאנדעווען, אדער העלפען קאמאנדעווען איבער דעם ארבייטער, צו פארטרעטען דעם באלעבאס. דער סופּעראינטענדענט פון א פאבריק, דער קאפּיטאן פון א שיף זיינען אייגענטליך „פראלעטאריער“, זיי לעבען פון זייערע שכירות. פונדעסטוועגען זיינען זיי ניט סאלידאריש מיט די ארבייטער אדער די מאטראסען, נאר פארקערט זיי שטעהען פיינדליך אנטקעגען דעם ארבייטער. ווען איר רעט פון קלאסען־באוואוסטזיין אין דעם מאטעריאליסטישען זין, טו איז עס ביי זיי קאפּיטאליסטיש, ניט פראלעטאריש. זייער האפנונג איז ניט צו פארבעסערען זייער לאגע דורך די העבונג פון דער שטעלונג פון דעם ארבייטער־קלאס בכלל, יעדער פון זיי זוכט זיך ארויפצוארבייטען אויף א העכערע שטעלונג אין דער אדמיניסטראציע פון דעם געשעפט.

היינט צו טאג זיינען דאס רוב פון אלע געשעפטען, קארפאר־רעישאנס. אין א קארפארעישאן פארשווינדעט די פערזאן פון דעם קאפיטאליסט אין גאנצען, אף זיין פלאץ טרעטען די ערוועהלטע בעאמטע פון דער קארפארעישאן און דער אנגעשטעלטער אדמיניסטראטיווער פערסאנאל. אלזא, זיי לעבען פון „געהאלט“ ניט פון פראפיט, אבער זייער ראליע אין דער געזעלשאפט איז צו פארטרעטען דעם קאפיטאליסט, ניט די ארבייט.

דער צווייטער קלאס פון געדונגענע מענטשען, וואס מוזען אויך אויסגעטיילט ווערען אין א בעזונדערען קלאס, זיינען די פארקויפער און די פארקויפערינס אין די קראמען. זייער לאגע איז אייגענטליך ערגער פון די לאגע פון די האנט־ארבייטער, אבער זיי האפען מיט דער צייט צו מאכען אן אייגענעם געשעפט און פילע פון זיי געלינגט דאס. די דעפארטמענט־סטארס (אוניווערסאלע מאגאזינען) קווילענען אוועק די אויסזיכטען פון די האנדעלס־אנגעשטעלטע צו ווערען באלעבאטים פאר זיך, אבער דערווייל, איז נאך דער ריטייל האנדעל גרעסטענטיילס א קליין געשעפט. דער פארהעלטניס פון דעם קלוירק (פריקאשטשיק) אין א קליינער קראם צו זיין באלעבאס איז דערצו א פערזענליכער, ניט ווי אין א גרויסער פאבריק. און דורך די אלע אורזאכען קען זיך ביי דעם דורכשניטליכען פארקויפער אין א קראם ניט אויסבילדען קיין פראלעטארישער קלאסען־באוואוסטזיין, זיין געזינונג איז א קאפיטאליסטישע, און דא אין אמעריקע ווייזט זיך דאס ארויס ביי די גרויסע סטרייקס, וואו די קלוירקס פון די סטארס ערשיינען אין די מונדירען פון דער מיליציא צו שיסען די סטרייקערס. זיי מוזען דעריבער גערעכענט ווערען באזונדער פון דעם אינדוסטריעלען פראלעטאריאט.

מיר האבען אלזא, אנשטאט דריי קלאסען — קאפיטאליסטען, פראלעטאריער, און „מיטעל־קלאס“ — גאנצע צען, וואס קענען אונטער פארשידענע אומשטענדען זיין פארבונדען אין פארשידענע גרופירונגען פון אינטערעסען. אלע צוזאמען באטרעפען זיי 94 פראצענט פון אלע בעלי מפרנסים. די איבעריקע 6 פראצענט איז ניט מעגלאך צו קלאסיפיצירען.

עס געפינען זיך צווישען די ניט - קלאסיפיצירטע איבער 300,000 וועשערינען. מילא וואס זיי זיינען ארעם וועגען דעם איז איבעריק צו רעדען. אבער ניט יעדער ארעמאן געהערט צו דעם „פראלעטאריאט״: א שוסטער, וואס האט א שאפ אין א קעלער און פאריכט אלטע שיך, איז אויך ניט קיין נגיד, אבער ער איז ניט קיין לוין־ארבייטער. א פרוי וואס נעמט אהיים וואשען וועש איז אן „אונטערנעמערין״. עס איז גארניט זעלטען אז זי דינגט צו אנ־אנדערע איר ארויסצוהעלפען. אין דעם פאל איז זי אן „ארבייטסגעבערין״. די זעלביקע וועשערין קען זיך אמאל אנדינגען צו וואשען גרעט ביי א פריצ׳טע, דאמאלס איז זי א סארט בעל־מלאכה, ווי א גלעזער אדער א סטאליער, וואס איר דינגט עפיס פאריכטען ביי אייך אין דער דירה; ווען זי ארבייט אין א גרויסער פאמיליע פון וואך, אדער פון מאנאט, דאמאלס איז זי א דינסטמיידעל ווי זשע וועט איר קלאסיפיצירען די 300,000 פרויען? די געזעלשאפט־ליכע שיכטע איז א געמישטע, און איבערגאנגס פארמע. חוץ דעם זיינען פאראן אזעלכע גרופען, וואס עס וואלט יע געווען מעגלאך צו קלאסיפיצירען, ווי צום ביישפיעל בארבערס, בוטשערס (קצבים), אבער ביי דער פאלקס־צעהלונג האט מען ביז אהער ניט געמאכט קיין אונטערשיד צווישען א בארבער־באס און א בארבער־ארבייטער. דעריבער קומט אויס אלע אזעלכע אונבעשטימטע גרופען צו רע־כענען באזונדער פאר אין עלפטען קלאס.

3.

## די פראפארציע פון פארשידענע קלאסען פון 1870 ביז 1900.

לאמיר זשע איצט א קוק טאן וויפיל עס געפינען זיך מענטשען, אין יעדען פון די עלף קלאסען. די ציפערען זיינען גענומען פון דער פאלקסצעהלונג פון 1900 און באציהען זיך אף אלע בעלי־מפרנסים ניט אינגער ווי צען יאר. די צאלען זיינען דא געגעבען רונד אין טויזענטער.

| קלאסען : | מויזענטער | פראצענט |
|---|---|---|
| פארמערם — — — — — — — — — — — — | 5,823 | 19.9 |
| פארם־ארבייטער : בעל־הבית'שע קינדער | 2,366 | 8,0 |
| געדונגענע — — — — — — — — — — | 2,093 | 7,1 |
| נעשעפטס־לייט — — — — — — — — | 2,104 | 7,2 |
| פראפעסיאנעלע לייט — — — — — — — | 1,579 | 5,4 |
| אגענטען — — — — — — — — — — — | 334 | 1,1 |
| אדמיניסטראטיווער געשעפטס־פערזאנאל | 1,189 | 4,1 |
| פארקויפער אין קראמען — — | 622 | 2,1 |
| אינדוסטריעלע לוין־ארבייטער — — — — | 9,977 | 34,1 |
| דינער און דינסטמיידלאך — — — — — | 1,458 | 5,0 |
| ניט קלאסיפיצירטע — — — — — — — | 1,740 | 6,0 |
| צוזאמען — | 29,287 | 100,0 |

אלזא, דער אינדוסטריעלער פראלעטאריאט מאכט אוים עפעם מערער ווי א דריטעל פון אלע פארדינערם.

עם געפינען זיך אינדוסטריעלע פראלעטאריער אויך צווישען יענע, וואס זיינען געבליבען ניט קלאסיפיצירט. אין דער צאל געפינען זיך איבער א האלבען מיליאן פורלייט, 131,000 בארבערם, 113,000 בוטשערם, 72,000 פערזאנען וואס זיינען באשעפטיקט אין די וועלדער, 60,000 פאקערם, 39,000 מענער וואס וואשען גרעט א. אז. וו., אלע צוזאמען 922,000 פערזאנען. די איבעריקע זיינען ניט באשעפטיקט אין דער אינדוסטרי. ווען מיר זאלען אננעמען אז צווישען די אלע פורלייט, בארבערם, בוטשערם, א. אז. וו. געפינט זיך ניט קיין איינציקער בעל הבית פאר זיך, וואס איז קלאר אונזין, אפילו דאן געהערען ניט מער ווי 53 פראצענט פון די אונקלאסיפיצירטע צו די אינדוסטריעלע ארבייטער. אויב מיר זאלען אננעמען אז א העלפט פון די אונקלאסיפיצירטע זיינען אינדוסטריעלע ארבייטער, וועט דאס געוויס זיין איבער גענוג. רעכענט צו א העלפט פון די אונקלאסיפיצירטע צו די אינדוסטריעלע ארבייטער, וועט דער אינדוסטריעלער פראלעטאריאט, דער טרעגער פון דעם פראלעטארישען קלאסען־באוואוסטזיין, אויסמאכען ניט מער ווי 37,1 פראצענט פון אלע פארדינער.

געשעפטס־לייט באַטרעפן 7,2 פּראָצענט פון אַלע פאַרדינערס. חוץ זיי אָבער געהערן די פאַרמערס אויך צו דעם באַזיצענדען קלאַס. צוזאַמען מאַכט דאָס אויס 27,1 פּראָצענט. ריכטיק נערעט אָבער, דאַרף מען צו זיי צורעכענען די פאַרמערשע משפּחות, וואָס העלפן זייערע עלטערן אין דער היים. אַלזאָ, צוזאַמען באַטרעפן זיי שוין 35,1 פּראָצענט.

איר זעט אַלזאָ, אַז די באַלעבאָטישע ווענן דעם, אַז דער פּראָלעטאַריאַט איז די מאַיאָריטעט פון דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, ווייזט זיך אויס פאַר פאַלש אין דער העכסט ענטוויקעלטער לאַנד פון קאַפּיטאַליזם. די בורזשואַזיע און דער פּראָלעטאַריאַט שטעהן זיך געגען אַנאַנדער אין אונגעפער גלייכע צאָלן: בורזשואַזיע — 35,1 פּראָצענט, אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריאַט — 37,1 פּראָצענט. צווישען זיי געפינט זיך אַ גאַנצע רייהע פון געזעלשאַפטס־שיכטען וואָס געהערן ניט צו דעם איינעם און ניט צו דעם אַנדערן קלאַס, צוזאַמען 27,8 פּראָצענט. פון זייער שטעלונג הענגט אָפּ אַלזאָ דער ערפאָלג פון דער בורזשואַזיע, אָדער פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

ווען איר וועט צורעכענען צו די 37,1 פּראָצענט אינדוסטריעלע אַרבייטער די 7,1 פּראָצענט געדונגענע פאַרם־אַרבייטער און די 2,1 פאַרקויפער אין די סטאָרס און די 5,0 דינסטמיידלאַך און דינער, דאַמאָלס ערסט וועט די צאָל קאָם איבערשטייגען אַ העלפט (52,3 פּראָצענט). ווען איהר וועט נאָך אַריינרעכענען אַהער די 4,1 פּראָצענט סופּעראינטענדענטס, פאָרלייט, בוקקיפּערס און דערגלייכען, וועלען זיי אַלע אין איינעם אויסמאַכען 56,4 פּראָצענט. דאָס הייסט, אַז מען רעכענט שוין אַריין אַלעמען וואָס געהערען און וואָס געהערען ניט צו דעם פּראָלעטאַריאַט, אַבי זיי קריגען שכירות אָדער „געהאַלט“, אפילו דאַן האָט איר אַ קנאַפּע מאַיאָריטעט פון דער באַפעלקערונג. נאָר דאַן ווען דער סופּעראינטענדענט און די אַרבייטער וועלען זיין פאַראייניקט אין איין קלאַסען־באַוואוסטער פּראָלעטאַרישער פּאַרטיי, זייט איר גאַנץ זיכער מיט אַ מאַיאָריטעט. קאָם אָבער ניט, קאָם געפינט זיך אַ פאַרשידענהייט פון מיינונגען און שטרעבונגען אין אָט דער צוזאַמענגעשטעלטער מאַיאָריטעט, בלייבט שוין דער פּראָלעטאַריאַט אין דער מינאָריטעט.

אמת, די ציפערען זיינען שוין מער ווי צען יאָר אַלט. די נײַ־זעלשאַפט שטעהט דאָך ניט אויף איין אָרט, דער פּראָלעטאַריאַט וואַקסט, דער מיטעלקלאַס „פאַרשווינדעט“. מיר דאַרפען באַטראַכטען די געזעלשאַפט ניט ווי מיר געפינען זי אין דעם איצטיקען מאָמענט, אָבער ווי זי ענטוויקעלט זיך און פאַרענדערט זיך. גאַנץ שעהן. אַלזאָ, לאָמיר א קוק טאָן, וואָס איז געוועזען דער פאַרהעלטניס פון די אַלערליי קלאַסען זינט 1870*):

| קלאַסען: | 1870 % | 1880 % | 1890 % | 1900 % |
|---|---|---|---|---|
| פאַרמערס — — — — — — — — | 24,3 | 24,9 | 24,0 | 20,4 |
| פאַרם־אַרבייטער — — — — | 23,1 | 19,1 | 13,2 | 13,3 |
| געשעפטס־לייט — — — — — — | 7,2 | 7,8 | 7,9 | 7,3 |
| פּראָפעסיאָנעלע לייט — — — | 3,5 | 4,0 | 4,5 | 5,2 |
| אַגענטען — — — — — — — — | 0,2 | 0,4 | 1,0 | 1,2 |
| אַדמיניסטראַטיווער פּערסאָנאַל און פאַרקויפער — — — — | 2,6 | 3,2 | 5,0 | 6,3 |
| אינדוסטריעלע אַרבייטער — — | 27,4 | 29,5 | 32,7 | 34,8 |
| דינער און דינסטען — — — — | 7,8 | 6,2 | 6,4 | 5,3 |
| ניט קלאַסיפיצירטע — — — — | 3,9 | 4,9 | 5,3 | 6,2 |
| אַלע צוזאַמען — | 100,0 | 100,0 | 100,0 | 100,0 |

אין דעם משך פון דרייסיק יאָר האָט זיך דער אינדוסטריעלער אַרבייטער־קלאַס פאַרגרעסערט סך־הכל פון 27,4 ביז 34,8 פּראָצענט, און קיין גרויסע שפּרונגען האָט די ענטוויקלונג דערביי ניט געמאַכט: אין די ערסטע צען יאָר איז צוגעקומען 2,5 פּראָצענט, אין די נעקסטע צען יאָר 3,2 פּראָצענט און אין די לעצטע צען יאָר 2,1 פּראָצענט. דער וואוּקס פון דעם פּראָלעטאַריאַט איז אין די לעצטע צען יאָר געווען לאַנגזאַמער ווי אין די פריהעריקע צען יאָר.

---

*) דער קליינער אונטערשיד אין די פּראָצענטען פון דער טאַבעליצע ביז דער פריהערדיקער קומט דערפון וואָס אין 1900 זיינען אריינגערעכענט געוואָרען אין די פאַראייניקטע שטאַטען אַלאַסקא און האוואַאי. דער פאַרגלייך אָבער איז געמאַכט געוואָרען חוץ די צוויי טעריטאָריעס.

אז איר וועט צורעכענען אהער א העלפט פון די ניט קלאסיפי־ צירטע, האט זיך דער פראלעטאריאט פארמערט אין דרייסיק יאר פון 29,3 ביז 37,9 פראצענט. אויב עס וועט ווייטער אויך זיין אזוי, וועט אין 1930 דער אינדוסטריעלער פראלעטאריאט נאך ניט אויס־ מאכען קיין 50 פראצענט פון אלע פארדינערס. אויב דער אינדוס־ טריעלער פראלעטאריאט מוז זיך נאר פארלאזען אויף זיינע אייגע־ נע כוחות, קען ער פאר די נעקסטע פאר צענדליק יאר קיין שום פארבעסערונג ניט ערווארטען אין זיין לאגע.

איך האב דא ניט גערעכענט די פארם־ארבייטער. פאר 1900 האט מען די געדונגענע פארם־ארבייטער געצעהלט צוזאמען מיט פארמערשע קינדער. אין 1900, האבען מיר געזעהען, באטרעפען די געדונגענע פארם־ארבייטער 7,1 פראצענט און די פארמערשע קינ־ דער 8 פראצענט, אלזא אן ערך העלפט אויף העלפט. אויב אזוי האבען די אינדוסטריעלע ארבייטער צוזאמען מיט די פארם־ארביי־ טער, באטראפען אין 1870 — 40,9 פראצענט און אין 1900 44,6 פראצענט. דאס הייסט, אין דעם משך פון דרייסיק יאר איז דער פארהעלטניס פון דעם פראלעטאריאט צו דער גאנצער באפעלקע־ רונג געוואקסען מיט קנאפע 10 פראצענט. געביטען האט זיך נאר דאס, וואס א טייל פארם־ארבייטער זיינען געווארען אינדוסטריעלע ארבייטער. ווען עס זאל געהן ווייטער מיט דער זעלביקער שנעל־ קייט, טו וועלען די אינדוסטריעלע און פארם ארבייטער אלע צוזא־ מען אין 1930 נאך ניט אויסמאכען קיין העלפט פון דער באשעפ־ טיקטער באפעלקערונג.

דער פראצענט געשעפטס־לייט איז געבליבען דערזעלביקער. דער פראצענט פארמערס איז געפאלען פון 24,3 אויף 20,4. דער פראצענט פארמערשע קינדער, וואס העלפען אויף דער פארם, איז אויך מסתמא געפאלען מיט דעם פראצענט פון פארם־ארבייטער.

די באזיצענדע קלאסען, דאס הייסט די געשעפטסלייט, די פאר־ מערס און זייערע קינדער, האבען אויסגעמאכט אין 1870 — 43 פראצענט און אין 1900 — 34,3 פראצענט. אלזא, די שטארקייט פון דער בורזשואזיע האט זיך אין די דרייסיק יאר קנאפ פאר־ מינדערט.

חוץ די אונקלאסיפיצירטע, וואס ענטהאלטען אלערליי סארטען מענטשען, בלייבט פאר די איבערגאנגס־קלאסען אין 1870 — 16,1 פראצענט, אין 1900 — 21,1 פראצענט. דאס הייסט, דער „מי־טעלקלאס" איז ניט געווארען קלענער, ניט פארשוואונדען. וואס איז אפגעפאלען פון דעם פארמערשען קלאס, איז צוגעקומען צו דעם פראפעסיאנעלען קלאס, צו די אדמיניסטראטיווע בעאמטע און אגענטען.

אלזא, צי מיר באטראכטען די צוזאמענשטעלונג פון דער באַ־פעלקערונג פון איין ענד, צי פון אן אנדערן, זעהען מיר אז דער קאַ־פיטאליסטישער קלאס איז ניט קיין קלייניצקער טייל פון דער גע־זעלשאפט, און דער פראלעטאריער־קלאס איז ניט כמעט די גאנצע געזעלשאפט: דער פאקט איז, אז די בורזשואזיע און דער פראלע־טאריאט זיינען גאר ניט אזוי אונגלייך אין צאל, און די פראפאר־ציע פון די צוויי קלאסען בייט זיך זעהר פאמעלאך. די מאיאריטעט געהערט נאך ניט צו דעם אינדוסטריעלען פראלעטאריאט. זי שטעלט פאר א מיש־מאש פון אלערליי געזעלשאפטליכע שיכטען, וואס זייער עקאנאמישע שטעלונג איז ענטוועדער אויסגע־שפראכען קאפיטאליסטיש, אדער זיי זיינען ניט אהין און ניט אהער. דאס הייסט אייגענטליך אביסעל אהין און אביסעל אהער. זייער געזינונג שפיגעלט אפ זייער מאטעריעלע שטעלונג אין דער גע־זעלשאפט, און דעריבער געפינט איר ביי זיי דעם זעלבען מיש־מאש פון קאפיטאליסטישע און אנטי־קאפיטאליסטישע אידעען.

4.

## איינטיילונג אין קלאסען נאך געשלעכט און עלטער.

ביז אהער האבען מיר געהאט צו טאן מיט אלע פארדינערס, אבער עס איז פאראן א גרויסער סאציאלער אונטערשיד צווישען מאנצבילען און פרויען. פון די 29,000,000 פאדינערס אין 1900 זיינען געווען 5,000,000 פרויען.

די מאנצבילען און די נקבות זיינען געווען אזוי צוטיילט צווי־שען די פאלגענדע קלאסען:

| קלאסען: | מאנזבילען: % | נקבות: % |
|---|---|---|
| פארמערם | 23,0 | 5,8 |
| פארם־ארבייטער: | | |
| פארמערשע קינדער | 8,0 | 8,2 |
| געדונגענע | 7,9 | 4,2 |
| געשעפטס־לייט | 7,7 | 4,7 |
| פראפעסיאנעלע לייט | 4,8 | 10,1 |
| אגענטען | 1,3 | 0,2 |
| אדמיניסטראטיווער פערסאנאל | 3,9 | 4,7 |
| פארקויפער | 1,9 | 3,0 |
| אינדוסטריעלע ארבייטער | 35,9 | 26,0 |
| דינער און דינסטען | 0,9 | 23,3 |
| ניט קלאסיפירצטע | 4,7 | 9,8 |
| צוזאמען | 100,0 | 100,0 |

דער סאציאלער אונטערשיד צווישען מאנצבילען און נקבות ווייזט זיך ארויס אין די פאלגענדע פרטים:

1) דער פראצענט פארמערם צווישען די מאנצבילען איז פיר מאל אזוי גרויס ווי צווישען פרויען.

2) דער פראצענט געשעפטס־לייט איז כמעט צוויי מאל אזוי גרויס צווישען מענער ווי צווישען פרויען.

3) אינדוסטריעלע ארבייטער באטרעפען מער ווי א דריטעל פון די מענער, און נאר א פערטעל פון די פרויען.

4) פארקערט, כמעט א פערטעל פון די פארדינערקעס זיינען דינסטמיידלאך, ווערענד צווישען די מענער מאכען די דינער אויס ווייניקער ווי איין פראצענט.

5) דער פראצענט פראפעסיאנעלע לייט צווישען פרויען איז צוויי מאל אזוי הויך ווי צווישען מענער.

דער באזיצענדער קלאס צווישען פרויען, — דאס הייסט די באלעבאסטעס פון פארמס, פארמערישע פרויען און טעכטער באטרעפט 18,7 פראצענט פון די פארדינערקעס, אינדוס־טריעלע ארבייטערינען — 26 פראצענט, דינסטען — 23,3 פראָ־צענט און אלערליי שיכטען פון דעם מיטעלקלאס — 32 פראצענט. אלזא, וועדליק זייער עקאנאמישער לאגע געהערען ניט מער ווי א פערטעל פון אלע פארדינערקעס צו דעם קלאס, וואס איז דער טרע־גער פון דעם פראלעטארישען קלאסען־באוואוסטזיין; אנאנדער פערטעל געהערט צו די הויזקנעכט, א העלפט צו דעם אונטערנע־מער־קלאס אדער צו דעם מיטעלקלאס.

אין דערין ליגט די ערקלערונג פון דעם בורזשואזנעם כאראק־טער פון דער פרויען באוועגונג. די דינסטמיידלאך קען מען ניט נעמען אין באטראכט, וואַרים זייער לאגע ערלויבט זיי ניט אנטייל צו נעמען אין ערגעץ א באוועגונג. פון די איבעריקע דריי פערטעל געהערען א פערטעל צו דעם פראלעטאריאט און א העלפט צו דעם אונטערנעמער אדער מיטעלקלאס. אלזא, אף יעדע פראלעטארישע פרוי קומען אויס צוויי מיטעלקלאס־פרויען. גאנץ נאטירליך, מוז זיך דאס אפשפיגלען אויך אין דעם כאראקטער פון דער באוועגונג.

אויב עס ווילט זיך אייך דוקא אריינרעכענען צווישען דעם פראלעטאריאט יעדע מיידעל, וואס ארבייט פאר שכירות, אדער געהאלט, טו מאכען אויס אלע אין איינעם — אינדוסטריעלע אר־בייטערינען, געדונגענע פארם־ארבייטערינען, פארקויפערקערס און מיידלאך וואס ארבייטען אין אפיסעס, — סך הכל 37,9 פראצענט. אלזא, פארט ניט קיין מאיאריטעט.

און איצטער לאמיר א קוק טאן, וואו האלטען מיר מיט די מאנצבילען. די אינדוסטריעלע ארבייטער באטרעפען סך הכל 35,9 פראצענט. ניט קלאסיפיצירטע מאנצבילען זיינען געווען 1,227,000 פון זיי זיינען 896,000 געווען באשעפטיקט אין דער אינדוסטרי. דאס הייסט 72 פראצענט. די צאל שליסט איין ארבייטס־געבער און ארבייטער. אז מיר זאלען זיי אלעמען פארעכענען פאר ארבייטער, וועלען זיי אויספאכען ניט מער ווי 3,3 פראצענט. אלזא, צוזאמען באטרעפען אלע אינדוסטריעלע פראלעטאריער ניט מער ווי 39,2 פראצענט.

רעכענט נאך אריין די געדונגענע פארם־ארבייטער, אפילו דא־מאלס האט איר נאר 47,1 פראצענט. צוזאמען מיט די פארקוי־

פערס אין די קראָמען און די דינער באַטרעפט די צאָל אין גאַנצען 47,9 פּראָצענט. אַלזאָ, ווי איר וועט ניט אָנציהען, כדי אנצוצעה־לען אַ מאָיאָריטעט וועט איהר קריגען אַ קנאַפּע העלפט פּראָלעטאַ־ריער, וואָס קענען ווערען קלאַסען־באַוואוסט.

דער אונטערנעמער־קלאַס (געשעפטסלייט, פאַרמער און פאַר־מערשע קינדער) באַטרעפען צוזאַמען 38,7 פּראָצענט, אַלזאָ, אַן ערך אַזוי פיל ווי די אינדוסטריעלע אַרבייטער, שוין אַריינרעכענענדיק די ניט קלאַסיפיצירטע, וואָס אַ טייל פון זיי זיינען געשעפטסלייט, ניט קיין אַרבייטער. דאָס הייסט, די אונטערנעמער און די אינדוס־טריעלע פּראָלעטאַריער שטעהען געגען אַנאַנדער אין גלייכע מחנות. דער אויסגאַנג פון קאַמפּף הענגט אָפּ פון מענער וואָס געהערען ניט צו דעם און ניט צו יענעם זייט, פון דעם „פּובליקום“, ווי מען רופט זיי אין אַמעריקע.

מיר האָבען דאָ אַריינגערעכענט צווישען די מאַנצבילען אַלע פאַרדינערס, אַנהויבענדיק פון צען־יאָריקע אינגלאַך. אויף דעם פּאָ־ליטישען פעלד ווערען גערעכענט נאָר מאַנצבילען פון איין און צוואַנציק יאָר אָן. לאָמיר, אַלזאָ, פאַרגלייכען די איינטיילונג פון אַלע בעלי מפרנסים מיט דער איינטיילונג פון אַזוינע מאַנצבילען וואָס זיינען ניט אינגער ווי איין און צוואַנציק יאָר:

| קלאַסען: | פּראָצענט אַלע | פּראָצענט פּוליעריקע |
|---|---|---|
| פאַרמערס — — — — — — — — — | 23,2 | 27,4 |
| פאַרם־אַרבייטער — — — — — — — | 15,8 | 8,9 |
| געשעפטס־לייט — — — — — — — — | 7,8 | 9,1 |
| פּראָפעסיאָנעלע לייט — — — — — — — | 3,9 | 4,4 |
| אַגענטען — — — — — — — — — | 1,4 | 1,6 |
| אַדמיניסטראַטיווער פּערסאָנאַל — — — | 3,9 | 3,8 |
| פאַרקויפער — — — — — — — — — | 2,0 | 1,8 |
| אינדוסטריעלע אַרבייטער — — — — — | 36,0 | 36,4 |
| דינער — — — — — — — — — | 0,9 | 0,8 |
| ניט קלאַסיפיצירטע — — — — — — | 5,1 | 5,8 |
| צוזאַמען — — — | 100,0 | 100,0 |

ווי עס ווייזט אויס פון דער טאבעליצע איז דער אונטערשיד פון דער צוזאמענשטעלונג פון די בעלי־מפרנסים צווישען אלע מאנצבילען און יענע, וואס זיינען אריבער איין און צוואנציק יאר, גאר א קליינער, חוץ ביי דער דערפישער באפעלקערונג: דער פראצענט פון פארמערס צווישען די וואס מעגען וואוטען איז גרעסער. דער פראצענט פון פארם־ארבייטער (ארייגרעכענענדיק פארמערישע זין) איז קלענער. מען קען אנעמען, אז דאס רוב פארם־ארבייטער, וואס זיינען אריבער איין און צוואנציק יאר, זיינען געדונגענע לייט. דער פארהעלטנים פון דעם פראלעטאריאט צו די איבעריקע קלאסען צווישען די וואוטערס בלייבט דער זעלביקער ווי צווישען אלע מאנצבילען. איינערזייטס זיינען פאראן 36,4 פראצענט אונטערנעמער געשעפטסלייט און פארמערס). ווען איר וועט צורעכענען צו די אינדוסטריעלע ארבייטער דריי פערטעל פון די אונקלאסיפיצירטע, אלע פארם־ארבייטער און אלע פארקויפער, דאמאלס וועלען זיי ערסט אלע צוזאמען דערגרייכען 51,4 פראצענט פון אלע וואוטערס.

אלזא, דער אינדוסטריעלער פראלעטאריאט אליין, ווי קלאסען־באוואוסט און פאראייניקט ער זאל ניט זיין, איז נאך היינט צו טאג ניט בכוח צו פארטיידיקען זיינע אינטערעסען אויף דעם פאליטישען פעלד געגען די פאראייניקטע קרעפטען פון אלע אנדערע קלאסען. ער מוז געווינען אן איינפלוס איבער די פארם־ארבייטער, וואס עס איז נאך קיין סאציאליסטישער פארטיי אין דער וועלט ביז אהער ניט געלונגען. ער מוז געווינען אף זיין זייט דעם קויפמענישען פראלעטאריאט (ווי מען באצייכענט די פארקויפער אין דייטשלאנד), וועלכער איז דא אין אמעריקא נאך דערווייל ניט סאלידאריש מיט דעם אינדוסטריעלען פראלעטאריאט, כדי די פראלעטארישע פארטיי זאל קענען בייקומען די „איינע רעאקציאנער מאסע“ ביי דעם שטימקאסטען.

5.

## פראפארציע פראלעטאריער אין פארשידענע סטעיטס.

ביז אהער האבען מיר באהאנדעלט די פאראייניקטע שטאטען אין גאנצען ווי איין לאנד. פאליטיש אבער זיינען זיי צוטיילט אין אכט און פערציק באזונדערע סטעיטס, און יעדע פון זיי האט א

גלייכע דעה אין סענאט, אלזא, אין דער געזעצגעבונג און אין דער פערוואלטונג אויך, ווארים דער פרעזידענט קען אפילו זיין קאבינעט ניט אויסקלייבען אָן דער צושטימונג פון דעם סענאט. ווען איר וועט אָבער באטראכטען יעדען סטעיט באזונדער, וועט איר געפינען, אז די צוזאמענשטעלונג פון דער באפעלקערונג איז גרונד פארשידען אין פארשידענע טיילען פון לאנד. לאָמיר נעמען נאר די מאנזבילען.

די אינדוסטריעלע ארבייטער אליין זיינען געווען א מאיאָריטעט אין 1900 אין די פאלגענדע סטעיטס:

| | פראָצענט |
|---|---|
| אין ראד־איילאנד | 60,7 |
| אין פענסילווועניא | 58,6 |
| אין קאנעטיקוט | 57,1 |
| אין מאסאטשוסעטס | 57,0 |
| אין ניו־דזשוירזי | 54,7 |
| אין מאָנטאנא | 51,9 |
| אין ניו־העמפשייר | 50,2 |

עס זיינען נאָך אָבער פאראנען אין יעדען סטעיט א געוויסער פראָצענט אונקלאסיפיצירטע, וואס ענטהאלטען אי געדונגענע ארבייטער, אי ארבייט־געבער. מיר מעגען אנעמען, אז דער פראָצענט ארבייטער אין יענע פעכער איז ניט גרעסער ווי אין די איבעריקע קאפיטאליסטישע געשעפטען. אויב אזוי מעגען מיר אויסרעכענען די פראָצענטען נאָך דער צאל נאָך וואס זיינען יע קלאסיפיצירט. עס וועלען דאמאלס צוקומען די פאלגענדע סטעיטס:

| | פראָצענט |
|---|---|
| וואיאָמינג | 51,6 |
| ניו־יאָרק | 50,4 |
| קאָלאָראדאָ | 50,3 |
| אריזאָנא | 50,0 |

אויב מיר וועלען בלייבען שטרענג אויף א מארקסיסטישען באָדען, זיינען פאראן סך הכל עלף סטעיטס וואו דער אינדוסטריעלער פראָלעטאריאט קען פארווירקליכען זיין פראָגראם אויף דעם פאָליטישען פעלד דורך זיין אייגענע צאָל ביים שטימקאסטען.

אבער ווען עס האלט קורץ, מעג מען מאכען א קליינעם קאָמ־פּראָמיסעלע מיט דער טעאָריע און צורעכענען אהער די געדונגענע פארם־ארבייטער. דאמאלס וועלען מיר האבען א מאיאָריטעט אין פאלגענדע סטעיטס:

| | פּראָצענט |
|---|---|
| נעוואדא | 56,8 |
| דעלאווער | 56,4 |
| מערילענד | 52,8 |
| ניו־מעקסיקא | 50,1 |

ווען מיר וועלען אויסלאזען די ניט קלאסיפיצירטע, אזוי ווי בעפאר, וועלען מיר צוקריגען נאך פיר סטעיטס, נעמליך:

| | פּראָצענט |
|---|---|
| וואשינגטאן | 55,3 |
| קאליפארניא | 52,7 |
| אהייא | 51,7 |
| מעין | 51,5 |

סך־הכל ניינצען סטעיטס, רק קנאפּ, מען דארף זיך נאך אבי־סעל דינגען.

אין רוסלאנד זיינען די אידישע פּריקאשטשיקעס געווען די גאנ־צע שטיצע פון דער רעוואלוציע. ווען מיר וועלען זיי דא אין אמערי־קע אויך ארייננרעכענען אין דעם קלאסען־באוואוסטען פּראלעטא־ריאט, טו וועלען מיר צוקריגען נאך פיר סטעיטס מיט א פּראלעטא־רישער מאיאריטעט:

| | פּראָצענט |
|---|---|
| אילינאי | 52,6 |
| פלארידא | 50,8 |
| ווערמאנט | 50,8 |
| מישיגען | 50,0 |

אין פלארידא איז א היבשער טייל פון די פּראָלעטאריער קאָ־לירט און דעריבער האָבען זיי קיין וואוט ניט.

אלזא העכסטענס געפינען זיך צוואנציק סטעיטס וואו דער פּראָלעטאריאט איז אין דער מאַיאָריטעט. דאָס באווייזט אז מיט זיין אייגענער מאכט קען דער פּראָלעטאריאט העכסטענס ערּאָבע־רען די פּאָליטישע מאכט אין צוואנציק סטעיטס פון די 48. אין דעם סענאט פון די פאראייניקטע שטאָטען קען דער פּראָלעטאריאט היינט צו טאָג רעכענען העכסטענס אויף 40 זיצען פון די 96, היינט וואו האלטען מיר אין די איבעריקע סטעיטס? ווען מיר זאָלען אריינ־רעכענען אין דעם פּראָלעטאריאט אלע וואָס לעבען פון געהאלט, די סופּעראינטענדענטס, די פּאָרלייט, די בוכהאלטערס, די לאקע־יען, קורץ אלעמען, ווער עס לאָזט זיך, וועלען צוקומען נאָך זעקס סטעיטס, נעמליך:

| | פּראָצענט |
|---|---|
| ארעגאָן | 53,0 |
| יוטא | 52,8 |
| לואיזיאנא | 51,0 |
| ווירדזשיניא | 50,2 |
| **אינדיאנא** | 50,2 |
| וויסקאָנסין | 50,0 |

אין לואיזיאנא און ווירדזשיניא האָט א היבשער טייל פון דעם פּראָלעטאריאט א שווארצע הויט און האָט דעריבער קיין דעה ניט אין פּאָליטיק. האָבען מיר, הייסט עס, נאָך פיר סטעיטס, אלע צו־זאמען אלזא 24. דער טייטש דערפון איז, אז ווען אלע געדונגע־נע פארטרעטער פון קאפּיטאל זאָלען ווערען קלאסען־באוואוסטע סאָ־ציאליסטען, דאמאָלס קען דער פּראָלעטאריאט האָבען א מאַיאָריטעט אין דעם סענאט אין וואשינגטאָן.

וואָס זיינען די אויסזיכטען אויף די צוקונפט? אויף די פרא־גע קענט איר געפינען אן ענטפער אין דער פאָלגענדער טאבעליצע:

| | אַלע געדונגענע | פּראָצענט אינדוסטריעלע אַרבייטער |
|---|---|---|
| אײדאַהאָ | 49,5 | 37,6 |
| וועסט ווירדזשיניא | 47,7 | 37,0 |
| מיניסאָטאַ | 47,2 | 32,6 |
| מיזורי | 45,7 | 30,7 |
| דזשאָרדזשיאַ | 41,2 | 22,0 |
| אײאָוואַ | 40,9 | 26,1 |
| קענטאָקי | 39,5 | 23,8 |
| טענעסי | 38,7 | 23,3 |
| סויטה קאָלאָריינאַ | 38,4 | 19,0 |
| נעבראַסקאַ | 38,3 | 23,3 |
| קענזאַס | 36,6 | 23,0 |
| אַלאַבאַמאַ | 36,3 | 21,0 |
| נאָרטה דאַקאָטאַ | 36,0 | 17,3 |
| נאָרטה קאָלאָריינאַ | 35,3 | 20,5 |
| טעקסאַס | 33,8 | 18,3 |
| סויטה דאַקאָטאַ | 30,0 | 16,9 |
| אַרקאַנסאַ | 30,0 | 15,5 |
| מיסיסיפּי | 28,1 | 13,3 |
| אַקלאַהאַמאַ | 23,3 | 11,5 |

ווען מיר דערמאָנען זיך, אַז פון 1870 ביז 1900 איז דער פּראָלעטאַריאַט געוואַקסען אין פאַרהעלטנים צו דער גאַנצער באַפעלקערונג סך הכל אויף 10 פּראָצענט, טו קענען מיר זעהען, אַז עס וועט נעמען צענדליקע יאָרען איידער דער פּראָלעטאַריאַט וועט ווערען די מאַיאָריטעט אין די אויבען־דערמאָנטע סטעיטס. דאָס זיינען אַלע סטעיטס פון די סויטה און די פאַרמערשע סטעיטס פון די וועסט.

ווענען **א** צוויי דריטעל אָדער **א** דריי פערטעל מאַיאָריטעט פון אַלע סטעיטס, וואָס איז נויטיק פאַר אַן אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטושאָן, קען דער פּראָלעטאַריאַט, ווי ווייט מ'קען פאָר־אויסזעהען, אַפילו ניט חלום'ען.

נאטירליך, מיר האבען פארגליכען דעם פראלעטאריאט מיט דער „איינער רעאקציאנערער מאכע". אין אמת'ן זיינען די אינטע־רעסען פון פארשידענע בורזשואזנע גרופען ניט אייניק און זיי זיי־נען צווישען זיך צוטיילט פאליטיש. דער פראלעטאריאט קען פרא־פיטירען פון דער צוטיילונג פון דער בורזשואזיע און קען פארכא־פען די פאליטישע מאכט, אפילו זייענדיק אין דער מינאריטעט. דאס איז אבער נאר מעגלאך כל זמן ער באריהרט ניט די אלגעמיינע אינטערעסען פון אלע באזיצענדע קלאסען. ווארים אויב זיי זאלען זיך אלע פאראייניקען נעגען דעם ארבייטער־קלאס, דאמאלס קען ער איינהאלטען די מאכט נאר דורך אן אבסאלוטע מאיאריטעט.

## 6.

## דער אינדוסטריעלער פראלעטאריאט אין די גרויסע שטעדט.

וואס די אינדוסטריעלע ארבייטער זיינען אין די מערסטע סטעיטס א מינאריטעט, דאס ערקלערט זיך לייכט דורך די ראליע וואס דער עקספארט האנדעל מיט תבואה שפילט אין דעם אמע־ריקאנער עקאנאמישען לעבען; די פארמערס זיינען נאך דא עד היום א היבשער טייל פון דער באפעלקערונג. ווי האלט דאס אין די שטעט, וואו עס זיינען קיין פארמערס ניטא, ווען איר רעכענט ניט די גערטנערס אונטער'ן שטאט? ווען איר וועט נעמען די גרויסע שטעט מיט א באפעלקערונג ניט וועניקער ווי 300,000, וועט איר כמעט אומעטום נעפינען, אז דער אינדוסטריעלער פראלעטאריאט איז איבער א העלפט פון די פארדינער, אין אזא שטאט ווי פיטס־בורג — ביז צוויי דריטעל. צוויי שטעט מאכען אן אויסנאם — דאס זיינען באסטאן מיט 49 פראצענט און סאן־פראנציסקא מיט 47,5 פראצענט. ווען אבער איר וועט רעכענען נאר מאנזבילען, טו וועט דער אינדוסטריעלער פראלעטאריאט אין באסטאן דערגרייכען 54,8 פראצענט און אין סאן־פראנציסקא 50,2 פראצענט. אלזא, אין די גרויסע אינדוסטריעלע צענטערען האט דער אינדוסטריעלער פרא־לעטאריאט די מעגלאכקייט צו עראבערען די פאליטישע מאכט. מען מוז אבער נעדענקען אז די שטאט האט אין אמעריקע אליין קיין פא־ליטישע מאכט ניט. זעלבסטפערוואלטונג „האם רול" פאר די

שטעט, איז אין די פאראייניקטע שטאטען ניט מער ווי אן אויס־נאם. דער אלגעמיינער נעזעץ איז, אז די לעדזשיסלייטשור באלע־באטעוועט איבער אלע שטעט. כל זמן אלזא אין א סטעיט ווי וויס־קאנסין איז דער אינדוסטריעלער פראלעטאריאט סך־הכל 38,4 פראצענט פון אלע מאנצביהען וואס זיינען באדינגער, טו העלפט ניט וואס אין דער שטאט מילוואקי באטרעפט דער פראלעטאריאט צוויי דריטעל פון די מאנצבילען: די פארמערס רעגירען איבער די גרויסע שטעט. דאס ווייזט אז דער ערסטער שריט פאר דעם פראלע־טאריאט אין דעם קאמפף פאר פאליטישע מאכט איז אויסצוקעמפ־פען אוטאנאמיע פאר די גרויסע שטעט, וואו ער איז אין דער מא־יאריטעט.

## 7.

## קלאסען־איינטיילונג נאך דער געבורט און ראסע.

מיר האבען אלין באהאנדעלט די אינדוסטריעלע ארבייטער אלס איין איינציקען קלאס, אבער דא אין אמעריקע, ווי יעדער ווייס, שפי־לען די אונטערשידען פון ראסע און געבורט א גרויסע ראליע. לא־מיר זשע א קוק טאן אויף די צוזאמענשטעלונג פון דעם אמעריקא־נער פאלק נאך דער ראסע און געבורט.

### א. געבורט.

פון די מאנצבילען, וואס מאכען אליין א לעבען און זיינען ניט אינגער ווי איין און צוואנציק יאר, זיינען עפעס ווייניקער ווי א העלפט (49.7 פראצענט) געבארענע אמעריקאנער פון אמעריקאנער עלטערען. די אנדערע העלפט איז צוטיילט אזוי : אן ערך א פערטעל זיינען איינגעוואנדערטע, א זעקסט ־ חלק (16.6 פראצענט) זייערע קינדער (געבארענע שוין אין אמעריקע, א צענטעל (10 פראצענט) שווארצע און 0,7 אינדיאנער און געלע. אבער די געבארענע אמעריקאנער, די איינגעוואנדערטע, זייערע קינדער, און די שווארצע זיינען ניט גלייך צוטיילט צווישען די פארשידענע קלאסען.

די עכטע אמעריקאנער, ס'הייסט וועמעס עלטערן זיינען שוין געווען געבאָרענע אמעריקאנער, מאכען אויס אן ערך פינף אכטעל פון די פארמערס (62,8 פראָצענט), פון די פראָפעסיאָנעלע לייט (63,1 פראָצענט) און פון די אַגענטען (61,4 פראָצענט). פארקערט צווישען די אינדוסטריעלע ארבייטער זיינען זיי אביסעל איבער דריי אכטעל (38 פראָצענט). צווישען די געשעפטס־לייט האָבען זיי זייער דורכשניטלאכע פּראָפּאָרציע (49,5 פראָצענט), צווישען דעם פאר־וואלטונגס־פערסאָנאל און די פארקויפער אין קראָמען זיינען זיי מער ווי אַ העלפט 57,3 און 55,9 פראָצענט). ס'הייסט חוץ אין דער פארמעריי, וואו ער שטעקט בירושה און וואו ער איז פאר זיך אַ בעל־הבית, זוכט דער אמעריקאנער לייכטערע ארבייט. מען רעט זעהר אָפט פון דעם „אמעריקאנער ארבייטער", די עכטע אמעריקאנער זיי־נען אבער ניט מער ווי אַ מינאָריטעט פון די אינדוסטריעלע אר־בייטער, מער ווי א דריטעל (33,8 פראָצענט). צוזאמען מיט זייערע קינדער שטעלען צו די איינגעוואנדערטע מער ווי א העלפט (52,5 פראָצענט) פון דעם אינדוסטריעלען ארבייטער־קלאס. עס איז דע־ריבער גאנץ נאַטירליך אז די ארבייטער באוועגונג זאל דאָ זיין אן „אויסלענדישע באוועגונג".

היינט, אז מיר וועלען באטראכטען יעדען טייל פון דער באַ־פעלקערונג באזונדער, וועלען מיר געפינען, אז צווישען די עכטע אמעריקאנער זיינען סך־הכל עפּעס מער ווי א פערטעל אינדוסטריע־לע לוין־ארבייטער (27,6 פראָצענט) בעת די בורזשואזיע איז מער ווי העלפט (51,2 פראָצענט), נעמליך:

| מאָנצבילען: | פּראָצענט |
|---|---|
| פארמערס — — — — — — — — — — — | 34,7 |
| געשעפטס־לייט — — — — — — — — — | 9,0 |
| פראָפעסינעלע לייט — — — — — — — | 5,6 |
| אַגענטען — — — — — — — — | 1,9 |
| צוזאמען — | 51,2 |

ווען מען רעט פון דער „אמעריקאנער עפענטליכער מיינונג" איז גוט צו געדענקען, אז אויך יעדען אמעריקאנער ארבייטער קו־מען אויס צוויי אמעריקאנער „בורזשועקעס". עס איז דעריבער גאַנץ נאַטירליך, וואָס די „אמעריקאנער" עפענטליכע מיינונג איז קאפּי־טאליסטיש.

צווישען די איינגעוואנדערטע פארקערט זיינען מער ווי א העלפט (52,8 פראצענט אינדוסטריעלע ארבייטער; פארמערס, געשעפטס לייט און אגענטען אלע צוזאמען מאכען אויס אין גאנצען 31,8 פראצענט. לאמיר דאס איבער'חזר'ן נאך אמאל:

| | פראצענט מאנצבילען | |
|---|---|---|
| | עכטע אמעריקאנער | איינגעוואנדערטע |
| אינדוסטריעלע ארבייטער — — — — | 27,6 | 52,8 |
| בורזשואזיע — — — — — — — | 51,2 | 31,8 |
| | 78,8 | 84,6 |

די היגע געבארענע קינדער פון איינגעוואנדערטע שטעהען האלבוועגס צווישען די עכטע אמעריקאנער און די איינגעוואנדערטע. דער פראצענט אינדוסטריעלע ארבייטער ביי זיי איז כמעט אקוראט דער דורכשניט פון די צוויי גרופען, 40,8 פראצענט, אלזא, שוין ווייניקער ווי א העלפט. די בורזשואזיע צוזאמען מיט די וואס זיצען ביים שרייב־טיש, זיינען פונקט אזוי פיל, ווי די אינדוסטריעלע ארבייטער, 41 פראצענט, נעמליך:

| מאנצבילען: | פראצענט |
|---|---|
| פארמערס — — — — — — — — — — | 17,1 |
| געשעפטס־לייט — — — — — — — — | 11,2 |
| פראפעסיאנעלע לייט — — — — — — | 4,7 |
| אגענטען — — — — — — — — — | 2,0 |
| פארוואלטונגס־פערסאנאל — — — — — | 6,1 |
| צוזאמען — | 41,0 |

איהר זעט דערפון ווי אזוי די קינדער פון די איינגעוואנדערטע „אמעריקאניזירען" זיך, דאס הייסט זיי קומען נעהענטער צו דער בורזשואזיע*).

---

*) עס פעלען אונדז דא אויס פראצענטען אין אונדזער רעכענונג: דאס זיינען פארם־ארבייטער צוזאמען מיט פארמערשע קינדער, פארקויפער אין די קראמען, דינער און נים קלאסיפיצירטע, וואס וועגען זיי אלע קען מען פשט'לען צי זיי געהערען צו דעם פראלעטאריאט צי צו דער בורזשואזיע.

## ב. ר א ס ע.

די שווארצע ראסע מוז באטראכט ווערן באזונדער. זי מאכט אויס 10 פראָצענט פון אלע מאנצבילען פון 21 יאָר און על־טער. זי ליפערט איר פראָפּארציע אינדוסטריעלע ארבייטער (9 פראָצענט) און צוויי מאָל אזוי פיל פארם־ארבייטער (19,9 פראָ־צענט). די פראָפּארציע פארמערס ביי די שווארצע איז די זעלבע ווי ביי די עכטע אמעריקאנער, א קאָפּ איבער א דריטעל (34,5 פראָצענט, — ביי די עכטע אמעריקאנער 34,7 פראָצענט). די פראָ־פּארציע פארם־ארבייטער, אריינגערעכנענדיק די פארמערשע קינ־דער, איז כמעט צוויי מאָל אזוי גרויס, — 17,8 פראָצענט ביי די שווארצע און אין גאנצען 9,6 פּראָצענט ביי די עכטע אמעריקאַ־נער. וואָס די פּראָפּארציע פארמערס איז די זעלבע, בעת די פּראָ־פּארציע פארם־ארבייטער איז כמעט דאָפּעלט, קען ניט זיין מחמת די שווארצע פארמערס האָבען מערער קינדער, אָדער מחמת שווארצע קינדער בלייבען אויף דער פארם און העלפען דעם טאַטען, נאָר איינפאך דערפאר וואָס מערער פון די שווארצע יונגע לייט דינגען זיך פאר ארבייטער אויף די פארמס. עס איז פאראן א מיי־נונג, אז די שווארצע זיינען גרעסטענטיילס פארם־ארבייטער, אין דער אמת'ן זיינען צווישען זיי פאראן כמעט צוויי מאָל אזוי פיל אינדוסטריעלע ארבייטער ווי פארם־ארבייטער, נעמליך: נאָהענט פון א דריטעל פון אלע שווארצע בעלי מפרנסים (32,7 פראָצענט). צוזאמען מיט די פארם־ארבייטער זיינען זיי מער ווי א העלפט פון אלע שווארצע בעלי מפרנסים פון 21 יאָר און עלטער.

די בורזשואזיע צווישען די שווארצע איז אין דער מינאָרי־טעט, נעמליך:

| מאנצבילען: | פראָצענט |
| --- | --- |
| פארמערס | 34,5 |
| געשעפטס־לייט | 1,6 |
| פראָפעסיאָנעלע לייט | 1,7 |
| אגענטען | 0,1 |
| פארוואלטונגס־פערסאָנאל | 0,4 |
| פארקויפערס | 0,1 |
| צוזאמען | 38,4 |

די שוואַרצע ליפערען זעהר א גרויסען טייל פון די דינערס, 41,8 פראָצענט, אָבער צווישען אַלע שוואַרצע פאַרדינערס איבער 21 יאָר זיינען זיי ניט מער ווי 4,6 פראָצענט.

איר קענט דערפון זעהן אז מיט דעם אוועקנעמען ביי די שוואַרצע דאָס רעכט צו וואוטען איז דער פּראָלעטאַריאַט מער גע־שוואַכט געוואָרען איידער די בורזשואַזיע.

צו ווערען קלאָר וועגען דער סאָציאַלער שטעלונג פון די שוואַר־צע, דאַרף מען זיי באַטראַכטען אין יענע סטעיטס, וואו זיי מאַכען אויס אַ גרויסען פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג.

די ווייסע ראַסע בילדעט דאָרטען דעם „מיטעלקלאַס“: גע־שעפטס־לייט, פּראָפעסיאָנעלע לייט, אַגענטען, פאַרוואַלטונגס־פּער־סאָנאַל, (סופּעראינטענדענטס, פאָרלייט און אַלע מינים אָפּיס־לייט) און פאַרקויפערס אין קראָמען. די שוואַרצע מאַכען אויס גאָר אַ קליינעם פּראָצענט אין די אַלע גרופּען. צום ביישפּיל אין סויטה קאַראָליינאַ און מיסיסיפּי זיינען די שוואַרצע מער ווי אַ העלפט פון אַלע מאַנצבילען בעלי מפרנסים. צווישען די פאַרקויפערס אין קראָמען אָבער זיינען זיי אין גאַנצען 3 פּראָצענט, צווישען דעם פאַרוואַלטונגס־פּערסאָנאַל אין ערך 5 פּראָצענט, צווישען גע־שעפטס־לייט אין מיסיסיפּי 9,7 פּראָצענט און אין סויטה קאַראָליי־נאַ 12,4 פּראָצענט. צווישען פּראָפעסיאָנעלע לייט זיינען זיי אַן ערך פון אַ פערטעל (23 פּראָצענט). עס ליגט אין דערין אַ מיין. די שוואַרצע דאַרפען לערער, דאָקטוירים, גלחים, פונקט אזוי ווי די ווייסע, הגם עס זיינען פאַראַן וויניקער היי־סקולס, (גימנאַזיעס) און אוניווערסיטעטען פאַר שוואַרצע, ווי פאַר ווייסע, אָבער קיין פּראָצענטנע נאָרמע, ווי אין רוסלאַנד, איז נאָך ניטאָ. דעריבער ווען אַ שוואַרצער שטודירט אויס פאַר אַ דאָקטאָר, קען ער היילען שוואַרצע חולאים, ער דאַרף אף דערויף קיינעם׳ס הסכמה ניט. מאַכען אַ קראָם קען מען אַ שוואַרצען אויך ניט פאַרווערען, און ווען דער קרעמער דאַרף אַ סיילעסמאַן, וועט ער אויך דינגען אַ שוואַרצען. וואָרים אַ ווייסער וועט צו עם ניט געהן. אָבער אַ ווייסער וועט קיין שוואַרצען פאַרקויפער אָדער אַגענט ניט נעמען, אין אַן אָפּיס, וואו עס זיצען ווייסע ביי די שרייב־טישען, וועט מען קיין שוואַר־צען אויך ניט דינגען. פאַרקערט פאַר אַ „מענטשען“ דינגט מען דוקא אַ שוואַרצען: די שוואַרצע שטעלען צו אין די פאַרשידענע

סטעיטס פון די סויטה פון דריי פערטעל ביז 96 פראָצענט פון אַלע דינער. אפילו אין טעקסאס וואו די שווארצע זיינען ווייניקער ווי א פינפטעל פון אַלע בעלי מפרנסים, שטעלען זיי צו צוויי דריטעל פון אַלע דינער.

אין עטלאכע סטעיטס זיינען די שווארצע די מערצאָל פון אַלע פארם־ארבייטער. דאָס איז וואָס מען רופט „דער שווארצער גאר־טעל", — סויטה קאראָליינא, דזשאָרדזשיא, אלאבאמא, מיסיסיפי און לואיזיאנא, די מערצאָל פון די שווארצע מאנצבילען בעלי־מפרנסים אין די סטעיטס פון די סויטה זיינען ישוב'ניקעס, — פארמערס, אָדער פארם־ארבייטער, געוועהנלאך זיינען מער פון זיי אַרבייטער איידער פארמערס. דער פראָצענט אינדוסטריעלע ארבייטער צווישען די שווארצע איז אין כמעט אַלע סטעיטס פון די סויטה א העכערער ווי צווישען ווייסע. אין פינף סטעיטס זיי־נען די שווארצע א מאַיאָריטעט פון אַלע אינדוסטריעלע ארביי־טער, נעמליך:

| מאַנצבילען | פראָצענט |
| --- | --- |
| אין מיסיסיפי — — — — — — — — | 64,7 |
| אין דזשאָרדזשיא — — — — — — | 58,4 |
| אין פלאָרידא — — — — — — — | 57,7 |
| אין סויטה קאלאָריינא — — — — — — — | 55,4 |
| אין אלאבאמא — — — — — — — | 54,1 |

צו אונטערזוכען דעם איינפלוס פון דער פאָליטישער רעכט־לאָזיגקייט פון די שווארצע אויף דעם פארהעלטנים פון דעם פראָלע־טאריאט צו דער בורזשואזיע, לאָמיר נעמען דעם סטעיט לואיזיא־נא, וואו עס געפינט זיך די גרויסע שטאָט ניו־ארלינז, אין וועל־כער די מאַיאָריטעט פון די מאנזבילען בעלי־מפרנסים (53,5 פראָ־צענט) זיינען אינדוסטריעלע ארבייטער.

אין דעם סטעיט לואיזיאנא מאכען אוים די אינדוסטריעלע ארבייטער 26,4 פראָצענט פון די פארדינערס און די געדונגענע פארם־ארבייטער 16,2 פראָצענט, אלזאָ צוזאמען 42,6 פראָצענט. די געשעפטס־לייט אליין זיינען סך־הכל 4,6 פראָצענט, צוזאמען מיט די פארמערס 31,1 פראָצענט. רעכענט צו אהער די פראָפעסיאָנע־לע לייט (2,6 פראָצענט), די אַגענטען (0,9 פראָצענט), די אָפיס

לייט (3,6 פראָצענט) און די סיילעסלייט (1,3 פראָצענט), האָט איר אין גאנצען 39,5 פראָצענט בורזשואזיע געגען 42,6 פראָלעטאַריאט. די איבעריקע זיינען פארמערשע קינדער, וואָס פילע פון זיי זיינען נאָך צו יונג צו וואוטען, הויז־דינער און ניט קלאָסיפיצירטע. איר זעט אלזאָ, אז דער פראָלעטאריאט אין לואיזיאנא איז אן ערך אזוי שטארק ווי דער קאפיטאליסטישער קלאס און זיינע מיטהעלפער. איצטער ווארפט אָבער ארויס די שווארצע פראלעטאריער. ביי וועמען זייערע ווייסע קלאסען־גענאָסען האבען געהאָלפען אוועקרויבען דאָס רעכט צו וואוטען, און בארעכענט וואָס עס וועט בלייבען. (שווארצע וואָס האבען אייגענטום מעגען וואוטען). אט האָט איר דעם חשבון:

| ביידע ראסען: | מאַנצבילען צאָל | פראָצענט |
|---|---|---|
| פארמערס — — — — — — | 108,781 | 52,8 |
| געשעפטס־לייט — — — — — — | 18,640 | 9,0 |
| אגענטען — — — — — — — — | 3,628 | 1,7 |
| אָפיס־לייט — — — — — — — | 13,372 | 6,5 |
| פארקויפערס — — — — — — — | 5,335 | 2,5 |
| נאָר ווייסע: | | |
| אינדוסטריעלע ארבייטער — — — | 55,547 | 27,0 |
| הויז־דינער — — — — — — | 1,116 | 0,5 |
| צוזאמען | 206,419 | 100,0 |

ווי איר זעט זיינען די אינדוסטריעלע ארבייטער ניט מער ווי אן ערך 27 פראָצענט פון אלע וואוטערס. רעכענט אריין אלע ווייסע הויזדינער, פארקויפער, און אפילו ווייסע געדונגענע שקלאַפענטרייבער אין דעם קלאסען־באוואוסטען פראלעטאריאט וועט איר פארט האבען ניט מער ווי 36,5 פראָצענט, בעת די פארמערס מיט די געשעפטס־לייט מאכען אויס צוזאמען 61,8 פראָצענט.

אט אזוי האבען זיך די ווייסע פראלעטאריער אליין אפגעשמיסען אומעטום אין די סויטה.

## 8.

### י' ש ל ו ם.

וואָס איז די אונטערסטע שורה? דער אינדוסטריעלער פּראָלעטאריאט, דער יעניקער אַף וועלכען עס איז אופגעבויט די טעאָריע פון קלאסען־קאמפּף און די טאַקטיק פון „ספּלענדיד איסאָלעישאָן“ (גלענצענדע איינזאמקייט), — דער קלאס איז ניט די מאַיאָריטעט אין אַמעריקע, אַ חוץ אין אַ קליינע צאָל סטעיטס, און האָט קיין אויסזיכט ניט, אין דער נאָהענטער צוקונפט צו ווערען אַ מאַיאָריטעט. דער קאַפּיטאַליסטישער קלאס אליין — געשעפטסלייט — איז נאָר אַ קליינע מינאָריטעט. צווישען דיביידע קלאַסען שטעהט אָבער אַ מיטעלקלאַס, וואָס באשטעהט פון פארשידענע, האלב־זעלבסטשטענדיקע, האלב־פּראָלעטאַרישע סאָציאַלע שיכטען. דיזער מיטעלקלאַס איז דער „פּובליקום“, וועגען וועלכען מען שרייבט אין די אַמעריקאַנער צייטונגען אין דער צייט פון אַ גרויסען סטרייק. נאָך זיין ארט דענקען, שטעהט ער אונטער דעם איינפלוס פון דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס, אָבער זיינע אינטערעסען פאלען ניט צוזאמען מיט די אינטערעסען פון דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס. דיזע סאָציאַלע שיכטען קענען געוואונען ווערען פאר דעם אַרבייטערס צד*).

---

*) דער בעסטער ביישפּיל איז דער סטעיט אָקלאַהאָמא, וואו דער אַרבייטער־קלאס, די אינדוסטריעלע אַרבייטער צוזאמען מיט די פאַרם־אַרבייטער, איז ניט מער ווי אַ פערטעל פון אַלע מאַנצבילען (24,9 פּראָצענט), בעת די פארמערס זיינען מער ווי אַ העלפט (52,4 פּראָצענט).

דער סטעיט אקלאַהאָמא האָט אָנגענומען אַ קאָנסטיטוציע, וואָס גאַראנטירט די אָרגאַניזירטע אַרבייטער אַלע רעכטע, וועלכע זיי האָבען נאָך ניט פארמאָגט אויסצוקעמפּפען אין די גרויסע אינדוסטריעלע סטעיטס. דעם אויבען אָן צווישען אַלע סטעיטס לויט דער צאָל אָפּגעגעבענע סאָציאליסטישע שטימען ביי דער וואַל פאר פּרעזידענט אין 1912 האָט פארנומען דערזעלבער פארמערשער סטעיט אקלאַהאָמא.

## דריי-און-צוואַנציקסטער קאַפּיטעל:

# דער פּראָגראַם מינימום.

## 1.

### דער מאַקסימאַליזם פון די אמעריקאַנער סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

אין אַלע פּלאַטפאָרמעס פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי איז פאַראַן א גאַנצער צעטעל פון „אימידיעט דעמאַנדז“ (באַלדיגע פאָדערונגען), וואָס מען רופט אין רוסלאַנד „דער פּראָגראַם-מינימום“, דאָס הייסט, פאָדערונגען פון סאָציאַלע רעפאָרמען אין דעם קאַפּיטאַליסטישען שטאַט. אָבער ווען איר וועט גוט באַטראַכטען די שטעלונג פון דער ס. פּ. מיט אירע „היינטיקע פאָדערונגען“, וועט איר זעהן, אַז עס איז ניט מער ווי א פראַזע אָן אַ אינהאַלט.

בשעת די „פאָלקסצייטונגס-פּראַקציאָן“ האָט זיך אָפּגעשפּאָלטען פון דער ס. ל. פּ., האָט זי ביי איר קאָנווענשאָן אין ראָטשעסטער, אין 1900, ארויסגעוואָרפען אין גאַנצען פון איר פּלאַטפאָרמע אַלע „אימידיעט דעמאַנדז“.

אין דער פּלאַטפאָרמע, וואָס די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט אָנגענומען אין 1900, איז געשטאַנען, אַז „כדי עס זאָל וואָס שנעלער איינגעפירט ווערען די קאָאָפּעראַטיווע קאָמאָנוועלטה“, ד. ה. דער סאָציאַליזם, „נעמט די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי אָף זיך דעם חוב צו ארבייטען אין דעם פּאָליטישען קאַמפּף פאַר יעדען באַלדיקען אינטערעס פון דעם ארבייטער-קלאַס“. עס זיינען דאָרטען אויסגערעכענט געוועזן פארשידענע רעפאָרמעס, וואָס געפינען זיך געוועהנלאָך אין יעדער סאָציאַליסטישער פּלאַטפאָרמע. די סאָציאַל - דעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט זיי געהאַלטען פאַר וויכטיק דערפאַר, וואָס דערמיט האָט מען געהאָפט צו געווינען

די וואוטערס, וואס זיינען ניט צופרידען מיט עולם הבא אליין און ווילען א שטיקעל עולם הזה טאקע היינט.

ביי דער פאראייניגונגס־קאנווענשאן פון ביידע פארטייען אין אינדיאנאפאליס אין 1901, האט דער אפגעשפאלטע־נער פליגעל פון דער ס. ל. פ. געקעמפפט נעגען די אלע פאדערונגען. פארוואס זיינען זיי געווען דאגעגען? האבען זיי דען ניט געוואלט, אז די ארבייטער זאלען דאס קריגען? אדרבה, אבער ביי זיי איז אויסגעקומען, אז דאס זיינען אלץ קלייניקייטען: ווען די סאציאליס־טישע פארטיי וועט ערשט ערבערען די פאליטישע מאכט וועט זי אין גאנצען אפשאפען דעם קאפיטאליזם און וועט איינפירען דעם גאנצען סאציאליזם מיט אמאל דערוויילע אבער מיט די רעפארמעס האלט מען נאר אפ דעם זיג פון סאציאליזם, ווארים די קאפיטאַ־ליסטישע פאליטישענס קענען גנב׳ענען אזעלכע פאדערונגען פון דער סאציאליסטישער פלאטפארמע און ארויסווארפען א ביין צו די ארבייטער, כדי דערמיט זיי אפצוהאלטען פון דעם סאציאליזם.

די „אימידיעט דעמאנדז" זיינען פארט געבליבען אין דער פלאטפארמע, אבער ניט דערפאר, וואס די מאיאריטעט איז אמת געווען איינגענומען פאר זיי, נאר דערפאר, וואס א געוויסער טייל פון די פארטראטענע פארטיי־ארגאניזאציעס האט געוואלט „יוני־טי" (אחדות) אום יעדען פרייז, און איז דערפאר געווען צופרידען נאכצוגעבען דער מינאריטעט, וועלכע איז באשטאנען אויף די פא־דערונגען. אבער כדי מען זאל דערמיט חלילה ניט העלפען די רעפארמערס פארפירען די ארבייטער, האט מען דעמאלט אנגענו־מען דעם אמענדמענט פון פראפעסאר הערראן, אז מ׳ווארנט די ארבייטער נעגען דיזעלביקע רעפארמעס, ווען זיי ווערען פארגע־שלאגען פון וועמען־עס־איז חוץ דער סאציאליסטישער פארטיי.

צווישען דיזע רעפארמעס איז אריינגערעכענט „קהל׳שער איי־גענטום פון די מיטעל פון טראנספארט", ד. ה., אייזענבאהנען, שטאטבאנען, טעלעגראפען, טעלעפאנען; אבער ווען עס איז ערגעץ אנגעגאנגען א קעמפיין פאר איינע פון דיזע פאדערונגען, האט די פארטיי אגיטירט נעגען די קאנדידאטען, וואס האבען געהאט אן אויסזיכט ערוועהלט צו ווערען און דורכפיהרען די פאדערונגען טאקע באלד. אין דער סאציאליסטישער פארטיי־פרעסע און אויף סאַ־ציאליסטישע מיטינגען האט מען געזוכט צו באווייזען דעם עולם,

אַז דער אַרבייטערקלאַס קען גאָרנישט ניט געווינען פון „שטאַטס־קאַפּיטאַליזם“.

די פּאַרטיי זאָגט צו אַז זי וועט אַרבייטען פאַר די איניציאַטיווע און רעפערענדום, אַבער וואו דיזע פאָדערונג איז געשטעלט געוואָרען אין א קעמפּיין, האָט זי מיט אירע קאַנדידאַטען אָפּגעצויגען די וואוטס פון יענע קאַנדידאַטען וואָס האָבען געהאַט אַן אויסזיכט זיי דורכצופירען און דערמיט האָט זי אינדירעקט נע־האָלפען די געגנער פון דיזע רעפאָרמעס.

דער וואוקס פון דער פּאַרטיי און איר ערפאָלג ביי די וואַלען אין געוויסע דיסטריקטען האָט איר געצוואונגען צו ערקלערען זיך פאַר די פּראַקטישע רעפאָרמעס, וואָס וואַלטען געקענט היינט צו טאָג צוניין קומען דעם אַרבייטער, דאָס איז אָבער נאָר גערעדט, אין דער פּראַקטיקע איז די האַלטונג פון דער פּאַרטיי צו איר אייגענעם פּראָגראַם־מיניכיום געבליבען בעצם דיזעלבע ווי אמאָל. אמת, די פּאַרטיי זאָגט צו, אַז ווען אירע אייגענע קאַנדידאַטען וועלען ער־וועהלט ווערען, וועלען זיי דערפאַר שטימען. אָבער אין די מערסטע סטעיטס איז נאָך אף יאָרען לאַנג קיין אויסזיכט ניטאָ צו ערוועה־לען א סאָציאַליסטישען קאַנדידאַט. און ווען מ׳ האָט שוין אפילו עטלאַכע אייגענע געזעצגעבער, טו זיינען זיי דאָך אויך ניט קיין מאַיאָריטעט און קענען אליין גאָרנישט ניט אויספיהרען. די פּאַר־טיי־פּרעסע ווערט ניט מיד איבערצו׳חזר׳ן, אַז די אַלע רעפאָרמעס וועלען דורכגעפירט ווערען נאָר דאַן, ווען די סאָציאַליסטען וועלען עראָבערען די פּאָליטישע מאַכט, אָבער צו דער זעלבער צייט זאָגט מען, אַז ווען די סאָציאַליסטען וועלען עראָבערען די פּאָליטישע מאַכט וועלען זיי אין גאַנצען אָפּשאַפען דעם קאַפּיטאַליזם, טו וואָס איז די פּעולה צו ריידען פון קליינע רעפאָרמעס, פון עפּעס נאָר אַ „פענסיע פאַר די אַרבייטער אף דער עלטער“, ווען די אַרבייטער וועלען דעמאָלט באַקומען כולו סאָציאַליזם מיט אמאָל? און אויב מען דאַרף מיט אַלע רעפאָרמעס וואַרטען אַזש ביז די סאָציאַליס־טישע פּאַרטיי וועט שוין האַלטען אין אירע הענט די פּאָליטישע מאַכט, טו זיינען דאָך די דאָזיקע פאָדערונגען ניט קיין „באַלדיקע“ (אימידיעט), נאָר אויך צוקינפטיקע?

אף דערוף איז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי קיין מאָל ניט גע־ווען אים שטאַנד צו געבען אַן ענטפער. וואָס א געוועהנלאַכער בשר

ודם זאָל עס קענען פארנעהמען מיט זיין שכל. די ס. ל. פּ. איז געווען קאָנסעקווענט: זי האָט איינגעזעהן דעם ווידערשפּרוך צווי־שען די „אימידיעיט דעמאַנדז“ און דער „אונקאָמפּראָמיסליכער טאַקטיק“, און זי האָט אויסגעמעקט דעם פּראָגראַם־מינימום אין גאַנצען פון איר פּלאַטפאָרמע: זי וויל ניט מינער איידער די „סאָ־ציאַלע רעוואָלוציאָן“.

אַז יעדע פון די „אימידיעט דעמאנדז“ איז א שטיק סאָציאַ־ליזם, אַז דער גאַנצער סאָציאַליזם קען איינגעפירט ווערען נאָר דורך א רייהע פון „אימידיעט דעמאנדז“, דאָס האָט קיינע פון די אמע־ריקאַנער סאָציאַליסטישע פּארטייען, אפילו די אָפּאָרטוניסטישע ריכטונג אין דער ס. פּ., נאָך ניט איינגעזעהען.*) מען רעדט פון וויסענשאַפט, פון „עוואָלוציאָן“, באטראכט אבער גוט די ארגו־מענטען פון די פּארטיי שרייבער און רעדנער, קומט אוים ניט אנ־דערש ווי דער סאָציאַליזם מוז איינגעפירט ווערען ווי בכשוף: שטאָם — גראַם, מאַך מיר דעם סאָציאַליזם!

2.

די שטעלונג פון דער ס. פּ. צו מוניצי־פּאַל־סאָציאַליזם.

מאָררים הילקוויט׳ן האַלט מען דאָ פאר איינעם פון די טע־אָרעטיקער פון דעם אמעריקאַנער סאָציאַליזם; ער איז דער אנער־קאַנטער פירער פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי אין אמעריקע. לאָמיר זשע הערען, וואָס ער האָט צו זאָגען איבער מוניצי־פּאַל־סאָציאַליזם.

---

*) וויקטאָר בערגער ווערט באטראכט פאר דעם פירער פון די אַמע־ריקאַנער רעוויזיאָניסטען. אָט דאָ ניט לאַנג (אין זומער 1916) ווען עס איז געמאַכט געוואָרען אַ פאָרשלאַג עס צוריקצורופען פון דער סאָ־ציאליסטישער פּארטיי דערפאר, וואָס ער האָט געפאָדערט אַ „דעמאָקראַ־טישע פאָלקס־מיליץ“, האָט ער זיך פארענטפערט דערמיט, אַז סוף כל סוף וועט מען דאָך מוזען פירען אַ בירגער־קריג אום אָפּצושאַפען דעם קאַפּי־טאַליזם, איז דעריבער נויטיק, אַז די אַרבייטער זאָלען זיין באוואפענט.

„קודם כל דארף מען וויסען, אז ניט אימער איז מיוניסיפּאל אונערשיפּ גופא א גליק. עס קען אמאל זיין א צרה. וויבאלד די שטאַט ווערט רעגיערט פון קאפּיטאַליסטען, לויט זייערע קאפּיטאַליסטישע אינטערעסען, און אזא שטאַט־רעגיערונג נעמט איבער צו פירען אף איהר רעכנונג שטאט־באנען, פּערים, עלעקטרישע צענטראל־סטאַנציעס, גאז ווערק וכדומה, קען דערפון ארויסקומען א גרויסע טובה פאר די קאפּיטאַליסטען. דאַס קען איינטראָגען דער שטאַט געלד, אז די קאפּיטאַליסטען זאָלען האָבען צו צאָהלען וויי־ניקער טעקסעס (שטייערען), אָבער עס וועט דערפון ניט ארויסקו־מען קיין שום טובה פאר די אַרבייטער, אדרבה, דאַס קען זיין אַ רעה פאר זיי.

„ווען אזעלכע אונטערנעהמונגען געהערען צו דער שטאַט, און די שטאַט איז אין די הענט פון א פּאַליטישע בודעל־מאַשין, וועלען דיעזע אונטערנעמונגען נאַר דיענען דערצו, אז די בודלערס זאָלען האָבען מעהר מאכט און מעהר וואָס צו גנב'ענען".

די סאָציאַליסטען זיינען געווען די ערסטע, וואָס האָבען ארויסגעזלאָזען די פאָדערונג פון מיוניסיפּאל אונערשיפּ. אבער וואָס האָבען זיי געמיינט דערמיט? זיי האָבען דערמיט געמיינט, אז שטאַט־אונטערנעמונגען זאָלען געהערען צו אַזאַ שטאַט־רעגירונג, וועלכע איז אין די הענט פון דעם ארבייטער־קלאַס, אָדער אין וועל־כע די ארבייטער האָבען וויניגסטענס א גרויסען איינפלוס.

„צוזאמען מיט אונדזער פאָדערונג, אַז די שטאַט זאָל זיין די אייגענטימערין פון שטאָדטישע מאָנאָפּאָלען, פאָדערן מיר אויך, אז דאָס לאַנד זאָל זיין דער אייגענטימער פון לאנד־מאָנאָפּאָ־לען, דאָס פאָלק זאָל זיין דער אייגענטימער פון אלע פּריוואַט־מאָנאָפּאָלען און פון אַלע אנדערע אינדוסטריען אויך. און דער עיקר, אז די ארבייטער־קלאס זאָל דערביי זיין די מאכט וואָס רע־גיערט איבער שטאָט און לאַנד".

„די סאָציאַליסטישע רעפאָרמעס זיינען אלע אונטערנבאַר פארבונדען מיט אַנאַנדער, און נאָר אלע צוזאמען בילדען זיי אַ מעכטיקען פּראָגראַם פון סאָציאַלען פאָרטשריט. ווען איר נעמט זיי באזונדער, האָבען זיי נאָר א קליינע ווערדע, און באטראַכטענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט פון דעם ענדציעל פון דער סאָציאַליסטישער

באוועגונג, זיינען זיי ניט אזוי וויכטיק, אז עס זאל זיך לוינען צו קאנצענטרירען אלע קרעפטע אף זיי דורכצופיהרען".

דאס איז א מאדנע פארשטעלונג פון דעם גאנג פון דער פאליטישער ענטוויקלונג. די פאליטישע איינריכטונגען פון א לאנד זיינען אימערצו געוועזען דער פראדוקט פון א לאנגזאמער עוואלוציאן. וועלכע רעוואלוציאן איר וועט באטראכטען, וועט איר געפינען, אז זי האט זעהר ווייניק איבערגעביטען אין די פאליטישע און געזעצליכע איינריכטונגען. עס באדארף צעהנדליקער יארען פון רעפארמאטארישער ארבייט איבערצובויען דעם פאליטישען סיסטעם. און דא קומט כלומרשט א ראדיקאלע פארטיי און דרש'ענט בזה הלשון: אייער רעגירונג איז קאררופט? אייער רעגיערונג ליגט אין די קעשענעס פון די קארפארעישאנס? איהר האט קיין שום דעה ניט איבער אייערע ערוועהלטע פארטרעטער? מ' נעהמט ביי אייך אוועק דאס רעכט צו פאראייניגען זיך מיט אייערע קלאסען־גענאסען אין קאמפף פאר א שטיקעל ברויט? איר זייט ניט זיכער מיט אייער לייב און לעבען ביי דער מאשין? דאס איז אלץ גארניט. האט געדולד, אם ירצה השם, אין א יאר דרייסיק ארום, ווען מיר וועלען אויפבויען א שטארקע פארטיי, וועלען אייערע קינדער האבען נחת. וואס איז די נפקה מינא פון אזא אגיטאציע ביז צו די דרשות פון די גלחים, וואס זאגען צו דער ארבייטענדער מאסע גליקען אף יענער וועלט? אויב עס ווענדעט זיך אן היליקוויט'ן, טו וועלען מיר מוזען ווארטען ביז וואנען די סאציאליסטישע פארטיי וועט ווערען א מאכט איבער'ן גאנצען לאנד, זי זאל בכח זיין אויסצופיהרען, אז „אלע פריוואט־מאנאפאלען און אלע אנדערע אינדוסטריען אויך" זאלען ווערען פאלקס־אייגענטום. ביז יענער צייט וועט א העלפט פון דעם היינטיקען ארבייטער־קלאס שוין זיין אף יענער וועלט.

„אלע פריוואט־מאנאפאלען", דאס הייסט דער קעראסין־טראסט, דער פלייש־טראסט, דער טאבאק־טראסט, און הונדערטער אנדערע, זיינען אויסגעברייט איבער די גאנצע פאראייניגטע שטאטען און אפילו איבער אנדערע לענדער אויך. הייסט עס, אז ווען דאס פאלק זאל זיי איבערנעהמען, מוז עס געשעהען דורך דעם קאנגרעס. ווייטער, האט דער פרעזידענט די מאכט ארויפצולעגען זיין וועטא אף יעדען געזעץ פון קאנגרעס, און די סופרים־קאורט

פון די פאראייניגטע שטאַטען קען מבטל זיין יעדען געזעץ אפילו ווען ער איז שוין אונטערשריבען פון דעם פרעזידענט. קומט אויס, אז מיט מיוניסיפּאל אונערשיפּ וועלען מיר מוזען ווארטען ביז וואַ־נעןביידע הייזער פון דעם קאָנגרעס, דער פרעזידענט און די סופּ־רים־קאורט וועלען אלע באַלאַנגען צו דער סאָציאַליסטישער פּאר־טיי. וואס־זשע זאָל מען טאָן ביז יענער צייט? ווען צום ביישפּיעל מען האָט סך הכל צוואַנציק סאָציאַליסטישע לעדזשיסלעיטשורס? זאָל מען אין יענע צוואַנציק סטעיטס ווארטען אף די איבעריקע מיט מיוניסיפּאל אונערשיפּ? עס קומט אויס אזוי, וואָרים, זאָגט הילק־קוויט, „צוזאמען זיינען די אַלע פאָדערונגען אַ גאַנצע זאַך אזוי ווי טיילען פון אַ מאַשין, אָבער פּונקט ווי איין שרייפּעל פון א מאַשין קען אפילו ניט אויפטאָן פון די מאַשין ארבייט אַזאַ קליינעם חלק, ווי די שרייפּעל איז אַ חלק פון די גאַנצע מאַשין, אזוי קען גאָר ניט אויפטאָן איינע פון אונדזערע פאָדערונגען, ווען זי ווערט אָפּגעזונ־דערט פון אלע איבעריקע פאָדערונגען אונדזערע“. עס בלייבט אלזאָ מיר וועלען מוזען ווארטען, ביסקלוואַנען עס וועט אויפגעבויט ווערען די גאַנצע סאָציאַליסטישע פּארטיי־מאַשין. מיט וואָס וועט־לען אָבער די צוואַנציק מאַיאָריטעטען דערווייַלע פארטרייבען די צייט אין די געזעצגעבענדע קערפּערשאַפטען, ווארטענדיק אויף די איבעריקע? האַלטען לעקציעס איבער סאָציאַליזם? מען מוז דאָך אָבער שטימען?

די שטעט אין אמעריקע וואקסען ווי אף הייוועז. שטאָט־באַ־נען, עלעקטרישע באַלייכטונג, טעלעפאָנען, גאַז וכדומה ווערען אַלע יאָר איינגעפיהרט אין א סך נייע שטעט. היינט שטעלט זיך פאָר, אז א שטעטעל וועט וועלען איינפירען ביי זיך שטאָטישע עלעקטרישע באַלייכטונג און וועט אף דערוף פארלאנגען די הסכמה פון דער לעדזשיסלעיטשור*) די סאָציאַליסטישע מערהייט וועט זאָגען: ניין, די צייט איז נאָך ניט געקומען; וואַרט ביז וואַ־נען מיר וועלען האָבען אַ סאָציאַליסטישען פרעזידענט אין וואשינג־טאָן. נו, און דערווייַלע? דערווייַלע זיצט אין דער פינצטער, אָדער גיט איבער דעם געשעפט צו אַ פּריוואט־מאָנאָפּאָליסטישער קאָמ־פּאַניע.

---

*) אין די מייסטע סטעיטס היינגט דאָס אָפּ פון דער לעדזשיס־לעיטשור.

אין פילע שטעט או ןשטעטלאך זיינען שוין ערוועהלט געוואָרען סאָציאַליסטישע מעיאָרס, אָלדערמען א. אז. וו. עס קען צו יעדער צייט פאָרקומען א פראקטישער פאָרשלאג: צי זאָל די שטאָט בויען אן אייגענע עלעקטרישע באַן? זאָל גאַז בלייבען ווי ביז אהער אין די הענט פון דעם גאַז־טראָסט, אָדער זאָל עס די שטאָט איבערנעמען אליין? די סאָציאַליסטישע פארטרעטער וועלען מוזען שטימען: „יע" אָדער „ניין", טאקע שוין היינט, ווען די פּאָליטישע מאכט געפינט זיך נאָך אין די הענט פון קאפּיטאליסטישע פּארטייען, ניט „אף מאָרגען נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן". און זיי וועלען אַלזאָ מוזען אָפּשטימען טאקע איבער יעדער פּיצינקער רעפּאָרמע באַזונדער, ניט ווארטענדיג אף די איבעריקע. בלייבען נייטראל קענען זיי ניט, וואָרים יעדער וואָוט וואָס איז ניט אָפּגעגעבען דאפיר, העלפט די געגנער פון דער פאָדערונג. אַלזאָ זאָלען זיי שטימען דאַפיר, אָדער דאגעגען? וועלען זיי שטימען „יע", טו וואו בלייבען אלע ארגומענטען געגען מיוניסיפּאל אונערשיפּ אונטער אַ קאַפּיטאַליסטישער רעגירונג, אַז וויבאלד עס וועט דער סאָציאַליסטישער פּארטיי געלינגען דורכצופירען אַ מינאָריטעט פון אירע פּארטרעטער, וועלען זיי מוזען אָננעמען די טאַקטיק פון די רעפאָרם־פּארטייען? וועלען זיי שטימען „ניין", טו וועט זיי אויסקומען צו שטימען שטענדיק געגען יעדען פאָרשלאַג צו פארשטאַטליכען אירגענד וועלכען פּריוואט באטריב, וואָס וועלען מוזען פאָרקומען וואָס ווייטער אַלץ עפטער. דאָס וועט נאַטירליך ניט אָפּהאלטען די ענטוויקלונג פון מוניציפּאל און שטאַטס־בעטריב, נאָר דער רעזולטאַט וועט זיין, אז דער איבערגאַנג פון פּריוואַט קאַפּיטאַליזם צו שטאַטס־קאפּיטאליזם (דאָס הייסט שטאַטס־סאָציאַליזם) וועט ביסלאכווייז אויסגעפירט ווערען פון געגנער פון סאָציאַליזם; און די סאָציאַליסטישע פּארטיי וועט אימער דרש'ענען פאַר די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן און שטימען צו פארלענגערן די צייט פון פּריוואַט־קאַפּיטאַליזם.

פארשטעהט איר, וואָס פאר אן אוטאָפּיע דאָס איז? א סאָציאַליסטישע מאַיאָריטעט אין איין שטאָט אָדער אין איין סטעיט וועט געצוואונגען זיין איינצופירען טאַקע איין שריפּעל פון דער מאַשין, צי עס קען אופטהאָן די ארבייט, צי ניט. ווען מען שטעלט אריין די פאָדערונג פון מוניציפּאל־אייגענטום אף די שטאָט־באַנען אין די שטאָטישע פּלאטפאָרמע פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי.

טו ניט מען צו פארשטעהן דעם עולם, אז וויבאלד די סאָציאַליסטי־
שע פּאַרטיי וועט געווינען ביי די שטאַט־וואַלען, וועט זי זיך באַלד
נעמען איינפיהרען מיוניסיפּאַל אָונערשיפּ, ניט וואַרטענדיק אף אַ
סאָציאַליסטישען פּרעזידענט. אי די לעדזשיסלעיטשור, אַי די
קאָורטס בלייבען נאָך קאַפּיטאַליסטיש, אבער דער סאָציאַליסטישער
מעיאָר מיט די מאַיאָריטעט סאָציאַליסטישע אַלדערמען זוכען שוין
באַלד איינצופיהרען מיוניסיפּאַל אָונערשיפּ. אַלזאָ, קומט אויס, אַז
אפילו די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטען מוזען אויך איינפיהרען
דעם מוניציפּאַל־סאָציאַליזם אין מיטען פון דעם קאַפּיטאַליסטי־
שען שטאַט. ווען אַ סאָציאַליסטישע מאַיאָריטעט זאָל זיך פאַר־
האַלטען גלייכגילטיק צו דער פאָדערונג פון מיוניסיפּאַל אונערשיפּ,
טו וועלען די וואוטערס איר באַשולדיגען, אז זי האָט געבראָכען אי־
רע פארשפּרעכונגען, פּונקט ווי די פּאָליטישענס פון די אַלטע פּאַר־
טייען.

עס איז גאַנץ זיכער, אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי וועט זיך
מוזען אָפּזאָגען פון דער דאָזיקער מאַקסימאַליסטישער טאַקטיק אַ
צייט פריהער איידער זי וועט קריגען די מאַיאָריטעט אפילו אין
איין לעדזשיסלעיטשור.

3.

## די געפאַר פון קאָרופּציאָן.

די געגנערשאַפט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי צו מוני־
ציפּאַל־סאָציאַליזם קען אין דער אמעריקאַנער פּאָליטישער סביבה
ווערען אַ קוואַל פון קאָרופּציאָן. ווען אַ שטאָט וויל איינפירען אירע
אייגענע עלעקטרישע באַלייכטונג, אָדער נאָך אַזאַ זאַך, האָט זי
אימער אויסצושטעהען אַ ביטערן קאַמפּף מיט ערגעץ אַ קאָמפּאַ־
ניע קאַפּיטאַליסטען, וואָס זוכען צו קריגען אַ פרענטשייז (אַ קאָנ־
צעסיע). ווי דער מנהג איז אין אזוינע זאַכען, האָט די קאָמפּאַניע
אַ „לאָבבי“ אין דער לעדזשיסלעיטשור, דאָס הייסט אירע אַגענ־
טען אף איינצוקויפען די געזעצגעבער. היינט ווען עס קומט אויס
נאָך דער סאָציאַליסטישער תורה נאָך, אַז עס טאָר זיך אונדז פון
קיין מיוניסיפּאַל אונערשיפּ ניט חלום'ען אפילו, אזש ביז דער צייט

ווע זמען וועט שוין ראקעפעלערן אויף קענען אריינפאקען אין זאק, טו קען זיך ניט טרעפען אז דער יצר־הרע זאל איינרעדען די סאציאליסטישע געזעצגעבער, ווי יענע אידענע האט געזאגט: „אי א מצוה איז דאס, אי א הנאה האב איך?" — דאס זיינען ניט גלאט בויך־סברות. ווי יונג די סאציאליסטישע פארטייען זיינען אין אמעריקע, האבען מיר שוין א פאר ביישפילען.

אין 1899 האט אין העיווערהיל, מאסס., פאסירט אזא געשיכטע. א קאמפאני האט געזוכט צו באקומען פון דער שטאט א קאנצעסיע אף א מאנאפאליע. די סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי האט דארטען באשלאסען, אז זי וועט שטימען געגען יעדע פראנטשייז, ווייל זי איז גראד יא געוועזען פאר מיוניסיפאל אונערשיפ; אבער איין סאציאליסטישער אלדערמאן האט געשטימט דאפיר. ער האט זיך שפעטער פאר דער פארטיי פארענטפערט דערמיט, אז מיוניסיפאל אונערשיפ איז דערווייליגע אונמעגליך, איז גלייכער עס זאל כאטש זיין קאנקורענץ צווישען די קאמפאניעס. די פארטיי האט דעם תירוץ ניט אנגענומען און האט עם אויסגעשלאסען. צי ער האט גענומען געלד, צי ניט, ווייס מען ניט, אבער ווערליג יענער רעוואלוציאנערער טעאריע, וואלט ער געקענט שרייען אף'ן קול, אז ער פארטרעט דעם רעוואלוציאנערען שטאנדפונקט, און שטילערהייט קריגען זיין חלק כאבאר*).

---

*) די „ניו־יארקער פאלקסצייטונג" האט אמאל דערצעהלט א מעשה וועגען דער ס. ל. פ., וואס קען דינען אלס א גוטע אילוסטראציע. איך וועל ניט קאווירען פאר די ריכטיקייט פון די פאקטען, ווייל דאס איז דערצעהלט געווארען אין א צייט, ווען די „פאלקסצייטונג" האט געפירט א ביטערען קאמפף געגען די ס. ל. פ., און לויט דער עטיק פון דער „פאלקסצייטונג", ווי מיר האבען געזעהען, דארף מען זיך ניט צערעמאניען מיט א געגנער צוליב אזעלכע זאכען, ווי יושר. מיר קענען אבער באהאנדלען די מעשה, ווי א פאבעל, וואס איז גוט פאר א משל.

אין ערגעץ, א שטאט איז ביי די וואלען אנגעגאנגען א קאמפף איבער מיוניסיפאל אונערשיפ. איינער פון די סאמע פרומע חסידים פון דער ס. ל. פ. איז געקומען צו דעם פרעזידענט פון דער קאמפאניע, וואס איז געוועזען ספעציעל פאראינטערעסירט אין דעם קאמפיין, און האט צו עם גערעט בזה הלשון: „איר זייט געגען מיוניסיפאל אונערשיפ אלס

## 4.

## דעם סאָציאַליסטישען פּאָליטישען'ס געזיכטס־פּונקט.

ווי דער וואולגאר־סאָציאליזם קוקט אַף די סאָציאלע ענטוויקעלונג וואָס געהט אָן אין אמעריקע, ווייזט זיך בולט ארויס דערפון, וואָס הילקוויט באצייכענט די גאנצע באוועגונג פאר מוניציפאל־סאָציאליזם אלס א „פּאָליטישען בלאָף און א האָמבאָג"*):

„זי קומט ארויס דאָס רוב פון אייניגע פּאָליטישענס וואָס האבען געזוכט דזשאָבס ביי די אַנדערע בודעל פּארטייען און ניט געקענט קריגען"

וואָלט דאָס כאָטש געווען אָריגינעל! אין 1887 האָט גראף דעליאנאָוו ערקלערט אין זיין בארימטען צירקולאר אז די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג אין רוסלאנד קומט ארויס דערפון, וואָס די זיהן פון קוטשערס און קעכינס געהן אין די אוניווערסיטעטען, און ווען זיי קענען נאטירליך ניט קריגען קיין שטעלען, ווערען זיי רעוואָלוציאָנער. ווען איר ווערט זיך פאסטארען, קענט איר ביי דעליאנאָוו'ן ארויסלעזען א בעגריף פון קלאסען־אינטערעסען, ווע־

---

קאַפּיטאַליסט, און מיר זיינען אויך דאַגעגען, אַלס רעוואָלוציאָנערע סאָציאליסטען, ע לכן קענען מיר, בלייבענדיק טריי צו אונדזערע פּרינציפּען, העלפען אייך אין דעם קאַמפּף, ווען איר ווערט אונדז געבען די מיטעל אָנצופירען אַ קרעפטיקען קאמפיין". דער פּרעזידענט האָט דעם פּאָרשלאג ניט אָנגענומען, ווייל ער האָט ניט געגלויבט, אַז די „רעוואָלוציאָנערע סאָציאליסטען" קענען עפּעס אופטאָן. ווען זיי וואָלטען געהאַט אַ מאַיאָריטעט אין דער לעדזשיסלעיטשור, טו קענט איר זיין זיכער, וואָלט די קאָמפּאניע זיי גאָר אַנדערס אופגענומען.

*) „מיר סאָציאליסטען האָבען פיינט צו נוצען האַרטע ווערטער, איך וועל זיך דעריבער אויסדריקען מילד", זאָגט דערביי הילקוויט. אַזוי האָט די ס. פּ. באגריסט יעדע פּאָליטישע באוועגונג, אין וועלכער עס האָט זיך אויסגעדריקט דער פּראָטעסט פון די פאָלקסמאַסען געגען די הערשאפט פון די קאָרופּטע פּארטייען.

רענט ביי הילקוויט׳ן קומט אויס פשוט אז „איינינגע פּאָליטישענס" האָבען אין אמעריקע געמאַכט די באוועגונג פאר מיוניסיפּאל אָו־נערשיפּ. גוואלד! וואו איז דער אָפּיציעלער געשיכטליכער מאטע־ריאליזם? איינינגע פּאָליטישענס האָבען אויסגעטראַכט „מיוניסי־פּאל אָונערשיפּ", לאָז זיין אזוי; אבער כל זמן זיי האָבען אפילו קיין שטעלען ניט, טו איז דאָך קלאָר, אז זיי אליין האָבען קיין מאכט ניט,סיידען זיי וועלען אריינקריגען די וואוטערס אַף זייער זייט. בלייבט דאָך די קשיא, צוליעב וואָס האָבען זיך די 220,000 וואו־טערס אזוי געקאָכט אין 1905, בשעת זיי האָבען געשטימט פאר הוירסט׳ן, אלס קאנדידאט . פאר מעיאָר און פאר די „איינינגע פּאָליטישענס". מען האלט אין איין ריידען וועגען דעם קלאַ־סען־קאמפּף, אז די גאַנצע געשיכטע איז א קאמפּף צווישען קלאסען מיט פיינטלאכע אינטערעסען, און ווען עס ברעכט אויס פאר אונדז אין די אויגען א פּאָליטישער קאמפּף, וואו מער ווי צוויי הונדערט טויזענט מענטשען פארלאָזען די פארטייען, פאר וועלכע זיי האָ־בען פריהער געשטימט, און פאראייניגען זיך אונטער א נייער פּי־רערשאפט, טו זעהט מען גאָר ניט די פּאָלקסמאסע, אין דער גאנצער באוועגונג באמערקט מען נאָר „איינינגע פּאָליטישענס" און „הוירסט זייער הויפּטמאן"!

ניט הוירסט, און ניט דער געוועזענער מעיאָר דאָן פון שיקאַ־גאָ און ניט די עטלאָכע פּאָליטישענס אָן אָדער מיט דזשאָבס, האָ־בען די מיוניסיפּאל אָונערשיפּ באוועגונג ניט באשאפען. אין ענג־לאנד, אין דייטשלאנד, אין רוסלאנד, אין אויסטראליע און אין אמעריקע איז דער שטאָטס־סאָציאליזם, אָדער דער מוניציפּאל־סאָציאליזם אויסגעוואקסען פון דער ענטוויקעלונג פון דער טעכניק. פון דער אינדוסטרי. מיט הונדערט יאָר צוריק האָט ניט געקענט זיין קיין רייד וועגען שטאָטס־אייזענבאנען אָדער שטאָטס־טעלע־גראפען, וואָרים עס איז ניט געווען קיין אייזענבאנען און קיין טעלעגראפען. כל זמן דער עולם האָט געברענט קאָראָסינעווע לאָמ־פּען, איז קיין רייד ניט געווען וועגען דעם, אז די שטאָט זאָל אַף זיך נעהמען צו באלייכטען אלע וואָהנונגען. דער עולם איז גע־געאנגען צו פוס צו דער ארבייט, איז ניט געווען קיין פראגע ווע־גען מיוניסיפּאל אָונערשיפּ פון שטאָט־באנען. די אינדוסטריעלע ענטוויקעלונג פאר די לעצטע פופציק יאָר זינט קארל מארקס האָט געשריבען זיין „קאפּיטאל", האָט געשאפען גאָר נייע באדערפניסען

פון וועלכע די וועלט האָט דעמאָלט ניט געוואוסט, מיט פופציק יאָר צוריק האָט יעדער מענטש פארצערט אַלץ וואָס ער האָט נויטיק געהאט ביי זיך אין דער היים, אליין פאר זיך. היינט האָט איר „פּאַבליק יוטיליטיז", א קהל'שען פארברויך, א שטיק קאָמוניזם אין אייער פּערזענליכען לעבען, און עס שפּיעלט שוין א גאַנץ גרויסע ראָלע אין דער געזעלשאפט. ביי מארקס'ן אָבער געפינט איר עס נאַטירליך ניט, און דאריבער איז דאָס פאר אונדזערע אָפּיציעלע אמעריקאנער „מארקסיסטען" גאָר פרעמד.

געוויסע קאפּיטאליסטישע גרופּען, אלס „קאָנסיומערס", זיינען פאראינטערעסירט אין דערין אז דער פּרייז פון גאז, פון עלעקטרישע קראפט, טעלעפאָנס וכדומה, זאָל זיין ביליגער. ווען עס קאָסט צעהן סענט צו פאָהרען פון ניו־יאָרק קיין קוני־איילאנד, דינגט איר א דירה ערגעץ אין בראנקס; ווען עס זאָל קאָסטען פינף סענט, אָדער גאָר דריי סענט, קענט איר דינגען א דירה ארום קוני־איילאנד. דער קוני־איילאנדער לענדלאָרד איז פאראינטערעסירט אין דערין, אז עס זאָל זיין מיוניסיפּאל אָונערשיפּ, ווייל ער וועט קריגען העכערע דירה־געלט, איידער ער קריגט היינט, און דער אַרבייטער איז אויך פאראינטערעסירט אין דערין, ווייל ער וועט צאָהלען קלענערע דירה־געלט, איידער ער צאָהלט היינט. פארשטעהט איר שוין ווי אזוי דער לענדלאָרד קען קריגען העכערע רענט און דער קווארטיראנט קען צו גלייכער צייט צאָהלען נידעריגערע רענט? די צרה איז נאָר, וואָס מען דענקט אימער וועגען דעם גאַנצען „קלאַס" לענדלאָרדס און מ'פארגעסט גאָר, אז צווישען דעם קלאס געפינען זיך אויך גרופּען מיט פיינדליכע אינטערעסען. וואָס דער לענדלאָרד אין קוני־איילאנד געווינט, דאָס פארלירט דער לענדלאָרד אָף סאַפּאָלק סטריט.

דיזע פארשידענע געזעלשאפטליכע גרופּען, פארמערס, פאַבריקאַנטען, לענדלאָרדס, קליינע און גרויסע קויפליים און אויך אַרבייטער, זיינען פאראינטערעסירט אין דער באוועגונג פאר שטאַטס־סאָציאליזם און מוניציפּאל סאָציאליזם. עס איז א געמישטע געזעלשאפט, און דערפאר געפינט איר אזא געמישטע געזעלשאפט אין דער באוועגונג פאר פּאַבליק אָונערשיפּ. ניט די פּאָליטישענס האָבען באשאפען יענע אינטערעסען, זיי זוכען זיי נאָר צו באנוצען פאר זייערע פּערזענליכע צוועקען. ווי באלד עס זיינען פאראַן מי־

ליאַנען מענטשען וועלכע זיינען פּאַראינטערעסירט שוין היינט אין מיוניציפּאַל־סאָציאַליזם, טו איז כדאי מ׳זאָל פאַרשטעהן, אז מען אָפּשפּרעכען קענט איר דאָ ניט העלפען. זיי וועלען ניט וואַרטען אויף די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, ביז וואַנען זי וועט איינרעגען די גאַנצע וועלט. עס וועט זיך געפינען איינע פון די אַלטע פּאַרטייען, וואָס וועט נעמען אויף זיך זיי צו פאַרטרעטען, אָדער זיי וועלען גרינדען אַן אייגענע פּאַרטיי, ווי עס איז געוועזען די פּראָגרעסיווע פּאַרטיי.

קורץ, די מאַטעריעלע אינטערעסען פון דער בורזשואַזיע צווינגען איהר איינצופירען ביסלאַכוויים דעם סאָציאַליזם, און די אידעען פון אירע פאַרטרעטער ווערען רק מער סאָציאַליסטיש.

צי קען מען זיך פאַרלאָזען אויף די סאָציאַל־רעפאָרמערס, אז זיי וועלען טאָן וואָס זיי האָבען צוגעזאָגט? ווען מיוניסיפּאַל אָונערשיפּ איז ניצליך פאַר די בורזשואַזיע, און די סאָציאַל־רעפאַרמערס זיינען אירע פאַרטרעטער, טו וועלען זיי עס איינפירען. אמת, עס קען זיך טרעפען אז אַ רעפאַרמער זאָל זיך ארויסצייגען פאַר אַ פאַררעטהער געגען זיינע וועהלער. אזעלכע ביישפּיעלע האָבען מיר שוין אָפּטמאָל געזעהען. איך האָב שוין דערמאָנט דעם סאָציאַליסטישען אָלדערמאַן פון העיווערהיל, וואָס האָט געשטימט פאַר ארויסגעבען אַ פרענטשייז צו אַ קאַפּיטאַליסטישער קאָמפּאַני. אפשר איז גאָר אַ פּלאַן אין גאַנצען פאַר קיינעם ניט צו וואוטען, ווי די אנאַרכיסטען לערנען? דאָס איז וועניגסטענס לאָגיש.

## 5.

## אַרבייטער־אינטערעסען און מוניציפּאַל־סאָציאַליזם.

מען שטעלט די פראַגע, צי עס לוינט זיך אינגאַנצען פאַר דעם ארבייטערקלאַס דער מוניציפּאַל־סאָציאַליזם, צי ניט. אייגענטליך הייסט דאָס, — צי עס לוינט זיך פאַר דעם ארבייטער־קלאַס דער סאָציאַליזם זאָל איינגעפירט ווערען ביסלאַכווייז, צי ניט. וואָרים מוניציפּאַל־סאָציאַליזם איז דאָך אַ שטיקעל סאָציאַליזם. איז דער

תירוץ, אז דער קלאס וואס זוכט איינצופירען „מיוניסיפאל־אונער־
שיפ“, איז די בורזשואזיע, די קליינע קאפּיטאליסטען, און זיי זייי־
נען ניט אויסען דעם ארבייטער'ס טובה, נאר זייערע אייגענע קלאַ־
סען־אינטערעסען. כל זמן די שטאטישע רעגירונג איז א קאפּיטאַ־
ליסטישע, טו הייסט דאס ניט מער, ווי שטאַטס־קאפּיטאליזם; ווען
אבער די רעגירונג זאל זיין אין די הענט פון דעם ארבייטער קלאס,
דאס הייסט פון דער סאציאליסטישער פארטיי, דעמאלט הייסט
דאס שוין סאציאליזם. וואס־זשע איז דער אונטערשיעד?

אין דעם היינטיקען קאפּיטאליסטישען שטאַט, סטראשעט
אונדז הילקוויט, וועט „מיוניסיפאל אונערשיפ“ נאר צוניץ קומען
די קאפּיטאליסטען, ווייל די שטאט וועט זיך באנוצען מיט די
פראפיטען פון שטאט־געשעפטען צו פארקלענערען די טעקסעס (די
פּאדאטקעס, שטייערען) וואס די רייכע צאהלען. פארקערט, די סאַ־
ציאליסטישע פארטיי וועט ערסטענס זעהן צו העכערען די שכירות
פון די ארבייטער אף דער באן, און, צווייטענס, זעהן, עס זאלען
זיין בעסערע קארס אין מער קארס און זיי זאלען לויפען עפטער,
בכלל זוכען צו פארבעסערען דעם גאנצען באטריב. קומען מיר צו
דער אַלטער פראגע: ווער צאלט די טעקסעס? אין 1899, ווען אַ
טייל פון דער ס. ל. פּ. האט רעוואלטירט געגען דעליאָן'ס דיקטאַ־
טור, האט מר. פייגענבוים ערקלערט אין דער „ניו־יאָר־
קער פאלקסצייטונג“, אז די אַרבייטער צאהלען אויך טעקסעס. דע־
ליאן, דאגעגען, האט עם ערקלערט פאר אפּיקורסות. נו, אויב די אַר־
בייטער צאהלען יע טעקסעס, טו קומט אויס, דאכט זיך, אז זיי וואַל־
טען אויך פראפיטירט, ווען די טעקסעס זאלען קלענער ווערען.

נאר, לאז זיין, אז דער ארבייטער צאהלט קיין טעקסעס ניט
און קען אלזא גארנישט ניט געווינען פון מיוניסיפאל אונערשיפ;
איין זאך אבער קען איך ניט פארשטעהן, נעמליך: ווי אזוי קען דער
גאנצער קאפּיטאַליסטישער קלאס געווינען דערפון? אמת, די טעק־
סעס וועלען קלענער ווערען, וועט ביי יעדען קאפּיטאליסט בלייבען
אַ פּאר דאלאר אין קעשענע. כל זמן אבער די שטאט־באנען בליי־
בען אין די הענט פון א פּריוואט־קארפּארעישאָן, טו קלייבען זיך
. . דיזעלבע דאלארס אין דער קאסע פון דער קאָרפּאָרעישאן. דער
קאפּיטאליסטישער קלאס אין גאנצען געווינט ניט און פארלירט
ניט דערביי: וואס איין גרופּע קאפּיטאליסטען געווינט ווערט אָן
די אַנדערע. וואס־זשע האט זיך דערפון אן ארבייטער אזוי וואס אַפּ־

צועסען די האַרץ, וואָס דורך מיוניסיפּאַל אָונערשיפּ וועט דער קאַ־פּיטאַליסטישער קלאַס כלומר׳שט רייכער ווערען?

פון דער אַנדערער זייט, אויב סאָציאַליזם באַשטעהט אין דער העכערעונג פון דעם אַרבייטסלוין און אין דער פאַרבעסערונג פון דעם באַטריב, טו האָט זיך דער דעמאָקראַטישער מעיאָר דאָן פון שיקאַגאָ אין 1905 בפירוש ערקלערט פאַר דעם זעלבען פּלאַן. די גלייכסטע זאַך איז איינצוקוקען זיך, ווי עס פירט זיך אין איי־ראָפּעאישע שטעט, וואו עס איז שוין פאַראַן מיוניסיפּאַל אָונער־שיפּ. דער ביישפּיעל פון גלאַזגאָו באַווייזט, אַז זייט די שטאָט־באַ־נען ווערען באַטריבען פון דער שטאָט, זיינען די שכירות פון די אַר־בייטער ביי די באַנען געהעכערט געוואָרען, בעת דער פּרייז איז צוויי סענט און איין סענט פאַר אַ טיקעט, ניט פינף ווי אין אַמערי־קע. וואָזשע בלייבט דער אונטערשיד צווישען מוניציפּאַל־קאַפּי־טאַליזם און מוניציפּאַל סאָציאַליזם? ניט אַנדערס, ווען דער סאָ־ציאַליסטישער קאַנדידאַט וואָלט ערוועהלט געוואָרען, וואָלט דאָס הייסען סאָציאַליזם, און ווען דאָן, איז דיזעלבע זאַך קאַפּיטאַליזם.

אין אָנהויב פון דיזען יאָרהונדערט איז אין דער דייטשער סאָציאַלדעמאָקראַטישער פּאַרטיי אָנגעגאַנגען אַ דעבאַטע איבער דיזעלבע פּראַגע. עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען דעם, צי זאָל דער שטאָט איבערנעמען די קוילען גרובען. בעבעל איז געווען דאַפיר, קאַוטסקי דאַגעגען.

ווען איר באַטראַכט די פּראַגע פון אַ עוואָלוציאָניסטישען שטאַנדפּונקט, איז דער איבערגאַנג פון אַ גרויסער אינדוסטריעלער אונטערנעמונג צום שטאַט אַ שריט אין דער ענטוויקעלונג פון דעם סאָציאַליסטישען סיסטעם. און ווען מען האָט אין זינען דעם אויפ־בוי פון אַ פּאָליטישער אַרבייטערבעוועגונג, איז אויך גלייכער, אַז די אַרבייטער זאָלען האָבען דעם שטאַט פאַר אַ באַלאַבאָס, איידער דעם פּריוואַט־קאַפּיטאַליסט: ווען די אַרבייטער שטעהען אַנטקעגען דעם שטאָט אַלס באַלאַבאָס, ווערט די פּראַגע פון שכירות און אַר־בייטסשטונדען אַ פּאָליטישע פּראַגע, און אַלס וואָטערס האָבען זיי אויך אַ דעה אין דעם ענין. אַזאַ רעפאָרמע איז דעריבער אַ וויכ־טיקער שריט אין דער ענטוויקעלונג פון סאָציאַליזם, אפילו ווען דער שריט זאָל געמאַכט ווערען פון דער דעמאָקראַטישער אָדער דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי.

6.

## מוניציפאל־סאָציאַליזם אין אמעריקאנער פּאָליטיק.

אונדזער אמעריקאנער סאָציאַליזם איז נאָך אַלץ דער אַלטער אימפּאָרטירטער פון דייטשלאַנד. מען טראָגט זיך נאָר רק אָרום ביי אונדז מיט פראזען פון פאר פופציק יאָרען צוריק, וואָס האָבען שוין היינט פאַרלוירען דעם זין כמעט אומעטום א חוץ אין אַזאַ האַלב־דעספּאָטישער לאנד ווי דייטשלאַנד. נאַטירליך זיינען דע־ריבער אונדזערע סאָציאַליסטישע טעאָריעס און אונזער סאָציאַליס־טישע טאקטיק גאָר ניט צוגעפּאסט צו דעם אמעריקאנער פּאָליטי־שען סדר.

לאָמיר באטראכטען דעם אויסדרוק: „קאפּיטאַליסטישער שטאַט". מיט פערציק יאָר צוריק, צו דער צייט ווען עס האָט זיך געגרינדעט די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראטיע, איז דער אויסדרוק געווען ריכטיק. צו יענער צייט האָט דער ארבייטער־קלאַס ערגעץ ניט געהאט קיין שטימרעכט אויסער אין פראנקרייך און די פאר־אייניגטע שטאַטען. אבער אין פראנקרייך האָט געהערשט א וואָיע־נער דיקטאַטאָר, און דאָס שטימרעכט איז דאָרטען געווען ניט מער ווי א קאָמעדיע; אין די פאראייניגטע שטאַטען איז נאָך דער אר־בייטער־קלאַס געווען זעהר קליין. דעמאָלט איז זעלבסטפארשטענד־ליך, דער שטאַט געוועזן א קאפּיטאַליסטישער, ווייל נאָר די קאפּי־טאַליסטען האָבען אין עם געהאט א דעה.

נעמט דייטשלאַנד היינט־צו־טאָג. פאר די רייכטס־טאַגס־וואה־לען איז פאראן אַלגעמיינע שטימרעכט, אָבער פאר די לאַנדטאגען איז קיין אַלגעמיינע שטימרעכט ניטאָ. דער רייכסטאג אין דייטש־לאַנד האָט מער געשעפּטען צו באזאָרגען איידער דער אַמעריקאנער קאָנגרעס, דאָך בלייבען נאָך א סך אנגעלעגנהייטען וועלכע ווערען רעגולירט דורך די לאַנטאגען. דאָס וואהל־רעכט פאר דעם פּרייסי־שען לאַנדטאג איז כמעט דאָס זעלבע ווי עס איז פון אָנהויב געוועזן פאר די גאָסודארסטווענע דומע, קענט איר זיך שוין פאָרשטעלען, וואָס פאר א דעה דער ארבייטער־קלאַס האָט דאָרטען. ווייטער

אפילו דער רייכסטאג האָט א גאנץ קליינע מאכט. די קייזערליכע רעגירונג איז אונאבהענגיג פון דעם רייכסטאג און קען טהאָן וואָס זי וויל. דייטשלאנד האָט א וואָיענע רעגיערונג און די רעגיערונג איז פארבונדען מיט דעם קאפּיטאליסטישען קלאַס.

איז די לאגע דיזעלבע אין אמעריקע? ווען עס באלאבאטע־ווען היינט אין דער אמעריקאנער רעגירונג די קאַ־פּיטאליסטען, טו איז עס נאָר דורך דעם, וואָס איבער דער געזעצ־ליכער פאָלקס־רעגיערונג איז אויסגעוואקסען א האלב־געזעצליכע פּארטיי־רעגיערונג און די קאפּיטאליסטען האָבען געמאכט שותפות מיט ביידע פּארטיי־מאַשינען, און זייער הויפּטמיטעל דערצו זיי־נען טאקע דיזעלבע שטאָט־באַנען, די טעלעפאָנען, און בכלל אלע יענע געשעפטען אין וועלכע מען וויל איינפירען מוניציפּאל סאָ־ציאליזם.

די מאכט פון די צוויי גרויסע פּארטייען ליעגט אין דערין, וואָס זיי האָבען א סך געלד אף צו פירען זייער קאמפּעין, וועהרענד די אונאבהייניגיקע קאנדידאטען האָבען געוועהנלאך קיין געלט ניט. פון וואנען־זשע קומט די געלט ביי די אלטע פּארטייען? אין די וואהלען אין דער שטאָט און אין דעם סטעיט, פון יענע קארפּאָרעי־שאָנס וואָס האָבען מאָנאָפּאָליסטישע קאָנטראקטען מיט דער שטאָט אָדער מיט דעם סטעיט, ווי די גאז־קאָמפּאַניעס, שטאָט־באנען און דערגלייכען. פּארוואָס איז בעלמאָנט א דעמארקאט? פּארוואָס האָט די יונייטעד געז ענד אימפּרואוומענט קאָמפּאַניע אין פילא־דעלפיא אונטערשטיצט די רעפּובליקאנער מאשין? וואָרים היינט־צו־טאָג ליעגט דער אייגענס פון דער שטאָט אין די הענט פון פּריוואט־מאָנאָפּאָליסטען. אבער ווען עס ווערען אָפּגעשאפט די פּרי־וואט־מאָנאָפּאָליעס אף קהל׳שע בעדערפניסע, טו ווערט דערמיט גע׳פּטור׳ט די גרעסטע שמאלץ־גרוב פון די בודעל־פּארטייען. אמת, די פּאָליטישענס וועלען שוין דערפאר זאָרגען, אז ביי דעם אָפּשאַ־פען פון פּריוואט־מאָנאָפּאָליעס זאָלען זיי אויך מאכען א היבשען גראָשען, אָבער עס וועט אמאָל פאָרט נעמען א סוף.

מוניציפּאַל־סאָציאַליזם איז אַלזאָ א שטאַרקער קלאַפּ פאַר די קאַפּיטאַליסטישע הערשאַפט איבער דער אַמעריקאַנער פּאָליטיק. מיוניסיפּאַל סאָציאַליזם ברייננט אונדז איין שריט נעהענטער צו אַן אמת׳ען פּאָלקס־שטאַט.

פיער-און-צוואנציקסטער קאפיטעל:

# די פראלעטארישע מינאריטעט און דער פארלאמענטאריזם.

## 1.

### אין וואס באשטעהט די פראגע?

ביז דער קאנווענשאן פון דער סאציאליסטישער פארטיי אין אינדיאנאפאליס אין 1912, האבען זיך די אמעריקאנער סאציא־ליסטען געשווארען, אז דער פראלעטאריאט איז שוין היינט די מאיאריטעט פון דער אמעריקאנער געזעלשאפט.*) דאס איז גע־ווען דער גרונדשטיין פון דער גאנצער טאקטיקע פון דער היגער סאציאליסטישער פארטיי.

מ'האט גע'טענה'ט אזוי: דער פראלעטאריאט איז די מאיא־ריטעט פון דעם אמעריקאנער פאלק, ווען דער פראלעטאריאט זאל זיך פאראייניקען אין אן אייגענע פאליטישע פארטיי, וואלט זי שוין היינט געקענט געווינען די פאליטישע מאכט און אפשאפען דעם קאפיטאליזם. די איינציקע צרה איז, וואס דער פראלעטאריאט אין אמעריקע איז נאך ניט קלאסען־באוואוסט, די אויפגאבע פון די סאציאליסטען איז דעריבער עם צו געבען צו פארשטעהן, אז ער מוז זיך אפ'גט'ן פון אלע אנדערע פארטייען.

דאס וואלט זיין גאנץ ריכטיק — ווען? אויב דער פראלעטא־ריאט איז טאקע שוין די מאיאריטעט פון די וואוטערס, אדער

---

*) די באהויפטונג האט מיט עטלאכע יאר צוריק געמאכט מארים הילקוויט ביי א דעבאטע מיט מיר אין קופער יוניאן, און הילקוויט איז דאך דער אפיציעלער פארטרעטער פון דעם ארטאדאקסישען סאציא־ליזם אין אמעריקע.

האט אן אויסזיכט אין קורצען צו ווערען א מאיאריטעט, וואס טוט מען אבער, אויב דאס איז א טעות? אויב דער פראלעטאריאט איז נאך ניט קיין מאיאריטעט און וועט נאך לאנג קיין מאיאריטעט ניט ווערען? אויב ער וועט זיך פארלאזען נאר אף זיך אליין, איז דאך קלאר באשיינפערלאך, אז ער קען מיט זיינע אייגענע כחות גארנישט ניט אויספירען. אי, איר וועט זאגען, אז די געגנער פון דעם פראלעטאריאט זיינען ניט אייניק? טו וויסען מיר דאך, אז אומעטום, וואו די היגע סאציאליסטען האבען איין מאל געוואונען ביי די וואלען מיט דער גרעסטער מינאריטעט, האבען זיך אלע אנדערע פארטייען ביי דער נעקסטער וואל פאראייניקט געגען די סאציאליסטישע קאנדידאטען און זיי געשלאגען.

•

וואס זשע טוט מען פארט? אף דעם האט די סאציאליסטי־שע פארטיי געענטפערט ביי דער קאנווענשאן אין אינדיאנאפאליס אין 1912 מיט איר פארמערשען פראגראם. אין דעם פראגראם ווערט ערקלערט, אז די סאציאליסטישע פארטיי איז די פארטיי פון אלע „ארבייטענדע מענטשען", ניט נאר פון די לאהן־ארביי־טער, נו, א פארמער איז דאך אויך אן ארבייטענדער מענטש, כאטש ער איז גאר ניט קיין לאהן־ארבייטער און ניט קיין פרא־לעטאריער. אלזא, ווען די היגע סאציאליסטישע פארטיי האט איינגעזעהען, אז די פראלעטאריער זיינען ניט קיין מאיאריטעט, האט זי אופגעהערט צו זיין די פארטיי פון דעם פראלעטאריאט און האט זיך גענומען פאר „סאציאליסטישע אופקלערונגס־ארבייט צווישען די קליינע ארעמע פארמערלאך", וואס דער מארקסיזם גלויבט אין דעם גארניט, ווי פריינט א. ש. זאקס האט גאנץ ריכ־טיק געזאגט אין דער „פרייער ארבייטער שטימע". ד. ה. די ס. פ. האט אנגענומען דעם שטאנד־פונקט פון די רוסישע סאציאליסטען־רעוואלוציאנערען.

קומט אבער פריינט זאקס און זאגט: „אום דער פראלעטא־ריאט זאל זיגען, דארף ער גאר ניט זיין אין דער מאיאריטעט, לויט דעם מארקסיזם, וועט דער פראלעטאריאט זיגען, ניט ווייל ער וועט זיין אין דער מאיאריטעט, דורך דעם פראלעטאריזירונגס־פראצעס, נאר ווייל אין זיינע הענט ליגט די עקאנאמישע מאכט, ווייל ער דריקט אויס די פאדערונגען פון די נייע פראדוקטיווע קרעפטען. די אינדוסטרי פראלעטאריזירט זיך אלץ מער, זי ווערט

וואס וויטער אלץ מער א מאסען־אינדוסטרי, און אין דעם לינט דער בטחון פון זיג. אום א קלאס זאל זיגען אין א פאליטישען און סאציאלען קאמפף, דארף ער, לויט דעם מארקסיזם, ניט זיין אין דער מאיאריטעט".

לאמיר דאס אקארשט צוגלידערען. אום דער פראלעטאריאט זאל זיגען אין א פאליטישען קאמפף, דארף ער ניט זיין אין דער מאיאריטעט? ווי־זשע? כל־זמן דער פאליטישער קאמפף דריקט זיך אויס אין דער פארמע פון א וואל־קאמפף, מוז די פארטיי פון דעם פראלעטאריאט האבען א מאיאריטעט, אנדערש וועט זי דורכפאלען ביי די וואלען. וואו עס איז איינגעפירט געווארען דאס אלגעמיינע שטים־רעכט, וועט איר אומעטום געפינען, אז די פאליטישע מאכט ליגט אין די הענט פון א קאמבינאציע פון דער שטאטישער קליין־בורזשואזיע מיט די פויערים, וואס צוזאמען זיינען זיי יע די מאיאריטעט.

א מינאריטעט קען פארכאפען די פאליטישע מאכט נאר דורך א געוואלדיקע רעוואלוציאן. אבער אויב די רעוואלוציאנערע מינאריטעט האט געגען זיך די מאיאריטעט פון פאלק, טו מוזען די רעוואלוציאנערען דורכפאלען ביי דער ערסטער וואל, וואו דער גאנצער פאלק האט די געלעגענהייט צו שטימען. אזוי איז עס געווען אין דער געשיכטע פון די פראנצויזישע רעוואלוציאנען. דעריבער האט קארל מארקס, אין זיין בארימטען בריף צו ליבקנעכט'ן אין דער צייט פון דעם גאטאער קאנגרעס פון 1874, געמאכט חוזק פון די פרינציפען פון דעמאקראטיע און האט ערקלערט, אז די פאדערונג פון דער סאציאל־דעמאקראטיע דארף זיין די „רעוואלוציאנערע דיקטאטור פון פראלעטאריאט". מ'האט דאס שפעטער געזוכט אויסצופשט'לען, אבער מארקס האט זיך גאנץ דייטליך אויסגעדריקט און ער האט טאקע געמיינט, וואס ער האט געזאגט: א רעוואלוציאנערע דיקטאטור אף דעם מעקסיקאנער שטייגער, נאר לטובת דעם פראלעטאריאט.

דער פראגראם פון דער אמעריקאנער סאציאליסטישער פארטיי שטעהט אבער אף א געזעצליכען פארלאמענטארישען באדען. איז דעריבער וועגען א „רעוואלוציאנערער דיקטאטור" ניטא וואס צו רעדען. און כל זמן דאס איז אזוי, וועט דעם פראלעטאריאט אין דעם פאליטישען קאמפף ניט העלפען, וואס ער „איז דער

הויפט־פאקטאר אין דעם עקאנאמישען לעבען". זעהט איר, אף דעם עקאנאמישען פעלד איז גאר אנאנדער זאך. ווען די אייזענ־באן־ארבייטער, די שיפס־ארבייטער און די ארבייטער אין די קוילען־גרובען געהען ארויס אין א גענעראל־סטרייק, קענען זיי אנמאכען אזעלכע צרות דעם גאנצען קאפיטאליסטישען קלאס, אז ער זאל געצוואונגען זיין נאכצוגעבען די ארבייטער. אף דעם אופן קען די פראלעטארישע מינאריטעט געווינען אלערליי הנחות ביי דעם קאפיטאליסטישען קלאס אין דער קאפיטאליסטישער ארדענונג. ווי וויט דאס קען געהן, איז א שטרייט־פראגע. נאר לאז זיין, אז דורך אזא גענעראל־סטרייק קען די פראלעטארישע מינאריטעט באזיגען די קאפיטאליסטישע מאיאריטעט, — זעהט איר ניט, אז איר זייט שוין פארקראכען גאר אין סינדיקאליזם?

כל זמן אבער מיר זיינען געזעץ־ליבענדע בירגער און בלייבען שטעהן אף דעם פארלאמענטארישען באדען, שטויסען מיר זיך אן אף דעם וואל־געזעץ, וואס פאדערט פון די פראלעטארישע קאנ־דידאטען, ווי פון אלע אנדערע, זיי זאלען האבען א מאיאריטעט, כדי די פאליטישע מאכט זאל איבערגעהן צו זיי.

קומען מיר צוריק צו דער פראגע: וואס־זשע זאל דער פרא־לעטאריאט טאן דערווייל, אין דער איבערגאנגס־צייט, איידער ער וועט ווערען א מאיאריטעט?

זאלען דערווייל די ארבייטער אויסקומען אן אירגענד וועל־כע געזעצען, וואס זאלען באשיצען זייער געזונט און לעבען ביי דער ארבייט, וואס זאלען באשרענקען די קינדער־ארבייט? איז דאס קלאסענבאוואוסטע ארבייטער־פאליטיק? וואס־זשע איז די ריכטיקע טאקטיקע פאר דעם ארבייטער־קלאס בכלל און פאר די סאציאליסטען בפרט אין אמעריקע? זאל די פראלעטארישע פאר־טיי בלייבען א פארטיי פון פראטעסט און קריטיק און איבער־לאזען די פאליטישע מאכט צו דער מאיאריטעט, אדער זאל די סאציאליסטישע פארטיי צופאסען זיך צו ניט־פראלעטארישע עלע־מענטען, ווען נויטיק — דיפלאמאטיש א שווייג טאן וועגען די סאציאליסטישע פרינציפען, כדי צו „קעטשען" וואוטס? פון אזא בויערן־פעננעריי, ווי דער טייטש רופט דאס, קענען די סאציאליס־טישע קאנדידאטען געווינען, דער סאציאליזם פארלירט דערביי. אדער זאל די פארטיי פון דעם פראלעטאריאט איינינקען זיך (מא־

כען „פיוזשאָן“) אַף איינצעלנע קאנדידאַטען מיט די פּארטייען, וואָס רעפּרעזענטירען פארשידענע איבערגאַנגס־שיכטען, און ניט דאַרפען פּארבויגען אירע סאָציאַליסטישע פּרינציפּען?

2.

## די קליינע פּארטייען אונטער דעם אמעריקאַנער פּארטיי־סיסטעם.

צוערסט, לאָמיך פרעגען: וואָס הייסט „פיוזשאָן?*) עס איז אַ מיטעל מיט וועלכען אַ מינאָריטעט צווינגט די הערשענדע פּארטייען איר אויך צו געבען אַ שטימע אין קהל׳שע עסקים. פיוזשאָן הייסט ניט, אַז די מינאָריטעט שענקט אוועק אירע שטימען צו די הערשענדע פּארטייען. דורך פיוזשאָן באַקומט די מינאָריטעט אַ געוויסע צאָל פון אירע אייגענע פּארטרעטערס. דורך פיוזשאָן וואָלטען די סאָציאַליסטען געקענט צווינגען איינע אָדער די אַנדערע פון די בורזשואַזנע פּארטייען אויפצושטעלען אַ געוויסע צאָל סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטען, וועלכע וואָלטען דאַן ערוועהלט געוואָרען.

כל זמן אַ פּארטיי איז אין דער מינאָריטעט קען זי אונטער דעם הערשענדען אמעריקאַנער וואַל־סיסטעם מיט אירע שטימען אימער נאָר העלפען איינער אָדער דער אַנדערער פון די צוויי גרויסע פּארטייען. שטעלט זי ארויס אייגענע קאַנדידאַטען, ציהען זיי אוועק שטימען פון איינער אָדער פון דער אַנדערער פּארטיי, און דורכדעם ווערט ענטשידען די וואַל. שטעלט זי גאָר קיין קאַנדידאַטען ניט ארויס, און אירע וואָטערס בלייבען אין דער היים, איז עס פּונקט אזוי, ווי ווען זי גיט אוועק אַפען אירע שטימען פאַר דעם, אָדער פאַר יענעם קאַנדידאַט. די פּאָליטישענס ווייסען עס גאַנץ גענוי. זעהר אָפט נאָמינירען זיי בכיוון „אונאַפּהענגיקע“ קאַנדידאַטען, כדי אָפּצוציהען וואוטס פון דער נעגנערישער פּארטיי. מיינט ניט, אַז מיט אַן „אונקאָמפּראָמיסליכער פּארטיי“ קען מען

*) אין רוסלאַנד רופט מען עס אַ „טעכנישער אָפּמאַך“.

קיין ביזנעס ניט מאכען*). ווען די סאָציאַליסטען טוען די טובה אומזיסט, איז פאר די פּאָליטישענס אודאי רעכט.

די אנאַרכיסטען וועלען דערפון אפשר שליסען, אז עס איז גלייכער גאָר ניט צו וואוטען, בלייבט מען ווייניקסטענס ריין. נו, איז דאָס אויך גאָר קיין באוואָרענעס ניט. אין דעלאווער האָבען די „הילערס" פון דעם רעפּובליקאנער קארופּטען פּאָליטישען אדיקס געצאָלט געלט דעמאָקראַטישע פארמערס, ניט זיי זאָלען שטימען פאר די רעפּובליקאנער קאנדידאטען, אַ ניין, נאָר זיי זאָלען ביי דער וואַל בלייבען זיצען אין דער היים.

אַלזאָ, שטימט יע, שטימט ניט, שטימט פאר אַ קאפּיטאַליסטי־שען קאנדידאַט, אָדער פאר אייער אייגענעם קאַנדידאַט, — איר האָט נאָר אַ ברירה צווישען אַ דעמאָקראַט און אַ רעפּובליקאַנער, און איינער פון זיי מוז ערוועהלט ווערען. פאַרקערט, דורך פיוזשאָן האָט איר יע וואָס צו זאָגען אין דער וואַל. חוץ דעם, וואָס איר קריגט אַ געוויסע צאָל פון אייערע אייגענע קאנדידאַטען, וואָס ווע־רען ערוועהלט, האָט איר אַ דעה, וועמען די אנדערע פּארטיי זאָל ארופשטעלען פון איר זייט אַף איר אייגענעם צעטעל.

## 3.

## די אַרגומענטען געגען פיוזשאָן.

בשעת די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי האָט זיך געגרינ־דעט אין דייטשלאַנד, האָט דער דייטשער פּאַרלאַמענט געהאַט זעהר אַ קנאַפּע דעה אין דער געזעצגעבונג. די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז געווען אַ פּאַרטיי פון רעוואָלוציאָן, די פּאַרלאַמענטאַ־רישע טעטיקייט איז ביי איר געווען ניט מער, ווי אַ פּאָרמע פון פּראָטעסט, אַ דעמאָנסטראַציע. ווען זי האָט פּאַראייניקט אַף אירע קאַנדידאַטען אַ האַלבען מיליאָן שטימען און האָט אויסגעקליבען

*) אַ ביישפּיל איז די געשיכטע, ווי אַזוי עס איז אָרגאַניזירט געוואָרען די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין דעם סטעיט נעבראַס־קאַ אין 1900, וואָס איך האָב שוין דערצעהלט אין אַ פריהערען קאַ־פּיטעל.

עטליכע דעפּוטאַטען פאַר דעם רייכסטאַג, איז אַנגענומען געוואָרען דער סאָציאַליסטען־געזעץ, וואָס איז פאַרבליבען אין קראַפט פון 1878 ביז 1890. די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז געוואָרען אַן אונגעזעצליכע פּאַרטיי. די דייטשע סאָציאַליסטען, וואָס זיינען אויסגעוויזען געוואָרען פון דייטשלאַנד אָדער זיינען געצוואונגען געוואָרען צו עמיגרירען דורך דעם דרוק פון דעם אויסנאַמסגעזעץ, האָבען דאָ געלעגט דעם פונדאַמענט פון דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער־פּאַרטיי. זיי האָבען אריבערגעבראַכט אהער דעם דאָגמאַט, אַז אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי טאָר קיין מגע־ומשא ניט האָבען מיט קיין אַנדער פּאַרטיי. מיט דעם וואוקס פון דער דייטשער סאָציאַלדעמאָקראַטיע איז דיזע טאַקטיק אופגעגעבען געוואָרען אין דייטשלאַנד. אויך אין אַנדערע לענדער — אין פראַנקרייך, בעלגיע, אין איטאַליע, אין דער שווייץ — זיינען סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטען ערוועהלט געוואָרען פאַר דעם פּאַרלאַמענט דורך אָפּמאַכען מיט אַנדערע פּאַרטייען. אין שוועדען איז דער ערסטער סאָציאַלדעמאָקראַטישער דעפּוטאַט צום ריקסדאַג, יאַלמאַר בראַנטינג, ערוועהלט געוואָרען אויף אַ פיוזשאָן־טיקעט מיט בורזשואַזנע קאַנדידאַטען. נאָר אין די פאַראייניקטע שטאַטען איז פיוזשאַן נאָך ביז דעם היינטיקען טאָג אונטער אַ חרם אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. וואָס איז דער תרוץ דערפון?

אויף דעם זיינען פאַראַן אַלערליי תרוצים:

אַ סאָציאַליסטישע באַגרינדונג פון דעם חרם האָט אמאָל געגעבען מר. פייגענבוים אין דעם „פאָרווערטס“. קורץ גערעדט, מיינט ער אזוי, דער קאַמפּף פאַר דעם סאָציאַליזם איז אַ רעוואָלוציאָנערער קאַמפּף פון דעם אַרבייטער קלאַס געגען דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס. עס איז די אופגאַבע פון די סאָציאַליסטען צו וועקען דעם קלאַסען־באַוואוסטזיין פון דעם פּראָלעטאַריאַט, צו געבען עס צו פאַרשטעהן, אַז שלום צווישען דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס און דעם אַרבייטער קלאַס איז אונמעגליך. יעדער קאָמפּראָמיס מיט קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען דאַגעגען שוואַכט אָפּ ביי די אַרבייטער דעם באַוואוסטזיין פון דעם געגענזאַץ צווישען דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס און דעם אַרבייטער קלאַס.

דאָס איז דער עיקר פון דער פראַגע. אויב דער סאָציאַליזם קען ניט אַנדערש קומען ווי דורך אַ רעוואָלוציאָן, וועלכע וועט

שטירצען די קאפּיטאליסטישע רעגירונגען און איבערגעבען די פּאָ־ליטישע מאכט אין די הענט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי וועט זיך דעמאָלט נעמען איינפי־רען דעם סאָציאַליזם, דאן איז פייגענבוים גערעכט. די עקאָנאָמישע ענטוויקעלונג פון די פאראייניקטע שטאַטען ווייזט אָבער, אז דער סאָציאַליזם וועט אף דעם אופן ניט איינגעפירט ווערען. פון דעם קאַפּיטאַליזם וועט זיך שריט ביי שריט ענטוויקעלן א געזעלשאַפט, אין וועלכער אלע וויכטיקע געשעפטען וועלען זיך געפינען אין די הענט פון דעם דעמאָקראַטישען שטאַט. אויב דער סאָציאַליזם וועט ניט קומען מיט איין קלאַפּ, נאָר ביסלאַכווייס, האָט דאך קיין זין ניט אָפּצולעגען די נויטיקע רעפאָרמעס ביז משיח׳ס צייטען: מ׳ מוז נעמען היינט, וואָס מ׳ קען קריגען היינט.

אין אַנאַנדער אַרטיקעל האָט דערזעלבער שרייבער געגעבען אף די שאלה א פּראַקטישע טשובה:

„עס איז ניט צוליב א מין פאַנאַטישע בטלן׳ישע אָפּגעהיט־קייט, ווי די איבערטריבענע חסדות פון דעם בטלן דעם פרומאַק“, נאָר אויס א פּראַקטישען גרונט.

וואָס־זשע איז דער „פּראַקטישער“ גרונט?

„די וואוטערס, וואָס ווענדען זיך ענדלאך צו אונדז, טוען דאָס אויס פּאראַכטונג צו די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען, און ווען מיר אַליין וועלען מיט דיעזע פּאַרטייען קאָמפּראָמיסעווען אף אַזאַ אופן, וועלען אונדזערע וואוטערס אונדז גראדע אזוי פּאראַכטען“.

וואָסזשע הייסט דאָס? אז ביי אונדז וואָלט מען שוין אפשר געפּועלט א קאָמפּראָמיס מיט אנדערע פּאַרטייען, ווען עס וואָלט זיך געלווינט, אָבער „די סאָציאַליסטישע וואוטערס“ פּאראַכטען אזוי יענע פּאַרטייען, אז לאָמיר נאָר פּרואווען א קאָמפּראָמיס, וועלען זיי אונדז אויך פּאראַכטען. מיט אנדערע ווערטער „מיר“ אליין זיינען פריי פון דער „בטלן׳שער אָפּגעהיטקייט“, „די בטלנים די פרומאַ־קעס“ זיינען „זיי“ די סאָציאַליסטישע וואוטערס. וואָס איז די נפקא מינה צי „מיר“, צי „זיי“? דער עיקר איז, אז אויב די פראַגע איז א ריין פּראַקטישע, טו וואָס האָט מען דאָ צו „פּאראַכטען“ יענעם, וואָס האנדעלט אונפּראַקטיש? פּאראַכטונג קומט אימער פון מאָ־

ראַלישע גרינדע. אָבער געה טענה מיט בטלנים און פּראָמאַקעס! די סאָציאַליסטישע וואָוטערס פאַראַכטעז אַזוי יעדען קאָמפּראָמיס מיט אַנדערע פּאַרטייען, פאַרזיכערט אונדז מר. פּייגענבוים, אַז „מיר וועלען גאָר ניט קענען ליפערען די סחורה, וואָס מיר וועלען ביי דעם קאָמפּראָמיס פאַרשאַכערען, און מיר וועלען אַלעס פאַרליּ־רען“.

מ'וואָלט געקענט מיינען, אַז אַלע וואָוטערס שטימען שוין אימער סטרייט פאַר דעם סאָציאַליסטישען טיקעט. אָבער אַקטיווע מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָבען זיך שטענ־דיק באַקלאָגט, אַז „די רעפאָרם־באַוועגונגען זיינען אַ צרה און אַ שטערונג צו וואַקסען פון סאָציאַליזם *) — דאָס מיינט: אַ שטערונג צום וואַקסען פון דעם וואָוט פאַר די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי וואָס־זשע באַדייט דאָס? אַז ווען עס ווערט אַ רעפאָרם־באַוועגונג, פאַלען אָפּ וואָוטס פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. עס זיינען פאַראַן אַ סך וואָוטערס, וואָס זיינען גרייט צו שטימען פאַר דעם סאָציאַליסטישען פּרינציפּ, צו גלייכער צייט נעמען זיי אָן אינטערעס אין דעם טאָגטעגליכען פּאָליטישען לעבען אויך. עס איז פאַר זיי גאָר ניט אַלץ איינס, ווער עס וועט זיין גאָווערנאָר אָדער מעיאָר. צוליב דעם פּרינציפּ וועלען זיי וואָוטען פאַר דעם גאַנצען סאָציאַליסטישען טיקעט, אָבער וואו זייער וואָוט קען באַ־שטימען דעם אויסגאַנג פון דער וואַל, וועלען זיי ניט „אַוועקוואַר־פען זייער וואָוט“, ווי דער אַמעריקאַנער זאָגט. דאָס ווייזט, אַז אַ טייל פון די סאָציאַליסטישע וואָוטערס וואָלטען גאַרנישט ניט גע־האַט דאַגעגען, ווען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי וואָלט געמאַכט „פיוזשאָן“ מיט די רעפאָרמערס.

א גוטער ביישפּיל איז די וואַל פאַר מעיאָר אין שיקאַגאָ אין 1905. די „אישו“ איז אין יענעם קאַמפּעין געווען „מיוניסיפּאַל אונערשיפּ“: עס איז אָנגעגאַנגען אַן אַגיטאַציע, אַז די שטאָט זאָל איבערנעמען די עלעקטרישע באַנען. דער האַנדידאַט פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי דזשאָדזש דאָן איז געשטאַנען פאַר די ראַדיקאַלע פאָדערונג. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אַרויסגע־שטעלט אַן אייגענעם קאַנדידאַט פאַר מעיאָר. וואָס איז געווען דער רעזולטאַט? אין נאָוועמבער 1904 האָט דעבס, דער סאָציאַליסטי־

*) דאָס זיינען מר. סלאָבאָדין'ס ווערטער.

שער קאנדידאט פאר פרעזידענט, געצויגען 45,000 שטימען אין שיקאגא. מיט פינף מאנאט שפעטער, ביי דער וואל פאר מעיאר, האט דער סאציאליסטישער קאנדידאט געקראגען סך 20,000 שטי־מען. ווען די סאציאליסטישע פארטיי פון שיקאגא וואלט אינדאר־סירט דאנען, וואלטען די אלע סאציאליסטישע וואוטערס, וואס האבען געשטימט פאר עס, פארבליבען ביי דער סאציאליסטישער פארטיי.

מ'זאגט זיך אוועק, אז די „וואוטערס ווילען ניט ווערען פארשאכערט". ווען אבער א פארטיי געפינט פאר ניצליך צו אונ־טערשטיצען די קאנדידאטען פון אנאנדער פארטיי און ערקלערט די אורזאכע פאר אירע גענאסען און פריינט, פאר וואס זאל עס הייסען „פארשאכערען"?

לאמיר נעמען א ביישפיל פון פראנקרייך. בשעת די וואל איז געווען צווישען לובע, דעם קליינבירגערליכען קאנדידאט פאר פרע־זידענט און מעלין'ען, דעם קאנדידאט פון דער מיליטאריסטישער באנדע, האבען די סאציאליסטען געהאט א פאר צענדליק שטימען אין דער וואל־פארזאמלונג*). זיי וואלטען געקענט אויפשטעלען אן אייגענעם קאנדידאט; דורך דעם וואלט די אנטי־דרייפוסיסטישע קליקע ערוועהלט א פרעזידענט. אבער די סאציאליסטען פון אלע פראקציעס, די ארטאדאקסישע (די געדיכטען) אויך האבען האבען געשטימט פאר ליבע. וועט מען זאגען, אז ווען די דעפוטא־טען, וואס די סאציאליסטישע וואוטערס האבען ערוועהלט, שטימען פאר א קאפיטאליסטישען קאנדידאט, איז ער כשר; ווען אבער זיי לאזען די וואוטערס אליין שטימען פאר דעמזעלביקען קאנדי־דאט ווערען די וואוטערס דערפאר זיי פאראכטען? עפעס מאדנע מענטשען מוזען זיין די וואוטערס. נאטירליך, ווען פיוזשאן ווערט ערקלערט פאר א „פערראטה" גענען דעם סאציאליזם, ווערען א טייל פון די וואוטערס פארדאכען די פארטיי, וועלכע וועט מאכען אזא שריט. אבער ווען די פארטיי זאל ענדערען איר טאקטיק אין דעם פונקט, וועלען די סאציאליסטישע שטימגעבער אנעמען די נייע וואל־טאקטיק. דער סקארבאווער ארגומענט גענען פיוזשאן איז די ביטערע מפלה פון דער פאפוליסטישער פארטיי, וועלכע איז צו

*) אין פראנקרייך ווערט דער פרעזידענט ערוועהלט אין א פאר־אייניקטער פארזאמלונג פון ביידע קאמערען פון פארלאמענט.

גרונד געגאנגגען דורך פיוזשאַן. דאָס איז אָבער זעהר אַן אָבער־
פלעכליכער ארגומענט. מ'פארגעסט ערסטענס, אז אלע וויכטיקע
פראקטישע פאָדערונגען פון דער פלאטפאָרמע פון די פאָפּוליסטען
זיינען אריין אין די פלאטפאָרמע פון דער דעמאָקראטישער פּאר־
טיי. פאר דעם פאָפּוליסטישען וואוטער, וועלכער איז אליין ניט
געוועזן קיין פּאָליטישען, איז געוועזן אלץ איינס, ווער עס וועט ער־
וועהלט ווערען אויף יענער פלאטפאָרמע, א דעמאָקראטישער צו א
פאָפּוליסטישער פּאָליטישען, און אגב האָט ער געהאט די מעגלאכ־
קייט צו וואוטען פאר זיין געליבטען פאָפּוליסטישען פּאָליטישען
אפ'ן דעמאָקראטישען טיקעט. די פאָפּוליסטישע אָרגאניזאציע איז
פארשוואונדען, אבער אויף וואס האָט מען זי געדארפט, ווען א
שטארקערע פּארטיי, די דעמאָקראטישע, האָט זיך אונטערגענומען
אויסצופירען דעמזעלביקען צוועק?

ווען מ'נעמט די זאך, ווי די זילבערלייט האָבען זי באטראכט,
האָט זייער פאָדערונג אין 1894 געהאט נאָהענט פון 1,500,000
וואוטס און אין 1896 האָט זי געקראָגען 6,500,000. די מאָגערע
בהמה האָט פארשלונגען די פעטע*).

פון דער אנדערער זייט האָבען מיר שוין געזעהען סאָציאליס־
טישע מעיארס און סאָציאליסטישע געזעצגעבער אין דעם סטעיט
מאסאטשוסעטס, וואָס זיינען אלע ערוועהלט געוואָרען אויף אונקאָמ־
פּראָמיסליכע טיקעטס, און וואָס האָט זיך אויסגעלאָזען? אז די
סאָציאליסטישע פּארטיי פון מאסאטשוסעטס, מיט וועלכער מען
האָט אזוי שטאלצירט אין די ערסטע יאָרען, איז אראָפּ פון דער
פּאָליטישער סצענע גראָד אין דער צייט, ווען די צאָל סאָציאליס־

*) נאַטירליך, די סאָציאליסטיש געזאָנענע פאָפּוליסטען, וועלכע
האָבען באלאנגט צו דער פאָפּוליסטישער פּארטיי ניט צוליב פּריוויזילבער,
נאָר טראָץ פריויזילבער, וועלכע האָבען באנוצט די פאָפּוליסטישע פּאר־
טיי אַלס פעלד פאר סאָציאליסטישע פּראָפּאגאנדע — זת האָבען די פּאָ־
ליסטישע ארטיי פארלאָרען, וען זי האָט זיך פאראייניקט מיט דער דע־
מאָקראטישער. אָבער די אָפּוליסטישע פּארטיי איז דאָך ניט געוועזן אָר־
גאָניזירט פאר דעם צוועק פון סאָצאיליסטישע פּראָפּאגאנדע.

טישע שטימען איבער'ן גאנצען לאנד איז נעוואקסען*).

| יאָר: | שטימען: |
| --- | --- |
| 1903 | 25,251 |
| 1902 | 39,708 |
| 1904 | 15,963 |
| 1905 | 12,874 |
| 1906 | 20,699 |
| 1907 | 10,620 |
| 1908 | 11,799 |
| 1909 | 10,137 |
| 1910 | 11,396 |
| 1911 | 13,355 |
| 1912 | 13,718 |
| 1913 | 10,957 |
| 1914 | 11,725 |

ווי זשע איז דאָס געקומען, אַז אין דער סאָציאַליסטישער פעסטונג הייווערילל, וואו מ'האָט עטלאכע יאָר נאָכאַנאַנד ערוועהלט א סאָציאַליסטישען מעיאר, וואו מ'האָט פיל מאָל ערוועהלט סאָציאַליסטישע קאנדידאטען פאר אלערליי עמטער, איז דער ערסטער פירער פון די מאסאטשוסעטסער סאָציאַליסטען, דזשעימז קערי, נאָך איין טערמין אלס פּרעזידענט פון דעם שטאָטראט און פינף טערמינען אין דעם פּארלאמענט פון דעם סטעיט מאסאטשוסעטס, געשלאָגען געוואָרען**).

*) עס איז ציעקאווע איבערצוקוקען איצטער די תירוצים, מיט וועלכע די סאָציאליסטישע פּרעסע האָט ערקלערט קערי'ס נידערלאַגע אין 1903. מ'האָט זיך געטרויסט דערמיט, אַז אַמאָל געווינט מען, אַמאָל פּארשפּילט מען. אין דייטשלאַנד, האָט מען געשריבען, טרעפט זיך אויך, אַז די פּארטיי פארלירט, גאָר אַזוי ווי אין אָקע: אַמאָל געהט די קאָרט ניט, כאָטש טו, וואָס דו ווילסט!

**) אָט איז די צאָל שטימען, וואָס זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען אין מאסאטשוסעטס זינט 1902 — פאר ביידע סאָציאליסטישע פּארטייען, צוזאמענגעשטעלט פון דעם אלמאנאך פון דער „וואירלד“:

צו ענטפערן אף די פראגע, מוז מען באטראכטען, וואָס די סאָציאַליסטישע שטאָט־בעלי־בתים און געזעצגעבער האָבען אופגעטאָן פאר דעם ארבייטער־קלאס. די סאָציאַלע רעוואָלוציע האָבען זיי דאַרטען ניט געמאַכט, זיי האָבען זיך געסטארעט צו טאָן גוטעס פאר די ארבייטער, ווי ווייט עס איז מעגלאַך היינט צו טאָג אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, אבער דאָס קען א פראָסטער אר־

---

ווייטער האָט מען געזאָגט, אז די רעפּובליקאַנער האָבען געשאָטען מיט געלט, כדי נאָר צו שלאָגען קערי׳ן, און די דעמאָקראַטען האָבען מיט זיי געמאַכט יד אַחת. עס האָט שוין אָבער פריהער פּאַסירט אין העווערהיל, אַז די אייזענבאַן קאָמפּאַניע האָט געשאָטען מיט געלט צו שלאָגען די סאָציאַליסטען, פונדעסטוועגען זיינען די וואוטערס געבליבען טריי צו די סאָציאַליסטען. ווען טשיים איז געלאָפען דעם צווייטען מאָל פאר מעיאָר, האָבען זיך די רעפּובליקאַנער פארבונדען מיט די דעמאָקראַטען און אויפגעשטעלט צוזאמען איין קאַנדידאט, און די ס. ל. פּ. האָט זיי איך אונטערגעהאָלפען אָן אַ זייט מיט איר אונאפהענגיקען קאַנדידאט. די וואוטערס אָבער זיינען געשטאַנען ביי טשייסען און עס געגעבען אַ מאַיאָריטעט איבער אַלע אַנדערע קאַנדידאטען.

אַנאַנדער תירוץ איז געווען, אַז די קאַפּיטאַליסטען האָבען געגרינדעט אין העווערהיל אַ צייטונג, אין וועלכער געוועזענע מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי הערבערט קעסאָן און גאָרדאן האָבען געשריבען געגען די סאָציאַליסטישע קאַנדידאטען, און די רענעגאטען פון דער ס. ל. פּ. מיכים מארטהא מור אייווערי מיט גאָלדשטיינען זיינען געדונגען געוואָרען פון די קאַפּיטאַליסטען צו זאָגען רכילות אף די סאָציאַליסטען. און ווייל עס איז באקאנט געווען, אַז זיי זיינען אַליין פריהער געווען סאָציאַליסטען, טו האָט מען זיי געגלויבט און דערפאר האָט מען געשטימט געגען די סאָציאַליסטען. איר פארשטעהט, אין אַמעריקע, וואו מ׳איז געוואוינט, אַז ביי די וואַלען גיבט איין פּאַרטיי אף די אנדערע גאַנצע פּאמפּיניצעס, וועט מען שטאַרק דאגה׳ען, וואָס אומיצער דערצעהלט מעשיות וועגען אַ פיינדליכע פּארטיי אָדער וועגען אַ פיינדליכען קאַנדידאט, ווען די פּאַרטיי האָט זיך געמאַכט פּאָפּולער ביי די וואוטערס! אַ קאַנדידאט, וואָס איז פינף יאָר נאָכאַנאַנד געווען אין דער לעדזשיסלעיטשור, האָט שוין אַ רעקאָרד, אף וועלכען ער קען לויפען, און האָט ניט וואָס מורא צו האָבען, וואָס אַלטע ווייבער וועלען וועגען עם דערצעהלען.

ביטער־מעיאר אויף פונקט אזוי גוט טאָן. אויב דאָס הייסט סאָ־ציאַליזם, טו איז מעיאר מאקקארטי, פון סאן־פראַנציסקא, וואס איז ערוועהלט געוואָרען אף דעם צעטעל פון דער יוניאָן־לייבאר פאר־טיי, אויך געווען א סאָציאַליסט, הגם ער האָט ניט פּרעטענ־דירט צו זיין א סאָציאַליסט. אויב דאָס איז ניט סאָציאַליזם, טו איז ביי די סאָציאַליסטישע מעיארס דער סאָציאַליזם אויך געווען ניט מער, ווי א מין מחזור אף ימים נוראים. עס איז די סאָציאַליסטישע געזעצגעבער געלונגען אין פארשידענע אנגעלעגענהייטען צו צווינ־גען די לעדזשיסלייטשור צו שטימען פאר זייערע פארשלעגע. אבער ווען א דעמאָקראטישער אָדער א רעפּובליקאנער געזעצגעבער שטימט פאר אן ארבייטער־פאָרשלאָג, טו זוכט ער קרעדיט דער־פאר ביי זיינע וואוטערס פונקט אזוי ווי דער סאָציאַליסטישער פארטרעטער. און דער וואוטער קלערט זיך ביי זיך, אז דער דע־מאָקראט אדער דער רעפּובליקאנער איז אויך אן ארבייטער פריינט. פאר וואָס־זשע זאָל ער דוקא שטימען פאר דעם סאָציאַליס־טישען קאנדידאט? יעדען מאָל, ווען א סאָציאַליסטישער געזעץ־געבער מאכט א פאָרשלאָג פון א געזעץ, וואָס איז גוט פאר די אר־ביטער, האָט דער פּאָליטישען א געלעגענהייט דורך דעם צו כאפּען ארבייטער־וואוטס. וואָס־זשע העלפט דאָ די „אונקאָמפּראָמיסליכ־קייט?".

4.

## ארבייטער־געזעצגעבונג און די אלטע פארטייען.

די סאָציאַליסטען זיינען געווען די ערסטע אין אמעריקע, וואָס האָבען געשטעלט א פראָגראם פון ארבייטער־געזעצען. זייער פּראָפּאגאנדע האָט געהאט ערפאָלג ביי די מאסען אף אזוי פיל, אז מיליאָנען מענטשען האָבען איינגעזעהן די נויטווענדי־קייט פון די דאזיקע ארבייטער־פאָדערונגען. דער בעסטער באַ־וייז זיינען די 4,000,000 וואוטס, וואָס זיינען אָפּגעגעבען גע־וואָרען פאר די פּראָגרעסיווע פארטיי אין 1912. ווען איר לעזט די פּלאטפּאָרמע פון דער פּראָגרעסייוער פארטיי, זעהט איר, אז יע־דע פון אירע ארבייטער־פאָדערונגען און פילע פון אירע

פּאָליטישע פאָדערונגען זיינען גענומען פון דער סאָציאַליסטישער פּלאַטפאָרמע. אין איראָפּע, ווען די ארבייטער־מאַסען זיינען גע־וואונען געוואָרען פאַר דעם „פּראָגראַם־מינימום" פון דער סאָציאַ־ליסטישער פּארטיי, האָבען זיי געשיקט פארטרעטער פון די סאָ־ציאַליסטישע פּארטייען אין פּארלאַמענט, זיי זאָלען דורכפירען יענע פאָדערונגען. דאָ אין אמעריקע איז אָבער געגאַנגען אנדערש. די ארבייטער האָבען געשטימט פאר די סאָציאַליסטישע קאַנדי־דאַטען דאָרטען, וואו די סאָציאַליסטישע פּארטיי איז אויסגעוואַק־סען שטארק גענוג צו ערוועהלען אירע קאנדידאַטען. אבער מערס־טענס האָבען זיי אונטערשטיצט אלערליי רעפאָרם־באַוועגונגען, וואָס האָבען זיך אָרגאניזירט דאָרטען וואו די סאָציאַליסטישע אידעען זיינען געוואָרען פּאָפּולער ביי די מאַסען. עס איז אַ מערק־ווירדיקער פּאַראַדאָקס: ווערט דער סאָציאַליזם פּאָפּולער, פארלירען די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטען וואוטס.

אין דייטשלאַנד, וואו עס זיינען פאראַן שטיכוואַלען, האָבען די סאָציאַליסטישע קאנדידאטען געקענט ציהען דעם פולען וואוט פון זייערע גענאָסען און פריינט ביי דער ערסטער וואַל, און ביי דער שטיכוואַל פלעגט מען מאכען „קוהה־אנדעל"*) מיט אַנדערע פּארטייען און דורכפיהרען אַף דעם אופן אייגענע קאַנדידאַטען. ביי דעם נעקסטען פארטיי־טאָג פלעגט מען אָננעמען אַ רעזאָלוציע, אַז מ'זאָל עס למען השם נאָך אמאָל ניט טאָן.

דאָ אין אמעריקע אבער האָט מען שטענדיק מורא פאַר שעטנז, מ'האָט אויסגערעכענט, אַז לויט דער צאָל וואוטס, איז די סאָציאַ־ליסטישע פּארטיי בארעכטיקט געווען צו שיקען מער ווי 20 פאר־טרעטער אין קאָנגרעס אַנשטאָט איינעם, דער אמעריקאנער וואַל־סיסטעם אבער אנערקענט ניט דאָס רעכט פון אַ מינאָריטעט אויף צו זיין פארטראָטען אין די געזעצגעבענדע קערפּערשאַפטען. דער איינציקער וועג פאר אַ מינאָריטעט צו קריגען פאַר זיך אַ שטימע, איז צו פאראייניקען זיך מיט אַנאַנדער מינאָריטעט ביי די וואַלען. דאָס אבער האָט די אמעריקאנער סאָציאַליסטישע פּארטיי שטענ־דיק פארדאַמט, און דעריבער האָט זי געהאַט אַ קנאַפּע געלעגענהייט צו ערוועהלען אירע קאַנדידאַטען פאַר די

*) דאָס איז דעם אַלטען ליבקנעכט'ס אַ ווערטעל.

לעדזשיסלעיטשורס און פאר דעם קאָנגרעס. דער דורכ־שניטליכער וואוטער האָט בעסער געשטימט פאר אזא קאַנדי־דאַט, וואס האָט עס צוגעזאָגט ווניקער איידער די סאָציאַליסטען, אָבער האָט געהאט אן אויסזיכט ערוועהלט צו ווערען און האלטען וואָרט.

לעזענדיק די סאָציאַליסטישע פּרעסע, קען מען דענקען, אז עס איז ניטאַ אין די פאראייניקטע שטאַטען קיין איינציקער געזעץ לטובת די אַרבייטער; ווען נאָר מ׳ברייגנט אריין א פּראָיעקט פון אַן ארבייטער־געזעץ, פאלט ער דורך; און ווען עס געלינגט שוין יע אמאל דורכצופירען אַן ארבייטער־געזעץ, איז דאָס ניט מער ווי א בלאָף, דאָס איז אָבער נאָר א האלבער אמת.

עס ליגען פאר מיר אפּ׳ן טיש עטלאַכע ספרים מיט ארבייטער־געזעצען, וואָס זיינען ארויסגעגעבען געוואָרען אין פאַרשידענע ציי־טען אין די פאראייניקטע שטאַטען. עס זיינען צווישען זיי פאראַן אַזעלכע, וואָס זיינען ניט מער ווי אַ בלאָף, עס זיינען פאראַן אָבער אַ סך, וואָס זיינען וויכטיק, און אזוינע וואָס מ׳פאָלגט טאַקע, א חוץ דעם זיינען נאָך פאראַן אלגעמיינע געזעצען וואָס זיינען וויכטיק פאר׳ן גאַנצען פאָלק און וואָס זיינען איינגעפירט געוואָרען, וואָרים די ארבייטער האָבען זיי ערנסט געפאָדערט. איך וועל דערמאָנען נאָר א פּאָר, איין געזעץ איז דאָס געהיימע שטימרעכט, דאָס איז ניט פון אָנהויב אָן אזוי געוועזן אין אמעריקע. עס איז איינ־געפירט געוואָרען צום ערסטען מאָל אין מאַסאַטשוסעטס אין 1888, און שפּעטער האָט מען דעם זעלבען געזעץ אָנגענומען אין אַנדערע סטעיטס. אז דאָס איז זעהר וויכטיק פאר די ארבייטער, ווערט אנערקענט פון די סאָציאַליסטען אויך.

ווער האָט איינגעפירט דעם געזעץ? א סאָציאַליסטישע פּאר־טיי, וואָס האָט ערואָבערט די פּאָליטישע מאַכט? עפּעס אַן ארביי־טער־פּארטיי? ניין, דער געזעץ איז אָנגענומען געוואָרען פון רע־פּובליקאַנישע און דעמאָקראַטישע פּאָליטישענס. פאר וואָס? וואָ־רים די ארבייטער האָבען ערנסט געפאָדערט, דער געזעץ זאָל איינ־געפירט ווערען, און די פּאָליטישענס האָבען געוואוסט, אז די אר־בייטער מיינען עס ערנסט. ווען איר זאָגען, אז דער געזעץ ווערט ניט דורכגעפירט?

און אנדער ביישפיל איז דער געזעץ געגען קינדער־ארבייט. אין ניו־יארק, אין באסטאן, אין שיקאגא ארבייטען קיין קליינע קינדער אין די פאבריקעס ניט. עס טרעפט זיך אמאל א פאבריקאנט איז עובר דעם געזעץ, אבער אזעלכע זאכען זיינען פארט אויסנאמען, און מ׳מוז זיך מיט זיי באהאלטען. עס איז ניטא קיין געזעץ, וואס אימיצער זאל ניט ברעכען, אפילו ווען דער געזעץ איז געמאכט געווארען צוליב דעם קאפיטאליסט׳ס תכלית. דער געזעץ האט ארופגעלעגט אף אויסלענדישע ווארען הויכע איינפורס־צאלען. עס איז אבער פאראן קאנטראבאנד, הייסט דאס, אז דער געזעץ איז א בלאף?

ווער האט איינגעפירט אין ניו־יארק דעם געזעץ געגען קינדער־ארבייט? אפשר די סאציאליסטישע פארטיי דורך אירע פארטרעטער אין אלבאני? איז דאס אפשר ניט וויכטיק פאר דעם ארבייטער קלאס?

פאר וואס האבען די פאליטישענס געמאכט דעם געזעץ? וואדים עס זיינען פאראן א סך ארבייטער אין ניו־יארק וואס האבען וואוטס, און די פאליטישענס האבען געוואוסט, אז די ארבייטער ווילען עס און מיינען עס טאקע ערנסט. ווער האט געארבייט, אז די געזעצען זאלען אנגענומען ווערען? די רעפארמערס און די קאנסערוואטיווע טרעיד־יוניאניסטען. זיי האבען ניט געווארט ביז וואנען דיארבייטער וועלען ערוועהלען סאציאליסטישע קאנדידאטען, זיי זיינען געגאנגען צו די דעמאקראטישע און רעפובליקאנישע פאליטישענס און האבען געפאדערט די געזעצע, וואס זיינען נויטיק פאר דעם שוץ פון די ארבייטער. און די רעפארמערס מיט די קאנסערוואטיווע יוניאן־לידערס קענען אנווייזען אף די געזעצע, אלס עדות, אז עס לאזט זיך עפעס טאן צו פארבעסערען די לאגע פון די ארבייטער, נאך איידער זיי וועלען „עראבערען די פאליטישע מאכט“, איצטער פארשטעהט איר, פארוואס די רעפארם־באוועגונגען האבען זיך ארויסגעוויזען אין די פאראייניקטע שטאטען פאר א שטערונג צו דעם וואקסען פון דעם סאציאליסטישען וואוט? צי ניט דערפאר אפשר, וואס די סאציאליסטישע פארטייען האבען נאר איין תפילה: „לשנה הבא בירושלים“, פון „המוציא להם מן הארץ“ ווילען זיי אין דער פראקטיקע גאר ניט וויסען?

די דאַזיקע כלומר'שט „רעוואָלוציאָנערע“ טאַקטיק פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי העלפט די פּאָליטישענס פון די אַלטע פּאַרטייען צו באַפעסטיקען זייער איינפלוס איבער די אָרגאַניזירטע ארבייטער. עס איז כדאי צו הערען וועגען דעם די מיינונג פון דזשעימז מאורער, דען סאָציאַליסטישען אסעמבלימאַן פון פּענ־סילוועיניא און דעם פּרעזידענט פון דער סטעיט פעדערעישאַן איז לעיבאָר פון פּענסילוועניא. אַט וואָס ער זאָגט אין אַן אַרטיקעל, וועלכער איז ערשינען אין „ניו־יאָרק קאָלל“ אין זומער 1915:

„אַ יונגערמאַן, וואָס זוכט כבוד טרעט אריין אין די יוניאָן, בעזוכט רעגעלמעסיג אירע מיטינגען, טוט ארבייט אין קאָמיטעס, קען האַלטען אַ גוטע רעדע, פון צייט צו צייט פאַרנעמט ער פאַר־שידענע עמטער אין דער יוניאָן, ער ווערט באַקאַנט פּערזענליך מיט יעדען מיטגליד, און ערקלערט זיך פאַר אַ קאַנדידאַט פאַר ערגעץ אַ פּאָליטישען אמט. די מיטגלידערשאַפט קען עס פאַר אַ גוטען, ערלאַבען און זעהר אַ טעטיגען יוניאָן־מאַן. ער האָט גוטע אויס־זיכטען ערוועהלט צו ווערען, ווען מיט אַמאָל קומען די סאָציאַליס־טען מיט זייער קאַנדידאַט, וואָס לויפט פאַר דעמזעלבען אמט. דער יוניאָן קאַנדידאַט איז נאָמינירט געוואָרען אויף דעם טיקעט פון דער שטאַרקסטער פּאַרטיי אין דעם דיסטריקט. דער קאַנדידאַט פון דער צווייטער פּאַרטיי איז אַ קאָרפּאָרעישאַן מאַן, און אויב עס וואָל־טען געשטאַנען איינער געגען דעם אנדערען נאָר די צוויי קאַנדי־דאַטען, וואָלט ער געהאַט אַ קנאַפּען שאַנס עלעקטעט צו ווערען. דער קאַמפּעין ווערט וואַרעמער. געוועהנליך פירען די סאָציאַליס־טען דעם טעטיגסטען קאַמפּעין. דאָס טוט אונדז טאַקע כבוד, אָבער אנשטאָט צו אַטאַקירען דעם קאַפּיטאַליזם, פאַלען זיי אָן אויף דעם שטאַרקסטען קאַנדידאַט, און דאָס איז דער יוניאָן־מאַן. דער ניט סאָציאַליסטישער אַרבייטער ווייס זעהר ווייניג אָדער גאָרנישט פון אונדזער פילאָסאָפיע. מען האָט עס געלערנט צו וואוטען פאַר אַ גוטען מאַן, אויף גאָמפּערסעס לשון: זיי דאַנקבאַר צו דיינע פריינט און באַשטראָף דיינע שונאים. עס זיינען אויך פאַרבונדען מיט די אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס, געוויסע אַקטיווע אַרבייטער, וואָס זיינען נאָהענט צום סאָציאַליזם און האָבען ביי די פריהערדי־קע וואַלען געוואוט פאַר געוויסע סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטען. זיי זעהען אָן אויסזיכט צו ערוועהלען דעם יוניאָן־מאַן, אויב די סאָציאַליסטען וועלען זיי ניט שטערען, וואָרים כמעט יעדער וואו־

מער, וואָס די סאָציאַליסטען קענען איינרעדען, ער זאָל וואוטען פאַר זייער קאַנדידאַט, איז פאַרלאָרען פאַר דעם יוניאָן־מאַן קאַנ־דידאַט. אין אַזאַ קאַמפּף ציהען ביידע פון דעם אונאַבהענגיקען אַרבייטער וואוט... די וואַל איז פאַריבער, די באַלאָטס זיינען געצעהלט געוואָרען. דער יוניאָן־מאַן און דער סאָציאַליסט זיינען ביידע דורכגעפאַלען; דער קאַנדידאַט פון די קאָפּאָרעישאָנס איז ערוועהלט.

„קיינע טענות וועלען ניט איבערצייגען די יוניאָן־לייט, אַז די סאָציאַליסטען האָבען זיך ניט אריינגעמישט אין דעם קאַמפּעין צו שלאָגען דעם אַרבייטער קלאַס און צו ערוועהלען דעם קאָרפּאָרעי־שאָן קאַנדידאַט“.

די סאָציאַליסטישע טענה איז, ווי מאורער זאָגט, אַז „אַלע קאַפּיטאַליסטישע קאַנדידאַטען האָבען ביי אונדז איין פּנים. מיר בוקען זיך ניט פאַר פּערזאָנען. פאַר אונדז איז דער עיקר דער פּרינציפּ, ניט די פּערזאָן“.

נו, עס איז טאַקיע גאַנץ שעהן וואָס מען קוקט ניט אויף די פּער־זאָן, מ'האָט נאָר אין זינען דעם פּרינציפּ. אבער מען דרש'ענט דאָך צו דעם אַרבייטער, אַז ער דאַרף וואוטען פאַר אַזעלכע קאַנדידאַ־טען, וואָס וועלען דורכפירען דעם פּרינציפּ אין געזעץ און וועלען אויפפּאַסען, אַז דער געזעץ זאָל דורכגעפיהרט ווערען אין לעבען. דאָס הייסט, אַז דער פּרינציפּ נוויטיקט זיך אין דער פּערזאָן, וואָס זאָל עס דורכפיהרען. ווען עס לויפען איינער אנטקעגען דעם אנ־דערען אַ געטרייער יוניאָן מאַן און אַ משרת פון קאָרפּאָרעישאָנס, טו וועט דאָך איינער פון די צוויי פּערזאָנען מוזען ערוועהלט ווע־רען, קומט שוין אויס, אַז דער פּרינציפּ ווערט אויסגעדריקט אין דער פּערזאָן פון דעם קאַנדידאַט.

וואָס דער משל ווייזט, איז אַז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, זוכענדיק צו באַנוצען זיך מיט יעדען קאַמפּעין צו מאַכען פּראָפּאַ־גאַנדע פאַר'ן סאָציאַליזם, פּירט גאָר אויס, אַז זי שטויסט אָפּ די אָרגאַניזירטע אַרבייטער פון דעם סאָציאַליזם.

5.

## דער חרם נעגען פיוזשאָן.

דער חרם אין דער ס. ל. פּ. געגען יעדען אָפּמאַך מיט אַנאַנדער פּארטיי איז געוועזן זעהר שטרענג. די סאָציאַליסטען פלעגען זאָגען מיט שטאָלץ, אַז די סאָציאַליסטישע פּארטייען מאַכען ערגעץ קיין קאָמפּראָמיסען ניט, — אַזוי איז געשטאַנען אין דעם „פּיפּל“, — און זיי האָבען געגלויבט באמונה שלמה, אַז די זיגען פון די אייראָפּעאישע סאָציאַליסטישע פּארטייען זיינען ערוואָרבען געוואָרען נאָר דורך אונאָפּהענגיקע אונקאָמפּראָמיסליכע פּאָליטיק. אין דער ס. פּ. איז פון אָנהויב דער דין געגען פיוזשאָן אויך געוועזן פּונקט אַזוי שטרענג, ווי אין דער ס. ל. פּ.: פאַר פיוזשאָן האָט געקומט אויסשליסען פון דער פּארטיי.

„אויסשליסען“ איז ווי אין חרם אריינלעגען. דאָס איז די העכסטע שטראָף, וואָס אַ פּארבאַנד אָדער אַ געזעלשאַפט קען ארופלעגען אַף אירען אַ מיטגליד. דער אויסגעשלאָסענער ווערט באַטראַכט פאַר אַן עהרלאָזען מענטש. אַזאַ שטראָף ווערט נאָר ארופּגעלעגט פאַר אַ שווערען פארברעכען.

פּארבינדען זיך מיט ערגעץ אַנאַנדער פּארטיי אָדער רעפאָרמבאַוועגונג איז אין יענע צייטען געוועזן אַזוי ווי שמד'ען זיך ביי אידען. דער גייסט פון דער פּארטיי האָט זיך זעהר בולט ארויסגעוויזען אין דער ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער צייט פון דריי יאָר אין דער פּערזאָן פון איר אָפּיציעלען באַנער־טרעגער, יודזשין וו. דעבס'ן. ווי איר געדענקט, איז זיין סאָשאַל דעמאָקראַסי געגרינדעט געוואָרען אין 1897 דורך אַ קאָנפערענץ, אַף וועלכער עס זיינען פארטראָטען געוועזן אַלערליי פּאָרטשריטליכע אָרגאַניזאַציעס. די ס. ל. פּ. האָט בשעת מעשה פון דער קאָנפערענץ געמאַכט אַש און בלאָטע. מיט פיר יאָר שפּעטער איז אַזאַ קאָנפערענץ אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין דעטראַיט. צווישען יענע, וואָס האָבען זי איינבארופען, זיינען אַגב געוועזן אַ פּאָר מיטגלידער פון דעבס'עס אייגענער פּארטיי. איצטער איז געקומען פאר דעבסען די צייט צו פארשפּאָטען און באַשמוצען די דעטראַיטער קאָנפערענץ. אָט וואָס ער האָט געשריבען וועגען איר:

„מיר רעכענען יעדען איינעם פאר אונדזוערען א געגנער, וועל־
כער איז ניט מיט אונדז געגען דעם קאפיטאליסטישען קלאס. ספע־
ציעל יענע רעפארמערס מיט הינערשע הערצער, וואס זיינען פאר
אלעמען, הויפטזעכליך פאר זיך אליין, און געגען קיינעם ניט. איך
גלויב, אז די מייסטע פון יענע רעפארמערס זיינען עהרלאך און
מיינען גוט. אבער איך ווייס, אז מאנכע פון זיי, בשום אופן ניט
אונבאדייטענדע, זיינען שארלאטאנעס און שווינדלער. זיי זיינען
די פארטרעטער פון די אינטערעסען פון דעם מיטעל־קלאס, און די
כיטרע אלטע פאליטישענס פון די קאפיטאליסטישע פארטייען ווייי־
סען, ווי צו באנוצען זיך מיט זייער איינפלוס... זיי זיינען געשלא־
גען געווארען אין דעם קאפיטאליסטישען שפיל דורך בעסערע שפי־
לער. זיי פירען דעם שפיל צוליב דעם, וואס זיי קענען מאכען אן
דעם. זיי האבען זיך אויסגעוויזען פאר א דורכפאל אלס גלחים, אלס
אדוואקאטען, אלס פאליטישענס און אלס קאפיטאליסטען. אין זייי־
ער נייער ראליע פון רעפארמערס ערלויבען זיי זיך ניט צו באליי־
דיקען די קאפיטאליסטישע עקספלואטאטארס, ווייל זייער פרנסה
היינגט אפ פון זייער פארראטה געגען די עקספלואטירטע שקלא־
פען, וועלכע זיי באוויינען מיט קראקאדילען־טרערען, איך רעספעק־
טיר דעם ערלאבען פארזוך פון יעדען מאן אדער פון יעדע גרופע
מענטשען, אפילו ווען זיי זיינען אף א פאלשען וועג, צו פארבעסע־
רען די כאציאלע לאגע, אבער איך האב קיין געדולד ניט פאר
שווינדלער און קוואקס, וואס טראגען די מאסקע פון מילדקייט
און וואס אין נאמען פון ברידערלאכקייט פארראטען זיי זייערע
אפפער צו דעם קלאס, וואס באהויבט זיי אן רחמנות. גראד פון
דער לעצטער וואל (פון 1900) זיינען איניקע פון יענע סאציאליס־
טען פלוצלונג ארויסגעקומען מיט א פעטיציע צו מיר, איך זאל
זיך ענטזאגען פון מיין קאנדידאטור צו גונסטען פון בריינען. די
ארגאשיעיטעד פרעס האט געקראגען א וואונק און די פעטישאן
איז טעלעגראפירט געווארען איבער דעם גאנצען לאנד און איז ער־
שינען אין אלע קאפיטאליסטישע צייטונגען. עס איז געווען א קא־
פיטאליסטישער רויבער־קאמפלאט. עס זיינען פארעפענטליכט גע־
ווארען באריכטען, אז די סאציאליסטען האבען זיך אפגעקערט פון
מיר און וועלען אונטערשטיצען ברייאנען. איך האב פרובירט בא־
קאנט צו מאכען דעם אמת, אבער עס האט ניט געהאלפען: די טע־
לעגראף־אגענטור האט נעהאט אירע ארדערס און די מיאוסע שטיק

האָבען געדינט דעם מיזעראבעלען צוועק פון די מאַכערס, די רעפּ־
טיליען. דיעזער עלעמענט וועט זיין פּראָמינענט אין דער קאָנפּע־
רענץ אין דעטראָיט, און די קאפּיטאַליסטיישע פּרעסע וועט זיי באַ־
האנדלען מיט רעספּעקט"*).

די זידלעריי, די פּערזענליכע אינסינואַציעס, ניט אָנרופענ־
דיק די נעמען, אָבער אזוי, דאָס יעדער קען די פּערזאָנען דערקע־
נען; די פאַרדעכטיקונגען פון די „רעפאָרמערס", אז זיי האָבען זיך
פאַרקויפט צו די קאפּיטאַליסטען, דער ליבלינגס־ווערטעל: „פּער־
ראַטה", דער גאַנצער ארטיקעל, — האָבען געקלונגען ווי די
אַטאַקעס, וואָס דעליאָנ׳ס „פּיפּל" האָט מיט דריי־פיר יאָר פריהער
געמאַכט אויף דעבס׳ן אליין.

די „מאַכערס", וואָס האָבען צו עס געשיקט די פּעטיציע, זיינען
געוועזען בליס, א געוועזענער גלח, דער רעדאַקטאָר פון דער „ענצי־
קלאָפּעדיע פון סאָציאַל־רעפאָרם", איינער פון די פּיאָנערען פון
בעלאַמי׳ס „נאַציאָנאַליסטישער" באַוועגונג, — ער ווערט פריהער
דערמאָנט אין דעם זעלבען ארטיקעל גופא, — און עלטוויד פּאָמ־
ראָי, וועלכער איז אין יענער צייט געוועזען דער פירער פון דער רעפע־
רענדום באַוועגונג, וואָס פאַר א קרימינאַל האָבען זיי דאָ באַגאַנגען?
זיי האָבען געגלויבט אין ברייענען און האָבען אויפגעפאָדערט דעבס׳ן
ער זאָל טאָן אין 1900, וואָס ער האָט געטאָן אין 1896. דעמאָלט
האָט דער „אפּיל טו ריזאָן" א לאַנגע צייט פאַר דער פּאָפּוליסטישער
קאָנווענשאָן אַגיטירט פאַר דעבס׳עס קאַנדידאַטור פאַר פּרעזידענט
אויף דעם פּאָפּוליסטישען טיקעט. ווען עס איז געקומען צו דער
קאָנווענשאָן, האָבען די סאָציאַליסטישע און ראַדיקאַל־געזאָנענע
פּאָפּוליסטען עס געוואָלט נאָמינירען געגען ברייענען, וועלכער איז
שוין נאָמינירט געוועזען פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, אָבער
דעבס האָט עס ניט געוואָלט שטעהן אין וועג.

אין 1900 איז די קאַמפּעין־אישו (די שטרייט פראַגע) צווי־
שען די רעפּובליקאַנער און די דעמאָקראַטען געוועזען אימפּעריאַליזם.
היינט פאַרשטעהן שוין די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטען, אז אימ־
פּעריאַליזם איז א געפאַר פאַר דעם ארבייטערקלאַס. איז דאָס גע־
ווען אַזאַ עולה פון בליס׳ען, וואָס ער האָט דאָס פאַרשטאַנען אין יע־

*) סאָשיאַל דעמאָקראַטיק העראַלד, אַפּריל 27, 1901.

נער צייט, ווען דעבס האָט גע'דרש'ענט פון דער פּלאטפאָרמע, אז די פראגע וועגען אימפּעריאליזם און די פיליפינעס איז א פראגע, אין וועלכער עס זיינען פאראינטערעסירט נאָר די קאפּיטאַליסטען, ניט דער ארבייטערקלאַס? עס איז גאַנץ קלאָר געווען פאר אלעמען, אז ענטוועדער בראיאן, אָדער מאק־קינלי מוז ערוועהלט ווערן, און די אנטי־אימפּעריאליסטען זיינען געווען מיט דער מיינונג, אז די פאָלקס־אינטערעסען פארלאנגען, אז בראיאן, דער אנטי־אימפּעריאליסטישער קאנדידאט זאָל ערוועהלט ווערן. זיי האָבען מורא געהאט, אז דעבס'עס פּערזענליכע פּאָפּולאריטעט קען צוציהען צו עם גענוג פּאַרטײ־ריטליכע וואוטס צו העלפען דעם רעאקציאָנערען קאַנדידאט מאק־קינלי געווינען ביי דער וואַל, — האָבען זיי זיך געווענדעט מיט א פּעטיציע צו דעבס'ן, ער זאָל ניט אָננעמען די קאנדידאַטור פאר פּרעזידענט. מיר האָבען געזעהען, אז אין פראנקרייך האָבען אלע פראקציעס פון דער סאָציאליסטישער פּארטיי און ענגלאַנד אַ פאַל געהאַנדעלט פּונקט אזוי, ווי די אמעריקאנער רעפּאָרמערס האָבען געפאָדערט פון דעבס'ן, — זיי האָבען געשטימט פאר דעם קאנדידאט פון דעם מיטעלקלאַס לובע געגען דעם מיליטאריסטישען קאנדידאט פאר פּרעזידענט — מעלינ'ען. מיט וואָסזשע האָבען זיך די אמעריקאנער רעפאָרמערס פארזינדיקט, מ'זאָל זיי חושד זיין, אז זיי האָבען זיך פארקויפט?

די מעשה מיט דער אסאָשיעיטעד פּרעס איז ניט ווערט קיין אויסגעבלאָזענע איי. דעבס האָט דערמיט געמיינט, אז ברייאַנ'ס „מאכערס“ זיינען געווען יד אחת מיט דער אסאָשיעיטעד פּרעס, וואָס א קינד נאָר ווייס ניט, אז זי איז א רעפּובליקאנער פּרעס־אַגענטור. זייט רוהיג, ווען דער פאלשער קלאנג, אז די סאָציאַליסטען האלטען פאר ברייענען, וואָלט געווען פאר עס א טובה, וואָלטען שוין די רעפּובליקאנער בעלי־בתים פון דער אסאָשיעיטעד פּרעס געזעהן, אז דעבס'ס באריכטיקונג זאָל אריין אין אלע דעפּעשען. והא ראיה, אז אין דעמזעלבען קאמפּעין האָבען די רעפּובליקאנער געגעבען די געלט פאר דעבס'ס קאמפּעין אין נעבראסקא. בלייבט, אז די רעפּאָרמערס זיינען דערפאר „שווינדלער“, וואָס זיי זיינען די „פארטרעטער פון די אינטערעסען פון דעם מיטעלקלאס“. הייסט, ווען זיי זיינען די פארטרעטער פון דעם מיטעלקלאס, ווען זיי האָבען אפילו מורא צו זידלען די קאפּיטאליסטען (וואָס זידלעריי איז דאָך אזוי וואָלוועל אין אמעריקע), טו ווע־

**מען־זשע נארען זיי, און ווי אזוי זיינען זיי „פאררעטער“? א פאר־רעטער איז איינער, וואס לויפט איבער אין דעם געגנערשען לאגער. אבער ווען באנקראָטירטע גלחים, אדוואקאטען, קאפיטאליסטען און פאליטישענס האלטען פאר דעם קאפיטאליסטישען קלאס, טו וואו איז דא דער „פארראט“?**

6.

## פארברעכענס געגען דעם פארבאט פון פיוזשאן.

**דער וואוקס פון דער סאציאליסטישער באוועגונג האט דא** אויך געבראכט צו א קאנפליקט צווישען דער פארטיי־פרומקייט און די פאדערונגען פון דעם פראקטישען פאליטישען לעבען. דא און דארטען האט מען אנגעהויבען עובר צו זיין דעם פארטיי־דין.

אין 1901 איז אין האבאקען איינשטימיק ערוועהלט געווארען א סאציאליסטישער זשאסטיס און דהי פיס מר. אייכמאן, דעם ערס־טען מאל האט עם אנגעשטעלט דער גובערנאטאר אף א וואַ־קאנטען פלאץ, נאכדעם ווי ער איז אפגעווען זיין טערמין איז ער אזוי באליבט געווארען פון אלע איינוואוינער, אז ווען די סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי האט עם אופגעשטעלט פאר א קאנדידאט, האבען אי די דעמאקראטען אי די רעפובליקאנער עם אויך אופגע־שטעלט. אף דעם פארלאנג פון דער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי האט ער ערקלערט אין די צייטונגען, אז ער באטראכט זיך נאר פאר א קאנדידאט פון דער סאציאל־דעמאקראטישער פארטיי. פון קיין קאמפראמיס, פון קיין פיוזשאן אין דעם געוועהנליכען זין פון ווארט איז אלזא קיין רייד ניט געווען — מ׳קען דאך ניט „פיוזען“ צו דער זעלבער צייט מיט צוויי פארטייען. נאך דער וואל אבער האט די פארטיי עם אופגעפאדערט, ער זאל רע־זיגנירען זיין אמט. ער האט זיך ענטזאגט דאס צו טאן, ווייל ער האט זיך באטראכט פאר א פארטרויענסמאן פון דעם גאנצען פאלק פון זיין דיסטריקט. דערפאר האט די פארטיי עם אויסגעשלאסען, דאס הייסט: „א חשד טאר ניט פאלען אף דעם קיסר׳ס ווייב“.

מיט א יאר שפעטער, ביי דער וואל פון 1902, האט אנגעמאכט

א גאנצען רושם אין דער פארטיי די פאראייניקונג פון דער סאָציאַ־ליסטישער פארטיי אין קאליפאָרניא מיט דער יוניאָן־לעיבאָר פאר־טי, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרען פון די טרעיד־יוניאָנס פון יע־נעם סטעיט. דער הויפט־אָנפירער אין דער פיוזשאָן איז געווען דזשאָב הארימאן, וועלכער איז אין 1900 געלאָפען פאר וויצע־פרעזידענט אף דעם טיקעט פון דער סאָציאַליסטישער פארטיי. אין דער „ניו־יאָרקער פאָלקסצייטונג" איז אין דער אנגעלעגענהייט ערשינען א לייטארטיקעל, וואָס האָט אראָפּגענומען די עבירה פון די קאליפאָרניער גענאָסען.

„קאָמפּראָמיסען זיינען אין דער פּאָליטיק און אין דעם טעג־לאכען לעבען גאָר א נעוועהנלאכע זאך", איז געשטאַנען אין יע־נעם ארטיקעל, — „ווייל אויב יעדע קליינע פארטיי, פראקציאָן, אָדער יעדער איינצעלנער מענטש, וואָס ער האָט פונקט דאָס זעל־בע רעכט, זאָל וועלען באשטעהן דוקא אף זיין מיינונג, טו איז לחלוטין אונמעגלאך צוזאמען עפּעס צו טאָן.

„אין די קלענסטע קהילות און אין פארלאמענטען פון די גרעס־טע מדניות, ווען מ'וויל עפּעס אופטאָן, איז אמאָל נויטיק אופצו־געבען א מיינונג אדער זי אוועקצורוקען אָן א זייט אף א געוויסער צייט, און דערמיט באגעהט מען נאך ניט קיין אונטרייהייט אָדער קיין פארראט.

„אין די סאָציאַליסטישע פארטייען פון אַלע לענדער איז, אמת, שטענדיק געווען א שטארקע שטרעמונג געגען קאָמפּראָמי־סען, אָבער זיי זיינען פאָרט באגאנגען געוואָרען.

„אין דייטשלאנד האָט מען אף די צוזאמענפאָרען פון דער פארטיי פיל מאָל באשלאָסען אז ביי שטיכוואלען זאָל מען גאָרניט שטימען; אָבער מ'האָט דעם באשלוס קיינמאָל ניט געפאָלגט, און מ'איז געצוואונגען געווען עם צוריק צורופען. אמאָל האָט מען אפילו דעם אלטען ליבקנעכט באשולדיקט, אז ער האָט באגאנגען א פאר־ראט. ווייל קורץ פאר א שטיכוואל האָט ער געמאכט אן אָפּמאך מיט דעם געגנער. אָדער ער האָט ארויסגעלאָזען אן אופפאָדערונג צו די גענאָסען, פון וועלכע עס האָט אויסגעזעהן, אז ער האָט קענטיק גע־מאכט אן אָפּמאך. וועגען די באטייליקונג אין די וואַלען צום פּריי־סישען לאנדטאָג האָבען דריי פארטייטאָגען אנגענומען ווידער־

שפּרעכענדע באשליסע. צום סוף האָט א מאַיאָריטעט עס אנערקענט פאַר נויטיק און ניצלאך*).

„וואָס עס איז פאָרגעקומען אין פראַנקרייך און איטאַליען, איז אזוי באַקאַנט, אז עס איז גענוג נאָר פון די זאָכען צו דער־מאָנען. און וואס איז שייך אונדזער פּאַרטיי, טו קען מען דערמאָנען איר אַנטייל אין דער באַוועגונג פון די גרינבעקער און פון הענרי דזשאָרדזשען".

„אין גרונד גענומען וואָלט מען ווייניק וואָס געגען די זאך געקענט זאָגען. וואָס מ'זאָגט, אז דערמיט ווערט דער סאָציאַליסטי־שער פּרינציפּ געשעדיקט און פאַרוואסערט, איז גאָר ניט ריכטיק. יענע וואָס ריידען אזוי, האָבען קיין צוטרויען ניט צו זיך אַליין און צו זייערע געדאַנקען. און אין דעם זיינען זיי אפשר גערעכט; א חוץ דעם אָבער פאַרגעסען זיי די געזעלשאַפטליכע פאַרהעלטניסע, וואָס באַשאַפען דעם סאָציאַליזם מיט דער קראַפט פון אַן עקאָנאָמי־שען נאַטור־געזעץ. דער סאָציאַליזם קען אַלזאָ ניט אויסגעשטופּט ווערען דורך אַנדערע אידעען. ער וואַקסט אויס איבער א נייס מיט דער נאַטור פון די מאַסען אַליין, הגם איינצעלנע פּערזאָנען ווערען אונטריי דעם סאָציאַליזם מיט קאָמפּראָמיסען און אַן קאָמפּראָמי־סען... יעדע באַשטימטע רעגעל קען דאָ נאָר אָנמאַ־כען שאָדען, מ'מוז די פּאַרטיי־גענאָסען לאָזען פריי צו באַשליסען אין יעדען פאַל, ווי עס פּאַסט זיך בעסער. אַן אַלגעמיינע רעגעל, קען נאָך אונדזער מיינונג נאָך, נאָר געהן אזוי ווייט, אז די קאָמפּראָ־מיסען זאָלען באַשרענקט ווערען אויף די קלענסטע מאָס. ניט מחמת זיי זיינען א פאַרברעכען און ניט מחמת זיי זיינען אזוי געפערלאך פאַר די פּאַרטיי, נאָר ווייל א סך גענאָסען געפעלט עס ניט און דורך דעם קען ארויסקומען א שפּאַלטונג, אָדער די פּאַרטיי קען דורך דעם פאַרלירען דעם חשק צו ארבייטען".

*) אין פּרייסען האָבען זיי אַזאַ וואַל־געזעץ, אַז עס איז אַ לאַנגע צייט אונמעגלאך געווען פאַר די סאָציאַליסטען אופצושטעלען אייגענע קאַנדידאַטען צום לאַנדטאַג, און זיי האָבען נאָר געהאַט די ברירה צו וואוטען פאַר אַ קאַפּיטאַליסטישען קאַנדידאַט, אָדער גאָר ניט צו וואו־טען. אַלזאָ האָט מען אין יענע צייטען באַשלאָסען צו וואוטען פאַר קאַ־פּיטאַליסטישע קאַנדידאַטען.

בקיצור, א קאָמפּראָמיס איז גאָר קיין פּעררעאַט ניט, עס איז גאָר ניט געפּערלאַך פאַר די פּאַרטיי, מ'מעג מאַכען קאָמפּראָמיסען, גאָר פּאָוואָלינקע, כדי אונדזערע גענאָסען זאָלען ניט ברוגז ווע־רען.

די סעקציאָן מאָלרען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פון מאַסאַטשוסעטס האָט געמאַכט א פּאָרשלאַג אויסצושליסען הער־רומאַנען פון דער פּאַרטיי, נאָר דער פּאָרשלאַג איז דורכגעפּאַלען. דערמיט האָט זיך אָבער די געשיכטע ניט געענדיגט. דער דעמאָל־טיגער „נעשאָנאַל קוואָרום"*) פון דער פּאַרטיי האָט געהאַלטען מיט הערדימאַנען. דאָס האָט געמאַכט אַן אונגעהויערן סקאַנדאַל אין דער פּאַרטיי. דער נעשאָנאַל קוואָרום איז אָן לאַנגע צערעמאָ־ניעס אראָפּגעזעצט געוואָרען און די הערקוואַרטערס פון דער פּאַר־טיי זיינען איבערגעטראָגען געוואָרען פון סענט־לואי קיין שיקאַגאָ.

ארום דערזעלבער צייט איז פּאָרגעקומען א קרימינאַל־פּראָ־צעס אין דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פון דער שטאָט טאָלידאָ. דאָר־טען איז דעמאָלט דער מעיאָר געווען סעמיועל דזשאָונז, וועלכער האָט זיך באַטראַכט פאַר א „קריסטליכען סאָציאַליסט**).

צום ערסטען מאָל איז ער ערוועהלט געוואָרען פאַר מעיאָר אין 1897, אַלס רעפּובליקאַנער קאַנדידאַט. ביז יענער צייט איז ער קיינמאָל ניט געווען טעטיג אין דער פּאָליטיק. די רעפּובליקאַנער פּאַרטיי האָט איהם נאָמינירט פאַר דעם אמט דערפאַר, ווייל זי איז געווען שטאַרק קאָמפּראָמעטירט אין דער שטאָט און זי האָט זיך

---

*) אַזוי האָט דעמאָלט געהייסען די עקזעקוטיווע פון דער נע־שאָנאַל־קאָמיטע.

**) מ'דאַרף ניט צוזאַמענמישען די אַמעריקאַנער „קריסטליכע סאָ־ציאַליסטען" מיט די „קריסטליך־סאָציאַלע" אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך: יענע זיינען רעאַקציאָנערן און אַנטיסעמיטען, בעת די אַמע־ריקאַנער „קריסטליכע סאָציאַליסטען" זיינען סאָציאַליסטען, וואָס באַ־גרינדען זייער סאָציאַליזם אויף דעם ברית־חדשה. אַ סך קריסטליכע סאָ־ציאַליסטען באַלאַנגען צו דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. איינער פון זיי־ערע רביים, כאַרלס וווּלסאָן, איז אין 1910 ערוועהלט געוואָרען אַלס קאַנדידאַט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי פאַר דעם אַמט פון מעיאָר פון בערקלי, אַ פּאָרשטאָט פון סאַן־פראַנסיסקאָ.

נענויטיקט אין אן ערלאכען קאנדידאט. דזשאונז איז געווען א פאבריקאנט, וואס האט אנגעהויבען זיין לעבען אלס ארבייטער. ער האט געמאכט אן ערפינדונג, וועלכע האט עם געמאכט רייך. גע־וועהנלאך ווערען פון אזעלכע לייט די גרעסטע הויט־שינדערס. דזשאָנז אבער איז געוואָרען אן „ארבייטער־פריינט“ אין דעם קאַ־פיטאַליסטישען זין און האט איינגעפירט אלערליי פילאנטראָפישע איינריכטונגען אין זיין פאבריק צו פארבעסערען די לאגע פון די ארבייטער. דערמיט איז ער געוואָרען פּאָפּולער אין שטאָט און די פּאָליטישענס האבען געהאפט, אז ווען ער וועט ערוועהלט ווערען, וועט ער זיי לאָזען פריי באלעבאטעווען איבער דער שטאָט, און וועט זיך אָפּגעבען ווי פריהער מיט זיינע געשעפטען. אין דעם האבען זיי געהאט א טעות. אף א צווייטען טערמין האבען זיי שוין איהם ניט נאָמינירט. ער איז אבער געלאָפען אלס אונאָפּהענגיקער קאַנדידאַט און איז ערוועהלט געוואָרען מיט מער שטימען ווי דער רעפּובליקאַ־נער און דער דעמאָקראטישער קאַנדידאט האבען געקראָגען ביידע צוזאמען. ער האט זיך באלד נאָך דעם ערקלערט פאר א פרינצי־פיעלען געגנער פון דעם פארטיי־סיסטעם און פאר א „קריסטליכען סאָציאליסט“. די וואוטערס האבען עם ביי יעדער וואל פאר מעיאר ווידער ערוועהלט אלס אונאָפּהענגיקען קאַנדידאט, און ער איז גע־שטאָרבען אין אמט אין 1904*).

אין 1903 האָט ער דורכגעפירט א געזעץ, אז די שטאָט־ביב־ליאָטעק זאָל שטעהן אונטער דער אופזיכט פון אן אונפּארטייאישער באָרד און טראסטים, וואס זאָלען דינען אן געהאלט, און ער האט אָנגעשטעלט אף דעם פלאץ פון א טראָסטי דאָקטאָר פייל׳ן, א מיט־גליד פון דער סאָציאליסטישער פּארטיי. עס האָט זיך דאָ געהאנ־דעלט אום פאָלקס־אופקלערונג, צו זעהען, אז די עפענטליכע ביב־ליאָטעק זאָל צולאָזען סאָציאליסטישע ביכער, זשורנאלען און צייִ־טונגען. ווי באקאנט, ווערען זיי אין פילע ביבליאָטעקען אויס־געשלאסען, ווייל דער ביבליאָטעקאר איז געוועהנלאך א קאפּיטאַ־ליסטישער משרת. די סאָציאליסטישע פארטיי האָט תמיד פּראָ־טעסטירט, אז מ׳לאָזט ניט צו איר ליטעראטור, אבער ווען עס האָט זיך דאָ דער פארטיי געבאָטען א געלעגענהייט צו טאָן עפּעס, אז

---

*) געגויער איבער עם ז. מיין אַרטיקעל אין „דער ציקונפט“, אָק־טאָבער און נאָוועמבער 1904.

איר ליטעראטור זאָל יע צוגעלאָזען ווערען, איז דאָס געווען מוקצה — עס האָט געשמעקט דאָך מיט קאָמפּראָמיס, די פּארטיי־אָרגאני־זאַציע האָט אופגעפאָדערט דאָקטאר פייל'ען, ער זאָל רעזיגנירען ענטוועדער פון דעם אַמט, אָדער פון דער פּאַרטיי. דאָקטאר פייל איז אַ מאַן און האָט נאַטירליך רעזיגנירט פון דער פּארטיי.

אַן ענלאכער פאַל, אָבער מיט אַנאנדער אויסגאַנג, איז פּאָר־געקומען אין 1905 אין דער שטאָט קעמדען. וועגען דעם איז אין אַ פּארטיי בלאָט געשטאַנען דער פאָלגענדער באַריכט:*)

„געגאָסע נעלענשטיין פון קעמדען, ניו דזשוירזי, וועלכער איז אָנגעשטעלט געוואָרען פון אַ זאָגענאַנטען „אונפּארטייאישען" בעאַמטען אַלס מיטגליד פון דער סקול־באָרד, האָט רעזיגנירט, פאָלגענדיק דעם ראַט פון לאָקאַל קעמדען".

דאָס איז געווען באַריכטעט אַזוי ווי עס וואָלט געדאַרפט אַזוי זיין, אָן קיין איינציקען וואָרט פון דער רעדאַקציע געגען אַזאַ שטעלונג. מען דאַרף וויסען, אַז אין אַ סך שטעט איז די רעפּאָר־מערס געלונגען צו באַפרייען די סקולס פון דער ממשלה פון די פּאָ־ליטישענס. צו דעם צוועק באַשטימט דער געזעץ, אַז אַף דעם באַ־לאָט פאַר די בעאַמטע וואָס האָבען אופזיכט איבער די סקולס זאָל ניט באַצייכענט ווערען קיין פּארטיי, און די קאַנדידאַטען זאָלען נאָמינירט ווערען פון בירגער בכלל, ניט פון ערגעץ אַ פּארטיי. פאַר די סאָציאַליסטישע פּארטיי, וואָס האָט נאָך היינט אויך אַ קנאַפּע אויסזיכט צו קריגען אַ דעה איבער דער פירונג פון די סקולס, איז אַזאַ רעפאָרמע זיכער אַ געווינס. אָבער די סאָציאַליסטישע פּארטיי איז אימער אופגעטראָטען געגען אַלצדינג, וואָס טראַגט אַן „אונ־פּארטייאישען", אָדער פּארטיילאָזען כאַראַקטער.

די פרומקייט פון דער פּארטיי האָט זיך ארויסגעוויזען אין אַ קליינעם אינצידענט ביי דער נאַציאָנאַלער קאָנווענשאָן פון דער פּארטיי אין שיקאַגאָ אין 1904.

אַ דעלעגאַט פון קאַליפאָרניא, סטיט ווילסאָן, איז גע'מסר'ט געוואָרען פאַר דער קאָנווענשאָן, אַז בשעת ער איז אין דעם פאָריקען יאָר געווען אין סענט־לואיס, האָט ער מיט אַ טעלעגראַמע אָפּגעגע־בען מזל טוב אַ „קאַפּיטאַליסטישען פּאָליטישען". ווען יענער איז

---

*) סאָשאל דעמאָקראַטיק העראָלד, דזשון 10, 1905.

ערוועהלט געווארען פאר מעיאר, — אזא מענטש איז ניט ווערט צו זיין א דעלעגאט, האבען גע'טענה'ט די פראטעסטאנטען. מ'האט באלד געמאכט א סלעדסטווע, און עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז דער „קאפיטאליסטישער פאליטישען" איז געווען מעיאר דזשאנס פון טאלידא.

דער אנגעקלאגטער האט זיך געהאלטען ווי א אינגעלע, וואס מ'האט געכאפט ווארפענדיק שטיינדלאך פון הינטער'ן פארקאן. ער האט זיך פארענטפערט, אז עס איז גאר ניט ער, עס איז אט יענער. ער איז, פארשטעהט איר, געווען אין סענט־לואיס און האט זיך דארטען געטראפען מיט נעלסאנ'ען (נעלסאן איז א רייכער פילאנטראפ און א סאציאליסט בלא באנדעראל); עס איז ביי זיי געקומען צו רייד וועגען די ערוועהלונג פון דזשאנס'ען. ווען ער (דער אנגעקלאגטער) איז אוועק, האט נעלסאן אליין געשיקט א טעלעגראמע צו דזשאנסען און האט אונטערגעשריבעןביידע נע־מען, אי זיינעם, אי ווילסאן'ס. וואס ווילסאן איז גאר דערביי ניט געווען און האט נעבאך דערפון גאר ניט געוואוסט און האט נעל־סאנ'ען ניט געגעבען קיין כח צו חתמ'ענען זיין נאמען. נאר ער מיינט פארט, אז נעלסאן האט עס ערלאך געמיינט. עס איז באמת א רחמנות געווען אף דעם מענטשען. ער איז געווען א סאציאליס־טישער לעקטשורער און האט געלעבט דערפון; ווען מ'וואלט עס פאר אזא שענדליכען פארברעכען אפגעוויזען פון דער קאנווענשאן, וואלט ער אנגעווארען זיין שטיקעל ברויט. געוועהנלאך, ווען מ'קען איינעם פאר'מסר'ען פאר אויסדריקען א מיינונג און אזא קלאגע ווערט אנגענומען און פארהאנדעלט, טו קענט איר זיך אף קיין גרויסע העלדישקייט אין אזא געזעלשאפט ניט ריכטען. די קאנ־ווענשאן האט איבער עס געהאט רחמנות, מ'האט זיך געמאכט, אז מ'גלויבט זיין אויסרייד, און ער איז צוגעלאזען געווארען אלס דעלעגאט.

ביי דער זעלבער קאנווענשאן איז אנאנדער דעלעגאט, פון דער שטעטעל ארארא, אין אינדיאנא, אנגעקלאגט געווארען, דאס ער האט אנגענומען א שטעלע פון אנאנדער פאליטישער פאר־טיי. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז ער איז א סאלדאט פון'ם ביר־גער־קריג און נאך אן אינוואליד דערצו. מיט נייכצען יאר צוריק איז ער אנגעשטעלט געווארען אלס שטאט־אינזשעניר און זייט

יענער צייט האָט מען עס יעדען יאָר איבער א נייס אָנגעשטעלט. ער איז באקאנט אין שטעטעל פאר א סאָציאליסט, די סעקציאָן האָט עס יענעם יאָר נאָמינירט פאר מעיאר, אָבער די שטאָט־פאר־וואלטונג דאָגה'ט ניט וועגען דעם און האלט עס אף זיין שטעלע.

איבער דער זאך האָט זיך געעפענט א גרויסע דעבאטע. פילע זיינען געווען מיט דער מיינונג, אז מ'דארף דעם אלטען ניט צו־לאָזען צו דער קאָנווענשאָן. דער פארטיי־סעקרעטער, מיילי ע"ה, אָבער האָט פאר עס געפונען א גוטען פאָינט. על פי יושר נאָך, האָט ער געמיינט, וואָלט מען דעם בעל־דבר ניט געזאָלט צולאָזען, וואָ־רים ווען ער איז א ריכטיקער גענאָסע האָט ער ניט געטאָרט אָנ־נעמען קיין שטעל פון קיין אנדער פארטיי. צום אונגליק אָבער איז דערצו ניטאָ קייז אלגעמיינער פארטיי־געזעץ, און ווערליק ווי יעדער סטעיט איז אויטאָנאָם, קען די קאָנווענשאָן אין דער זאך קיין דעה ניט זאָגען. ווען דער סטעיט אינדיאנא האָט עס ערוועהלט פאר א דעלעגאט, טו מוז מען עס צולאָזען. די קאָנווענ־שאָן האָט ענטשידען מיט א גאנץ קליינער מאַיאָריטעט עס צוצו־לאָזען.

7.

## דער קריג צווישען די בערג־ארבייטער און די קאָפּיטאַליסטען אין קאָלאָראדאָ.

אין קאָלאָראדא איז פאר די לעצטע דרייסיק יאָר שטענדיק אָנגעגאנגען א פארביטערטער קריג צווישען די בערגארבייטער און די קאָפּיטאַליסטען. איך וועל דאָ דערצעלען נאָר וועגען איין עפּיזאָד פון דעם קאמפּף, וואָס האָט א שייכות צו דער פראגע פון פּיוזשאָן.

אין דעם סאָציאליסטישען וואָכענבלאט „אפּיל טו ריזאָן" איז געשטאנען אין 1904:

„מיט צוועלף יאָר צוריק האָבען די לאָהן־ארבייטער און די פארמערס פון קאָלאָראדא ערוועהלט דעיווים וועיט פאר גאָ־ווערנאר אפ'ן פּאָפּוליסטישען טיקעט. די מיינערס פון דעם קריי־פּעל־קריק דיסטריקט זיינען ארויס אין סטרייק פאר אן אכט־

שטונדיקען ארבייטסטאָג. דער שעריף האָט איינגעשוואָרען אכצען הונדערט דעפּיוטיס און איז געגאַנגען מיט זיי פון קאָלאָראדאָ ספּרינגס אפּ'ן פּלאַץ פון סטרייק מיט דעם צוועק אנצוסטראַשען די מיינערס און צווינגען זיי צוריקצוגעהן צו דער ארבייט. גאָ־ווערנאָר וועיט האָט ארויסגערופען די מילישאַ, אָוועקגעשיקט זיי אפּ'ן סטרייק־פּלאַץ, צוטריבען די דעפּיוטי־שעריפס און אוועקגע־שיקט זיי א היים. די מיינערס האָבען געוואונען זייער סטרייק און האָבען געהאַט דעם אכט־שטונדען־טאָג זינט יענער צייט. אין 1902 איז פּיבאָדי ערוועהלט געוואָרען גאָווערנאָר אף דעם רע־פּובליקאַנישען טיקעט. איצטער הויבט זיך אָן א ריין קאַפּיטאַ־ליסטישע אדמיניסטראַציע. א סטרייק ברעכט אויס איבער א נייעס. די מילישאַ ווערט ווידער ארויסגערופען, איצטער אָבער זיינען די קאַפּיטאַליסטען אפּ'ן פּערד, און די ביקסען פון די סאָל־דאַטען צילעווען אף די ארבייטער"*).

דערצו וויל איך צולעגען נאָך א פּאָר פאַקטען. אין דער צייט פון די צען יאָר איז די אדמיניסטראַציע אין קאָלאָראדאָ גע־ווען אין די הענט פון יוניאָן־ארבייטער. די קאַפּיטאַליסטען אין קאָלאָראדאָ האָבען זיך וועגען דעם ביטער באַקלאָגט. דער גאָ־ווערנאָר, וואָס איז ערוועהלט געוואָרען אין 1900 איז געווען א דעמאָקראַט און דער וויים־גאָווערנאָר קאָוטס איז געווען א טרעיד־יוניאָניסט און א פּאָפּוליסט. שוין ן זייענדיק וויים־גאָ־ווערנאָר האָט ער זיך אָנגעשלאָסען אָן דער סאָציאַליסטישער פּארטיי. אין 1902 איז ער נאָמינירט געוואָרען פאר גאָווערנאָר אף דעם טיקעט פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי. אין דער וואַל פון 1902 האָט די סאָציאַליסטישע פּארטיי אין קאָלאָראדאָ געהאַט א גלענצענדען ערפאָלג: זי האָט געצויגען 7,000 וואוטס — פּיר־פּראָצענט פון דעם גאַנצען וואוט פון סטעיט, פאַרהעלטניסמע־סיק דריי מאָל אזוי פּיל ווי די פּארטיי האָט געהאַט אין דעם סטעיט ניו־יאָרק. דאָס זיינען געווען ארבייטער־וואוטס, וואוטס, וואָס זיינען פּאר די פּארטיי פאַרשאַפט געוואָרען פון דער וועס־טערן פעדערעישאָן אָוו מיינערס. פריהער האָבען זיי אונטער־שטיצט די פּאָפּוליסטיש־דעמאָקראַטישע פיוזשאָן, איצטער האָבען זיי געשטימט פאר די סאָציאַליסטישע פּארטיי. זיי האָבען גע־

*) „אַפּיעל טו ריזאָן", 30 יאנואר, 1904.

גלויבט, אז זיי שטימען פאר די אינטערעסען פון דעם ארבייטער־קלאס. עס האט זיך אבער אויסגעלאזען, אז זיי האבען געהאלפען ערוועהלען דעם ארבייטער־שונא פיבאדי, דערמיט, וואס זיי האבען אפגעצויגען ארבייטער־וואוטס פון דעם פיוזשאן־קאנדידאט.

וואס איז געווען דער רעזולטאט? וואס פיבאדי האט זיך גענומען אויסצוראטען די פעדערעישאן פון די מיינערס, ווייל זיי זיינען סאציאליסטען.

באלד, ווי עס האט אויסגעבראכען א סטרייק פון די בערג־ארבייטער, האט דער גאווערנאר ערקלערט דעם קריגס־צושטאנד און האט ארויסגערופען די מילישא. דאס איז געווען נאר דער אנהויב. באנדעס קאפיטאליסטישע טעראריסטען האבען צענדליקע לאקאלען בעאמטע, וואס זיינען געווען פריינדליך צו די ארבייטער, געצוואונגען צו רעזיגנירען. דער געוועזענער דעמאקראטישער אטורני דזשענעראל איז ארויסגעשיקט געווארען פון דער שטאט, וואו ער האט געוואוינט. א באנדע „בכבוד'ע בירגער", איז געקומען צום שעריף פון טעלער קאונטי און האט עם געסטראשעט, אז זיי וועלען עם לינטשען, ווען ער וועט ניט רעזיגנירען — מ'האט שוין געהאלטען דעם שטריק. ער איז ערוועהלט געווארען אף דעם דעמאקראטיש־פאפוליסטישען טיקעט.

אין וואס איז באשטאנען זייער שולד? דער מיליטערישער קאמאנדיר פון קאלאראדא, גענעראל בעלל, — א טיפ פון אן אמעריקאנער דומבאדזע, — האט געזאגט, אז די יוניאנס האבען פארפאלגט סקעבס, און די בעאמטע האבען זיך געמאכט ניט זעהענדיק, ווייל זיי זיינען אליין יוניאן־לייט און האבען סימפאטיזירט מיט דער יוניאן.

ווער־זשע איז געווען קלאסען־באוואוסט: די ארבייטער, וואס האבען געשטימט פאר פאפוליסטישע קאנדידאטען, וועלכע האבען זיי פארזיכערט דעם אכט־שטונדען־טאג און דאס רעכט צו ארגאניזירען זיך און באקעמפפען די קאפיטאליסטען, אדער יענע ארבייטער, וואס האבען געגעבען זייערע וואוטס פאר די סאציאליסטישע פארטיי און האבען דערמיט געבראכט דעם ארבייטער־קלאס פון קאלאראדא א וואיענעם דעספאטיזם?

האט די סאציאליסטישע פארטיי עפעס געוואונען אלס פאר־

טיי דורך דיזע טאַקטיק? די פאַרפאָלגונג פון די סטרייקערס דורך די רעפּובליקאַנער אַדמיניסטראַציע האָט זיי געצוואונגען צו זוכען שוץ ביי דער דעמאָקראַטישער פאַרטיי, — מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי גופא זיינען געגאַנגען צוריק צו דער דעמאָקראַטישער פאַרטיי. דאָס איז געווען אַ פּראַקטישער באַווייז, אַז כל זמן אַ פאַרטיי איז נאָך שוואַך, קען זי ניט פירען קיין אומאָפּהענגיקע פּאָליטיק.

אין קאָלאָראַדאָ האָבען מיר אַלזאָ געהאַט אַן אמת׳ן קלאַסען־קאַמפּף, און ער איז געווען צוגלייך אַן עקאָנאָמישער און אַ פּאָליטישער קאַמפּף. אין די סאָציאַליסטישע צייטונגען האָט מען גע־שטראָפט די אַרבייטער פון קאָלאָראַדאָ, אַז זיי ליידען דערפאַר, וואָס זיי האָבען ניט געשטימט פאַר זייערע אייגענע קאַנדידאַטען, — דאָס הייסט פאַר סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטען. די קאַפּי־טאַליסטען פון דער אַנדערער זייט האָבען געזאָגט, אַז זיי האָבען זיך צובונטעוועט דערפאַר, וואָס דער אַרבייטער קלאַס האָט יע געשטימט פון זיינע אייגענע קאַנדידאַטען*).

דער אמת׳ער קלאַסען־קאַמפּף — ווי איר זעט — פירט זיך ניט וועגען טעאָריעס איבער דעם סאָציאַליסטישען עולם־הבא; עס האַנדעלט זיך אום די אינטערעסען פון דעם היינטיקען טאָג, צי די אַרבייטער זאָלען מעגען זיך פאַראייניקען געגען די בעלי־בתים און אויסצווינגען ביי זיי אַ העכערען אַרבייטסלוין און קירצערע אַרבייטס־שטונדען.

וואָס דאַרף אונטער היינטיקע אומשטענדען טאָן אַן אַרבייטער־פּאַרטיי? זי דאַרף זעהען צו קריגען אַן איינפלוס אין דער פּאָליטיק, היינט, ניט אם ירצה השם, ווען משיח וועט קומען. אין

---

*) אַן אינזשיניער פון קאָלאָראַדאָ, נאַטירליך אַ קאַפּיטאַליסטישע נשמה, האָט בשעת מעשה געגעבען זעהר אַן אינטערעסאַנטע ערקלע־רונג אין דער פּרעסע וועגען דעם, וואָס עס האָט זיך געטאָן אין יענעם סטעיט. די וואָוטערס, האָט ער געזאָגט, האָבען לאַנג געליטען אונטער אַ שלעכטער רעגירונג. זיי האָבען געלאָזען ערוועהלען שלעכטע בעאַמטע, וועלכע האָבען באַשיצט אַלע פאַרברעכען פון די יוניאָנס. צולעצט, ווען עס איז שוין געוואָרען ניט אויסצוהאַלטען, האָבען זיי זיך צובונטע־וועט און מיט רעוואָלווערס אַרויסגעטריבען די שלעכטע בעאַמטע.

קאָלאָראדאָ איז ביי די וואלען אין 1904 די וויכטיקסטע טאָגעס־פראגע פאר דעם ארבייטער־קלאס געווען אראָפּצואווארפען פּי־באָדי.

דער סאָציאליסטישער פּארטיי אָרגאַן „דהי וואָירקער", האָט באריכטעט פון קאָלאָראדאָ, אז אַ גענעראל פון דער מילישאַ האָט ערקלערט פאר דער וואל, אז גאָווערנאָר פּיבאָדי מוז געווינען, מ'וועט די מיינער פּראָסט ניט דערלאָזען צו וואוטען. ווען די קאפּיטאַליסטען וואָלטען געווען אזוי זיכער מיט דעם דעמאָקראַ־טישען קאנדידאט ווי מיט פּיבאָדי, צו וואָס וואלטען זיי געדאַרפט מיט גוואַלט זוכען צו ערוועהלען דוקא פּיבאָדי?

די קאפּיטאַליסטען האָבען געוואָלט ניט אנדערס פּיבאָדי, ווייל זיי האָבען געוואָלט באוויזען, אַז דאָס פּאָלק, די וואוטערס, זיי־נען איינפארשטאַנען מיט זיין טיראניי געגען די יוניאָנס. דער זיעג פון פּיבאָדי וואָלט אומעטום פארטייטשט געוואָרען, אז מען האָט עם אומזיסט באשולדיקט.

די סאָציאַליסטישע באוועגונג אין קאָלאָראדאָ איז נאָך ניט שטאַרק גענוג צו ערוועהלען אַ גאָווערנאָר. די ברירה איז געווען צווישען פּיבאָדי און זיין דעמאָקראטישען געגנער. אַ צושפּליטע־רונג פון די וואוטס געגען פּיבאָדי, בעת אלע קאפּיטאַליסטען זיינען געווען פאראייניקט פאר עם, וואָלט זיך אויסלאָזען מיט אַ זיג פאר פּיבאָדי, דאָס הייסט, אויך פאר זיין פּאָליטיק. דעריבער האָבען מאָיער און העיוואוד, די פירערס פון די בערגארבייטער,ביידע טעטיגע מיטגלידער פון דער סאָציאליסטישער פּארטיי, אונטער־שטיצט דעם דעמאָקראטישען קאנדידאט פאר גאָווערנאָר.

מאָיער איז געווען דער פּרעזידענט פון די וועסטערן פעדע־רעישאָן אָוו מיינערס, וועלכען פּיבאָדי האָט געהאלטען עטלאכע מאָנאטען אין טורמע, און העיוואוד איז געווען דער פּאָפּולערסטער פירער פון די מיינערס אין קאָלאָראדאָ, וועלכער איז קאָם גע־בליבען אַ לעבעדיקער פון די קלעפּ, וואס ער האָט געקראָגען פון גענעראל בעל'ס סאָלדאטען. העיוואוד איז געווען איינער פון יענע, וועלכע האָבען געמאכט פון דער וועסטערען פעדערעישאָן אָוו מיי־נערס אַ סאָציאליסטישע אָרגאניזאציע, און ער האָט אגיטירט

פאר דעם גאנצען סאָציאַל־דעמאָקראטישען טיקעט, א חוץ דעם קאנדידאט פאר גאָווערנאָר.

דעבס, וועלכער איז יענעם יאָר געווען דער קאנדידאט פון דער סאָציאַליסטישער פארטיי פאר פרעזידענט, האָט, זייענדיק אין דענווער, זיי דערפאר געזאָגט מוסר. אבער, לויט דער קאָנס־טיטוציע פון דער סאָציאַליסטישער פארטיי, האָט זיי נאָר די פארטיי־אָרגאַניזאציע פון זייער סטעיט געקענט דערפאר אָנקלאָ־גען, הפנים אָבער איז די פארטיי אָרגאַניזאַציע מיט זיי אין דעם געווען איינפארשטאַנען, ווייל מ'האָט זיי גאָרנישט ניט געּ־טאָן.

8.

# בערגער'ס ערסטער ארויסטריט פאר פיוזשאָן.

איך וויל רעדען באריחות איבער וויקטאָר בערגער'ס שטע־לונג צו דער פראגע פון פיוזשאָן דערפאר, וואָס ער איז איינער פון די גרינדער און אן אנערקאנטער פירער פון דער סאָציאַליס־טישער פארטיי און איר ערסטער פארטרעטער אין קאָנגרעס.

ביז דעם יאָר 1905 איז ער אימער געווען גאנץ אָרטאָדאָקסיש אין דער פראגע פון פיוזשאָן. ער איז נאָך געבליבען אָרטאָדאָק־סיש אין דעם קאמפף פון די יוניאָן־ארבייטער פון קאָלאָראדאָ געגען דעם רעפּובליקאנישען גאָווערנאָר פּיבאָדי, וועלכער האָט אָפּגעשאפט די קאָנסטיטוציע און איינגעפירט א מיליטערישע דיקטאַטור. די ארבייטער פון קאָלאָראדאָ זיינען געווען פאראינ־טערעסירט, אז מ'זאָל זיי ניט ארייגזעצען אין טורמע און ניט ארויסשיקען גאָר אָן א פּראצעס, פונקט ווי אין רוסלאנד, און די דזשאָדזשעס זאָלען ניט האלטען פאר דעם וואָיענעם דעספּאָ־טיזם פון דעם קאַפּיטאַליסטישען גאָווערנאָר. עס האָט זיך דאָר־טען געהאנדעלט אום דזשאָדזשעס פון די סופּרים קאורט, וואָס ווע־רען אָנגעשטעלט פון דעם גאָווערנאָר. די ארבייטער פון קאָלאָ־ראדאָ האָבען געהאט א לעבענס־אינטערעס דערין, אז פּיבאָדי זאָל געשלאָגען ווערען ביי דער וואל פון 1904, און דאָס האָט נאָר

געקאַנט געשעהן, ווען מ׳וואָלט שטימען פאַר זיין געגען־קאַנדידאַט. די סאָציאַליסטישע פירערס פון די בערגארבייטער זיינען געוועזן דאַפיר, מ׳זאָל שטימען פאַר דעם דעמאָקראַטישען קאַנדידאַט. אָבער בערגער׳ס אָרגאַן, דער סאָשאַל דעמאָקראַטיק העראָלד, האָט זיי דערפאַר באַקעמפּפט. מיט עטלאַכע מאָנאַט שפּעטער טרעט ער פּלוצלונג אַרויס פאַר אַ קאַפּיטאַליסטישען קאַנדידאַט פאַר אַן אונוויכטיקען אַמט, וואָס האָט קיין שייכות ניט געהאַט צו די קלאַסען־אינטערעסען פון די אַרבייטער. די מעשה איז געוועזן אַזוי.

אין מילוואָקי איז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי שוין דעמאָלט געוועזן די צווייטע פּאַרטיי. אין אַפּריל 1905 איז פאָרגעקומען אַ וואַל פאַר דזשאַדזשעס. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט באַשלאָסען דעם מאָל ניט אויפצושטעלען קיינע קאַנדידאַטען אין מילוואָקי. מ׳האָט זיך באַרעכענט, אַז עס איז אַ סברא, מ׳קען ביי דער וואַל אָנווערען וואָוטס, און דאָס וועט זיי שאַדען אין זייער ווייטערער אַגיטאַציע; אַגב האָבען זיי געהאַט אַ סך חובות, און אַ קאַמפּעין קאָסט געלט. שוין דאָס אַליין איז ניט געפעלען געוואָרען דער „ניו־יאָרקער פאָלקסצייטונג“. „אַזאַ שטאַרקע באַוועגונג, ווי די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין מילוואָקי איז געוואָרען“ האָט זי געזאָגט אין אַ לייטאַרטיקעל, „טאָר, נאָך אונדזער מיינונג נאָך, ניט לאָזען פאַראיבערגעהן די געלעגענהייט צו זיכערען זיך די פאָרטיילע דער אַגיטאַציאָן, וואָס די וואַל־באַוועגונג ברייגנט מיט זיך“*).

קוריז, ניט צו געהן אין קאַמפּעין איז שוין אַליין אַן עבירה. אָבער בערגער איז געגאַנגען נאָך ווייטער. אין זיין דייטשער צייטונג האָט ער געשריבען אַן אַרטיקעל בזה הלשון:

„געוויי געזעמען, זיינען מיר אייגענטלאַך נור אין איינער פּערזאָן אינטערעסירט, און דאָס אויך אין נעגאַטיווערווייזע. סאָציאַל דעמאָקראַטען מילוואָקיס זאָלטען נעמלאַך נאָר פאַר איין איינציגען קאַנדידאַט פאַר דזשאַדזש שטימען, נעמליך, געגען דעם איצטיקען דזשאַדזש. פּאָל קאַרפּענטער, וועלכער איז איצטער אין אַמט, האָט עס געפונען פיר נאָטווענדיג אין קאַטאָלישע פעראייַנע צו האַלטען אַגיטאַציאָנס־רעדען געגען סאָציאַליסטען און סאָ־

*) ניו יאָרקער פאָלקסצייטונג, דען 28טען מערץ, 1905.

ציאליזמוס. ווייטער האט ער וועהרענד זיין גאנצען טערמין נור איין איינציגעס קינד איבערגעגעבען אין א שטאדטישען־ארפאן אסיי־לום. אלע אנדערע קינדער, וועלכע זיינען פארגעקומען פאר איהם, זיינען איבערגעגעבען געווארען אין קירכליכע און בעזאנדערס אין קאטאלישע אנשטאלטען. מיר האלטען, אז קיין דזשאדזש האט קיין רעכט ניט דעראַרטיגעס צו טאן — קיין דזשאדזש פאר קאר־פענטערן האט דערגלייכען קיין מאל ניט פערזוכט, קיין אנדער דזשאדזש טוט איצט ניכט דאס זעלבע. דזשאדזש קארפענטערס האנדלונג ווידערשפריכט דעם גייסט דער אמעריקאנישען קאנס־טיטוציאן. עס ווידערשפריכט פאר אלעם, זאווייט וויר אין בע־טראכט קאמען, דער פארדערונג דער סאציאליסטען אלער לענדער, קירכע און שטאאט שטרענג געטרענט צו האלטען... דער דזשאדזש האט נאך אונזערער מיינונג ניט דאס רעכט אלס אגענט רעליגיע־זער געגאסענשאפטען צו האנדלען... ריכטער קארפענטער, דער זעלבסט איין רענעגאט איסט — זיין פאטער מאטיו קארפענטער, דער בעריהמטער סענאטאר פאן וויסקאנסין, וואר בעקאנטליך פריי־זיניג — האט זיך דא פון זיין רעליגיעזען איבעראייפער איינפאך פארטרייסען לאסען. עס ווירד איבריגענס אויך בעהויפטעט, דאס אונטער זיינעם רעזשים זיך די רעכנונגען פיר דרוקארבייטען און זא ווייטער, די פון איינער פירמע געליפערט ווערען, די מיט דיעזען שווארצען צירקעל ענג צוזאמענהענגט, זיך פערצעהנפאכט האבען, — די בעטרעפענדע פירמע בעפינדעט זיך יעצט איברי־גענס אונטער אינדייטמענט פון דער גרענד דזשורי. מיר ווילען אויף דיעזע זאך גאר ניכט ווייטער איינגעהען, דען דזשאדזש קאר־פענטער מאג יא אן דיזען ריזיגען מעהראויסגאבען גאניז אונשולדיג זיין. פיר אונז קאמען נור דיביידע זפרינציפיעלען מאמענטע אין בעטראכט: ערשטענס, דאס דזשאדזש קארפענטער איז ארויסגעג־קאמען געגען אונזערע פארטיי און געגען דעם סאציאליזם, און, צווייטענס, דאס ער זיינען ריכטער־שטול בענוצט אויף די רוימיש־קאטאלישע גלחים, זאווייט ער אין בעטראכט קאמט, געוויסע הערשאפט אין שטאט צו עראבערן. אויס דיזען גרינדען זיינען מיר געגען דזשאדזש קארפענטער".

„געגען דזשאדזש קארפענטער לויפט עקס־דזשאדזש און עקס־מעיאר עמיל וואלבער — קיין סאציאליסט, אבער אימערהין א פרייזיניגער רעכטליכער מאן, דעם עס ניעמאלס איינגעפאלען

איסט, זיינע ריכטערשטול דאצו צו בענוצען, אום קירכע און שטאט צו פערקוויקען. צו זיינען גונסטען שפּריכט פערנער נאָך דאס ער שאָן אין 1886 אלס מעיאָר דער שטאדט דעם איינשרייטען דער מילישא ווידערזעצט האט, דאס אלזאָ דער דאמאָליגער גאָווער־נאָר אויף וואונש דער פאבריקאנטען די מילישא איבער וואלבערס קאָפּ אויף די ארבייטער לאָסליס... וואלבער וואורדע דארויפהין פאָן דען גראָסקאפּיטאליסטען פאלען געלאסען, יעדאָך מיט דער אונטערשטיצונג דער טרייד־יוניאָנס און דער סאָציאליסטען אין 1888 צום מיוניסיפּאל דזשאדזש געוועהלט. וואלבער פערשטעהט צוואר פאָן דער סאָציאלער פראגע וויניג אָדער גאָרניכט, אבער ער בעזאס דאָך אימער „פּערנעס" און איינזיכטיג גענוג נימאלס דען פאָרדערונגען דער אָרגאניזירטען ארבייטער און דער סאָ־ציאל־דעמאָקראטען ענטגעגענצוטרעטען. עס איזט איבערפלי־סיג היר צו בעמערקען דאס די ריכטער וואהלען זיינען אין מיל־וואָקי יעצט „נאָן־פּארטיזאן". און אין אנבעטראכט דעם אומ־שטאנדעס דאס די סאָציאל־דעמאָקראטישע פּארטיי פּער רעפע־רענדום מיט איינער גרויסען מעהרהייט ענטשידען האט קיין טי־קעט אויפצושטעלען, איסט עס יעדעם מיטגליעד פריינעשטעלט פיר דען קאנדידאטען צו שטימען דער איהם אם בעסטען פּאסט. עס איסט נאָר ניכט אונזערע אויפגאבע אירגענד איינעם פאָן דעם טו־ן קאנדידאטען אויף אירגענד איינעם פון דעם האלב טו־ן ריכ־טערשטילע צו פערהעלפען. דאגעגען מוס עס אונזער ערנסטעס שטרעבען זיין דען העררן קארפּענטער אוים דעם אמטע צו האל־טען. און דאס קאן נאָר געשעהן, אינדעם מאן פיר זיינען געגענ־קאנדידאט וואלבער שטימט."

ווי איר זעהט, האָט זיך דאָ געהאנדעלט וועגען א דזשאָדזש איבער ירושות, מיט וועלבען דער פּראָלעטאריער־קלאָס קומט גאָר זעלטען איז בארירונג. אָבער עס טרעפט אמאָל, אז אָן אָרימער יתום דארף אָנקומען אין אן אָרפאן אסיילום, און דערפאר מוזען די ארבייטער זעהן צו ערוועהלען א פריייזיניקען דזשאָדזש.

אפשר וועלען די גענאָסען מורא האָבען זיך טריף צו מאכען שטימענדיק פאר א קאנדידאט פון די אלטע פּארטייען, בארוהיגט זיי בערגער. אז אגב איז זיין קאנדידאט גאָר ניט קיין דעמאָקראט און ניט קיין רעפּובליקאנער, נאָר א „נאָן־פּארטיזאן", ס'הייסט

ניט גע'שמד'ט, נאָר גענומען א טויף־שיין. דאָס איז אבער געווען א שוואכער תירוץ, ווייל ביז דעמאָלט האָט בערגער קיינמאָל ניט געמאכט קיין אונטערשיד צווישען קאפּיטאַליסטישע פּארטיי־קאנדידאטען און אונפּארטייאישע*).

בערגערס אויפטרעטען פאר א קאפּיטאַליסטישען קאנדידאט האט נאטירליך אופגעוועקט א העפטיקע דעבאטע אין דער פּאר־טיי. זיינע פּאָליטישע פריינט האָבען עס פארענטפערט מיט דעם תירוץ, אז אין מילוואקי האָט די פּארטיי אין פּאראויס באַשלאָ־סען ניט אונטערשטיצען קיין אייגענע קאנדידאטען; האָט איינער פון זיינע געגנער, טראוטמאן, עס אָפען באַשולדיקט, אז ער האָט דעם פּלאַן אַליין אנגעסטראָיעט, כדי ער זאָל קענען שפּעטער ארויסקומען פאר זיין פאַוואָריט. נאָר מיט קיינע פאקטען האָט טראוטמאן זיין חשד געגען בערגער'ן ניט באוויזען**).

---

*) דער אונאפּהענגיקער קריסטליך־סאָציאַליסטישער מעיאָר דזשאונס פון טאָילדא איז ניט נאָר צופעליקערווייזע געווען אן אונ־פּארטייאישער קאַנדידאט, ער איז געווען אַ פּרינציפּיעלער געגנער פון פּארטיי־קאַנדידאטען און פון דעם פּארטיי־סיסטעם בכלל, אָבער בער־גערס צייטונג האָט עס שטענדיק באטראכט פאר אַ „קאפּיטאַליסטישען" קאַנדידאט.

**) אַזעלכע זאַכען לאָזען זיך זעלטען באווייזען מיט פאַקטען. אף טראוטמאַנ'ס באַשולדיקונג האָט בערגער געענטפערט, אַז ער איז בשעת מעשה געווען אין סאַן־פראנציסקאָ. אָבער די פראַגע איז דעבאַטירט גע־וואָרען ביי עטלאָכע מיטינגען, וואו פון אָנהויב איז בערגער אויך געווען אנוועזענד און האָט ערקלערט זיין מיינונג, אַז מ'דאַרף ניט געהן אין קאמפּעין, נאָר ווען עס איז געקומען צו דער אָפּשטימונג איז ער ביי דערביי ניט געווען. מילא, ווען אַ פּארטיי באַס ווי בערגער ער־קלערט זיך פאר אַ געוויסען פאָרשלאַג, איז גאָר ניט נויטיק, ער זאָל זיין פּערזענליך ביי דער אָפּשטימונג, אין דערין קען ער זיך שוין פארלאָ־זען אף זיינע מענטשען. ווען מ'דערמאָנט זיך, ווי אָרטאָדאָקסיש בער־גער האָט זיך ביז דעמאָלט געהאַלטען, טו האָט זיין אויפטרעטען פאר אַ קאַפּיטאַליסטישען קאַנדידאט געגיזט פאָרקומען מאָדנע און מ'קען טראוט־מאַנען זיין חשד אף בערגער'ן ניט שטאַרק פאראיבעל נעמען. „מיט וואָס פאר אַ מאָס איר האָט געמאָסטען, מיט אַזאַ מאָס וועט אייך אויך געמאָס־טען ווערען", האָט געזאָגט יעזוס. בערגער האָט אַליין געליפערט די

עס איז מער װארשײנליך, אז בשעת מעשה האָט ער דאָס נאָר אין זינען ניט געהאט, נאָר װען די פּארטײ האָט שױן יע געהאט באשלאָסן ניט צו געהן אין דעם קאמפּײן, איז ער דער־מאָלט ארױס פאר זײן פּערזענליכען פרײנט, דעם קאפּיטאליסטי־שען קאנדידאט.

די נעישאָנאל קאָמיטע פון דער סאָציאליסטישער פּארטײ האָט עס אראָפּגעזעצט פון אמט אלס דעלעגאט פון װיסקאנסין. דער פּארטײ־געזעץ איז קלאָר, און די נעישאָנאל־קאָמיטע האָט געהאנדעלט לױט דעם געזעץ. כדי עס זאָל דעריבער קײן ספק ניט זײן, איז א רעזאָלוציע פארגעלעגט געװאָרען אף א פּארטײ־רע־פערענדום, אז בערגער זאל אראָפּגעזעצט װערען פון אמט.

די װיסקאָנסינער סאָציאליסטען האבען זיך געפונען אין א זעהר ניעלאָװקער פּאָלאָזשעניע. אײנגערזײטס האָבען זײ געװאוסט, אז זײער פירער האָט געהאנדעלט געגען די פּארטײ־טאַקטיק, װעל־כע ער האָט שטענדיק אלײן פארטראָטען, האָבען זײ געזוכט עס צו פארענטפערען מיט אױסלענדישע דינים, — די באשליסע פון די דײטשע פּארטײטאגס װעגען פיוזשאָן. „עס איז ניט ריכטיק, אז די טאַקטיק פון די אײראָפּעאישע סאָציאליסטען איז ניט אָנװענד־באר אין דער אמעריקאנער באװעגונג“, — האָט די װיסקאָנסינער סטעיט קאָמיטע פון דער פּארטײ געשריבען אין איר צירקולאר. פון דער אנדער זײט זײנען בערגער'ס תלמידים נאָך אלײן געבלי־בען אזױ פרום װי פריהער, און האָבען צוגעגעבען, אז פיוזשאָן אין יעדער פאָרם איז טריף, זײ האָבען נאָר פארזיכערט אין דעמזעלבי־קען צירקוליאר, אז „גענאָסע בערגער איז אימער געװען אבסאָלוט

---

מאָס, מיט װעלכער מ'האָט געמאָסטען פּאָליטישע ערלאבקײט אין מיל־װאָקי, בשעת ער האָט באשולדיגט אָן קײן שום פאקטישען באװײז זײנע פריהערדיקע פּארטײ־גענאָסען, די פּאָפּוליסטען פון מילװאָקי, אַז זײ האָבען זיך פארקױפט, װען זײ האָבען אָפען (ניט דורך אַ הינ־טער־טירעל) געמאַכט פיוזשאָן מיט דער דעמאָקראטישער פּארטײ אין 1898.

געגען אלע קאמבינעישאנס מיט אירגענד וועלכער קאפיטאליסטישער פארטיי"*).

אז אויסגעהאלטענע פרינציפיעלע שטעלונג אין דער פראגע האט אנגענומען דער פערטער אסעמבלי דיסטריקט פון ניו־יארק. ער האט ארויסגעלאזען אן אופרוף, אין וועלכען ער האט געראטען אלע אידישע סאציאליסטען, זיי זאלען שטימען געגען די רעזאלוציע וועגען בערגער'ן, ווייל „די האנדלונג פון גענאסע בערגער איז געווען אין איינקלאנג מיט דעם אינטערנאציאנאליזם, ווי צ. ב. אין דייטשלאנד, אין פראנקרייך און אין איטאליען פאראייניקען זיך די סאציאליסטען מאנכעס מאל מיט ליבעראלען אום צו באקעמפפען איין קאנסערוואטיווען אדער רעאקציאנערען קאנדידאט, אדער זיי שטעלען ניט ארויס קיין געגען־קאנדידאט פון א ליבעראלער פארטיי, אום צו נידערשטימען ביים שטים־קאסטען א רעאקציאנערען קאנדידאט". אונטער דער רעזאלוציע איז געווען אונטערגעשריבען גענאסע גיליס, פון „פארווערטס".

גאר ניט קאנסעקווענט איז געווען די שטעלונג פון דעבס'ן אין דער פראגע. ווי מיר האבען געזעהען, איז דעבס געווען זעהר ביטער געגען די סאציאל־רעפארמערס, וועלכע האבען עס געבעטען, ער זאל אראפנעהמען זיין קאנדידאטור, הגם זיי זיינען ניט געווען קיין מיטגלידער פון דער סאציאליסטישער פארטיי און זיינען ניט מחויב געווען צו פאלגען איר טאקטיק. מיט א האלב יאר פאר דער מעשה מיט בערגער'ן, ווען הייוואוד און מאיער זיינען פאר דער וואל אין נאוועמבער ארויס אין קאלאראדא פאר דעם דעמאקראטישען געגענ־קאנדידאט פון פיבאדי, האט ער זיי ביטער פארדאמט. פאר בערגער'ן אבער האט ער זיך אנגענומען: בערגער איז א טרייער גענאסע, א וועטעראן אין דער באוועגונג, — האט ער געשריבען. אז זיין פריינט האט געזינדיקט, האט ער אליין צוגעגעבען. עס האט אויסגעזעהען, אז ביי דעם סאציאליסטישען

*) אין ענטפער אף מיינע א נאכפראגע, האט די סעקרעטערין פון דער סטעיט קאמיטע פון וויסקאנסין מיס טאמאס געשריבען אין א פערזענלאכען בריעף צו מיר: „איר מיספארשטעהט אין גאנצען דעם פאל. מיר זיינען אקוראט אזוי שטארק געגען פיוזשאן ווי מיר זיינען אימער געווען. די איצטיקע פראגע האט אבזאלוט גאר ניט צו טאן מיט פיוזשאן".

קאנדידאט פאר פרעזידענט, ווי ביי זיין ערפאָלגרייכען געגנער, איז פאראַן צווייערליי גערעכטיגקייט: איינע פאר פרעמדע און אנאַנ־דערע פאר אַן אייגענעם מענטש.

די מאַיאָריטעט פון דער פּארטיי אבער האָט ביי דעם רעפע־רענדום גוט געהייסען די האנדלונג פון דער נעישאָנאל־קאָמיטע, און בערגער איז ארונטערגעזעצט געוואָרען פון אמט אלס קאָמיטע־מאַן.

## 9.

## די פראגע פון פיוזשאַן פאר דער נעשאָנאל קאָמיטע פון דער ס. פּ.

צען יאָר זיינען אוועק, זינט בערגער איז באשטראפט געוואָ־רען פאר פיוזשאַן. די סאָציאליסטישע פּארטיי איז שוין דאָ און דאָרטען געוואָרען א שטיקעל עפּעס אין דער לאָקאלער פּאָליטיק. זי האָט שוין ארום טויזענט קלענערע און גרעסערע בעאמטע אין די שטאַט־פּארוואלטונגען און אין די געזעצגעבענ־דע קערפּערשאפטען. אין 1915 האָט בערגער פאָרגעלעגט פאר דער נעשאָנאל קאָמיטע פון דער ס. פּ. א פאָרשלאג צו ערלויבען פיו־זשאָן, און זיין פאָרשלאג האָט געפונען אונטערשטיצונג ביי יענע סאָציאליסטען, וואָס קענען פארצייכענען פּאָליטישען ערפאָלג אויף זייער רעכענונג. ביי דער זיצונג פון דער נאַציאָנאל־עקזעקוטיווע פון דער פּארטיי, איז בערגער'ס פאָרשלאג דורכגעפאלען, דאָס ער־קלערט זיך דורך די אומשטענדען, אונטער וועלכע מען האָט וועגען עם אפּגעשטימט. פאר פיוזשאַן האָט מען אין דער סאָציאליסטישער פּרעסע ביז אהער ניט געטאָרט רעדען. זיין אגיטאַציע האָט בערגער אָנגעהויבען אינגאנצען מיט א פּאָר וואָכען פאר דעם יערלאכען מי־טינג פון דער נעישאָנאל קאָמיטע פון דער פּארטיי, און, פארשטעהט זיך, אין אזאַ קורצער צייט האָט מען ניט געקענט ערווארטען, אז די פּארטיי זאָל אָנעמען א שטעלונג אין אזאַ וויכטיקער פראגע. צווייטענס, איז אין דער נעישאָ־נאל קאָמיטע פאָרגעקומען א קאמפּף פון צוויי ריכטונגען: די דעמאָקראטישע, וואָס וויל זיך שטיצען אין אלע וויכ־

טיקע פראגען אף דעם ווילען פון די מיטגלידער, אויסגעדריקט דורך אַ רעפערענדום, און די ביוראָקראַטישע, וואָס וויל, אַז די פי־רונג פון דער פּאַרטיי זאָל ליגען אין די הענט פון ערוועהלטע בע־אַמטע, פראָסט געדעט פון אַ מאַשין. ביי דער קאָנוועגשאָן אין 1912 און ביי די צוויי יערלאַכע מיטינגען פון דער נעישאָנאַל קאָ־מיטע, וואָס זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען נאָך דער קאָנווענשאָן, זיינען די בעלי בתים געווען די פּאַרטיי־פּאָליטישענס, זיי האָבען פּאַקטיש אָפּגעשאַפט דעם רעפערענדום — זיי האָבען אוועקגענו־מען ביי די מיטגלידער דאָס רעכט צו פאָדערען אַ רעפערענדום און האָבען עס איבערגעגעבען צו די סטעיט קאָמיטעס. אין 1915 איז פּאָרגעקומען אַ גאַנצע רעוואָלוציאָן און די דעמאָקראַטישע ריכ־טונג האָט געזיגט. די רעוואָלוציאָנערען אבער זיינען געגען יעדען קאָמפּראָמיס מיט אנדערע פּאַרטייען. זיי זיינען שטארק אין אַזעל־כע געגענדען, וואו די פּאַרטיי איז נאָך זעהר קליין און האָט קיין שום אויסזיכטען ניט אימעצען צו ערוועהלען. די שטימונג פאַר פיוזשאָן קומט פון אַזעלכע ערטער, וואו די פּאַרטיי האָט שוין געהאַט אַן ערפּאָלג ביי די וואַלען, אָבער האָט נאָך ווייט ניט קיין מאַיאָריטעט. דעריבער ווען עס פּאַראייניקען זיך געגען איר אַלע אנדערע פּאַרטייען, פאַלט זי דורך. אויב אָבער זי וואָלט געמעגט פּאַראייניקען זיך ביי די וואַלען מיט אירגענד אַן אנדער פּאַרטיי, וואָלט זי געקענט שטענדיק דורכפירען אַ געוויסע צאָל סאָציאַליס־טישע קאַנדידאַטען. פאַרשטעהט זיך, אין אַזעלכע ערטער זיינען די פּאָליטישענס שטאַרק. דעריבער זיינען פאַר פיוזשאָן ביי דעם מי־טינג פון דער נעישאָנאַל קאָמיטע געווען די פּאָליטישענס און דאַ־געגען די דעמאָקראַטען.

דאָס איז אָבער אַ צופעליקער צוזאמענהאנג. עס איז אַ צייַ־כען פון דער צייט, אַז בערגער׳ס פּאָרשלאַג האָט געקראָגען נײַן שטימען פון צוויי און פופציק.

## 10.

## בערנער׳ס ארטיקלען פאַר פיוזשאָן.

איך וועל דאַ איבערגעבען די וויכטיקסטע ארגומענטען פון בערגער׳ס לייטארטיקלען, וואָס זיינען ערשינען אין דעם „מילוואָקי

לידער" אין 1915.

אין דעם ערסטען ארטיקעל האנדעלט זיך וועגען דעם נייעם געזעץ, וואָס איז איינגעפירט געוואָרען אין וויסקאנסין, אין וואשינגטאָן סטעיט און אין קאַליפאָרניא, אז אלע קאַנדידאטען מוזען צוערסט נאָמינירט ווערען ביי די פריימעריס, און דערנאָך ווערען צוגעלאָזען צו דער וואַל נאָר די צוויי קאַנדידאטען, וואָס האָבען געקראָגען די העכסטע צאָל וואוטס. דאָס איז פּונקט אזוי, ווי ביי די שטיכוואַלען אין דייטשלאַנד. די קאָנסטיטושאָן פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי ערלויבט א פּארטיי־מיטגליד צו וואוטען נאָר פאר אַ קאַנדידאט, וועמעס נאָמען עס שטעהט אף דעם סאָציאַליסטישען טיקעט. אויב דער סאָציאַליסטישער קאנדידאט איז ביי די פריימעריס געלאָפען דער דריטער, ערשיינט זיין נאָמען גאָר ניט אף'ן אָפיציעלען באַלאָט. דעמאָלט טאָר קיין סאָציאַליסט שוין ניט וואוטען לחלוטין, וואָרים פאר אַ קאנדידאט פון אַנאַנדער פּארטיי טאָר מען דאָך ניט וואוטען. הערט־זשע איצטער וואָס בערגער זאָגט אין זיין ערסטען ארטיקעל:

„וואו די טעאָרעטישע קענטניסען פון די מיטגלידער באשטעהען פון עטלאכע פראזען וועגען קלאסען־באוואוסטזיין, מערווערט, דער אונקאָמפּראָמיסליכער רעוואָלוציאָן א. אז. וו., מעג זיין נויטיק צו בינדען און היטען דעם סאָציאַליסטישען וואוטער, ער זאָל ניט פארבלאָנדזשען. אבער עס איז טיראניש און אפּשטויסענד פאר סאָציאליסטען, וואָס ווייסען, פאר וואָס זיי זיינען סאָציאַליסטען, און ווייסען די פּרינציפּען און די טאַקטיק פון דער אינטערנאַציאָנאַלער באוועגונג. די צרה איז, וואָס עס זייינען נאָך פאראן אָרטאָדאָקסאַלע מיטגלידער, וואָס ווילען בעסער אַ סאָציאַליסטישע טישורטש ווי אַ סאָציאַליסטישע פּארטיי. די דאָזיקע צדיקים שטיצען זיך אף א בראָשורע, וואָס ווילהעלם ליעבקנעכט האָט געשריבען אין 1867, ווען ער איז דורכגעפאַלען פאר א צווייטען טערמין. זיי ווייסען ניט, אז שפּעטער האט זיך ליעבקנעכט אָפּגעזאָגט פון יענער שטעלונג.

„פאר א קליינע אָרגאניזאציע מעג עס אפשר זיין נישקשה ניט צו וואוטען נאָך דעם, ווי אונדזער קאנדידאט איז אויסגעשלאָסען געוואָרען ביי די פריימעריס. וואו די סאָציאליסטישע

פּארטיי איז שוין אויסגעוואקסען, איז דאָס פּשוט א מניעה. פּאָ־ליטישע אקציאָן מוז האָבען א ציל, אָדער זי ווערט יִשְבערלאָך. מיר וואוטען, כדי צו לאָזען וויסען, וואָס מיר ווינשען בנוגע צו דער רעגירונג און די געזעצען פון דער מדינה, אין וועלכער מיר וואוינען. אָדער צו מאכען אזעלכע ענדערונגען אין דער אָנווענ־דונג פון דיזע געזעצען, וועלכע די מאיאָריטעט פון די וואו־טערס געפינט פאר נויטיק. געוויסע פון דיזע ענדערונגען קען מען דורכפירען אפילו נאָך דעם, ווי אונדזערע קאנדידאטען זיינען אויסגעשלאָסען געוואָרען ביי די פּריימעריס, אויב מיר וועלען זיך באנוצען ווי געהעריק מיט דער קראפט פון דער פּארטיי ביי דער הויפּט־וואל (ביי דער „עלעקשאָן”).

„יענע, וואָס גלויבען גאָר ניט אין א רעגירונג, ווי למשל די אנאַרכיסטען, זיינען לאָגיש ווען זיי ווייזען צוריק דעם באלאָט, אָבער פאר סאָציאליסטען, וועלכע גלויבען אין דעמאָקראטיע, איז עס ניט קאָנסעקווענט אָפּצוזאָגען זיך פון וואוטען נאָר דערפאר, וואָס זייער אייגענער קאנדידאט איז ניט דורכגעגאנגען ביי די פּריימעריס. אימפּאסיביליסטען מעגען האלטען זייער אונזיניקע טאַקטיק פאר די עבטע קלאסען־באוואוסטע און רעוואָלוציאָנערע פּראָצעדור. זי איז דאָס ניט. אויב מיר גלויבען אין פּאָליטישע אקציאָן און אין דעמאָקראטיע, איז אונדזער פירונג איינפאך נאַ־ריש. קיין אנדער סאָציאליסטישע פּארטיי אין דער וועלט האלט ניט פון אונדזער מעטאָדע.

„געוויסע פון אונדזערע אָרטאָדאָקסישע פירערס טענה'ן אבער, אז אונדזער פּארטיי וואָלט באלד געוואָרען קארופּט, אויב מיר זאָלען דערלאָזען אונדזערע אָרגאניזאציעס, ווי אין אנדערע לענ־דער אויסצוקלייבען, וועמען אונדזערע מיטגלידער זאָלען אונטער־שטיצען נאָך דעם ווי אונדזער קאנדידאט איז דורכגעפאלען ביי דער פּריימערי. אף דעם איז אונדזער ענטפער: אויב אונדזער מיט־גלידערשאפט פּארדינט ווייניקער צוטרויען, ווי די סאָציאליסטי־שע מיטגלידערשאפט פון יעדער אנדער לאנד, איז אונדזער אמע־ריקאנער פּארטיי א מיזעראבלער דורכפאל. יעדע ווייטערע אר־בייט וואלט געווען נוצלאָז.

„דער פארבאָט אין דער קאָנסטיטוציע פון דער פּארטיי איז אויך העכסט אונדעמאָקראטיש, ווייל ער נעמט אוועק דאָס שטימ־

רעכט ביי אונדזערע פארטיי־מטיגלידער. עס איז נאריש און ניט לאָגיש, ווייל אין די לעדזשיסלעיטשורס, אין די שטאַט־פארוואל־טונגען, אין די סקול־באָארדס מוזען אונדזערע פארטרעטער שטי־מען ענטוועדער מיט איין זייט אָדער מיט דער אַנדערער, אויב זיי ווילען וואוטען. אויף דעם אופן ערלויבען מיר אונדזערע פארטרע־טער צו טאָן אלע טאָג דאָס, וואָס די מיטגלידער אליין טאָרען ניט טאָן אפילו איין מאָל א יאָר.

„ווען אָבער אונדזערע מיטגלידער גיבען אָפּ זייער וואוט, קען קיינער זיי ניט היטען. פילע פון די בעסטע וואוטען פאר א קאנ־דידאַט, וועלכען זיי באטראכטען פאר דעם נאָהענטסטען צו אונדז. אויף דעם אופן ווערט דער וואוט צושפּאָלטען, און אונדזער פאר־טיי ווייזט אויס שוואך, אנשטאָט וואָס זי זאָל אויסזעהן שטארק.

„דיזער אונזיניקער פארבאָט העלפט די קאפּיטאַליסטישע רע־אקציאָנערען און די יוניאָן־פּאָליטישענס. אונדזער פארטיי איז געבונדען, הענט און פיס, דורך איר קאָנסטיטושאָן, — זיי האָבען א פרייע האנט צו האנדלען מיט די ארבייטער־וואוטס".

אין אן אנדער ארטיקעל קומט בערגער ווידער צו דער פראגע וועגען „וואוטען ביי דער צווייטער עלעקשאָן".

„וועניקער פון די ניין־צענטעל סאָציאַליסטישע וואוטערס, וואָס באלאנגען ניט צו דער פארטיי, וויסען פון דעם חרם", — זאָגט ער, ס'הייסט נעגען וואוטען פאר א קאנדידאט פון אן אנ־דער פארטיי — „און קיינער פון זיי גיט אויף דעם קיין אכטונג ניט". זיי וואוטען געוועהנלאך אין אזא פאל פאר א „גוטען מאן".

„דאָס קענען מיר ניט אָפּשאפען. מיר קענען אָבער איינ־פירען אזעלכע אָפּמאכען, וואָס דער ארבייטער־קלאַס אלס גאַנצער וועט פון זיי פּראָפּיטירען, ווייל זיי וועלען זיך שטיצען אויף פּרינ־ציפּען, ניט אויף פּערזאָנען". אין א קעפּעל פון איינעם פון זיינע לייט־ארטיקלען פרעגט בערגער ביי דער סאָציאַליסטישער פארטיי, וואָס וויל זי זיין: — „אַ סעקטע אָדער א פּאָליטישע פארטיי?"

„דער פאראכטונגס־ווערטהער סעקטאנטישער געדאנק, אז יעדערער וואָס איז ניט קיין סאָציאַליסט איז דערמיט גופא א שווינדלער אָדער א שוטה, איז צו חוצפּה'דיק, אז עס זאָל ווערט זיין

אפילו איין מאָמענט עס צו באטראכטען. די סאָציאַליסטען האָ־
בען ניט קיין חזקה אויף די גאַנצע צדקות און די גאַנצע חכמה
פון דער וועלט. אויב עס וואָלט געווען אזוי, וואָלט אונדזער זאַך
געווען האָפנונגסלאָז.

„שוין גאָר א מאָדנע טענה איז די מורא, אז אונדזערע מיט־
גלידער וועלען פארלירען זייער קלאַסען־באַוואוסטזיין און זייער
סאָציאַליזם, אויב מ'וועט זיי ווען עס איז לאָזען וואוטען פאר
איינעם, וואָס איז ניט קיין מיטגליד פון דער פּאַרטיי. א ווייבעל,
וואָס מ'מוז שטענדיק האַלטען פארשלאָסען, כדי זי זאָל ניט אָנ־
יוערען איר ערע, האָט באמת ניט פיל ערע אָנצואָווערען, און א
סאָציאַליסט וואָס מ'מוז עס איינהאַלטען מיט אייזערנע פּראַווי־
לעס, ער זאָל ניט וואוטען פאר קיינעם חוץ א פּאַרטיי־מיטגליד,
אויס מורא, ער זאָל ניט אָנווערען זיינע סאָציאַליסטישע פּרינ־
ציפּען, — אַזאַ סאָציאַליסט האָט קיינמאָל ניט געהאט קיין סאָ־
ציאַליסטישע פּרינציפּען, וואָס ער זאָל זיי קענען אָנווערען.

„די ניט־סאָציאַליסטישע וואוטערס אין אמעריקע האָבען ניט
ארויסגעוויזען דעמזעלביקען גייסט פון שנאה, וואָס אונדזערע אָר־
טאָדאָקסישע מיטגלידער פּרעדיקען. זיי וואוטען אָפט פאר אונ־
דזערע קאַנדידאַטען, צום ביישפּיל, ניט מער ווי א פערטעל פון
קאָנגרעסמאַן מאיר לאָנדאָן'ס וואוטס זיינען סאָציאַליסטישע
וואוטס. מאיר לאָנדאָן האָט געקראָגען כמעט פיר מאָל אזוי פיל
וואוטס ווי די אַנדערע קאַנדידאַטען אַף דעם סאָציאַליסטישען
טיקעט. כמעט דריי פערטעל פון לאָנדאָנס וואוטערס האָבען גע־
שטימט פאר די איבעריקע קאַנדידאַטען פון די ניט־סאָציאַליס־
טישע טיקעטס. דאָך זיינען אפילו אונדזערע אָרטאָדאָקסישע מיט־
גלידער געווען מלא שמחה צו קריגען ניט־סאָציאַליסטישע וואוטס
פאר מאיר לאָנדאָן און האָבען באטראכט זיין ערוועהלונג פאר א
גרויסען זיג פאר די זאַך פון סאָציאַליזם.

„דיזעלביקע זאַך האָט פּאַסירט ביי דער לעצטער שטאָטישער
וואַל אין שיקאַגאָ. דזשאָן קענעדי, דער קאַנדידאַט פאר אָלדער־
מאַן אין דעם זיבען־און־צוואַנציקסטען וואָרד, האָט געקראָגען
11,873 וואוטס, בעת סטעדמאַן, דער קאַנדידאַט פאר מעיאָר, האָט
דאָרטען געקראָגען נאָר 2,183 וואוטס. ראַדריגעז איז ערוועהלט
געוואָרען אין דעם פופצעטען וואָרד באר אָלדערמאַן מיט 6,265

וואוטס, בעת סטעדמאַן האָט געקראָגען סך הכל 1703. האָבען אונ־
דזערע אָרטאָדאָקסישע מיטגלידער פּראָטעסטירט? ניין, די וואָל
פון די צוויי סאָציאַליסטישע אָלדערמען איז אדווערטייזט געוואָ־
רען איבער דער ברייטער וועלט אלס א גרויסער סאָציאַליסטישער
זיג, אפילו אין דעם „אמעריקאַן סאָשעליסט" (דעם אָפּיציעלען אָר־
גאַן פון דער נעשאָנאַל קאָמיטע פון דער פּארטיי), און קיינער
האָט ניט פּראָטעסטירט.

„די ווירקונג פון אונדזער שמאָלער פּאליסי אויף אונדזער באַ־
וועגונג איז זעהר שלעכט. מיר מאכען ניט קיין פּאָרטשריט. מיר
קענען קיינמאָל ניט האָפען צו פּארבעסערען דעם אלגעמיינעם צו־
שטאַנד אָדער אריינצוקריגען אין אונדזערע הענט די מאשינע־
רי פון דער רעגירונג מיט אַזא טאַקטיק. אויב מיר ווילען זיך אָן
איר ווייטער האַלטען, מוז פון אונדז ווערען א קליינע, פּאו־ביטער־
טע סעקטע, ווי די ס. ל. פּ. אויב דיעזע טאַקטיק וועט באלד ניט
איבערגעביטען ווערען, וועט דער אמעריקאַנער פּראָלעטאריאַט
ענטוועדער מוזען געפינען אן אנדער פּאָליטישען אויסדרוק פאר
זיינע פּאָדערונגען און געדאנקען, אָדער דער ארבייטער קלאַס וועט
דאַרפען ווארטען ביז וואנען געוויסע סאָציאַליסטישע פּאָדערונ־
גען וועלען לאנגזאַם אָנגענומען ווערען און באַפרידיקט ווערען פון
דעם קאַפּיטאַליזם".

וואָס־זשע איז בערגער'ס פּלאַן? אפשר, מיינט איר, גאָר
פיוזשאָן? חלילה, גאָט זאָל אונדז אויסהיטען.

„קיין קלאַסען־באוואוסטער סאָציאַליסט וועט קיינמאָל ניט
רעקאָמענדירען קיין „פּיוזשאָן" מיט קיין קאַפּיטאַליסטישער פּאר־
טיי. דאָס איז אונמעגלאַך" — זאָגט ער.

טו וואָס־זשע? הערט זיך צו מיט קאָפּ:

„עס זיינען פּאַראַן אַזעלכע, וואָס ווילען געהן צוזאמען מיט
אונדז א גרויסען טייל פון אונדזער וועג — דעם טייל וואָס ליגט
נאָך ביי אונדז ווייט פון פּאָרענט, — כאָטש זיי ווילען ניט געהן
מיט אונדז איבער דער גאַנצער לענג ביז צום ענדציל.

„אין נאָמען פון פּראָסטען שכל, פאר וואָס זאָלען מיר ניט
טאָרען וואוטען — נאָכדעם ווי אונדזער קאנדידאַט איז דורכגע־
פאַלען ביי די פּריימערים — פאר אַזעלכע קאנדידאַטען, וואָס

זיינען פריינטלאך צו אונדז? פאר וואס זאלען מיר ניט טארען אננעמען זייער אינדארסמענט פאר דער פריימערי?"

אט דא וועלען מיר זיך אפשטעלען אף א ווייל, ווען בערנער רעדט פון אננעמען אן אינדארסמענט פאר דער פריימערי, קען דאס האבען נאר איין זין, לויט דעם וואל־געזעץ, — דאס הייסט, אז אן אנדער פארטיי זאל אופשטעלען דעם סאציאליסטישען קאנדידאט אף איר צעטעל ביי די פריימערים. מיט אנדערע ווערטער, ער וויל, אז א סאציאליסטישער קאנדידאט זאל אויך מעגען לויפען אף א „קאפיטאליסטישען" טיקעט*).

היינט, פאר וועלכע מצוות וועלען דאס די פאליטישענס פון ערגעץ א קאפיטאליסטישער פארטיי ארופשטעלען א סאציאליסטישען קאנדידאט אף זייער טיקעט? דערפאר, פארשטעהט זיך, וועלען דערנאך, ביי דער רעכטער עלעקשאן, די סאציאליסטישע וואוטערס שטימען פאר אזעלכע קאפיטאליסטישע קאנדידאטען, „וואס זיינען פריינטלאך צו אונדז".

נאך אמאל: א סאציאליסטישער קאנדידאט וועט ווערען נאמינירט פון א קאפיטאליסטישער פארטיי און סאציאליסטישע וואוטערס וועלען שטימען ביי דער עלעקשאן פאר קאפיטאליסטישע קאנדידאטען.

און ווי וועט מען דאס מאכען?
הערט ווייטער:

„זאל אונדזער פארטיי, אזוי ווי אונדזערע שוועסטער־פארטייען אין אייראפעאישע לענדער און אין אויסטראליען, דורך די קאונטי קאמיטע אדער דורך די סטעיט קאמיטע אויסקלייבען דעם אנדערען קאנדידאט (ס'הייסט דעם „קאפיטאליסטישען"), פאר וועמען מיר דארפען וואוטען ביי דער צווייטער עלעקשאן".

איצטער איז דער פלאן גאנץ קלאר. ביי די פריימערים וועט איינע פון די קאפיטאליסטישע פארטייען ארופשטעלען א סאציא־ליסטישען קאנדידאט, אדער א פאר סאציאליסטישע קאנדידא־

*) ווען איך זאג, אף „א קאפיטאליסטישען" טיקעט, איז דאס דער־פאר, ווייל אף דעם לשון פון דער סאציאליסטישער פארטיי איז דאך יעדע אנדערע פארטיי א קאפיטאליסטישע. איך האב פיינט צו פשט'לען זיך צוליב ווערטער.

טען, או זביי דער עלעקשאַן וועט די צענטראל קאָמיטע פון דער סאָציאליסטישער פארטיי אנווייזען די סאָציאליסטישע וואוטערס פאר וועלכע קאפיטאליסטישע קאנדידאטען זיי זאָלען וואוטען. דער טרפה'ר וואָרט „פיוזשאַן" ווערט ניט געברויכט. אָבער, אויב דאָס איז ניט פיוזשאָן, טו וואָס איז פיוזשאָן?

מען קען אף בערגער'ן קיין פאריבעל ניט האָבען—ער קען זיינע פאָפּענהיימער, ווי דער דייטש זאָגט. איר ווייסט דאך, פאר דעם וואָרט „שמד" שעמט מען זיך, אבער נעמען א „טויפשיין" ביי א לוטעראַנישען פאַסטאָר הייסט דאָך ניט שמד'ען זיך*).

אַלזאָ בערגער וויל מאכען פיוזשאַן מיט אנדערע פארטייען. דער עיקר איז ניט, צי די פריימערי לאָס זיינען אזוי געמאכט, אז אַ סאָציאליסטישער קאַנדידאט קען ניט ארופקומען אף דעם באַלאָט ביי דער ריכטיקער עלעקשאַן, צי ער קען יע ארופקומען און האָט ניט די מינדעסטע אויסזיכטען ערוועהלט צו ווערען. דעריבער דארף מען ניט אויסטייטשען בערגער'ס ארגומענטען אין אַן ענגען זין, אזוי ווי עס וואָלט זיך געהאנדעלט נאָר וועגען א לאָקאלער פראגע. די זעלבע ארגומענטען פאסען זיך אויך פאר אנדערע סטעיטס, וואו דער וואוטער האָט די געלעגענהייט צו וואוטען מער ווי איין מאָל.

צום ביישפיל, אין דזשוירזי־סיטי איז איינגעפירט דער „פרעפערענשעל באלאָט". אף דעם באלאָט איז געדרוקט א ליסטע קאנדידאטען און ביי יעדען נאָמען זיינען פאראַן פיר קעסטאלאך: אין דער ערסטער קעסטעל מאכט דער וואוטער א צלם פאר דעם קאנדידאט, וואָס ער וויל בעסער פאר אלעמען, אין דער צווייטער — פאר יענעם מיט וועלכען ער מוז זיין צופרידען, אויב ער קען ניט אויסקלייבען דעם ערסטען, א. אַז. וו. נאָך דער קאָנסטיטושאַן פון דער סאָציאליסטישער פארטיי מוז א סאָציאליסט מאכען א צלם נאָר אין דער ערסטער קעסטעלע. אויב דער סאָציאליסטישער קאנדידאט וועט קריגען מער וואוטס

---

*) אַזוי האָט מיט פינף און פערציק יאָר צוריק גע'טענה'ט מיין זיידע עה"ש, זעהר אַ פרומער איד, ווען עס האָט זיך געטראָפען, אַז איי־נער פון אונדזער משפחה האָט זיך אָגע'שמד'ט ביי אַן ענגלישען פאס־טאָר אין מאָסקווע.

ווי אלע אנדערע צוזאמען, איז רעכט, דעמאָלט איז ער ערוועהלט. אויב ניט, טאָר א סאָציאַליסטישער וואוטער פאר קיין אנדער קאַנדידאַט ניט שטימען.

אָן אַנדער ביישפּיל איז די שטאָט פּארטלאנד, אין דעם סטעיט מיין. דאָס איז דער איינציקער סטעיט, וואו עס זיינען פאראַן שטיכוואַלען. ביי דער וואַל אין נאָוועמבער 1901, האָט קיינער פון די קאַפּיטאַליסטישע קאנדידאַטען פאר מעיאָר ניט באקומען קיין מאַיאָריטעט, ווייל די סאָציאַליסטען האָבען געהאַט די „באלאַנס אָוו פּאוער". עס איז פּאָרגעקומען א שטיכוואַל מיט דעם זעלבען רעזולטאט. נאָך דעם געזעץ נאָך ווערט אין אזא פאַל דער מעיאָר ערוועהלט דורך די באָארד אָף אַלדערמען", אַלזאָ א רעפּובליקאנער איז ערוועהלט געוואָרען.

די סאָציאַליסטען וואָלטען נאָך דער ערסטער וואַל געקענט צווינגען איינע פון די צוויי פּארטייען, אז זי זאָל ארויסשטעלען אַן אנשטענדיקען מענטשען פאר אַ קאַנדידאַט, ניט קיין פּאָליטישען, און ער זאָל זיך עפּענטלאַך פאַרפּפליכטען דורכצופירען געוויסע פאָדערונגען פון דער סאָציאַליסטישער שטאָט־פּלאַט־פאָרמע (דער פּראגראם־מינימום).

אין ניו־יאָרק מעג יעדער סאָציאַליסט זיך רעגיסטרירען פאר די פּריימערים פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי און דערנאָך וואוטען ביי דער וואַל. דער אויסגאַנג פון די פּריימערים וועיזט שוין, צי דער סאָציאַליסטישער קאנדידאַט האָט אַן אויס־זיכט ערוועהלט צו ווערען. אויב ער קריגט עטלאָכע הונדערט וואוטס און די קאנדידאַטען פון אנדערע פּארטייען קריגען טוי־זענטער וואוטס, איז דאָך שוין קלאָר, אז ער וועט ניט ערוועהלט ווערען. פונדעסטוועגען טאָר א פּארטיי־מיטגליד פאר קיין אנדערען ניט וואוטען.

די „פּריימערי לאָאז", אָדער ענלאָכע געזעצען, זיינען שוין איינגעפירט געוואָרען אין פילע סטעיטס און די באוועגונג פאר־שפּרייט זיך. אין קורצען וועלען אומעטום אין אמעריקע איינגע־פירט ווערען שטיכוואַלען אין איין פאָרמע אָדער אין אַן אנדע־רער.

בערגער טרעט ארויס געגען דעם, וואָס די סאָציאַליסטישע פּארטיי, מיט איר איצטיקער טאַקטיק, זאָגט זיך אָפּ פון דעם

איינפלוס, וואָס זי וואָלט נעקענט האָבען אויף די אַלגעמיינע פּאָלי־טיק פון לאנד. „דערמיט וואָס די סאָציאַליסטישע פּאַר־טיי האַלט זיך אינגאַנצען פון ווייטען — זאָגט ער — ווערען מיר פאַראַליזירט אַלס אַן אָרגאַניזאַציאָן און מיר פאַרלירען אונ־זער רעכט צו וואָוטען אַלס יחידים“.

אויב די פּאַרטיי זאָל באַשטימען, „צי עס איז פאַראַן אַ קאַנ־דידאַט, וואָס פאַרדיענט אונזערע וואָוטס“, — ס'הייסט אַ „קאַ־פּיטאַליסטישער“ קאַנדידאַט — וואָלט דער אַרבייטער־קלאַס אָדער די פּאַרטיי האָבען אַ תכלית דערפון“.

וואָס פאַר אַ תכלית?

„אַ גוט־רעגולירטע פּראָצעדור פון דעם סאָרט וואָלט צוגע־געבען אונגעהויער צו אונזער כח און אונזער געוויכט. מיר וואָלטען האַלטען די באַלאַנס און פּאַור אין פילע פעלע און מיר וואָלטען קענען דורכצווינגען געזעצען אפילו נאָכדעם ווי מיר זיי־נען דורכגעפאַלען ביי די פּריימערים“.

וואָס מאַכט דאָס אָבער אויס, וואו מען פאַלט דורך, צי ביי די פּריימערים, צי ביי דער עלעקשאָן, אויב מען האָט די קראַפט דורכצוצווינגען אַ געזעץ וואָס וועט זיין גוט פאַר דעם אַרביי־טער קלאַס?

אין בערגער'ס שלום־אַרטיקעל ווערט די פראַגע געשטעלט ברייטער:

„יעדער פאַרזוך אָוועקצונעמען דירעקט דעם וואָוט ביי דעם אַרבייטער־קלאַס שטויסט זיך אָן אויף אַ קרעפטיקען פּראָטעסט. גענעראַל־סטרייקס זיינען געפירט געוואָרען מיט גרויסע אָפּפער פאַר דאָס רעכט צו וואָוטען. פילע רעוואָלוציעס האָבען באַצאָלט מיט מענטשלאַכע לעבענס צו געווינען אָדער אופצוהאַלטען דאָס רעכט צו וואָוטען. די סאָציאַליסטען ווערען באַטראַכט אַלס די ספּעציעלע פּאַרטיידיקער פון דעם שטימרעכט פון די אַרבייטער. און פונדעסטוועגען האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אַ פּונקט אין איר קאָנסטיטושאָן, וואָס לעגט אריין די וואָפען אין די הענט פון אירע שונאים אָוועקצונעמען דאָס שטימרעכט ביי די סאָציאַ־ליסטען...

„אין יעדער אנדערער לאַנד, אָן קיין שום אויסנאַם, באשטי־מען די סאָציאַליסטען, דורך א מאַיאָריטעט אין זייער אייגענער אָרגאַניזאציאָן, פאר וועמען זיי זאָלען שטימען ביי דער לעצטער וואַל אין די אינטערעסען פון דער פארטיי און פון דעם ארבייטער־קלאַס. אויב מען קען בעסער אויספירען דערמיט וואָס מען ענט־זאגט זיך גאָר צו וואוטען, טוט מען אזוי. אָבער אויב מען קען גע־ווינען אזעלכע הנחות, וואָס די גאנצע פארטיי באטראכט פאר ניצ־ליך, ניט איינצעלנע פּאָליטישענס מיט אייגענע „סקימס" ווי איצטער, דעמאָלט ווערט דער סאָציאַליסטישער וואוט באנוצט אף אזא אופן.

„די ענגלישע סאָשאַל־דעמאָקראטיק פעדערעישאָן, בשעת זי איז באטראכט געוואָרען פאַ׳ די העכסט מארקסיסטישע פון אלע סאָציאַליסטישע פארטייען אין דער וועלט, האָט אין דער צייט פון א גאנצען דור געהאט א פּאָדערונג אין איר פּלאַטפאָרמע פאר „צווייטע וואהלען", וואו דער סאָציאַליסטישער וואוט זאָל קענען אויסגענוצט ווערען אף דעם אופן, נאָכדעם ווי ער איז איין מאָל אָפּגעגעבען געוואָרען אלס פּראָטעסט און געצעהלט געוואָרען ביי דער ערסטער עלעקשאָן".

בערגער שליסט זיין לעצטען ארטיקעל מיט די פאָלגענדע ווערטער:

„עס איז א צייט פאר די אמעריקאנער סאָציאַליסטען צו באַ־שליסען, צי זיי ווילען פארלירען זייער רעכט צו וואוטען צוליב א דאָגמאט".

## 11.

### פיוזשאָן אָדער אָפּאָרטוניזם?

אזוי לאנג ווי די סאָציאַליסטישע פארטיי טאָר ניט איינגעהן אין קיין שום אָפּמאכען מיט אַן אנדער פארטיי, ווי פּאָרטשריט־לאך יענע פארטיי זאָל ניט זיין, און אזוי לאנג ווי די סאָציאַליס־טישע וואוטערס אליין זיינען ניט גענוג אין צאָל צו פארזיכע־רען די וואל פון דעם סאָציאַליסטישען קאנדידאט, זוכט מען אריינ־ציהען פאר עם וואוטערס, וואָס שטימען פאר אנדערע פארטייען.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי וואַרפט חוץ׳דעלאָך אויף די קאָנ־סערוואַטיווע טרעיד־יוניאָניסטען און אויף די פאַרמערס, און אויף די פרומע קריסטען, און זוכט צוצופּאַסען איר סאָציאַליזם צו זייערע קאָנסערוואַטיווע אידעען.

ווייל מען אריינקריגען טרעיד־יוניאָניסטישע וואָטערס און די טרעיד־יוניאָניסטען זיינען געגען אימיגראַציע, קומט דער סאָ־ציאַליסטישער קאַנדידאַט ארויס געגען אימיגראַציע. די ווייסע אין די סויט האָבען פיינט די שווארצע, קומען ארויס די סאָציאַליס־טישע פּאָליטישענס פאַר די הערשאַפט פון דער ווייסער ראַסע און פאַר באַשרענקונגען געגען די שווארצע.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז נאָר געגען קאָמפּראָמיס מיט אנדערע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, — אפילו מיט אַן ארבייטער־פּאַרטיי, ווי אין קאַליפאָרניא, אָדער מיט אַן אונפּאַרטייאישען סאָציאַליסט, ווי דער אמאָליקער מעיאָר פון טאָלידא, — אָבער זי איז שטענדיק גרייט צו מאַכען אַ קאָמפּראָמיס מיט אירע אייגענע פּרינציפּען, ווען זי האָפט דערמיט אָפּצורייסען די וואָטס פון די זעלביקע אָרגאַניזאַציעס.

ווען אָבער מ׳וואָלט זיך ניט געדאַרפט נאָכיאָגען נאָך אזעלכע וואָטערס, וואָס זיינען ניט סאָציאַליסטיש געזאָנען, ווייל מ׳וואָלט זיך געקענט פאַראייניקען מיט אנדערע פּאַרטייען אויף אַ געוויסער איינטיילונג פון עמטער אָדער דיסטריקטען, וואָלטען זיך די סאָציאַ־ליסטישע קאַנדידאַטען געקענט בלייבען שטרענג פּרינציפּיעלע סאָציאַליסטען און קריגען די שטיצע למשל פון די פּראָגרעסיווע רע־פּובליקאַנער אין מילוואָקי, דערפאַר וואָלטען די סאָציאַליסטען אונטערשטיצט די קאַנדידאַטור פון דעם פּראָגרעסיווען רעפּובלי־קאַנער לאַפּלעט פאַר דעם סענאַט פון די פאַראייניקטע שטאַ־טען. וואָלט דאָס הייסען פאַרשמעלצען זיך מיט דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי ? אזעלכע אבמאַכען צווישען די סאָציאַליסטען און די בור־זשואַזנע פּאַרטייען קומען פאָר אין אייראָפּע גאָר ניט זעלטען, — הייסט דאָס, אז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אָדער די סאָציאַליס־טישע פאַרטרעטער נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר יענע פּאַרטייען ?

מ׳זאָגט, אז דורך דעם, וואס סאָציאַליסטישע קאנדידאטען ערשיינען אױף דעם באלאָט, מאכט מען דעם עולם באקאנט מיט דעם פאקט, אז עס זיינען פאַראַן סאָציאַליסטען אויף דער וועלט.

אָבער וואו שטעהט דאָס, אז מ׳מוז דוקא נאָמינירען א קאנדידאט פאר א גאָווערנאר, וואס מ׳ווייס אין פאָראויס, אז מ׳קען עס ניט ערוועהלען? ווען די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האט שוין געהאט א פּאָר צענדליק דעפּוטאטען אין רייכסטאג, האָט זי נאָך ניט ארויסגעשטעלט קיין אייגענע קאנדידאטען אין יעדען דיסטריקט. עס איז גענוג ארויסצושטעלען קאנדידאטען דאָרטען, וואו מ׳האָט א שאנס צו ערוועהלען אָדער ווענינקסטענס צו ציהען אן אנשטענדיקען וואוט; וואו אבער מ׳קען גיין אייגענעם קאנדידאט ניט ערוועהלען, דארף זיך אן אמת׳ע ארבייטער־פּארטיי באנוצען מיט אירע שטימען ענטוועדער עפּעס אָפּצוצווינגען פאר די ארבייטער פון אנדערע פּארטייען, אָדער צו העלפען ערוועהלען אזעלכע קאנדידאטען, וועלכע וועלען ניט זיין פיינדליך צו דעם ארבייטער־קלאס.

עס איז ניט ריכטיק, ווען מ׳זאָגט, אז אלע קאנדידאטען, א חוץ די סאָציאַליסטישע, זיינען פיינדליך צו די ארבייטער. דער שעריף, דער מעיאר, דער סיטי־מארשאל און די אנדערע בעאמטע אין קאָלאָראדא, וואָס די קאפּיטאַליסטען האָבען זיך געקליבען היינגען אין 1904, האָבען פּונקט אזוי טריי געדינט די ארבייטער, ווי די סאָציאַליסטישע בעאמטע.

ווען מ׳זאָל האלטען, אז אלע ארבייטער, א חוץ די סאָציאַליסטען, זיינען קאָרופּט און קענען גאָר ניט אויסקלייבען צווישען זיך קיין ערלאכען מאן, וואָס זאָל רעפּרעזענטירען זייערע אינטערעסען אין דער שטאָאט־רעגירונג אָדער אין דער לעדזשיסלעיטשור, דאַן האָט מען לחלוטין ניט וואָס צו האָפּען פון דעם ארבייטער־קלאָס.

אין א וואלקאמפּף, דארף מען וויסען, האנדעלט זיך ניט וועגען אלגעמיינע פילאָזאָפישע וועלט־אנשויאונגען, נאָר וועגען איינצעלנע פּראקטישע פראגען: צי זאָל מען אויס׳הרג׳ענען די פיליפּינער? צי זאָל די שטאָט ניו־יאָרק ליגען אין די הענט פון א באנדע גנבים און „קאָדעטען“? צי זאָל דער סטעיט קאָלאָראדאָ פארבליי־

בען אונטער א סאָלדאטסקער רעגירונג, אָדער עס זאָל וויעדער ווערען א דעמאָקראטישע רעפּובליק? צי זאָלען די שטאָטבאנען פארבלייבען ביי די קאָמפּאניס, אָדער זיי זאָלען באלאנגען צו דער שטאָט? אף די אלע פראגען קען דער וואוטער נאָר ענטפערן: „יע“, אָדער „ניין“. ווען איר שטימט ניט דאפיר, ווערט אייער וואוט גע־רעכענט דאגעגען. עס מאכט גאָר ניט אויס וואָס איר האָט בשעת מעשה גאָר געהאט אין זינען די אָפּשאפונג פון פּריוואט־אייגענ־טום אין גאנצען.

נאָר דאן, ווען אלע אנדערע קאנדידאטען זיינען רעאקציאָ־נער, האָט א זין אופצושטעלען א סאָציאליסטישען פּראָטעסט־קאָנדידאט.

מען האָט מורא, אז פיוזשאָן קען אָפּשוואכען די סאָציאליסטי־שע פּארטיי. לאָז זיין אפילו אזוי. אָבער, ווי יעזוס האָט געזאָגט, ניט דער מענטש איז באשאפען פאר דעם שבת, נאָר דער שבת פאר'ן מענטשען: א פּארטיי־אָרגאניזאציאָן, וועלכע דערלאָזט ניט די ארבייטער צו פארבינדען זיך מיט ערגעץ א פּארטיי אָדער א געזעלשאפטס־קלאָס, ווען עס קען דערמיט אויסגעפירט ווערען אַן ארבייטערפאָדערונג, —איז א שטערונג פאר די ארבייטער־באוועגונג. די פּראקטיקע האָט אָבער געוויזען, אז די סאָציאליסטישע פּארטיי ווערט אָפּגעשוואכט דוקא דורך איר „אונקאָמפּראָמיסליכ־קייט“, די וואוטערס מאכען דעם קאָמפּראָמיס פאר זיך, אָן דער פּארטיי. ווען עס הויבט זיך אָן א פאָלקס־באוועגונג, וועלכע איז אין איינקלאנג מיט געוויסע פון די סאָציאליסטישע פּרינציפּען, איז פּשוט נאריש צו שטעלען זיך דאגעגען צוליב די אינטערעסען פון דער פּארטיי־אָרגאניזאציע.

עס איז פאראן א פּרינציפּיעלע נפקא־מינה פון א קאָמפּראָ־מיס פון איין פּארטיי מיט אַנאנדערער ביז אָפּאָרטוניזם.

ווען די רוסישע סאָציאל־דעמאָקראטען און די ציוניסטען אין פּעטערבורג האָבען ביי דער וואל פאר די צווייטע דומא ארויסגע־שטעלט אַן אלגעמיינעם „לינקען צעטעל“ פון קאָנדידאטען, האָבען די סאָציאל־דעמאָקראטען זיך ניט ערקלערט פאר ציוניזם אָדער די אלגעמיינע ציוניסטען פאר סאָציאליזם. זיי האָבען זיך נאָר פאר־איינינט אף געוויסע קאָנדידאטען, אָבער יעדער קאָנדידאט האָט

פארטראָטען נאָר זיינע אייגענע פרינציפּען און האָט זיך ניט אָפּגע־
זאָגט פון קיין איינציקען פונקט פון זיין אייגענעם פּראָגראַם מיט
דעם צוועק צו כאַפּען די שטימען פון יענע, וואָס זיינען ניט איינ־
פארשטאַנען מיט זיין פּראָגראַם. אין דער שווייץ, ווען עס קומען
זיך צוזאַמען די פּארטרעטער פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטען און פון
די קאַפּיטאַליסטישע פּארטייען און מען פאראייניקט זיך אף איין
אַלגעמיינער ליסטע פון קאַנדידאַטען, הייסט דאָס ניט, אַז די סאָ־
ציאַל־דעמאָקראַטען זאָגען זיך אָפּ פון איין איינציקען פונקט פון
זייער סאָציאַליסטישען פּראָגראַם, כדי צו געווינען חן ביי זייערע
קאַפּיטאַליסטישע געגנער. אין דער צייט פון דעם קאַמפּעין, אַזוי
ווי אין דעם שטאָט־ראַט אָדער אין דעם קאַנטאָנאַל־ראַט, פּארטרע־
טען זיי נאָר יענע פּרינציפּען, וועלכע זיי באַטראַכטען פאר ריכטיק.
די וויכטיקסטע זאַך איז, וואָס זיי דארפען גאָר ניט פארלייקענען
זייערע פּרינציפּען, וואָרים זיי זוכען פאר זיך ניט קיין פרעמדע
שטימען, זיי שטיצען זיך נאָר אף זייערע אייגענע. דורך די פאר־
בינדונג מאַכען זיי נאָר גילטיק זייערע אייגענע שטימען, וואָס אנ־
דערס וואָלטען זיי פאַרלאָרען געגאַנגען. דאָס איז ניט מעהר ווי אַן
אויסגלייך, וועלכער איז דער איינציקער מיטעל צו פארריכטען די
חסרונות פון דעם היינטיקען וואַל־סיסטעם

פינף-און-צוואנציקסטער קאַפּיטעל:

# די באַציהונג פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען צו די יוניאָנס אין אַמעריקע.

## 1.

### וואָס דענקען די סאָציאַליסטען וועגען די יוניאָנס?

אין דער היגער אידישער יוניאָן־באַוועגונג האָבען די סאָציאַ־ליסטען אימער געשפּילט א פירענדע ראָליע. זיי זיינען געוועזן די יעניקע, וואָס האָבען פון אָנהויב אָן אנטיילגענומען אין אַלע סטרייקס, סיי אַלס רעדנער, סיי אַלס פירערס, סיי אַלס אָרגאַניזאַ־טאָרס. אין דער לעצטער צייט, ווען די אידישע יוניאָנס זיינען געוואָרען שטענדיקע אָרגאַניזאַציעס מיט באַצאָלטע בעאַמטע, זיי־נען, גאַנץ נאַטירליך, דאָס רוב פון די בעאַמטע אויך מענטשען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

אזוי איז עס אויך געוועזן אין די מערסטע דייטשע יוניאָנס אין יענער צייט, ווען די דייטשען האָבען אויסגעמאַכט א גרויסען טייל פון דער איינוואַנדערונג. אין יענער צייט זיינען די אַקטיווע מיטגלידער פון די דייטשע יוניאָנס אויך געוועזן מיטגלידער פון דער ס. ל. פּ.

פאַרקערט, אין די זאָגענאַנטע „אַמעריקאַנער יוניאָנס“, דאָס הייסט אין יענע, וואו די פירערס זיינען אַמעריקאַנער געבאָרענע אָדער ענגליש־שפּרעכענדע אימיגראַנטען, שפּילען די סאָציאַליס־טען נאָך ביז דעם היינטיקען טאָג א קליינע ראָליע. די סאָציאַליס־טישע טוערס האָבען זיך שטענדיק באַמיט צו קריגען אַן איינפלוס אויף די „ענגליש־שפּרעכענדע“ יוניאָנס. צוליב דעם זיינען פאַר־געקומען זעהר העפטיקע קעמפּפע. עס איז וויכטיק זיך אָפּצוגעבען א קלאָרען דין וחשבון, וועגען וואָס עס האָט זיך געהאַנדעלט אין דיזע קעמפּפע.

די היגע סאָציאַליסטען באטראכטען דעם סאָציאַליזם און דעם טרעיד־יוניאָניזם אלס צוויי גרונד־פארשידענע באוועגונגען. ביידע ריכטונגען אין דער געשיכטע פון דער אמעריקאנער סאָציאַליסטי־שער באוועגונג, אי די אַלטע ס. ל. פּ. אי די היינטיקע ס. פּ., זיינען אין דעם געווען אייניק, וואָס זיי האָבען זיך גאָר ניט אינטערעסירט מיט דער איינענטליכער אויפגאבע פון די יוניאָנס. פאר זיי איז וויכטיק געווען צו מאכען פארטיי־פּראָפּאגאנדא אין די יו־ניאָנס. די ס. ל. פּ. האָט עס געזוכט צו דערגרייכען דערמיט, וואָס די פארטיי זאָל זיין פארטראָטען אין די צענטראל־קערפּערשאפטען פון די יוניאָנס, די ס. פּ. האט געזוכט צו געווינען די פריינטשאפט פון די בעאמטע פון די יוניאָנס.

איך וועל דאָ איבערגעבען די מיינונגען פון צוויי אנערקאנטע סאָציאַליסטישע שרייבערס, וואָס איינער פון זיי — ראָבערט לאַ־מאָנט — רעפּרעזענטירט די זאָגענאַנטע „רעוואָלוציאָנערע" ריכ־טונג און דער אנדערער — דזשאַשוא וואנהאופ — די אָפּאָרטוניס־טישע.

נאָך לאַמאָנט'ס מיינונג, איז א יוניאָן ניט מעהר, ווי א פאר־אייניקונג פון ארבייטער, וואָס זוכען צו פארבעסערען זייער לאַגע אויף דעם אנדערנס חשבון*) ער גיט א מיטל פון ניו־זילאנד, אז ווען די בוטשער־יוניאָן האָט דאָרטען געוואונען א סטרייק, איז דער פרייז פון פלייש געשטיגען; אלזאָ, וואָס די בוטשער־ארבייטער האָ־בען געוואונען, דאָס האָבען אלע איבעריקע ארבייטער אנגעוואָרען. דער קאמפף פון די יוניאָנס געגען די קאפּיטאליסטען איז ניט קיין קלאסען־קאמפף. דער פארזוך פון דער קאָנווענשאָן אין אינדיאנא־פּאָליס**) צו פערבינדען דעם טרעיד־יוניאָניזם מיט דעם סאָציא־ליזם איז געווען אבסורד און אוטאָפּיסטיש. די פילאָסאָפיע פון

*) סאָשיאַליזם ענד דהי טרעיד יוניאָנס — אינטערנעישאָנאל סאָ־שאליסט רעוויו, דזשולי, 1904.

**) ביי דער קאָנווענשאָן אין אינדיאנאפּאָליס אין 1901 איז פאָר־געקומען די פאראייניקונג צווישען דער סאָציאל־דעמאָקראטישער פּאר־טיי (דער „דעבסיסטישער") און דער „פּאָלקסציוטונג" — פראקציאָן פון דער ס. ל. פּ.

אױף זײן צושטערונג. דאָס איז דער אמת'ער תהום צװישען דער אָר־גאַניזירטער ארבײטער־שאַפט און דעם סאָציאַליזם, און ביז װאַנען די יוניאָנס װעלען ניט באַגרײפען און אָננעמען דעם סאָציאַליסטי־שען שטאַנדפּונקט, שײנט דער תהום צו זײן אַזױ טיף, װי צװישען קאַפּיטאַליזם און סאָציאַליזם".

װײטער גיט ער אַ לאַנגע איבערזיכט פון די פאַרשידענע פאַרמען סאָציאַליסטישע פּאָליטיק בנוגע צו די יוניאָנס, װאָס מען האָט דאָ אױסגעפּראָבירט, און לסוף קומט ער צו דער איצטיגער טאַקטיק פון „דע־ליעאָניטען פון אינגערי־ענק". דיזע טאַקטיק באַשטעהט אין דעם, װאָס מען זוכט „צו קעמפּשורען (צו פאַרבאָפען) די יוניאָן פאַר'ן סאָציאַליזם".

„װען אַ גרױסער טײל פון די סאָציאַליסטען, װאָס פאַרנעמען זיך דערמיט" — זאָגט װאַנהאָיס װײטער — „פאַרלירען זײער גלײכגעװיכט, און ענטמוטיגטער װי װערען אַזױ דערעסען מיט זײער פּראָפּאַגאַנדע דער ניט־קלאַסען־באַװאוסטער מאַיאָריטעט, אַז זײ קריגען אַ שם פאַר נודניקעס און דערמיט ענדיגט זיך זײער טעטי־קײט, אָדער זײ װערען אַזױ אַקטיװ אין דער יוניאָן־באַװעגונג, אַז זײ פאַרגעסען אױף אַ צײט זײער סאָציאַליזם. עס זײנען פאַראַן אַ פּאָר לאָקאַלע לידערס אין דער טרײד־יוניאָניסטישער באַװעגונג, װעלכעס פעהיגקײטען זײנען אַנערקענט געװאָרען פון דער מאַסע, און מען האָט אױף זײ געװירקט, זײ זאָלען אָננעמען אָפיציעלע שטעלען, און דער רעזולטאַט איז, אַז זײ גיבען אָפּ דעם גרעסטען טײל פון זײער טעטיגקײט צו דער יוניאָן און עס בלײבט װעניג אָדער גאָר־ניט פאַר דעם סאָציאַליזם... זײ אַלײן לײקענען געװעהנליך מיט ענטוזיאַזם, אַז זײ האָבען פאַרנאַכלעסיגט דעם סאָציאַליזם פאַר דעם טרײד־יוניאָניזם, און זײ באַהױפּטען, אַז אין גרונד פון זײער טעטיגקײט ליגט דער װוּנש צו פאָדערען די סאָציאַליסטישע באַ־װעגונג"*).

דאָס װעט קלינגען. איר זעט גאַנץ קלאָר, אַז בײ עם קומט אױס, אַז דער סאָציאַליזם און דער יוניאָניזם זײנען צװײ גאַנץ באַזונדערע באַװעגונגען. װען אַ סאָציאַליסט װיל געװינען די יו־

*) „ניו־יאָרק קאָל", דעם 11טען אױגוסט, 1915.

ניאנס פאר דעם סאָציאַליזם, הייסט עס, אז ער דארף דאָרטען טאָן עפּעס אנדערע ארבייט, חוץ די ארבייט פון דער יוניאָן גופא. ער דאַרף זיי לערנען די תורה פון דעם סאָציאַליזם, אָבער, פאַר־שטעהט זיך, נודיען דערמיט די וניאָן־לייט דארף ער ניט. אליין דאַרף האָבען א מאָס.

אַז די טעטיקייט פון דער יוניאָן גופא, די וואָכעדיקע יוניאָן־ארבייט, איז אליין אַ טייל פון דער סאָציאַליסטישער עבודה, דאָס קומט עם גאָר ניט אין זינען. ער מאָלט זיך אין זיין גערדאנק צוויי באזונדערע וועלטען: ד י וועלט און יענע וועלט. ד י וועלט איז דער קאַפּיטאַליזם און יענע וועלט איז דער סאָציאַליזם. די וועלט וועט „צושטערט" ווערען און דעמאָלט וועט זיך אָנהויבען יענע וועלט, די וועלט פון סאָציאַליזם. כל זמן מען לעבט אף ד ע ר וועלט, איז דער מענטש פארטאָן אין דאגות פרנסה. אף יענער וועלט וועט מען דאָס ניט דאַרפען.

ביידע שרייבער ווייזען, אז זיי האָבען א גאנץ אוטאָפּיסטישע פאָרשטעלונג פון דעם צוזאַמענהאנג צווישען סאָציאַליזם און יוניאָ־ניזם. עס איז אַ מערקווירדיקע זאַך, ווי די לייט, וואָס ריידען רק פון דער מאטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע, הויבען ניט אָן צו פאַר־שטעהן, ווי זי אנצואווענדען*).

.2

ד י נ ע ש י כ ט ל י כ ע ר אָ ל י ע פ ו ן ד י י ו נ י אָ נ ס.

וואָס איז דער עיקר פון דער מאטעריאַליסטישער פילאָסאָפיע פון דער געשיכטע ?

---

*) „דער ריכטיקער אמת איז, אַז אַ גרויסע צאָל גוט־באקאנטע סאָ־ציאליסטען פארשטעהן ניט די אַמעריקאנער יוניאָן־באַוועגונג", האָט אין 1915 געשריבען אין דעם „ניו־יאָרק קאָלל" דזשיימס ה. מאו־רער, דער סאָציאליסטישער פארטרעטער אין דער געזעצגעבענדער פער־זאמלונג (לעדזשיסליטשור) פון פענסילווייניא און צו דער זעלבער ציים אויך דער פרעזידענט פון דער פענסילווייניא סטעיט פעדערעי־שאָן אָוו לעיבאָר.

די ארבייט, די ביזנעס פון דער געזעלשאפט, שטעלען יעדען איינעם אין א געוויסען פלאץ, וואו ער האנדעלט אזוי ווי זיין פערזענליכער אינטערעס דיקטירט עס. ווען א סך פערזאנען טוען דיזעלבע ארבייט, אדער פירען דעם זעלבען געשעפט, טו האבען זיי דיזעלבע אינטערעסען און געוועהנליך דיזעלבע מיינונגען, און וועלען האנדלען אף דיזעלביקע ארט. דאס איז א קלאס. דער קלאס קען האנדלען אינסטינקטיוו, יעדער איינער פאר זיך, אדער באוואוסטערהייט, דאס הייסט, קלאסען־באוואוסט. א געזעלשאפט באשטעהט געוועהנליך פון עטליכע קלאסען; ווען יעדער האנדעלט קלאסען־באוואוסט, דאס הייסט, ווען יעדער פרובירט אויסצופירען, וואס איז פאר עם בעסער, טו פירט עס צו א קאמפף, א קלאסען־קאמפף. דער רעזולטאט פון די אונבאוואוסטע און קלאסען־באוואוסטע טעטיקייט פון פערזאנען און קלאסען איז אימער א פאראנדערונג; געוועהנליך אבער איז די פאראנדערונג, ווען מ'באטראכט זי אין גאנצען, גאר ניט דאס, וואס יעדע איינצעלנע פערזאן אדער קלאס האט געהאט אין זינען.

איצטער נעמט דאס און פאסט דאס צו צו דעם טרעיד־יוניאניזם. די יוניאנס זיינען ארגאניזירט געווארען, ווייל דער קאפיטאליזם האט געצוואונגען די ארבייטער צו פאראייניקען זיך, און די יוניאנס זיינען געוואקסען צוזאמען מיט דעם קאפיטאליזם. פריהער זיינען ענטשטאנען יוניאנס אין איינצעלנע פאכען אין פארשידענע שטעט, שפעטער האבען זיך די יוניאנס פון א געוויסען פאך פאראייניקט אין נאציאנאלע יוניאנס. היינט שטעהט פאר די יוניאנס פון דעם גאנצען לאנד די פראגע: צי זאלען די ארבייטער זיין פאראייניקט אין יעדען פאך באזונדער, אדער אלע, וואס זיינען באשעפטיקט אין איין אינדוסטרי, ווי אייזענבאנען, ברויערייען און דערגלייכען, זאלען באלאנגען צו דער זעלבער יוניאן. אט אזוי ווערט אויסגעברייט דער געדאנק פון סאלידאריטעט. עס איז ריכטיק, אז יעדע יוניאן קעמפפט נאר פאר איר אייגענעם פאך, ניט פאר דעם גאנצען ארבייטער־קלאס. אבער דער זעלבער קאמפף פירט זיך אין אלע פאכען; וויבאלד א סך פאכען געפינען זיך אונטער דעמזעלבען באס, א טראסט, און א סך טראסטס פארבינדען זיך אין א פאר קאמבינעישאנס, ווי די זאך שטעהט שוין היינט־צו־טאג, ווערען די פארשידענע טרעיד־יוניאנס געצוואונגענערהייט

פאראייניקט אין זייער קאמפף נעגען דעם קאפיטאל, און פון א
טרעיד־קאמפף ווערט א קלאסען־קאמפף.

די העכסטע סאלידאריטעט ווערט ענטוויקעלט היינט־צו־טאג
נאר אין די יוניאנס. וואו געפינט איר נאך אזא סאלידאריטעט, ווי
למשל, אין די מיינערס יוניאן אין קאלאראדא, וואו דער גאנצער
קאמפף אין 1903 האט זיך אנגעהויבען וועגען עטלאכע און פערציק
ארבייטער אין איין מיל, און 4,000 מאן, וואס האבען פארדינט
דריי און פיר דאלאר א טאג פאר אכט שטונדען ארבייט, זיינען
ארויס אין סטרייק צו העלפען יענע פערציק? איז דאס „עקסטרע־
מער אינדיווידואליזם?“

פאר איינעם, וואס פערשטעהט, וואס הייסט „געשיכטליכער
מאטעריאליזם“, איז קלאר, אז עס מאכט גאר ניט אויס, וואס די
טרעיד־יוניאניסטען מיינען פון זייער קאמפף, דער עיקר איז, וואס
זיי טוען. א רעוואלוציאנערער קאמפף פירט זיך שוין אין אמעריקא
עטלאכע צענדליק יאר; דאס איז ניט דער קאמפף מיט'ן צונג, מיט
שעהנע פראזען, נאר א קאמפף מיט אפפער: די גרויסע סטרייקס
זיינען אמת'ע רעוואלוציאנערע קעמפפע. עס האנדעלט זיך דא ניט
נאר אום שכירות און ארבייטס־שטונדען, עס האנדעלט זיך אום די
רעכטע פון דעם ארבייטער־קלאס.

די באגריפען פון די סאציאליסטען וועגען דעם „פאל פון קאפ־
פיטאליזם“ זיינען נאך ריין אוטאפיסטיש, אנדערס וואלטען זיי זיך
ניט איינריידען, אז דער יוניאניזם וועט פאלען מיט'ן קאפיטא־
ליזם.

דער קאפיטאליזם וועט ניט „פאלען“ דורך איין קלאפ, אפילו
ווען עס זאל קומען צו א בלוטיקער רעוואלוציאן. היינט צו טאג
הויבט מען שוין אן צו פארשטעהן, אז דער „שטאטס־סאציאליזם“
וואקסט אויס פון דעם קאפיטאליזם, ווייל ער איז נויטיק פאר
די אינטערעסען פון דער גאנצער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט.
אלע מאנאפאליסטישע געשעפטען, דאס הייסט די זאגענאנטע „נאַ־
טירליכע“ מאנאפאליעס, ווי די אייזענבאן צום ביישפיל, און אלע
עקאנאמישע מאנאפאליעס, דאס הייסט די טראסטס, וועלען אי־
בערגענומען ווערען פון דער „געזעלשאפט“, דאס הייסט פון דעם
שטאט. און דאס אנטקעגען דעם שטאט דארפען די ארבייטער אן

ארגאניזאציע פונקט אזוי ווי אנטקעגען דעם פריוואט־קאפיטאליסט, האב איך שוין געוויזען אין א פריהערען קאפיטעל.

דער סאציאליזם וועט אויסגעפירט ווערען דורך צוויי באזונדערע קלאסען: די קאפיטאליסטען האבען ארגאניזירט די געזעלשאפטליכע פראדוקציאן און זיי וועלען אליין דורכפירען, אז אלע גרויסע געשעפטען וועלען געשטעלט ווערען אונטער די אויפזיכט פון דעם שטאט. דער ארבייטער־קלאס וועט דורך זיינע יוניאנס ביסלאכווייס אראפדריקען דעם חלק פון קאפיטאל אין דעם פראדוקט פון דער געזעלשאפטליכער ארבייט און געווינען א שטימע אין דער פירונג פון דעם געשעפט. דער סאציאליזם אן אן ארגאניזאציע פון די שטאטס־ארבייטער קען זיין א דאפעלטע שקלאפעריי: אי לאהן־שקלאפעריי, אי שטאטס־שקלאפעריי. דער טרעיד־יוניאניזם זוכט צו פארזיכערען דעם ארבייטער פרייהייט.

געוועהנליך, זאגען די סאציאליסטען, אז „שטאטס־סאציאליזם“ איז נאך ניט דער עכטער סאציאליזם. וואס־זשע איז די נפקא־מינה פון שטאטס־סאציאליזם צום אמת'ן סאציאליזם? זאגט די סאציאליסטישע גמרא, אז דער אמת'ער סאציאליזם פאדערט, אז די שטאטס־געשעפטען זאלען געבאלעבאטעוועט ווערען אף א דעמאקראטישען אופן. גאנץ גוט. ווי אזוי־זשע וועט דער דעמאקראטישער פרינציפ פון פארוואלטונג דורכגעפירט ווערען אין די שטאטס־געשעפטען? וועט ער געשאפען ווערען איבער נאכט? מיר וויסען, אז די דעמאקראטיע אין דער פאליטישער וועלט, אף אזוי פיל ווי זי עקזיסטירט, איז אויך ניט באשאפען געווארען מיט אמאל. זי האט זיך אויך ענטוויקעלט פאמעלאך. דעמאקראטיע אין דער עקאנאמישער וועלט, אין דער פארוואלטונג פון אייזענבאנען, פאבריקען און אז. וו. דארף זיך אויך ענטוויקלען, — און די עקאנאמישע ארגאניזאציעס פון די ארבייטער זיינען טאקע די פארמע, אין וועלכער די דעמאקראטיע ענטוויקעלט זיך אף דעם עקאנאמישען פעלד.

צו געווינען פאר דעם ארבייטער א גרעסערען חלק אין דעם פראדוקט פון דער ארבייט און קירצערע שטונדען, מוז די יוניאן באשטעהן, אז די ארבייטער זאלען האבען א דעה אין שאפ. דער שאפ־מיטינג, דער שאפ־טשערמאן, — זיינען פארמען פון פאלקס־פארוואלטונג, פון דעמאקראטיע אין שאפ. און מיינט ניט, אז מען

קען אָן דעם אויסקומען אין א געשעפט, וואָס געהערט צו דעם דע־מאָקראטישען שטאט, ווען די אלגעמיינע רעגירונג ווערט שוין ער־וועהלט אף א דעמאָקראטישען אופן. דער אמעריקאנער ארבייטער האָט א גלייכע שטימע מיט דעם קאַפּיטאליסט. די סחורה, וואָס ווערט געמאכט אין די סטאטיסטישע פאבריקעס אין וואשינגטאָן, ווערט ניט פּראָדוצירט אף צו מאכען פּראָפיט, וואָרים זי ווערט פארנאנ־דערגעשיקט פריי. אלזאָ, מען קען זיך ניט פאָרשטעלען קיין בע־סערען ביישפּיל פון א קהל'שער אונטערנעמונג לטובת הכלל אפילו אין א קאַפּיטאליסטישער געזעלשאפט. אָבער עס איז שווער צו גע־פינען אַן ערגערע שקלאפעריי ווי דאָרטען, — און ווייסט איר פאר־וואָס? ווייל די קלוירקס זיינען ניט אָרגאניזירט און יעדער איינער קען צו יעדער צייט אָפּגעשאפט ווערען מיט ווענינער צערעמאָניעס, ווי א שניידער־ארבייטער.

3.

## סאָציאליסטישע ארבייט אין די יוניאָנס.

אלזאָ, די אָרגאניזירונג און די אויפבויאונג פון יוניאָנס איז א נויטיקער טייל פון דער ארבייט פאר דעם אויפבוי פון סאָציא־ליזם, דאָס הייסט, פון סאָציאל־דעמאָקראטיע. אבער די אָרגאני־זאציע פון די ארבייטער דארף טאַקע זיין א דעמאָקראטיע, — אויב ניט, אויב אין דער אמת'ן איז די יוניאָן ניט מער ווי אנאנדער ביוּ־ראָקראטישע מאשין, דעמאָלט גרייט איר ניט צו קיין דעמאָקרא־טישע פארוואלטונג פון דער אינדוסטרי, נאָר פארקערט, א פּרייסי־שע פאָרמע פון שטאַטס־סאָציאליזם.

דערפון קענט איר זעהען, אז די קאָנסטרוקטיווע ארבייט פון א סאָציאליסט אין דער יוניאָן באשטעהט ניט אין דעם, וואס ער וועט האלטען דרשות וועגען דער סאָציאליסטישער עולם־הבא, אָדער אז דער יוניאָן־מאן, וואס איז א יוניאָן־מאן 364 טעג אין יאָהר, דארף אויך זיין א יוניאָן מאן דעם טאָג פון עלעקשאָן, — א סאָציאליסט וואָס וויל ארבייטען פאר דעם סאָציאליזם אין דער

יוניאַן דאַרף אופּפּאַסען, אז די יוניאַן זאָל זיך פירען דעמאָקראַטיש אין אירע אייגענע געשעפטען.

ווען איר באַטראַכט דעם פאַרהעלטניס צווישען די סאָציאַליסטען און די יוניאַנס פון אַט דעם שטאַנדפּונקט, טו וועט איר איינזעהען, אז דיזע ארבייט האָבען די היגע סאָציאַליסטען קיינמאָל ניט געטאָן.

סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־טוערס האָבען זיך מיט דעם אייגענטליכען עקאָנאָמישען קאַמפּף פון די יוניאָנס אינטערעסירט, נאָר צוליב יוצא וועגען. זיי האָבען געקוקט אַף די יוניאָנס ווי פּאָליטישענס. זייער אמת'ער צוועק איז געווען אוסצוניצען די יוניאָנס פאַר פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדא פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די סאָציאַליסטען האָבען אריינגעבראַכט רעזאָלוציעס אין וועלכע די יוניאָנס האָבען גוטגעהייסען די פּלאַטפאַרמע פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און ווען עס איז געלונגען דורכצופירען אזא רעזאָלוציע ביי א קאָנווענשאָן, האָט מען עס באַטראַכט פאַר א גרויסען זיג. ווען א יוניאָן האָט אינדאָרסירט א סאָציאַליסטישען קאַנדידאַט, איז דאָס אודאי געווען א זיג, אפילו ווען מען האָט געוואוסט אין פאָראויס, אז דער קאַנדידאַט האָט ניט די קלענסטע אוסזיכט ערוועהלט צו ווערען.

פון דער אנדער זייט, מיט זייער „נייטראַליטעט" בנוגע צו דער עקאָנאָמישער ארבייט פון די יוניאַנס, האָבען די סאָציאַליסטען געהאָלפען דער יוניאָן־ביוראָקראַטיע צו באַפעסטיקען זיך אין דער אמעריקאַנער ארבייטער־באַוועגונג.

## זעקס-און-צוואנציקסטער קאפיטעל:

# דער קצור הדבר.

## 1.

## רעוויזיאניזם און ארטאדאקסישער מארקסיזם.

מיט יעדער נייער תורה קומט פאר דיזעלביקע מעשה: ווי באלד עס קומט צו פערטייטשען, וואס איז דער זין פון איר, און זי אנצוואווענדען אף נייע פאקטען, זיינען אלע מאל פאראן פערשידענע מיינונגען. נעמט תורה משה, גאנצע ספרים זיינען געשריבען געווארען איבער איר, און ווען אבא זאגט פטור, מאכט רבא חיים. נעמט די קריסטלאכע רעליגיע. אין גאנצען שטיצט זי זיך אף פיר קליינע ביכלאך, און וויפיל קלייזלאך זיינען אויסגעוואקסען פון איר, וואס יעדער האט איבער עפעס א בעזאנדערע מיינונג. נעמט דעם געזעץ: אין 1848 האט מען אין ניו־יארק געוואלט מאכען דעם געזעץ קורץ און קלאר, יעדער זאל עס קענען פארשטעהן. היינט זעט נאר אקארסט ווי פיל בענדער די דזשאדזשעס האבען שוין אנגעשריבען צו געבען צו פארשטעהן דעם זין פון דעם נייעם געזעץ! און עס קומט געוועהנלאך פאר אז די גרעססטע דזשאדזשעס זיינען ניט אייניק וואס דער סעיף באדייט, און זיי מוזען אפגעבען זייער פסק מיט א מאיאריטעט, און די מינאריטעט דרוקט אפ איר מיינונג באזונדער. וואס ווייזט דאס? אז די פינף דזשאדזשעס זיינען גרעסערע למדים איידער די פיר, אדער אז זיי האבען בעסערע קעפ? איך רייד ניט פון אזעלכע זאכען, וואו עס זיינען פארמישט פארטיי אדער קלאסען־אינטערעסען, נאר פון גאנץ געוועהנטלאכע פראגען.

די קעפ זיינען שוין אזוי ביי די מענטשען געבויט, אז זיי קענען ניט אלע האבען די זעלבע מיינונג. דער מענטש זעט נאר דאס, וואס ליגט פאר זיינע אויגען, וואס איז א ביסעל אן א זייט,

אדער הינטען, זעט ער ניט. אנאנדער מענטש שטעהט אבער אביסעל אפגערוקט און זעט דאס, וואס יענער קען ניט זעהן. איינער העלפט דעם אנדערען, אלע צוזאמען זעהען זיי ארום און ארום, דעם גאנצען האריזאנט. און אזוי איז אויך אין דער וויסענשאפט.

אין דער וויסענשאפט איז ניטא קיין מאיאריטעט אדער מי־נאריטעט, ענטוועדער זיינען אלע אין א געוויסער פראגע איינשטי־מיק, אדער די מיינונגען זיינען צוטיילט, און דעמאלט ווערט יע־דע מיינונג אנגענומען אלס א וויסענשאפטליכע מיינונג.

דער וויסענשאפטליכער סאציאליזם געפינט זיך אין די ספרים פון סאציאליסטישע געלערנטע און די ביכער לינען אפען פאר יע־דען איינעם צו פארטייטשען זיי נאך זיין פערשטאנד.

דער ווארט סאציאליזם איז שוין אכציק יאר אלט און מ׳אמפערט זיך נאך עד היום וועגען דעם טייטש פון דעם ווארט. דעליאן האט געזאגט, אז אין יעדען סטעיט איז פאראן אן איינענער סאציאליזם; אין ניו - יארק סטעיט איז די פלאטפארמע פון דער ס. ל. פ. דער איינציקער ריכטיקער סאציאליזם; עס מעג זיך זיין אין דייטשלאנד, אדער אין פראנקרייך א באזונ־דערער סאציאליזם, אבער יענע סאציאליזמען זיינען ניט קוראנט אין ניו־יארק. וויקטאר בערגער האט אמאל געזאגט אין דעם פאר־טיי־ארגאן פון מילוואקי, אז סאציאליזם איז ניט וואס דער סא־ציאליסט אדער יענער סאציאליסט זאגט, נאר דאס, וואס שטעהט אין דער פלאטפארמע פון דער אמעריקאנער סאציאל־דעמאקראטי־שער פארטיי. אבער מען דערצעהלט דאך עפעס, אז דער סאציאליזם איז אינטערנאציאנאל, בעת די פלאטפארמעס מיט די פרינציפען־ערקלערונגען זיינען דאך פאר יעדען לאנד באזונדערע און קיין פארטיי האט קיין מאכט ניט צו פסק׳ענען איבער די פלאטפארמעס פון אנדערע לענדער, מוז־זשע זיין עפעס א צייכען, וואס איז ניט באשטימט געווארען פון קיין פארטיי קאנווענשאן און וואס בא־שטימט אליין פאר אלע קאנווענשאנס, וואס איז סאציאליזם און וואס איז ניט סאציאליזם.

סאציאליזם איז א וויסענשאפטליכע טעאריע, און וויסענ־שאפטליכע טעאריעס ווערען ניט געמאכט דורך א מאיאריטעט אין א קאנווענשאן פון דעלעגאטען, פון וועלכע פילע פארשטעהען קאם מיט צרות די פארטיי פלאטפארמע. אט לעז איך אין דער פא־

פולערסטער אמעריקאנער כאַציאַליסטישער צייטונג אַזאַ נאָטיץ:*)

„אַ באַנטש פון קלאַסענבאוואוסטע פארמערס לעבען קאנוועי, נאָרט דאקאָטא האָבען זיך פארזאמעלט אף אַ מיטינג און אָרגאַניזירט אַ לאָקאַל“. אַט האָט איר: „קלאַסענבאוואוסטע פארמערס אָרגאַניזירען אַ כאַציאַליסטישען לאָקאַל!“

אַ סך צרות און רייבערייען אין דער אמעריקאנער סאָציאַליסמישער באוועגונג שטאמען דערפון, וואס אפילע די פירער זיינען עמי הארצים, און וואָס וויניקער זיי ווייסען פון סאָציאַליזם, פון זיין פילאָסאָפיע און זיין געשיכטע, דאָס מער פאנאטיש זיינען זיי, און די פארטיי־באַסעס האַלטען אוף דעם פאַנאַטישען גייסט; וויקטאָר בערגער׳ס אָרגאַן האָט אמאָל אויסדריקליך ערקלערט: „פאַנאַטיזם און דיסציפלין זיינען נויטיק היינט־צו־טאָג אין דער סאָציאַליסטישער „ארמעע“**). וויסענשאפט אָבער מיט פאַנאַטיזם זיינען ניט קיין פּאָר.

ווען מ׳רעדט היינטצוטאָג פון דעם וויסענשאפטליכען סאָציאַליזם, מיינט מען דעם מארקסיזם. לאָמיר זשע ראטראכטען כסדר וואָס זיינען היינט די שטרייט־פונקטען פון מארקס׳עס טעאָריע. ערסטענס, זיין ווערט טעאָריע. ער זאָגט, אז דער ווערט פון יעדער סחורה ווערט געבילדעט נאָר דורך די ארבייט אליין. אלזאָ, ווען עס לאָזט זיך אויס אַז דער קאפיטאליסט נעהמט אראָפּ די סמעטענע און לאָזט דעם ארבייטער די זויערמילך, טו הייסט דאָס, אז ער עקספּלואטירט דעם ארבייטער. איך האָב נעוויזען, אז מ׳דאַרף נאָר ניט די אויבער־הכמות צו באווייזען די ענטוויקעלונג פון דעם סאָציאַליזם אין דער קאפיטאליסטישער נעזעלשאפט.

צווייטענס, דער גלויבען אין „די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן“ קלעפּט זיך ניט צוזאמען מיט דער טעאָריע, אז דער סאָציאַליזם וואקסט אויס מיט דער נאַטור אין דער קאפּיטאַליסטישער נעזעלשאפט. אָבער מ׳ איז נאָר ניט מחויב צו גלויבען, אז דער סאָציאַליסטישער משיח מוז קומען מיט שופר בלאָזען און אנדערע ניסים, אום איינצוזעהען, ווי דער סאָציאַליזם וואקסט שוין היינט.

*) (אַפּיעל טו ריזאָן סעפּט. 3, 1904.

**) סאָשיאל דעמאָקראטיק העראָלד אַפּריל 4, 1903.

דריטענס, די טעאָריע אז דער „מיטעל־קלאַס“ ווערט פארניכ־מעט דורך די ענטוויקעלונג פון קאפּיטאַליזם האָט זיך אויסגעווי־זען פאר ניט ריכטיק. אבער ווען מ׳ באטראכט דעם וואוקס פון די טראָסטס דאָ אין אמעריקע, זעהט מען, אז דער מיטעלקלאַס גופא ארבייט ניט וויסענדיק פאר דעם סאָציאַליזם. די קליינע קאפּיטאַ־ליסטען און די פארמערס זיינען געצוואונגען צו פאָדערן, אז די אייזענבאַנען זאָלען באלאַנגען צו דער רעגיערונג, וואָרים עס געהט זיי אום עקזיסטענץ. די קליינע אקציאָנערען פון די טראָסטס פאָ־דערען, אז די רעגיערונג זאָל נעמען אף זיך אין ערנסט די השגחה איבער די טראָסטס.

פערטענס, די פארמערס, אָדער די פּויערים, זיינען נאָך ניט פארשלונגען געוואָרען פון די גרויסע מאַיאָנטקעס. אבער וואָס זעהען מיר? עס ענטוויקעלט זיך צווישען זיי א קאָאָפּעראטיווע ווירט־שאפט מיט מיליאָנען מיטגליעדער

פינפטענס, מ׳ דעבאַטירט די פילאסאָפישע פראגע, צי די עקאָנאָמישע איינריכטונג פון דער געזעלשאפט איז אזוי ווי א וואָרצעל פון א בוים, וואָס לאָזט ארויס פון זיך נייע אידעען אזוי ווי צווייגען, אָדער אפשר איז א נייע אידעע אזוי ווי א פלאַנץ, וואָס מ׳ קען איר פארפלאַנצען און עס וועט פון איר אויסוואקסען א נייער וואָרצעל, א נייע עקאָנאָמישע איינריכטונג? מ׳ מיינט איי־גענטליך די פראַגע, צי די סאָציאַליסטישע אידעען פארברייטען זיך דורך דעם, וואָס עס וואקסט די סאָציאַליסטישע איינריכטונג פון געשעפט, אָדער פארקערט, צי די סאָציאַליסטישע איינריכטונג פון געשעפט וואַקסט דורך דעם, וואָס עס פארברייטען זיך סאָציאַליס־טישע אידעען ?

מיט עטלאַבע הונדערט יאָר צוריק האָבען זיך די פילאָזאָפען א צייט לאַנג געבראָכען די קעפּ איבער די קשיא, וואָס איז פריהער געקומען אין דער וועלט, די הון, צי די איי? געוועהנלאָך, א הון ווערט געבאָרען פון אַן איי, מ׳ דארף אָבער האָבען א הון, זי זאָל לייגען די איי. צי אזוי, צי אזוי, אי די הון, די די איי זיינען היינט ביידע פאראַן אין דער וועלט. דער פאקט אז דער סאָציאַליזם איז שוין דאָ און אז ער האלט אין וואקסען, הייגנט ניט אָפּ פון דעם ווי די פילאָזאָפען וועלען ערקלערען די אורזאכע פון אַלע אור־זאכען.

דער גרונד געדאנק פון דעם מארקסיזם, דאָס הייסט די ענטוויקלונג פון סאָציאַליזם אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט איז ריכטיק און וויסענשאַפטליך באַוויזען געוואָרען. וואָס די קריטיק האָט אונטערגעגראָבען, זיינען זייטיקע זאַכען, ניט דעם עיקר. די ארבייט איז נויטיק געווען פאר די ווייטערע ענטוויקלונג פון דעם מאַרקסיזם.

## 2.

## וואָס איז סאָציאַליזם?

דער עיקר פון סאָציאַליזם איז די פּאָדערונג, ערסטענס, אז אַלע פּראָדוקציאָנס - מיטלען, דאָס הייסט אַלע אייזענבאַנען, פאַבריקען, מינעראַל - גרובען, פּאַרמס און דערגלייכען זאָלען באַלאַנגען צום כלל, און צווייטענס, אז דער באַטריב פון קהל'שען אייגענס, זאָל אויך זיין אין קהל'שע הענט. דאָס איז סאָציאַליזם, די פּאָדערונגען זיינען אבער אויסגעדריקט געוואָרען נאָך איידער דער וויסענשאַפטליכער סאָציאַליזם איז באַגרינדעט געוואָרען. וואָס־זשע פאר א נייעם געדאַנק האָט דער וויסענשאַפטליכער סאָציאַליזם אויסגעשפּראָכען, וואָס ער ווערט דערפאר אנערקענט פאר וויסענשאַפטליך? דער נייער געדאַנק איז די טעאָריע פון ענטוויקלונג, פון עוואָלוציאָן. דער וויסענשאַפטליכער סאָציאַליזם זאָגט ניט נאָר, אז עס וואָלט געווען א מחיה, ווען אַלע געשעפטען זאָלען ווערען קהל'שע, דער וויסענשאַפטליכער סאָציאַליזם זאָגט, אז די גאַנצע איינריכטונג פון אַלע געשעפטען ענטוויקעלט זיך פון זיך אַליין אַזוי, אז עס וועט קענטיק קומען צום סאָציאַליזם.

געוועהנלאך ווערט דער „קלאַסען־קאַמף" באַטראַכט פאר א צייכען פון וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם. די אוטאָפּיסטישע סאָציאַליסטען האָבען געגלויבט, אז וועדליק, ווי דער סאָציאַליזם איז דער געדאַנק פון יושר אין דער איינריכטונג פון דער געזעלשאַפט, כּוֹן יעדער ערלאַכער מענטש ווערען א סאָציאַליסט, ווען מ'גיט עס צו פאַרשטעהן, וואָס דער סאָציאַליזם וויל: עס מאַכט ניט אויס צי דער מענטש איז רייך, אָדער אָרעם, דער סאָציאַליזם וועט פאַר אַלעמען בעסער מאַכען. דער וויסענשאַפטליכער סאָציאַליזם, פאַרקערט, זאָגט אז אונדזערע מיינונגען וועגען דעם, וואָס איז יושר

הענגען אָפּ פון אונדזער לאַגע אין דער געזעלשאַפט; דער קאַמף פאַר דעם סאָציאַליזם איז אַלזאָ ניט אַ קאַמפף פון אידעען, נאָר אַ קאַמף פון אינטערעסען. די געזעלשאַפט איז צוטיילט אַף קלאַסען מיט פאַרשידענע אינטערעסען. דער סאָציאַליזם איז אויך ניט מער. ווי דער אויסדרוק פון די אינטערעסען פון אַ געוויסען קלאַס; דער קלאַס איז דער ארבייטער־קלאַס; איינצעלנע פּערזאָנען פון אנדערע קלאַסען קענען אויך זיין סאָציאַליסטען, ווייל עס טרייבט זיי דערצו זייער געפיל פון גערעכטיקייט, אבער דאָס זיינען אויסנאַמען: דער סאָציאַליזם אַפּעלירט אבער צו די אינטערעסען פון דעם ארבייטער־קלאַס.

דאָס די געשיכטע פון דער מענטשלאכער געזעלשאַפט איז שטענדיק געווען אַ קאַמף פון קלאַסען, ווערט איצטער אַלגעמיין אנערקענט, אפילע פון ניט סאָציאַליסטען, דער קאַמף פון איין קלאַס געגען אַנ׳אנדערען האָט אָבער ניט אימער געפירט צום סאָציאַליזם; די פראַנצויזישע רעוואָליוציאָן, למשל, איז אויך געווען אַ קלאַסען־קאַמף, אַלזאָ, די אידעע פון קלאַסען־קאַמף מעג זיך זיין ריכטיק, אָבער זי איז ניט קיין אויסשליסלאַך סאָציאַליסטישע אידעע. ווייטער אָבער ווען דער אויסדרוק „קלאַסען־קאַמף“ ווערט געברויכט צו באַצייכענען דעם קאַמף פון דעם לאָהן־ארבייטער־קלאַס געגען דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס, טו איז עס ניט ריכטיק צו בעהויפּטען, אז דער סאָציאַליזם ענטוויקעלט זיך אויסשליסלאַך דורך יענעם קאַמף, דער קאַמף פון דעם ארבייטער־קלאַס איז נאָר איין טייל פון דער ענטוויקעלונג פון דער געזעלשאַפט צום סאָציאַליזם.

אַלזאָ, דער גרונד־געדאַנק פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם איז, אז פון דער קאַפּיטאַליסטישער איינריכטונג פון ארבייט און געשעפט וואַקסט אויס פון זיך אַליין אַזאַ אָרדענונג, וואָס אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטעל וועלען באַלאַנגען צום כלל און אלע געשעפטען וועלען באַטריבען ווערען פון כלל. אלע אנדערע פאָדערונגען מעגען אנערקענט ווערען פון סאָציאַליסטען, אָדער ניט, זיי געהערען אָבער ניט צו סאָציאַליזם: שטעלען פּאַקען קליינע קינדער ווערט היינט אנערקענט פאַר גוט פאַר׳ן געזונט. עס איז אַ גוטע זאַך, אָבער עס איז ניט סאָציאַליזם. ווידער אנדערע זיינען דאַגעגען, צי זיי זיינען גערעכט, צי ניט, צום סאָציאַליזם געהערט דאָס ניט. מ׳מוז אַלזאָ ביי זיך קלאָר ווערען קודם כל וואָס געהערט צום סאָציאַליזם און וואָס געהערט ניט.

זינט דעם פופּצעטען יארהונדערט געהט אן אין איראפּא א קאמפּף צו באפרייען דעם מענטשען פון אלערליי קנעכטשאפט. די ערכסטע מאכט אין מיטעלאלטער זיינען געווען די גלחים, דער קאמף האט זיך אנגעהויבען געגען די מאכט פון דער רוימיש־קאטאלישער קירכע און איז שפּעטער אויסגעוואקסען אין א קאמפּף צו באפרייען דעם מענטשלאכען געדאנק פון דעם דרוק פון יעדער רעליגיע. דער נעקסטער קאמפּף איז געווען געגען דעם פּאליטישען דעספּאטיזם פאר פּאליטישע פרייהייט און א פאלקס־רעגירונג. דער קאמפּף איז אבער נאך ניט געוואונען געווארען, ווען עס האט זיך אנגעהויבען א נייער קאמפּף צו באפרייען די ארבייט פון דעם דרוק פון קאפּיטאל. די נייע קעמפּפער האבען געמוזט איבערנעמען דעם קאמפּף פאר פּאליטישע און רעליגיעזע פרייהייט און פאלקס־רעגירונג, וואס דער מיטעל־קלאס, די בורזשואזיע, האט אנגעהויבען, אבער ניט דורכגעפירט ביז צום סוף. דאס איז אבער ניט סאציאליזם, דאס איז ליבעראליזם און דעמאקראטיע. דער ליבעראליזם און די דעמאקראטיע זיינען נאר צונויפגעבונדען מיט דעם סאציאליזם. זיי זיינען אבער ניט קיין טייל פון סאציאליזם. מיר זעהען, די סאציאליסטישע פּארטייען האבען אופגעגעבען דעם קאמפּף געגען רעליגיע, קאטאלישע און פּראטעסטאנטישע גלחים ווערען סאציאליסטישע אגיטאטארס. מיר זיינען אלזא בארעכטיקט צו שטעלען זיך די פראגע: ווי ווייט קען מען זיך פארלאזען אויף דעם סאציאליזם, אז ער וועט דורכפירען די איבעריקע פאדערונגען פון ליבעראליזם און דעמאקראטיע. עס האנדעלט זיך דא בשום אופן ניט וועגען דעם ווי מ'וועט קאכען געפילטע פיתן אין משיח'ס צייטען, עס איז א גאנץ פּראקטישע פראגע. די סאציאליסטישע פּארטייען פארלאנגען פון אונדז, מיר זאלען זיך אפּזאגען פון דעם קאמפּף, וואס וועט הייגט־צו־טאג געפירט פון אנדערע פּארטייען און ארגאניזאציעס פאר ווכטיקע ליבעראלע און דעמאקראטישע פאדערונגען, וועלכע זיינען אונדז נייטיק אין אונדזער וואכעדיקען לעבען; דערפאר זאגט מען אונדז צו, אז ווען די סאציאליסטישע פּארטייען וועלען געווינען די פּאליטישע מאכט, וועלען מיר צוזאמען מיט'ן סאציאליזם קריגען די אלע פאדערונגען אזוי ווי א פּרעמיע. ווי אבער, ווען דער געדאנק איז פאלש? ווען דער זיג פון דער סאציאליסטישער פּארטיי באדייטעט גאר ניט קיין זיג פאר פרייהייט און דעמאקראטיע? ווען עס הייסט ניט מער ווי איבער־בייטען איינע באסעס אף אנדערע?

3.

## דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם.

לאָמיר פאַרשטעהן, וואָס הייסט פּראָגרעס? מיר קענען מעס־טען די פאַרענדערונגען אין דער געזעלשאַפט מיט דער מאָס פון אונזער פערזענליכען אידעאַל — צום ביישפּיל, אונדז געפעלט אַ רעפּובליק בעסער פאַר אַ מאָנאַרכיע, וועלען מיר דעם איבער־גאַנג פון אַ מאָנאַרכיע צו אַ רעפּובליק באַטראַכטען פאַר פאָרט־שריט, און פאַרקערט, דעם איבערגאַנג פון אַ רעפּובליק צו אַ מאָ־נאַרכיע פאַר רעאַקציע. דאָס רופט מיכאַילאָווסקי: „די סוביעק־טיווע מעטאָדע אין דער סאָציאָלאָגיע". דער אַמעריקאַנער פּראָפע־סאָר וויליאם דזשעימז רופט עס „פּראַגמאַטיזם"*). אָדער מיר קע־נען באַטראַכטען אַלס פאָרטשריט יעדע ענטוויקעלונג פון אַן איינ־פאַכען געזעלשאַפטליכען לעבען צו אַ פאַרשיעדענאַרטיקען, צום ביישפּיעל, ווען עס פאַרמעהרט זיך די צאָהל פון אַלערליי זאַכען, וואָס ווערען געמאַכט און גענוצט אין דער געזעלשאַפט, מעהר לאַנד ווערט באַאַרבייט, פאַרשידענע נייע אַרבייטען און אינסטרו־מענטען ווערען איינגעפיהרט, נייע וויסענשאַפטען ווערען ענטווי־קעלט. דאָס איז די אָביעקטיווע מעטאָדע**). „סוביעקטיוו" הייסט פערזענליך, „אָביעקטיוו" הייסט זאַכליך.

איך באַטראַכט דאָ דעם פאָרטשריט אין דער געזעלשאַפט פון דעם אָביעקטיווען שטאַנדפּונקט. יעדע צייט האָט אירע אייגענע אידעען וועגען דעם, וואָס איז גוט פאַר די מענטשהייט, צום ביי־שפּיל, דזשעפערסאָן, אַ רעוואָלוציאָנערער דיינקער פאַר זיין צייט, האָט געמיינט, אַז די געזעלשאַפט טאָר זיך ניט אריינמישען אין די געשעפטליכע באַציהונגען צווישען אירע מיטגלידער. היינט פאַרלאַנגען די סאָציאַלע רעפאָרמער פּונקט פאַרקערט, דער שטאַאַט זאָל זיך יע אריינמישען אין פּריוואַט־געשעפטען. די גאַנצע אַרבייטער־געזעצגעבונג, וואָס מיר באַטראַכטען פאַר אַ פאָרטשריט,

---

*) זיין בוך איבער „פּראַגמאַטיזם" איז ערשינען נאָך מיכאַי־לאָווסקי'ס טויט.

**) דיעזע מעטאָדע האָט ענטוויקעלט אין אַ גאַנצען פילאָסאָפישען סיסטעם הערבערט ספּענסער.

איז פון דעם דזשעפערסאָנישען שטאַנדפּונקט א רעאַקציע. אפילו אין דערזעלבער צייט זיינען די מיינונגען אין דער געזעלשאַפט צוטיילט וועגען דעם, וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט. צום ביישפּיל, וואָס איז דער קאַפּיטאַליזם, — פּראָגרעס אָדער רעאַק־ציע? די איינפירונג פון מאַשינען איז, דאַכט זיך, א גוטע זאַך. דורך די מאַשין ווערט פּאַרשפּאָרט מענטשלאַכע ארבייט; צו דער־זעלבער צייט אָבער האָט די מאַשין געמאַכט דעם אומאַבהענגיקען בעל מלאכה פאַר א פּראָלעטאַריער, וואָס איז געצוואונגען צו אַר־בייטען פאַר א קאַפּיטאַליסט. די מאַשין האָט געבראַכט ארבייטסלאָ־זיגקייט. אלזאָ, ווען איר באַטראַכט דעם קאַפּיטאַליזם פון איין זייט, באַדייט ער פאָרטשריט, פון דער אַנדערער זייט ווייזט ער זיך אויס ווי רעאַקציע. אָדער נעמט די געשיכטע פון דעם אלטען רוים. ווען איר זייט א פאַרקאָכטער רעפּובליקאַנער, טו באַדייט דער איי־בערגאַנג פון דער רוימיישער רעפּובליק אין אַן אימפּעריע א גרויי־סען שריט ריקווערטס. צו דערזעלבער צייט אָבער דערצעהלען אונדז די היסטאָריקער, אז ווען רוים האָט מנצח געווען די פעלקער פון אייראָפּע, אזיע און אפריקע, ווי ווייט זיי זיינען דעמאָלט גע־ווען באַקאַנט, איז געוואָרען שלום. דער האַנדעל צווישען די וויי־טע לענדער איז געוואָרען פריי, און א יאָר הונדערט אָדער מער, אין דעם צווייטען און דריטען יאָרהונדערט פון דער קריסטליכער צייט־רעכנונג איז געווען די גליקלאַכסטע צייט אין דער רוימיישער גע־שיכטע.

פון די ביישפּיעלען זעט איר, אז א געוויסע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג קען ערשיינען אלס פּראָגרעס פון איין שטאַנדפּונקט און אלס רעאַקציע פון אַן אַנדערן. די אייגענע זאַך איז אויך מיט'ן סאָציאַליזם.

דער אונטערשייד צווישען דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם און דעם אוטאָפּיסטישען סאָציאַליזם באַשטעהט אין דערין, וואָס דער אוטאָפּיסט שטעלט זיך פאָר דעם סאָציאַליזם אלס אַן אידעאַל פון פּראָגרעס און בויט זיין האָפענונג אויף דער פּראָפּאַגאַנדע פון זיין אידעאַל, בעת דער וויסענשאַפטליכער סאָציאַליסט זאָגט זיך, אז דער גאַנג פון דער ענטוויקעלונג פון דער געזעלשאַפט ברייננט צום סאָציאַליזם. ווי־אזשע קומט דאָס?

דער גאנצער לעבען פון דער מענטשליכער געזעלשאפט איז אויפגעבויט אף ארבייט, אפילע א גאנץ ווילדע פאלק מוז ארבייטען צו פארשאפען זיך, וואס זיי באדארפען צום לעבען. דער גרעסטער טייל פון אונדזער לעבען געהט אוועק אין ארבייטען. די געדאנקען פון דעם מענטשען ליגען, ווילענדיק, ניט ווילענדיק אין דער ארבייט. ווען אפילע מ'קומט צוזאמען צו פארברייינגען די צייט רעט מען געוועהנליך „פון שאפ", ווי דער אמעריקאנער זאגט. עס איז פאראן א שניידערישער לשון, א בעל הגלה רעט פון פאסטראמקעס; קורץ, די אידעען פון דער געזעלשאפט ווערען באשטימט פון דער ארבייט, אדער, ווען איר ווילט א וויסענשאפטליכען ווארט— פון דער פראדוקציאן.

עס געפינען זיך נביאים און פילאסאפען, וואס שטעהען ווייט איבער זייערע לאנדסלייט און איבער זייער צייט. כדי אבער זייערע אידעען זאלען האבען אן איינפלוס אויף די געזעלשאפט, מוזען זיי אנגענומען ווערען פון די מאסען, וואס זיינען ניט קיין פילאסאפען. דערצו מוזען די אידעען ענטוועדער נאר אויסדריקען די אינסטינקטיווע געדאנקען פון די מאסען, אז יעדער זאל קענען זאגען: „איך האב דאס טאקע אליין געמיינט אזוי"; אדער דער פילאסאפישער געדאנק, ווען ער ווערט פארברייט צווישען די מאסען, פאסט זיך ביסלעכווייז צו צו דעם פארשטאנד פון די מאסען; אדער ער מאכט גאר קיין איינדרוק ניט אף די געזעלשאפט און ווערט פארגעסען.

א גוטער ביישפיל איז די געשיכטע פון דער קריסטליכער רעליגיע. פון אנהויב איז דאס קריסטענטום געווען א רעליגיע פון שלום, ברודערשאפט און מענטשען־ליבע. ווען אבער דאס קריסטענטום האט זיך פארברייט צווישען די מאסען, האט עס זיך ביסלאכווייז צוגעפאסט צו די באגריפען פון דער רוימישער אימפעריע. די קאטוילישע קירכע מיט אירע טויזענטער הייליקע, מיט איר ארמעע פון גלחים, האט זיך ווייניג וואס אונטערשיידעט פון דעם קייזערליכען רוים מיט זיינע שטאטסגעטער און מיט זיין שטאטסרעליגיאן.

פון דער אנדערער זייט, נעמט די אידעע פון סאציאליזם. מיט פיר הונדערט יאר צוריק האט טהאמאס מאר אנגעשריבען זיין „אוטאפיע". צענדליקע טויזענטער מענטשען האבען דאס ווערק געלעזען צו פארשידענע צייטען, אבער מ'האט דאס באטראכט ווי

א מעשה און עס האט קיין איינפלוס ניט געהאט ביז דעם נייגצענ־
טען יארהונדערט.

אלזא, די אידעען פון א דענקער האבען נאר דאן אן איינפלוס
אף די געזעלשאפט, ווען ער שפרעכט אויס דאס, וואס ביי אלעמען
האט זיך, אזוי צו זאגען, געדרעהט אויף׳ן צונג. מיר קומען אלזא
צוריק צו די מאסען, וועלכע זיינען ניט קיין פילאסאפען: זייער
דענקען ווערט באשטימט פון זייער ארבייט, דאס הייסט אויף
טייטש, פון דעם צושטאנד פון דער פראדוקציאן.

די ארבייט, די געצייג ענטוויקעלען זיך. עס פערענדערט זיך
דורך דעם די איינריכטונג פון דער ארבייט, און מיט דער איינריכ־
טונג פון דער ארבייט ענדערט זיך די איינריכטונג פון דער געזעל־
שאפט. די מענטשען בישעת מעשה זיינען ביי זיך אליין ניט קלאר
וואס עס טוט זיך מיט זיי און ארום זיי. די באליטישע עקאנאמיע
איז ניט קיין גאנצע צוויי הונדערט יאר אלט, אבער די עקאנא־
מישע ענטוויקעלונג פון דער געזעלשאפט האט זיך געצויגען צענדלי־
קער טויזענטער יארען, איידער עס איז די געלערנטע אין זינען גע־
קומען צו נעמען זיך אונטערזוכען דעם עקאנאמישען בוי פון דער
געזעלשאפט.

דאס איז דער תמצית פון דעם „היסטארישען מאטעריא־
ליזם“*).

---

*) אין דער אמעריקאנער סאציאליסטישער ליטעראטור איז דיזע
טעאריע באקאנט אונטער דעם נאמען „עקאנאמישער דעטערמיניזם“. מיט
דעם ווארט „דעטערמיניזם“ ווערט באצייכענט א פילאסאפישע טעאריע,
וואס לערנט, אז דעם מענטשענס כאראקטער ווערט אין גאנצען באשטימט
פון זיין סביבה, און זיינע האנדלונגען זיינען דעריבער ניט דער פראָ־
דוקט פון זיין „פרייען ווילען“. ביי די רעליגיעזע דענקער האט זיך
דיזעלבע טעאריע אויסגעדריקט אין דעם גלויבען, אז אלצדינג אין דער
וועלט איז „באשערט“ פון גאט.

4.

## ווי אזוי איז אויסגעוואקסען דער קאפיטאליזם.

איך וועל דא אין קורצען דערמאנען, ווי עס איז געגאנגען די עקאנאמישע ענטוויקעלונג פון דער געזעלשאפט. א ווילדער שטאם, וואס לעבט פון יאגד (פון פאליעוואניע) מוז זיך האלטען צוזאמען, ווארים אנדערש וואלטען עס די חיות אופגעפרעסען. געוועהנטלאך ווען זיי טרעפען זיך מיט א פרעמדען שטאם, מוזען זיי זיין גרייט צו א מלחמה, און וואס גרעסער דער שטאם, דאס איז ער נאטירליך שטארקער. קיין רייכטום האבען זיי ניט. ווען זיי דער'הרג'ענען א בער, איז עס א שמחה פאר דעם גאנצען שטאם, מ'קומט זיך צונויף און מ'פארצערט די פלייש צוזאמען. דער וואלד, אין וועלכען זיי וואנדערען, איז פאר אלעמען פריי, עס קען זיי גאר ניט איינפאלען עס פארנאנדערצוטיילען פאר יעדערן באזונדער, ווארים עס וואלט פאר קיינעם קיין נוצען ניט געבראכט. די איינציקע זאך וואס יעדערער האט פאר זיך, איז דאס, וואס ער קען באנוצען אליין: זיינע קליידער, זיין געווער. אף דערוף האלט זיך זייער קאמוניזם. ווען אזוינע צוויי שטעמער טרעפען זיך אין מלחמה, טו האט דער זיגער פון דעם באזיגטען ניט וואס צו רויבען, די איינציקע זאך, וואס ער קען טאן מיט זיין שונא איז קוילענען עם און אופעסען.

מיט דער צייט געוואוינט דער מענטש צו זיך צו עטלאכע חיות, ער ווערט א פאסטוך. א כטארע שעפסען איז שוין א גאנצער פארמעגען. מ'דארף זיי מעלקען און שערען, דערצו דארף מען א סך ארבייט. ווען עס קומט איצטער צו א מלחמה, טו האט שוין דער זיגער וואס צו רויבען, ער נעמט אוועק פון דעם באזיגטען די שעפסען און מאכט עם אליין פאר זיינעם א שקלאף. דא האט איר שוין דעם אנפאנג פון אייגענטום און שקלאפעריי.

דער שטאם איז נאך קליין ; אלץ וואס ער בעדארף, שאפט ער זיך אליין דורך זיין אייגענע ארבייט, אדער דורך די ארבייט פון זיינע שקלאפען. מיט דער צייט לערנען זיך די מענטשען אויס אלערליי ארבייטען, אחוץ עסען און קליידונג האט מען שוין איצטער צירונג און אלערליי פוץ־ארטיקלען. ווען מ'טרעפט זיך

איצטער מיט א פרעמדען שטאט, דארף מען שוין זיך דוקא ניט שלאגען, מ'קען זיך בייטען איינער מיט די אנדערע : מ'קען אויסבייטען שעפסען אדער פעלען אף שמוקזאכען. דאס איז דער אנהויב פון האנדעל. מיט דער צייט, ווען די צאל מענטשען וואקסט, קומען די פערשידענע שטעמער עפטער אין בערירונג אונטער אנאנדער, דער האנדעל ענטוויקעלט זיך, מ' פירט איין ירידען, מארק־טעג.

מיט דער צייט נעמט מען זיך צום אקערבוי. עס נעמט צייט און מיה אופצואקערען א שטיק לאנד, און דאס צווינגט דעם פויער צו זיצען א לענגערע צייט אף איין ארט. לאנד קריגט שוין א געוויסען ווערט. דער שטאם, אדער דער דערפעל, וואס האט אופגעאקערט א שטיק לאנד, באטראכט עס פאר זיין אייגענס. עס איז ניט נויטיק אלע זאלען צוזאמען בעארבייטען די לאנד. עס ווערט צוטיילט אף א צייט צווישען די מיטגלידער פון דעם דערפעל. דער אמאליקער קאמוניזם ווערט איבערפליסיק.

א דערפעל, וואו עס איז פאראן א יריד, אדער א מארק, ציט צו נאטירליך אלערליי בעלי מלאכות. געוועהנליך זיינען עס פויערים, וואס באשעפטיקען זיך מיט זייער האנדווערק, ווען עס איז ניטא קיין ארבייט אין פעלד. מיט דער צייט אבער, ווען דער האנדעל וואקסט, קריגט דער בעל מלאכה מערער ארבייט און עס בלייבט עם וויניקער צייט פאר זיין פעלד. דער שמיד אין דארף געפינט, אז עס איז פאר עם גלייכער אפצוגעבען זיך אין גאנצען מיט זיין האנדווערק ; די פויערים פון דארף ברענגען עם מעל, אייער, גרינס און דערגלייכען פאר זיין ארבייט. אזוי ווערט אויסגעבילדעט א קלאס בעלי מלאכות.

לאמיר איצט באטראכטען דעם צושטאנד פון דער געזעלשאפט. עס איז פארען א קלאס בעלי מלאכות, וואס איינער באשטעלט די ארבייט ביי דעם אנדער'ן ; אנדערע פון זיי געהן פון הויז צו הויז און באטען אן זייער ארבייט. א קירזשנער, וואס ארבייט ביי א פויער אין הויז און קריגט באצאלט פאר זיין ארבייט, אחוץ עסען און טרינקען, איז ביי זיך פונקט אזא פריין ווי דער בעל הבית, ביי וועלכען ער ארבייט. דער בעל מלאכה פארלאנגט פאר זיין ארבייט, וואס מערער. דער קונד זוכט אפצודינגען פון דעם פרייז, אבער פון „עקספלואטאציע", פון „אויס־

בויטונג" קען מען דאָ גאָר ניט ריידען, וואָרים היינט דינגט דער סטאָליער דעם קירזשנער, אופנייען א פּעלץ און מאָרגען דינגט דער קירזשנער דעם סטאָליער מאכען ביי עם אין שטוב פּאָליצעס. עס קען גאָר קיינעם פון זיי ניט איינפאַלען, אז עס וואָלט געווען גלייכער די מיעשטשאַנסקע אופּראַווע זאָל אף זיך נעמען צו באַזאָרגען די גאַנצע שטעטעל מיט פּאָליצעס. יעדער בעל מלאכה האָט זיין אייגענע געצייג און קען אויסקומען אין זיין ארבייט אָן דעם סטאַראָסטע.

היינט אָבער וועט ערפונדען א מאַשין אף צו נעהען שיך. מיט דער מאַשין קען מען מאכען א פּאָר שיך פאר דריטאַלבען דאָלאר, בעת א שוסטער, וואָס נעהט מיט די הענט, מוז קריגען פינף־זעקס דאָלאר א פּאָר צו קענען פאַרדינען אף חיונה. פאַרשטעהט זיך, געהט יעדער קויפען פאַרטיקע שיך און דער שוסטער בלייבט אָן קונדען. דער בעל הבית פון דער מאַשין פאַרברייט זיין געשעפט און גיט דעם שוסטער ארבייט. פריהער, ווען ער האָט געארבייט פאר קונדען, האָט ער געקראָגען פינף דאָלאר א פּאָר און עס איז עם געבליבען פאר זיין ארבייט דריי ; ווען עס פלעגט זיך טרעפען א גוטע וואָך, פלעגט ער קענען מאכען דריי פּאָר א וואָך און פאַרדינען ניין דאָלאר. היינט ארבייט ער ביי דער מאַשין און קריגט סך הכל פופציק סענט א פּאָר, אָבער ער קען מאַכען פיר פּאָר א טאָג און ער פאַרדינט צוועלף דאָלאר א וואָך.

ער פערדינט היינט בעסער ווי פריהער, ער קריגט ערלאָך בעצאָלט פאר יעדע פּאָר שיך, וואָס ער מאכט, און ער באַמערקט גאָר ניט, אז די איינריכטונג פון דער ארבייט און פון דער געזעלשאַפט האָט זיך איבערגעביטען. זיינע קאָלאָדקעס מיט דעם דרייפיסיקען ביינקעל זיינען ביי עם געבליבען אין דער היים דער בעל הבית פון דער פאַבריקע האָט זיי ביי עם ניט צו גענומען, זיי האָבען אָבער פערלאָרען זייער ווערט, דער אייגענטימער פון די מאַשינען איז געוואָרען דער בעל הבית און דער שוסטער ארבייט פאר שכירות, ער איז א לאָהן־ארבייטער.

מיר האָבען געזעהען, ווי דער קאפּיטאַליזם איז אף א גאַנץ נאַטירליכען וועג אויסגעוואַקסען פון א געזעלשאַפט, אין וועלכער די ארבייט איז געווען צוטיילט צווישען פּוירים און מייסטערס־בעלי־מלכות, וואָס יעדער איז געווען פאר זיך א בעל הבית און איי־

נער האָט געקויפט, אָדער באַשטעלט ארבייט ביי דעם אנדערען. אין דער געשיכטע איז ניט אַלץ אזוי רוהיק צוגעגאנגען: עס זיינען געווען מלחמות, בירגער־קריג, רויבעריי און גוואלט אין אַלע פּאָר־מען, אָבער דאָס זיינען געווען זייטיקע זאכען. דער עיקר איז די איינפירונג פון מאַשינען; די רויבעריי, די גזלנות פון די קאַפּי־טאַליסטען האָבען זיי געהאָלפען גיכער רייך צו ווערען, איידער אַף א ראַיעלען וועג, אָבער דער קאַפּיטאַליזם וואָלט זיך ניט געקענט איינהאַלטען, ווען ער וואָלט זיך ניט שטיצען אַף די מאַשין*).

## 5.

## די סאָציאַליזירונג פון דערווירטשאַפט.

וואָס פאַר א ראָליע האָט געשפילט דער קאַפּיטאַליסט אין דער ענטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט ? ער האָט אָרגאַניזירט יעדען געשעפט, ער האָט געפּלאַנעוועט אַלערליי געשעפטען, ער האָט געזוכט איינצופירען נייע מאַשינען און נייע מעטאָדען, ווי צו ארבייטען, ער האָט איינגעפירט דעם וועלט־האַנדעל און האָט געמאַכט פון דער גאַנצער וועלט אזוי ווי איין לאַנד. ער האָט זיך דערפאַר געלאָזט גוט בעצאָלען פון דער געזעלשאַפט, אָבער מ׳ מוז ניט פערגעסען, אז איבערמאַכען א וועלט פון ישובניקעס אַף א היינטיקען פאַסאָן מיט גרויסע פאַבריקען, מיט אייזענבאַנען, טעלעגראַפען, טעלעפאָנען איז א היבשע שטיקעל מלאכה. ווען מ׳ געהט מאַכען א באַל פאַר א ראַדיקאַלע צייטונג, קען מען אויך ניט אויסקומען אָן אימיצען, וועלכער זאָל נעמען אַף זיך צו זיין דער סאַרוועך. היינט קענט איר פאַרשטעהן די ראָליע פון דעם קאַ־פּיטאַליסט : ער איז געווען דער סאַרוועך פון דער גאַנצער גע־

---

*) אויב איר ווילט וויסען גענוי וועגען דעם, טו נעמט פרידריך ענגעלסעס שריפט געגען דעם דייטשען שרייבער דוירינג, וועלכער האָט באַהויפּטעט, אַז די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט איז ענטשטאַנען דורך גוואַלט. ענגעלס מאַכט חוזק פון דוירינגס טעאָריע וועגען גוואַלט און באַווייזט, אַז פון דער פּארצייטיקער געזעלשאַפט האָט געמוזט אויס־וואַקסען אַ קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט דורך ריין עקאָנאָמישע אור־זאַכען.

זעלשאפט. ווען דער קאפיטאליסט איז געקומען, האָט ער געפונען א געזעלשאפט, וואָס איז געווען צוברעקעלט אף א סך קליינע שעפעלאך און קרעמלאך, מיט קליינע מייסטערלאך און קרעמערלאך, וואָס איינער האָט ניט געוואוסט פון דעם אַנדערען. דער קאפיטאליסט האָט עס אלץ צוזאמענגעקליבען אזוי, ווי א זייגערמייסטער קלויבט צוזאמען די פיצינקע רעדאלאך און שרייפאלאך און מאכט פון זיי א זייגער. ביסלאכווייס איז די ארבייט געשטעלט געוואָרען אף א געזעלשאפטליכען פוס: הונדערטער טויזענטער מענטשען פון פארשידענע פאכען ארבייטען איצטער צוזאמען אונטער דער זעלבער פארוואלטונג. די ארבייט איז געוואָרען א געזעלשאפטליכע ארבייט. די ענטוויקלונג פון דעם קאפיטאליסטישען סיסטעם האָט פארקלענערט די צאָל קאפיטאליסטען אין פארהעלטנים צום געשעפט. לסוף איז געקומען דער טראָסט און האָט גענומען ווייטער צו פעראייניקען געשעפטען, וואָס זיינען פריהער געווען אָפּגעזונדערט איינער פון דעם אַנדערען. פריהער האָט דער אייגענטימער פון אייזענגרובען געקראָגען רויהע אייזען פון אונטער דער ערד, גאָר ניט אָנפרעגענדיק זיך ביי קיינעם, צי מ'דארף עס און וויפיעל מ'דארף עס; דער פאבריקאנט פון שטאָל האָט זיך געמאכט שטאָל, ניט וויסענדיק, צי דער פאבריקאנט פון רעלסען אָדער פון דראָט וועט עס ביי עם קויפען. היינט צו טאָג גראָבט דער שטאָלטראָסט רויהע אייזען, שיקט עס אף זיינע אייגענע שיפען פון מינעסאָטא צום ברעג פון אירי אין פענסילווייניא, דערנאָך איבער זיין אייגענער אייזענבאַן קיין פיטסבורג; דאָרטען פארשמעלצט ער עס אין זיינע אייגענע אוויוועגס, מאכט עס צו שטאָל אף זיינע אייגענע זאַוואָדען, די שטאָל מאכט ער צו רעלסען, צו דראָט, צו שרויפען, צו צוועקעס. זעלבסטפערשטענדליך, ווען איין זאַך איז נאָר א מאטעריאל אף צו מאַכען אַנאַנדערע, טו ווערט פון יעדער זאַך געמאכט א ריכטיקע פראָפּאָרציע. ווייטער זיינען שוין אַלע גרויסע טראָסטס צווישען זיך פארבונדען פינאַנציעל. אלזאָ, די אינדוסטרי אָרגאַניזירט זיך, די קאָנקורענץ ווערט אָפּגעשאפט, עס ווערט איינגעפירט א פלאנמעסיקע פּראָדוקציאָן. די באנקען האָבען מיט זייער טשעק סיסטעם. מיט זייערע קלירינג הייזער אָבגעשאפט געלט אין דעם געשעפטליכען פארקער און האָבען איינגעפירט אַנשטאָט געלט א געזעלשאפטליכע בוכפירונג, פון וועלכער די סאָציאליסטישע אוטאָפּיסטען האָבען געשריבען. מענטשען, וועלכע ווייסען, וואָס עס טוט זיך

אין וואל סטריט, מיינען, בעלאמי האט ריכטיק פאראויס־געזעהן, אז מיט דער צייט וועט ווערען פון אלע טראסטס איין טראסט.

ווען אלע טראסטס וועלען זיין פאראייניקט אין איין טראסט וועט די גאנצע געזעלשאפטליכע ארבייט ארגאניזירט ווערען אויף א געזעלשאפטליכען פלאן. דער פונדאמענט פון דעם סאציאליזם איז דעמאלט פארטיק. די פראדוקציאנס מיטעל האט מען אוועקגע־נומען פון איינצעלנע קאפיטאליסטען, זיי באלאנגען איצטער צו דעם גאנצען קאפיטאליסטישען קלאס: איינצעלנע קאפיטאליסטען, אלס קאפיטאליסטען, האבען שוין גארנישט וואס צו זאגען אין דער געשעפטספירונג, דאס ווערט באזארגט פון ערוועהלטע אדער אנגע־שטעלטע בעאמטע.

6.

## די טעאריע פון דער „סאציאלער רעוואלוציאן“

די שווערסטע ארבייט, דעם איבערסטראיענען פון דער אינ־דוסטריע, וואס באשטעהט פון הונדערטער טויזענטער אפגעזונדער־טע פריוואט־געשעפטען, אין איין גרויסען סיסטעם, וואס ווערט רעגולירט און פארוואלטעט פון ערוועהלטע בעאמטע, — דאס פירט אויס די ענטוויקלונג פון די טראסטס דא הי פאר אונדזערע אויגען. ווען איר וועט באטראכטען דעם שטאל־טראסט, צום בייז־שפיעל, איז ער א גאנצע מדינה מיט א פאר צענדליק טויזענט סטאקהאלדערס (אקציאנערען) וואס בילדען א פריווילעגירטען קלאס, און מיט א פאר הונדערט טויזענט פאמיליעס פון ארביי־טער, וואס בילדען דעם אונטערסטען קלאס; די פארוואלטונג פון דער מדינה ליגט אין די הענט פון דעם פריווילעגירטען קלאס, וואס ערוועהלט פון זיין צאהל א רעגיערונג, די דירעקטארס פון דער קאמפאניע. אמת, דאס איז נאך ניט קיין אלגעמיינעס שטימרעכט, אבער דאס איז שוין דאך א רעפרעזענטאטיווע געזעלשאפטליכע פארוואלטונג, ניט קיין פריוואט־זאך, ווי א פאבריקע, וואס גע־הערט צו איין קאפיטאליסט, אדער צו א פירמע. כדי עס זאל פון אזא אינדוסטריעלער אריסטאקראטיע ווערען אן אינדוסטריעלע

דעמאָקראַטיע, איז נויטיק, אַז די אַרבייטער זאָלען אויך קריגען אַ וואוט איבער די וואַל פון דיזער אינדוסטריעלער רעגיערונג, און די פּריווילעגיעס פון די סטאָקהאָלדערס זאָלען אָפּגעשאַפט ווערען, אַזוי ווי עס זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרען די פּריווילעגיעס פון די פּאַרצייטיקע פּריצים (פעאָדאַלען).

ווי אַזוי זשע ווערט פון אַזאַ מאָנאָפּאָליסטישען האַלב־סאָציאַליזם אַן אמת'ער סאָציאַליזם, וואָס דער גאַנצער עולם זאָל פון עס געניסען, ניט אַ הויפען טראַסט־מאַגנאַטען?

אָף דערויף ענטפערט די סאָציאַליסטישע טעאָריע: דורך אַ רעוואָלוציאָן. מיט דער ענטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליזם וואַקסט דער אַרבייטער־פּראָלעטאַריאַט, מיט דער צייט עפענען זיך ביי דעם אַרבייטער־קלאַס די אויגען, ער הויבט אָן צו פילען זיין מאַכט, ער אָרגאַניזירט זיך אין אַ קלאַסען־פּאַרטיי, ער קריגט אריין די פּאָליטישע מאַכט אין זיינע הענט, ער ערקלערט די טראַסטס פאַר קהל'שען אייגענטום. ער ערוועהלט גענאַסע בענסאָנען פאַר פּרעזידענט, ער מאַכט גענאָסע פייגענבוים'ען פאַר האַנדעלסמיניס־טער, און פייגענבוים וועט שוין אַליין אין קורצען באַזאָרגען. אויב ראַקפעלער און מאָרגאַן וועלען איינזעהען, אַז זיי האָבען פאַר־שפּילט, און וועלען נאָכגעבען, ווי קלוגע מענטשען, וועט מען זיי נאָך אפשר פאַרזאָרגען מיט שטעלען אין דעם קהל'שען ביזנעס, וואָרים מ' קען ניט לייקענען, אַז זיי זיינען געניט אין געשעפט און זייער עצה קען גוט צוניץ קומען. דאָס הייסט אַ רעוואָלוציאָן, אבער אַ פרידליכע, דורך דעם באַלאָט. אויב אָבער זיי וועלען זיך אַמפּערען, וועט מען זיי מוזען פאַרטרייבען מיט גוואַלט. דאָס איז אַ גוואַלטיקע רעוואָלוציאָן.

דער פונדאַמענט פון דעם וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם איז דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט“, וועלכער איז ערשינען פאַר דער רעוואָלוציאָן פון 1848. ווען מ' באַטראַכט יענע צייט, זעט מען, ווי אַזוי מאַרקס איז געקומען צו דעם געדאַנק, אַז דער סאָציאַליזם קען אַנדערש ניט איינגעפירט ווערען, ווי דורך אַ פּראָלעטאַרישען מיאַ־טעזש, איך זאָג בכיון מיאַטעזש, ניט רעוואָלוציאָן, וואָרים מיט דעם וואָרט „רעוואָלוציאָן“ שפּילט מען אָפּ אַלערליי קונצען. מאַרקס האָט טאַקע געמיינט אַ בירגערקריג, אַ גוואַלטיקע רעוואָלוציאָן. נאָר אין ענגלאַנד, האָט זיך עס אויסגעוויזען, איז מעגלאָך אַ פריד־ליכער איבערגאַנג צו סאָציאַליזם.

ווען מארקס האָט געשריבען זיין מאַניפעסט, איז נאָך דער קאַ־פּיטאַליזם אין די מערסטע לענדער געווען שוואך ענטוויקעלט. די דריי גרעסטע קאפּיטאַליסטישע לענדער היינט־צו־טאָג זיינען די פּעראייניקטע שטאַטען, ענגלאנד און דייטשלאַנד. מיט זיבעציק יאָר צוריק איז נאָך ניט אין אמעריקע און ניט אין דייטשלאַנד כמעט קיין קאפּיטאַליזם ניט געווען. אפילו אין ענגלאַנד זיינען נאָך באַ־שטאַנען א סך קליינע קאפּיטאַליסטען, און נאָר א גאון ווי מארקס האָט שוין דעמאָלט געקענט איינזעהען, אז די קאפּיטאַליסטען וועט־לען מיט דער צייט אויפפרעסען איינער דעם אנדערען, ביסקל וואַ־נען עס וועט נאָר בלייבען א קליינע צאָל קאפּיטאַליסטען. נו, וואָס־זשע ווייטער? ווען מ'וויל זיך האלטען אָף א ריין עקאָנאָמי־שען וועג, מוז מען זיך דאָ אָפּשטעלען.

מיט פופציק יאָר צוריק האָט מען זיך בשום אופן ניט גע־קענט פאָרשטעלען וואָס פאר אן עקאָנאָמישע קראפט קען מאכען, אז דער קאפּיטאל זאָל איבערגעהן פון די פאָר קאפּיטאליסטען אין קהל'שע הענט. אָף דעם מאכט מארקס: „די גוואַלט איז אויך אַן עקאָנאָמישע קראפט, די גוואַלט איז אַלע מאָל די הויבאַם ביי דער אַלטער געזעלשאפט ווען זי ליגט אין קימפּעט מיט א נייער". גאַנץ גוט, פון וואַנען איז אָבער קענטיק, אז די אַלטע איז גאָר מעוברת? אָף דעם זאָגט מארקס, עס וואַקסט אין דער קאפּיטאַ־ליסטישער געזעלשאפט א נייער קלאס, דער פּראָלעטאריאט. ווען דער קאפּיטאַליזם האָט שוין דערגרייכט זיין העכסטע מדרגה, דע־מאָלט באַשטעהט כמעט די גאַנצע געזעלשאפט פון פּראָלעטאריער. נו איז וואָס? הויבען זיי אָן צו קלערען וועגען דעם, ווי עס פירט זיך אין דער קאפּיטאַליסטישער וועלט, מוזען זיי איינזעהן, אז דער איינציקער פּלאַן פאר זיי איז דער סאָציאַליזם, זיי ווערען קלאסען־באוואוסט. און דעמאָלט צוברעכט די פּראָלעטארישע הינדעלע דעם קאפּיטאַליסטישען שאַלאכין און שפּרינגט ארויס אין די פרייע סאָ־ציאַליסטישע וועלט. אַלזאָ, וואָס ברינגט דעם סאָציאַליזם? ניט די עקאָנאָמישע ענטוויקעלונג אליין, וואָרים די עקאָנאָמישע ענט־וויקעלונג פאראייניקט נאָר דעם גאַנצען קאפּיטאל אין א קליינע צאָל הענט און באשאפט א קלאס פון פּראָלעטאריער. ווייטער מוז זיך דעם פּראָלעטאריאט פארוועלען סאָציאַליזם, אָן דעם וועט עס ניט געהן. היינט פאר וואָס זאָל זיך עס עס פארוועלען? אָף דערוף האָט מיר אמאָל געענטפערט א רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסט, אז

ווען מ׳ טרעט אָן א קאַז אַף׳ן עק, קוויטשעט זי אויך, און ווען דער קאַפּיטאַליזם קריכט שוין אריין דעם ארבייטער טיף אין די גערע־רים, מאַכט ער אָן קולות. גוט, פון וואנען אָבער זאָל עם אריין אין מח דער געדאנק, אז סאָציאַליזם איז די רפואה פאר זיין קרענק? איר וועט מיר זאָגען, אז אַף דערוף איז פאראַן די סאָציאַליסטישע פּארטיי. דאָס איז אָבער ניט קיין ענטפער: די סאָציאַליסטישע פּארטיי איז דאָך אַליין א טייל פון דעם פּראָלעטאריאט, און די קשיא איז דאָך, ווי אַזוי קומט דער פּראָלעטאריאט צו דעם סאָציאַליסטישען געדאנק? איר גערענקט דאָך דעם געשיכטליכען מאטעריאליזם? דאָס הייסט, אז די געצייג, מיט וועלכע דער מענטש ארבייט, ענטוויקלען זיך, מ׳ הויבט אָן צו אר־בייטען אַף א נייעם אופן, די גאַנצע פירונג פון געשעפט ווערט אָן אנדערע, דערפון קומען אריין דעם מענטשען נייע געדאנקען אין מח. אַלזאָ, פריהער דארף מען האָבען די סאָציאַליסטישע געזעל־שאַפט, און נאָר דעמאָלט קען דער עולם ווערען סאָציאַליסטיש גע־זאָגען.

אַף דערוף מאַכט פּלעכאנאָוו: דער סאָציאַליסטישער אידעאַל איז אויך ניט מער, ווי די אָפּשפּיגלונג פון דער עקאָנאָמישער איינ־ריכטונג פון דער געזעלשאפט, די נפקה מינא איז נאָר, וואָס עס שפּיגעלט זיך אין עם אָפּעט די עקאָנאָמישע איינריכטונג פון דער צוקונפט! עס הייסט, דער טאטע איז נאָך ניט געבאָרען געוואָרען, דער זון איז שוין אַף׳ן דאַך.

פון דעם ווידערשפּרוך האָט זיך דער ארטאָדאָקסאַלער מארק־סיזם ניט פארמאגט אויסצודרעהען. דער מאטעריאליזם האַלט נאָר אָן אין דער פארגאַנגענער געשיכטע פון דער געזעלשאפט. מ׳ פאר־שטעהט, ווי אַזוי דער פּארצייטיקער קאָמוניזם האָט זיך אַף אן עקאָ־נאָמישען וועג ענטוויקעלט צו א געזעלשאפט פון פּויערים, מייס־טערלאך און קליינע סוחרים, מ׳ פארשטעהט, ווי אַזוי עס האָט זיך פון אַזאַ קליינבירגערליכער געזעלשאפט אויסגעארבייט אַף א ריין עקאָנאָמישען וועג די קאפּיטאַליסטישע געזעלשאפט; מ׳ פארשטעהט, ווי אַזוי די קאפּיטאַליסטישע געזעלשאפט גופא ענטוויקעלט זיך אַף א ריין עקאָנאָמישען וועג. אבער ווען עס קומט צו דעם לעצטען אקט, דעמאָלט געהט אויס דער מאטעריאליזם; מ׳ מוז האָבען א סאָציאַליסטישען אידעאַל אפריהער פאר דער סאָציאַליסטישער ווירקליכקייט.

ווי אזוי קומט עס, אז א געניאלער מענטש ווי מארקס, זאל ניט האבען געהאט איינגעזעהען, אז עס פעלט עפעס אין זיין טעאריע ? איינפאך, ווייל דער קאפיטאליזם איז נאך ביי זיין לעבען ניט געווען אזוי ווייט ענטוויקעלט און עס איז נאך קיין צייכען ניט געווען, פון וועלכען מ׳ וואלט געקענט טרעפען, ווי אזוי דער קאפיטאליזם קען איבערגעהן אף א ריין עקאנאמישען וועג אין סאציאליזם.

ווען מארקס וואלט נאר געווען א וויסענשאפטסמאן און ניט קיין סאציאליסט, וואלט ער זיך געזאגט : איך האב געוויזען ווי דער קאפיטאליזם געהט פארווערטס צו אזא צושטאנד, ווען די געזעלשאפט וועט זיין צוטיילט אין צוויי קלאסען, א קליינער קלאס קאפיטאליסטען און א גרויסער קלאס פראלעטאריער; וואס קען פון דערפון ארויסקומען קען מען איצט אין פאראויס ניט וויסען. אבער מארקס איז שוין געווען א סאציאליסט איידער ער האט אויסגעבויט א וויסענשאפטליכען פונדאמענט פאר דעם סאציאליזם ; האט עס זיך עם אויסגעוויזען גאנץ נאטירליך, אז דער פראלעטאריאט מוז קומען צו דעם סאציאליסטישען אידעאל. ווי אזוי־זשע קען דער סאציאליסטישער פראלעטאריאט זיינע פאדערונגען אויספירען ? אין דער רעוואלוציאנערער צייט, ווען דער קאמוניסטישער מאניפעסט איז געשריבען געווארען, האט אף דערויף געקענט זיין נאר איין ענטפער : דורך א געוואלטיקע רעוואלוציע.

אין יענע צייטען האט א רעוואלוציאנער ווי מארקס, ניט געקענט איינפאלען, אז די ארגאניזירטע ארבייטערשאפט זאל בלייבען קאלט זאגאר פיינדליך צו דעם סאציאליזם, ווי די יוניאנס דא אין אמעריקע. דעמאלט, איז א טרעיד־יוניאניסטישע באוועגונג באשטאנען נאר אין ענגלאנד, און דארטען איז עס געווען ארום דער צייט פון דער טשארטיסטישער באוועגונג, פון וועלכער עס איז שיר ניט געקומען צו א מיאטיעזש.

מיר זיינען אבער היינט מיט זיבעציק יאר עלטער. מיר וויסען, אז דער פראלעטאריאט אין די גרעסטע קאפיטאליסטישע לענדער, אמעריקע און ענגלאנד, איז גאנץ קאלט צו דעם סאציאליזם. אלזא, די פראלעטארישע לאגע אליין ברינגט ניט צו א סאציאליסטישער געזינונג. וואו־זשע איז די וויסענשאפטליכע זיכערקייט, אז עס וועט פארט קומען צו סאציאליזם ?

עס איז קלאר, אז דער ארטאדאקסישער מארקסיזם איז ניט אים שטאנד דאס צו באווייזען אף א ריין־עקאנאמישען גרונט. און

דערפאר האָבען זיך פילע רעוויזיאָניסטען אָפּגעשאָקעלט פון דעם מאַטעריאַליזם און זיינען געוואָרען אידעאַליסטען, דאָס הייסט, זיי מיינען, אז מענטשלאַכע אידעען ענטוויקלען זיך פון זיך אַליין; דער מענטש, דורך זיינע נייע געדאַנקען, מאַכט איבער די גאַנצע וועלט אַף אַזאַ פּלאַן, ווי עס געפעלט עם. ווען עס געפעלט עם סאָ־ליזם, וועט ער זעהען איינצופירען סאָציאַליזם. איך גלויב, אז דער געשיכטלאַכער מאַטעריאַליזם איז ריכטיק, נאָר מארקס האָט ניט דערלעבט צו זעהען, ווי די אמעריקאַנער טראָסטס באַווייזען, ווי אַזוי דער קאַפּיטאַליזם ענטוויקעלט זיך אַף אַ ריין עקאָנאָמישען וועג צום סאָציאַליזם.

## 7.

## שטאַטס־סאָציאַליזם.

איך האָב שוין געוויזען, ווי אַזוי דער גאַנצער געשעפט פון אמעריקע ווערט פאַראייניקט אין די הענט פון די טראָסטס. מיט דער צייט וועלען זיי אַלע זיין פאַרבונדען אין איין אַלגעמיינעם טראָסט. די גאַנצע ארבייט פון דער געזעלשאַפט וועט יע־מאָלט זיין אָרגאַניזירט אַף אַ געזעלשאַפטליכען פּלאַן, אַלצדינג וועט ווערן געפירט פון ערוועהלטע אָדער אָנגעשטעלט בעאַמטע; אָבער די בעלי הבתים איבער דעם גאַנצען געשעפט פון דער געזעלשאַפט וועלען זיין די סטאָקהאָלדערס (די אַקציאָנערען) פון די טראָסטס; דער גאַנצער פּראָפיט פון דעם געזעלשאַפטליכען געשעפט וועט געהן אין זייערע קעשענעס. עס איז אַלזאָ אַ פאַרטיקע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט, נאָר עס זיצט איבער איר אַ פּריווילעגירטער קלאַס, וואָס געניסט די פּרוכט פון דער געזעלשאַפטליכער ארבייט נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט אין אמאָליקע יאָרען אָרגאַניזירט די אינ־דוסטרי, ווי־זשע קען מען פון זיי פּטור ווערען? דער דורכשניטלאַ־כער סאָציאַליסט איז פעסט איבערצייגט, אז מען וועט מוזען ביי זיי צונעמען זייער קאַפּיטאַל, וואָרים וואָס איז דער קאַפּיטאַליסט— אַ נאַר איז ער אַליין אָוועקצוגעבען זיין קאַפּיטאַל? דאָס איז אָבער גראָד וואָס ער טוט: די מאַיאָריטעט פון קאַפּיטאַליסטען, וואָס האָ־בען אריינגעלעגט זייערע קאַפּיטאַלען אין די טראָסטס, זיינען שוין מער ניט קיין בעלי־הבתים איבער זייער אייגענס.

ווי איז אַ טראָסט אָרגאַניזירט? יעדער טראָסט איז אַ קאָרפּאָ־

רעישאן, אן אקציען־געזעלשאפט, און ער קען אנדערש ניט זיין. א מאן ווי קארנעגי, וואס פארמאגט דריי הונדערט מיליאן, קען אליין אן שותפים בויען אן אייזענבאן, א שטאל־פאבריק, אבער עס זיינען פאראן אנדערע מיליאנערען, וואס קענען מיט עם קאנקורירען. אלזא, מוזען זיי אלע זיין פאראייניקט אין איין קאמפאניע. געהן אין שותפות טויג ניט, ווארים ערסטענס וויל איינער ניט זיין פאראנטווארטליך מיט זיין גאנצען פארמעגען פאר דעם אנדערען, מ׳געטרויט זיך ניט איינער דעם צווייטען; און, צווייטענס, וויל מען, מ׳זאל קענען קויפען און פארקויפען חלקים אין דעם קאפיטאל, ווי עס לוינט זיך בעסער פאר יעדען איינעם. אף דערוף מאכט מען א קארפארעישאן, א קארפארעישאן אבער איז ניט קיין פריוואט־מאן, נאר א באשעפענעס פון דעם שטאט. דער שטאט מעג מיט דער קארפארעישאן טאן וואס ער וויל, א חוץ נאר אוועקנעמען איר קאפיטאל אומזיסט. א קאפיטאליסט, וואס פירט זיין געשעפט אף זיין אייגענעם נאמען, איז ביי זיך אליין דער גאנצער בעל־הבית, און איז קיינעם ניט מחויב אפצוגעבען א חשבון, ווי אזוי ער פירט זיין געשעפט. א קארפארעישאן אבער שטעהט אונטער דער אויפזיכט פון דעם שטאט. דער שטאט באשטימט דורך א געזעץ, ווי אזוי זי זאל פירען דעם געשעפט, ווי אזוי זי זאל ערוועהלען אירע בעאמטע; דער שטאט פארלאנגט פון איר רעפארטס וועגען איר געשעפט. דאס ווערט געטאן ניט צוליב די אינטערעסען פון פאלק, נאר טאקע צוליב די אינטערעסען פון די קאפיטאליסטען גופא. זיי קענען זיך איינער דעם אנדערען ניט געטרויען, דער שטאט איז זייער פארמיטלער, אויפצופאסען, אז אלץ זאל צוגעהן ראיעל.

נאטירליך ווען דער שטאט מאכט א געזעץ פאר קארפארעישאנס, מוז ער אויפפאסען, אז דורך די רעכטע, וואס זיי קריגען, זאלען זיי אנדערען קיין היזוק ניט טאן. דער שטאט טאר קיינעם ניט געבען דאס רעכט צו מאכען א מאנאפאליע. ווען די נאטור פון דעם געשעפט איז אזוינע, אז עס וואקסט פון עם אויס א מאנאפאליע, האט דער שטאט דאס רעכט צו באשטימען דעם פרייז, וועלכען די קארפארעישאן זאל פארלאנגען פאר איר ווארע, ווי, צום ביישפיל גאז.

קורץ, דער שטאט האט דאס רעכט זיך אריינצומישען אין דעם געשעפט, ווי ווייט עס דארף זיך דער שטאט מישען אין דעם

געשעפט, דאָס באַשטימען די געזעצגעבער. זיי מעגען טאָן וואָס זיי ווילען, א חוץ, וואָס זיי טאָרען ניט אוועקנעמען דעם קאַפּיטאַל פון דער קאָרפּאָרעישאָן.

ווען עס האָבען זיך אָנגעהויבען צו גרינדען קאָרפּאָרעישאַנס, האָבען די קאַפּיטאַליסטען פאַרלאַנגט דער שטאַט זאָל זיך וואָס ווייניקער מישען אין די געשעפטען פון די קאָרפּאָרעישאַנס. עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזען דערפון, אז דער איינצעלנער קאַפּיטאַליסט, וועלכער איז א סטאַקהאָלדער אין א קאָרפּאָרעישאָן, ווען ער באַלאַנגט ניט צו דער קליקע פון די דירעקטאָרען, האָט קיין דעה ניט איבער דעם געשעפט און איז אפילו מיט זיין קאַפּיטאַל אויך ניט זיכער. א מיליאָנער איז, דאַכט זיך, שוין ניט קיין קבצן. ווען ער קויפט אף א פּאָר הונדערט טויזענט דאָלאַר סטאַק אין דעם קופּער־טראָסט, וואָס דער קאַפּיטאַל פון דעם טראָסט איז 150,000,000*, וואָס פאר אַ ווערדע האָט ער, דער מיליאָנער, מיט זיינע לומפּיקע פּאָר הונדערט טויזענט דאָלאַר, געגען די ראַקפעלערס, די מאָרגאַנס און די גאַנצע חברה, וועלכע קאָנטראָלירען דעם סטאַק? עס זיינען פאַראַן אין דעם טראָסט אפשר הונדערטער אזעלכע ווי ער, וואָס יעדערער פון זיי האָט אריינגעלייגט ווער הונדערט טויזענט, ווער מערער. ווען זיי זאָלען אפילו האָבען א מאַיאָריטעט פון דעם קאַפּיטאַל*), זיינען זיי צושפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט און ווייסען איינער פון דעם אַנדערען ניט, א סך פון זיי האָבען געקויפט דעם סטאַק נאָר אף ספּעקולאַציע, אף צו פאַרקויפען, ווען ער וועט שטייגען אין פּרייז; זיי האַלטען סטאַקס פון א צענדליק קאָרפּאָרעישאַנס און זיינען גאָר ניט אים שטאַנד זיך אָפּצוגעבען צו די אַלע געשעפטען. דערפון קומט, אז זייער וואוט, ביי דעם יערליכען מיטינג, איז אַ פּוסטע פאָרמע. די גאַנצע קאָמפּאַניע איז אין די הענט פון א פּאָר מאַכערס. ווען זיי ווילען, העכערען זיי דעם פּרייז פון זייער וואַרע און צאָלען גרויסע דיווידענדען. דער סטאַק שטייגט, זיי פאַרקויפען אַ טייל פון זייער סטאַק נאָך דעם הויכען קורס. דערנאָך לאָזען זיי אראָפּ דעם פּרייז פון דער וואַרע און הערען אוף צו צאָלען דיווידענדען, וואָרים, פאַרשטעהט איר, דער געשעפט טראָגט ניט,

*) די שטימען געהערען דעם קאַפּיטאַל (סטאַק), ניט די מענטשען (די סטאַק האָלדערס).

דער קורס פאלט, יעמאלט קויפען זיי איין דעם סטאק פון די שעפסען. דורך אזעלכע קונצען האבען די סטאק־האלדערס אנגעווארען טויזענטער מיליאנען דאלאר. דאס הייסט קאנפיסקאציע, פונקט ווי די רעוואלוציאנערע סאציאליסטען פארלאנגען. די קאפיטאליסטען זיינען אבער דאגעגען, זיי ווילען ניט מ'זאל ביי זיי אוועקנעמען דעם קאפיטאל.

זינט די קאפיטאליסטען האבען שוין קיין דעה ניט איבער זייערע אייגענע קאפיטאלען, טו איז פאר זיי ניטא קיין אנדער מיטעל צו באשיצען זייערע אינטערעסען, א חוץ דער שטאט זאל נעמען אף זיך אויפצופאסען איבער די קארפארעישאנס.

אן אנהויב איז שוין געמאכט געווארען. אין 1903 איז געשאפען געווארען אין וואשינגטאן א ביורא איבער קארפארעישענס, וועלכע האט געדארפט אכטונג געבען אויף די טראסטס. אונטער פרעזידענט ווילסאנס אדמיניסטראציע איז זי רעארגאניזירט געווארען, איצטער הייסט זי „פעדעראל טרעיד קאמיישאן“. דערווייל האט זי נאך גארנישט ניט געטאן. אבער די קאפיטאליסטען ווילען דאס אף אימער אזוי ניט לאזען. דער שטאט איז דאך זייער אגענט. זיי זיינען נאך היינט צו טאג ביי זיך אליין ניט קלאר, ווי די זאך קען בעסער רעגולירט ווערען. דער עיקר איז, אז דער שטאט מוז נעמען אף זיך די השגחה איבער די אינערע געשעפטס־פירונג פון דער קארפארעישאן. די סטאק־האלדערס מעגען זיך ערוועהלען דירעקטארען, וועלכע זאלען פירען דעם געשעפט, אבער איבער די דירעקטארען שטעהען שטאטסבעאמטע, וועלכע האבען אויך א דעה אין געשעפט. דאס איז נים קיין רעוואליוציע, מ'נעמט ביי קיינעם ניט אוועק זיין קאפיטאל; אים געגענטייל, מ'זוכט דערמיט נאר צו פראטעקטען די אינטערעסען פון דעם גאנצען קלאס קאפיטאליסטען געגען די קליקע טראסט מאגנאטען. דאס איז אבער, שוין ניט פריוואט־קאפיטאליזם, דאס איז שטאטס־קאפיטאליזם.

היינט לאמיר־זשע זעהען, וואס טוט זיך מיט די איבעריקע קאפיטאליסטען, וואס זיינען ניט אין די טראסטס.

ביי דער לעצטער פאלקסצעהלונג, אין 1910 זיינען אין די פאראייניקטע שטאטען געווען א פערטעל מיליאן פאבריקאנטען און א מיליאן מיט א פערטעל אלערליי הענדלער. מ'זאגט זיי „מוזען„ פארשווינדען, אבער זיי זיינען ניט באקאנט מיט דער סאציאליסטישער ליטעראטור און זיי וויסען פשוט ניט, אז זיי „מוזען“ פאר־

שווינדלען. כל זמן זיי זיינען נאך דא, ווילען זיי לעבען און די טראסטס לאזען זיי ניט לעבען. ווייטער זיינען געווען דריטאלבען מיליאן פארמערס, וואס האבען אייגענע פארמס, און אף זייערע פארמס איז ניטא קיין חובות. זיי „מיזען" ווערען פראלעטאריער, אבער די צייט דערצו איז נאך ניט באשטימט געווארען. דערווייל ווילען זיי מאכען א לעבען און די אייזענבאנען דריקען זיי. זיי פאר־לאנגען דער שטאט זאל זיי באשיצען פון די מאנאפאליסטען און זיי האבען שוין מיט יארען צוריק אויסגעפירט. אז די יונייטעד סטעיטס סופרים קאורט האט גע'פסק'ענט, אז ווען ערגעץ א זאך ווערט א מא־נאפאליע, טו מעג דער שטאט רעגולירען דעם פרייז. לאמיר בא־טראכטען די פראגען איינציקווייס.

די אייזענבאן האט היינט אן אומבאשרענקטע מאכט איבער דעם גאנצען האנדעל, דאס הייסט איבער דער גאנצער פראדוק־ציע. די אייזענבאן באשטימט די פראכט. ווען דער מארק פאר א גע־וויסע ווארע איז אין ניו־יארק און עס קאסט דאס זעלבע צו מאכען זי אין שיקאגא ווי אין סענט־לואיס, נאר די פראכט פון סענט לואיס איז העכער ווי פון שיקאגא, טו קען דער פאבריקאנט אין סענט־לו־איס ניט עקזיסטירען. די פראכט, מוזט איר פארשטעהן, קען ניט בארעכענט ווערען איינפאך נאך דעם, ווי ווייט עס איז פון איין פונקט צו דעם אנדערען. פון ניו־יארק קיין באפאלא איז ווייטער איידער קיין אדיראנדאקס, אבער די פראכט פון די אדיראנדאקס קען זיין העכער איידער פון באפאלא, וואריס דא איז דער פארקער גרויס און דארטען איז ער גאר קליין. ווייטער, פון ניו־יארק קיין פי־לאדעלפיע, צום ביישפיל, קען מען שיקען ווארע איבער'ן וואסער, אלזא מוז די אייזענבאן אראפלאזען דעם פרייז. עס איז א פאר־פלאנטערטע זאך, און דערפון קומט ארויס, אז די אייזענבאהן קען מיט אירע טאריפען אויפבויען די אינדוסטרי, דעם האנדעל פון איין שטאט, און רואינירען אן אנדער שטאט. ווען די אייזענבאנען פאלען אריין אין די הענט פון א טראסט, קענען זיי רואינירען אלע זייערע קאנקורענטען. ברייטע שיכטען פון דעם קאפיטאליסטישען קלאס, דער גאנצער פארמער־קלאס, זיינען דעריבער פאראינטערע־סירט, אז די אייזענבאנען זאלען געשטעלט ווערען אונטער די אויפ־זיכט פון דער רעגיערונג, אלס פארטרעטערין פון דער גאנצער קא־פיטאליסטישער געזעלשאפט. עס הויבט זיך אן פון אלערליי גע־זעצען צו רעגולירען די אייזענבאנען; אבער דער קאמפף פון די

אייזענבאַן־קאָמפּאַניעס נעגען די אַלע געזעצען פּירט פּאַמעלעך צו דער איבערצייגונג, אַז דער איינציקער וועג צו רעגולירען די אייזענבאַנען, איז זיי זאָלען איבערגעהן אין די הענט פון דעם שטאַט. די פאָדערונג ווערט געשטעלט פון קאַפּיטאַליסטען, פון געשעפטס־לייט, ניט פון ארבייטער. אַלזאָ, די אינטערעסען פון דעם גאַנצען קאַפּיטאַליסטישען קלאַס פאָדערען שטאַטס־סאָציאַליזם בנוגע צו אייזענבאַנען.

אַנאַנדער „פּאַבליק יוטיליטי" זיינען די שטאַט־באַנען. דער גאַנצער לעבען פון אַן אַמעריקאַנער גרויסער שטאָט הענגט אָפּ פון די שטאָט־באַנען: ווען די רייזע אונטער'ן שטאָט קאָסט פינף סענט, אַנשטאַט ווי פריהער צען, אָדער די קאָמפּאַניע גיט טראַנספּערס אָף אַ זייטיקע גאַס, הויבט זיך באַלד דער פּרייז פון ריעל עסטעיט אין דעם ווייטען געגענד, וואָרים דער עולם הויבט אָן אריבערצוקלייבען זיך פון די געדיכט באַזעצטע קוואַרטאַלען אין די ווייטערע געגענדען. אַלזאָ, אַ גרויסע צאָהל ריעל עסטעיט לייט, נאָר ניט קיין פּראָלעטאַריער, זיינען פּאַראינטערעסירט אין דעריין, אַז די שטאָטבאַנען זאָלען געהערען דער שטאָט. מ'פּרופט נאָך, אַלס אַ קאָמפּראָמיס, צו רעגולירען די קאַר קאָמפּאַניעס, אָבער עס איז שוין קלאָר פאַר דעם גאַנצען עולם, אַז כל זמן די שטאָטבאַנען געהערען צו פּריוואַט־קאָמפּאַניעס, וועלען זיי אימער געפינען אַ וועג צו רעגולירען די רעגירונג, אַנשטאָט זיי זאָלען רעגולירט ווערען פון דער רעגירונג. און דעריבער איז איצטער די פאָדערונג פּאָפּולער, אַז די שטאָט־באַנען זאָלען געהערען דער שטאָט.

דאָס זעלבע איז אויך מיט די גאַז־קאָמפּאַניעס. יעדער געשעפטס־מאַן ניצט אַ סך גאַז; ווען די גאַז זאָל באַלאַנגען צו דער שטאָט, וואָלט דאָס דעם געשעפטס־מאַן איינגעשפּאָרט אַ היבשע פּאָר סענט. דאָסזעלבע גילט וועגען עלעקטרישע קראַפט, טעלעפאָנס און טעלעגראַפען. דערפון שטאַמט דער פאַרלאַנג נאָך מוניציפּאַל־סאָציאַליזם. די קאַפּיטאַליסטען זוכען זיך דאָ אויסצוגלייכען צווישען זיך, איין גרופּע קאַפּיטאַליסטען זאָל זיך ניט נעמען מערער, ווי עס קומט איר. פרעגט ביי איינעם פון זיי, צי ער איז אַ סאָציאַליסט, וועט ער אייך נאַטירליך גאַנץ אופריכטיק ענטפערען, אַז ער זוכט נאָר צו באַשיצען די אינטערעסען פון קאַפּיטאַל נעגען אַ קליינע באַנדע מאָנאָפּאָליסטען*).

*) אַזוי האָט ערקלערט הוירסט, בשעת ער איז געלאָפען פאַר מעיאָר פון ניו־יאָרק אין 1905.

די אייזענבאנען, גאז־קאמפאניעס און דערגלייכען, אונטערשיי־
דען זיך פון א געוועהנטלאכען געשעפט דורך דעם, וואס זיי מוזען
באנוצען קהל'שע לאנד: א וועג, א גאס זיינען פון אייביק אן געוועזן
דאס אייגענטום פון דעם כלל. ווען עס קומט אויס צו בויען אן איי־
זענבאן דורך אזעלכע לאנד, וואס באלאנגט צו פריוואט פערזאנען,
האט דער שטאט דאס רעכט צו פארנעמען די לאנד, צי דער איי־
גענטימער וויל, צי ניט, און זיי אוועקגעבען דער קאמפאניע, וואס
נעמט זיך אונטער צו בויען די באן. די לאנד ווערט אפגעשאצט
און דער אייגענטימער באקומט באצאלט וויפיל זי איז ווערט. ווען
דער שטאט זאל געפינען אז די אינטערעסען פון דער געזעלשאפט
פאדערען די אייזענבאן זאל באלאנגען צום שטאט, טו קען דאס צו
יעדער צייט געזעצליך אויסגעפירט ווערען, עס איז ניט קיין רעוואַ־
ליוציאן.
אין 1902, אין דער צייט פון דעם קויהלען־סטרייק, האט דער
יקרות אף קוילען שוין אין זומער ארויסגעצויגען שווערע טויזענטער
ביי יעדען קאפיטאליסט, וואס געברויכט סטים (פארע). די קאפיטא־
ליסטען האבען אנגעמאכט קולות: פאר וואס דארפען זיי ליידען, ווען
דער קוילען־טראסט קריגט זיך מיט זיינע ארבייטער. קאפיטאליס־
טישע פאליטישענס און קאפיטאליסטישע צייטונגען האבען גענומען
ריידען, אז דער שטאט דארף איבערנעמען די קוילען־גרובען צו באַ־
שיצען דאס „פובליקום“, דאס הייסט דעם גאנצען קאפיטאליסטי־
שען קלאס, געגען א קליינע קליקע קאפיטאליסטען. דער שטאט באַ־
לאנגט צו דעם קאפיטאליסטישען קלאס, און וואו דער פריוואט־קאַ־
פיטאליזם קומט צו קורץ, פאדערט דער קאפיטאליסטישער קלאס
שטאטס־קאפיטאליזם.

ווייטער, אז דער געשעפטסמאן פילט זיך באדריקט פון א גאנצע
מחנה טראסטס, וואס האבען קיין געזעצליכע מאנאפאליע ניט און
שטיצען זיך נאר אף די מאכט פון זייער אונגעהויערען קאפיטאל,
מיט וועלכען קיין אנדערער איז ניט אימשטאנד צו קאנקורירען, טו
וויל ער מ'זאל עס ניט שטעלען קיין צו הויכע פרייזען פאר די
ווארע, וואס ער קויפט. ווען דער פלייש־טראסט העכערט דעם פרייז
אף פלייש, טו ליידעט דערפון יעדער בעל הבית פון א רעסטאראן
אדער פון א האטעל, ווארים ער האט א געוויסען פרייז און ער קען
עס ניט העכערען, ווייל ער האט מורא צו פארלירען קונדען. אין 1910
זיינען געווען אין אמעריקע איבער הונדערט טויזענט האטעלס און
רעסטאראנטס. איך האט אלזא הונדערט טויזענט געשעפטסלייט, וואס

זיינען געגנער פון דעם פלייש־טראַסט. דער איינציקער מיטעל געגען א יקרות איז, דער שטאַט זאָל באַשטימען דעם פּרייז, קיין איינ־ציקע קאָמפּאַניע זאָל ניט קענען באַרייסען דעם גאַנצען קאַפּיטאַ־ליסטישען קלאַס. דאָס פאַרלאַנגען שוין מאַנכע קאַפּיטאַליסטישע געגנער פון די טראַסטס.

היינט, וואָס וואָלט זיין, ווען אַלע מקחים זאָלען ווערען באַ־שטימט פון דעם שטאַט? ווי אַזוי זאָל דער פּרייז געמאַכט ווערען? דער קאַפּיטאַליסטישער יושר פאַרלאַנגט, אז יעדער קאַפּיטאַליסט זאָל קענען מאַכען אַ פּראָפּיט. דער שטאַט מוז אַלזא אַזוי אויסרע־כענען דעם פּרייז, אז עס זאָל זיך ביי דעם טראַכט אָפּשטעלען א באַשטימטער פּראָצענט פּראָפּיט. היינט, ווען דער שטאַט זאָגט, אז אזוי פיל, מעג דער טראַסט נעמען פאַר א פונט פלייש און אַזא פּראָצענט דערפון מעג באַרעכענט ווערען אַלס פּראָפּיט, טו ווען איך ציט אראָפּ דעם קאָסט פון מאַטעריאַלען, וואָס בלייבט? די שבירות פון די אַרבייטער. אַלזא ווען דער שטאַט זאָל זיך נעמען באַשטימען דעם פּרייז פון מאָנאָפּאָליסטישע וואַרען, טו הייסט עס, ער מוז באַ־שטימען, וואָס פאַר א חלק זאָל באַקומען דער אַרבייטער און וואָס פאַר א חלק דער קאַפּיטאַליסט.

דאָס איז דער אמאָליקער אידעאַל פון די אוטאָפּיסטישע סאָ־ציאַליסטען, דער פּראָדוקט זאָל צוטיילט ווערען אין א באַשטימטער פּראָפּאָרציע צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט. דאָס איז אויך די טעאָ־ריע פון ראָדבערטוס׳ען: ער באַטראַכט דעם קאַפּיטאַליסט אַלס אַן עפענטליכען בעאַמטען, און ער וויל אויך, דער שטאַט זאָל באַשטי־מען, וואָס פאַר א טייל פון דעם פּראָדוקט מעג דער קאַפּיטאַליסט קריגען פאַר זיין געזעלשאַפטליכע אַרבייט.

מיר זעהען אַלזא, ווי אַזוי דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס אליין מוז ענדלאַך ברענגען צו שטאַטס־קאַפּיטאַליזם, אָדער שטאַטס־סאָ־ציאַליזם*).

---

*) דאָס איז געשריבען געוואָרען אין 1904. היינט בשעת איך האַלט אין איבערקוקען דעם קאַפּיטעל פאַר׳ן דרוק, געפין איך אין די צייטונגען די ענטשיידונג פון דער ניו־יאָרקער פּאָבליק סוירוויס קאָמי־שאָן איבער איינזענבאַן־פראַכט. אין דער ענטשיידונג ווערט געזאָגט, אַז די שבירות פון די אַרביימער זיינען אָפּהענגיק פון דעם פראַכט־טאַריף און די פּראָפיטען פון די אייזענבאַנען.

8.

## די היסטאָרישע ראָליע פון דעם אַרבייטער־קלאַס.

וואָס פאַר אַ ראָליע שפּילט אין דער עקאָנאָמישער ענטוויקע־לונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט דער אַרבייטער־קלאַס? ווי באַלד עס ענטוויקעלט זיך ערגעץ אין אַ לאַנד דער קאַפּיטאַ־ליזם, הויבט זיך אָן גאַנץ אינסטינקטיוו די אָרגאַניזירונג פון די אַרבייטער. עס איז ניט די אַרבייט פון אַגיטאַטאָרס, עס קומט פון דער נאַטור, זעהר אַן אינטערעסאַנטע סטאַטיסטיקע וועגען דעם איז פאַרעפּענטליכט געוואָרען פון דעם לעיבאָר דעפּאַרטמענט אין וואַשינגטאָן.

אין פאַרלויף פון צוואַנציק יאָר, פון 1881 ביז 1905 זיינען פאָרגעקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטען 36,000 סטרייקס, כמעט אַ דריט־חלק פון זיי, איבער 11,000 סטרייקס, זיינען ניט געווען אַרויסגערופען פון יוניאָנס; עס זיינען אין יענע סטרייקס געווען באַ־טייליקט מער ווי 1,300,000 אונאָרגאַניזירטע אַרבייטער, דער סטרייק אַליין איז געווען די ערסטע אָרגאַניזאַציע.

די זאַך איז גאַנץ איינפאַך: כל זמן דער בעל מלאכה האָט גע־אַרבייט ביי אַ מייסטער, האָט ער זיך מיט דעם מייסטער באַדונגען פּערזענליך. ווען אָבער איין פאַבריקאַנט באַשעפטיקט טויזענט אַר־בייטער, טו קען ער זיך איינציגווייס מיט אַלעמען ניט דינגען, ער מאַכט פאַר אַלעמען איין פּרייז, ווער עס וויל, שטעלט זיך אַרבייטען אויף דעם פּרייז, וועמען עס געפעלט ניט, מוז זוכען אַרבייט אַנדערס־וואו. ווען די אַרבייטער ווילען אויך עפּעס האָבען אַ דעה צו זאָגען וועגען זייערע שכירות, טו מוזען זיי צונויפקומען זיך אַלע צוזאַמען און שיקען אַ פּרייז־קאָמיטע צו דעם בעל־הבית. דאָס איז דער ערס־טער שריט פון אָרגאַניזאַציע. דער עיקר איז דער זעלביקער דינגען זיך, ווי אין אַמאָליקע צייטען צווישען דעם מייסטער און דעם בעל מלאכה, ווי צווישען דעם שניידער און דעם קונד, וואָס באַשטעלט ביי עם אַ קאַפּאָטע; עס דינגען זיך דער קויפער מיט דעם פאַרקוי־פער.

פון אנהויב ווייס איין פאַבריק פון דער אַנדערער ניט, די אַר־בייטער פון יעדער פאַבריק דינגען זיך אַליין מיט דעם בעל הבית. ווען מ׳איינינט זיך, איז גאַנץ גוט, געוועהנטלאך אָבער, ווען עס

קומט צו אַ סטרייק, געפינט דער בעל הבית אַ סך אַרבייטער, וואָס
זיינען צופרידען אָנצונעמען אַזעלכע שכירות ווי ער וויל צאָלען. דורך
דעם סקעבען קריגען די סטרייקער צו פאַרשטעהן, אַז ווען מ׳וויל
עפּעס אויספירען, טו מוז מען פאַראייניקען אַלע אַרבייטער פון דעם
זעלביקען פאַך. אַזוי ווערט געבאָרען אַ יוניאָן. דערווייל וואַקסען
פאַבריקעס וואו עס ווערען באַשעפטיקט אַרבייטער פון אַלער־
ליי פאַכען. ווען מ׳וויל עפּעס אויספירען, מוז מען שוין פאַראייניקען
די יוניאָנס פון די פאַרשידענע פאַכען אין איין פאַרבאַנד.

אַזוי ענטוויקעלט זיך מיט דער נאַטור די אָרגאַניזאַציע פון די
אַרבייטער. וועגען וואָס האַנדעלט זיך? וועגען בעסערע באַצאָלונג,
קירצערע שטונדען, בעסערע באַהאַנדלונג. די באָסעס שרייען, אַז די
יוניאָן וויל זיין דער גאַנצער בעל הבית אין שאַפּ. און דאָס איז ריכ־
טיק: די יוניאָן זוכט צו געווינען פאַר די אַרבייטער אַ שטימע אין
דער פירונג פון דעם שאַפּ, בעת דער קאַפּיטאַליסט וויל זיין אַ סאַ־
מאָדערזשעץ אין שאַפּ. די יוניאָן פירט אַלזאָ אַ קאַמפּף, ערשטענס,
פאַר אַ דעמאָקראַטישע איינריכטונג פון דעם שאַפּ, און, צווייטענס,
דער אַרבייטער זאָל קריגען אַ גרעסערען חלק אין דעם פּראָדוקט פון
זיין אַרבייט.

ווען אַ געשעפט בעלאַנגט צום שטאַט, ווי דער פּאָסט־אָפיס
אָדער די רעגירונגס־דרוקעריי, טו דאַרף מען דאָרטען ערסט רעכט
אַ יוניאָן, וואָרים די מאַכט פון דעם שטאַט איז אַ סך גרעסער איי־
דער די מאַכט פון דעם פּריוואַט־קאַפּיטאַליסט איבער זיינע אַרביי־
טער. אַ פאָרמאַן אין דער רעגירונגס־דרוקעריי, קען אַרויסציהען די
נערערים פון די אַרבייטער, אַזוי גוט ווי אַ פאָרמאַן אין אַ פּריוואַט־
דרוקעריי. די יוניאָן זוכט איינצופירען אַ דעמאָקראַטישע איינריכ־
טונג אין די פאַבריקען, וואָס געהערען דעם שטאַט. שטאַטס־סאָציאַ־
ליזם אָן יוניאָנס מוז זיין אַ ביוראָקראַטישער סאָציאַליזם, די יוניאָן
מאַכט דעם שטאַטס־סאָציאַליזם פאַר אַ דעמאָקראַטישען סאָציאַ־
ליזם.

דאָס האָבען מיר אַלין גערעדט וועגען אַזעלכע געשעפטען, וואָס
באַלאַנגען היינט אָדער וועלען אין קורצען באַלאַנגען צו דעם שטאַט.
אַ חוץ דעם אָבער מוז מען זיך ריכטען אַז אין פילע טראַכטס וועט
דער שטאַט אַף זיך נאָר נעמען אופּפּאַסען איבער דער געשעפט
און וועט באַשטימען דעם פּרייז פון דער וואַארע, דעם פּראָפיט
און די שכירות פון די אַרבייטער. ווען דער שטאַט זאָל באַשטי־

מען די שכירות, וועט די פראגע פון שכירות און ארבייטסצייט אריין אין די פאָליטיק. די וואָל פאר א קאָמיטע, וואָס זאָל האָבען דירעקט די מאַכט צו באשטימען די שכירות, וועט מאכען דעם קאמף פון די פאָליטישע פארטייען פאר א קלאַסענקאמף: איין פארטיי וועט זיך סטארען פאר די אקציאָנערען פון די טראַסטס, זייער פראָפיט זאָל זיין גרעסער און די שכירות זאָלען זיין קלענער, די אנדערע פארטיי וועט זיך סטארען פאר די ארבייטער, די שכירות זאָלען זיין גרעסער. די געשיכטע פון די יוניאָנס באווייזט, אז עס איז זיי אין פילע אינדוסטריען געלונגען לאנגזאם, לאנגזאם צו העכערען אבי־סעל די שכירות און קירצער מאכען דעם ארבייטסטאָג. עס איז ניטאָ קיין אורזאכע צו דענקען, אז עס וועט ווייטער געהן אנדערש. די יוניאָנס וועלען שריט נאָך שריט געווינען העכערע שכירות און אראָפּזעצען דעם פראָפיט. ווען ער זאָל ארונטער ביז אזא פראָ־צענט, ווי די רעגירונג צאָלט אף אירע באָנדס, וועט עס זיך בע־סער לוינען פאר די קאפיטאליסטען, דער שטאַט זאָל זיי אויסקוי־פען.

איך זעה דערפון, אז די סטרייקס פון די ארבייטער איבער א פאָר דאָלאר א וואָך מערער זיינען שריט אין דער ענטוויקלונג פון סאָציאליזם.

9.

## דער סאָציאליסטישער שטאַט.

מיר האָבען געזעהען, ווי אַזוי דער סאָציאליזם ענטוויקעלט זיך גאָר אָן סאָציאליסטען. די קאפיטאליסטען אליין אָרגאַניזירען די אר־בייט אף א געזעלשאפטליכען פלאַן, די קאפיטאליסטען אליין זיינען געצוואונגען צוליב זייערע אייגענע קלאַסען־אינטערעסען איבערצו־מאכען דעם פריוואט־קאפיטאליזם אף שטאטס־קאפיטאליזם; די ארבייטער, די קאָנסערוואטיווע טרעיד־יוניאָניסטען ארבייטען ניט וויסענדיק פאר אָן אינדוסטריעלע דעמאָקראטיע. שטאַטס־קאפי־טאליזם אבער צוזאמען מיט א דעמאָקראטישער איינריכטונג אין דער פאבריק באדייטעט סאָציאל־דעמאָקראטיע.

דאָ מוזען מיר זיך אפשטעלען. א סך נארישקייטען ווערט גע־רעט און געשריבען ביי די סאָציאליסטען. בפרט דאָ הי אין אמערי־קע, וועגען שטאַטס־סאָציאליזם. דער אלטער ליבקנעכט האָט אויס־

געקלערט דעם וועם ווערטעל „שטאטס־קאפּיטאליזם“ און ער האט געמיינט, אז ער האט דערמיט געקוילעט דעם רעוויזיאניזם. דער אויטער האט ניט איינגעזעהען, אז דאס איז דער שטארקסטער ארגומענט פאר די יעניקע, וועלכע באטראכטען דעם איבערגאנג פון קאפּיטאליזם אין סאציאליזם, אלס אן ענטוויקלונג־עוואלוציע, ניט אלס רעוואלוציע. ווען מ׳וויל רעדען אף דער שפּראך פון דעם דייטשען פילאסאף העגעל, טו קומט עס אויס אקוראט, ווי עס בעדארף זיין: דער פּריוואט־קאפּיטאליזם ענטוויקעלט זיך צו זיין אייגענעם הפך, צום שטאטס־קאפּיטאליזם, און שטאטס־קאפּיטאליזם איז שטאטס־סאציאליזם. אלזא, דער קאפּיטאליזם ענטוויקעלט זיך אליין צום סאציאליזם.

אבער פאר אן ארטאדאקסישען סאציאליסט איז דער ווארט „שטאט“ טריף. דאס איז נאך געבליבען פון יענער צייט, ווען די מארקסיסטען האבען געקעמפּט אין דעם אינטערנאציאנאל געגען באקונינען. אונטער דעם איינפלוס פון דעם אנארכיזם, האבען מארקס און ענגעלס אופגעבויט זייער טעאריע פון דעם אפּשטארבענדען שטאט. דא הי אין אמעריקע רעט מען נאך רק ביי די סאציאליסטען אף דעם אנארכיסטישען לשון: מ׳איז געגען דעם שטאטס־סאציאליזם, מ׳וויל דעם רעוואלוציאנערען, דעם פּראלעטארישען סאציאליזם. ווען מ׳וואלט ניט געווען שטענדיק אין איין ציטערנעס, די רעפארמערס זאלען הס ושלום ניט אפּציהען קיין וואוטס דורך די שטאטס־סאציאליסטישע פּונקטען אין זייערע פּלאטפארמעס, וואלט מען געמוזט איינזעהען, אז דער אונטערשיד איז אין גאנצען א האר־שפּאלטעריי. לאמיר זיך פארשטעלען, אז מיר האבען שוין א סאציאלע רעוואלוציאן. גענאסע בענסאן איז פּרעזידענט, גענאסע קווירקפּעטריק איז וויס־פּרעזידענט, גענאסע הילקוויט — אטוירני דזשענעראל, גענאסע העלד איז סעקרעטער פון דער טרעזשורי און גענאסע ב. פייגענבוים איז ספּיקער פון די הויז אין וואשינגטאן. זיי האבען די מאכט איינצוריכטען אלצדינג נאך דעם וויסענשאפטליכען פּלאן נאך. וועלען זיי אפּשאפען אלע בעאמטע? וועט יעדער איינער שטעלען זיך ארבייטען, וואו עס וועט עם איינפאלען און טאן, וואס עס וועט זיך עם פארגלוסטען? וועט יעדער קלאסען־באוואוסטער סאציאליסט מעגען אריינגעהן אין יעדען קהלשען סקלאד, אויסקלייבען זיך אליין, וואס עס וועט עם געפעלען, און

אָוועקטראָגען? איר וועט מיר זאָגען, אז קיין איינציקער סאָציאַליסט האָט נאָך ניט פֿאָרגעשלאָגען אזא משוגע'נעם פּלאַן? אמת, טו וואָס רעט מען פֿון אָפּשאַפֿען דעם שטאַט? א געזעלשאַפֿט, וואָס איז אַזוי הויך ענטוויקעלט, ווי די היינטיקע, וואו מ'דאַרף באַלעבאַטעווען איבער צוויי הונדערט טויזענט מייל אייזענבאַנען, טויזענטער פֿאַבריקעס, קלויבען־גרובען, מעטאַל־גרובען, טעלעגראַפֿען, טעלעפֿאָנס א. אז. וו., אזא געזעלשאַפֿט מוז האָבען א סך בעאַמטע, די בעאַמטע מוזען האָבען די מאַכט איינצוריכטען די ארבייט נאָך א געוויסען פּלאַן, דערצו מוזען זיי האָבען דאָס רעכט צו הייסען, אז א געוויסע אַרבייט זאָל אויסגעפֿירט ווערען, און אנדערע מוזען פֿאָלגען. כדי עס זאָל זיין איבער די בעאַמטע א געוויסע קאָנטראָליע, דאַרף מען האָבען באַשליסע פֿון דער געזעלשאַפֿט, וועלכע זיי זאָלען מוזען פֿאָלגען. אזאַ באַשלוס איז א ג ע ז ע ץ, אזאַ אָרגאַניזאַציע מיט בעאַמטע, מיט געזעצע איז א ש ט א ט, איר מעגט זיך עס רופֿען, ווי איר ווילט. אזאַ סאָציאַליזם איז אַלזאָ ש ט אָ ט ס ־ ס אָ צ י אַ ל י ז ם. עס זיינען פֿאַראַן אַלערליי שטאַטען: א דעספּאָטישע מאָנאַרכיע איז א שטאַט, און א דעמאָקראַטישע רעפּובליק איז אויך א שטאַט; די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע באַדייטעט נאָר סאָציאַליזם אין א דעמאָקראַטישען שטאַט. דער היינטיקער אמעריקאַנער שטאַט איז נאָך דער קאָנסטיטוציע א דעמאָקראַטישער שטאַט, ווען דער אמעריקאַנער שטאַט זאָל איבערנעמען די גרויסע געשעפֿטען, טו וועט דאָס זיין א סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

דער אַנאַרכיסטישער אידעאַל פֿון פֿרייוויליקע קאָאָפּעראַטיווע פֿאַראיינען איז צוגעפּאַסט צו א געזעלשאַפֿט פֿון קליינע פּראָדוצענטען, ווי רוסלאַנד אין דער צייט פֿון באַקונינען, אָדער פֿראַנקרייך אין דער צייט פֿון פּרודאָנען. א פֿרייוויליקער קאָאָפּעראַטיווער פֿערבאַנד זאָל פֿירען אזא געשעפֿט, ווי דער שטאָל־טראָסט, וואו עס זיינען אַנגעשטעלט 200,000 ארבייטער איבער'ן גאַנצען לאַנד, איז איינפֿאַך אונמעגלאַך. נאַטירליך, אזא אָרגאַניזאַציע מעג זיך רופֿען „פֿרייוויליקער פֿאַראיין", אין דער אמת'ן אָבער מוז זי האָבען די גאַנצע מאַשינערי, וואָס מ'רופֿט שטאַט.

עס קען זיין, אמאָל וועט די גאַנצע טעכניק אזוי ענטוויקעלט ווערען, אז מ'וועט קענען אויסקומען אָן אייזענבאַנען — מ'וועט פֿליהען אין דער לופֿטען, יעדער איינער וועט האָבען אָן עראָפּלאַן, קראַפֿט וועט מען אָף אָן אנדער עק וועלט קריגען דורך

א דראַטלאָזען טעלעגראַף פון ניאגארא. כימיע וועט אזוי ענטוויקעלט ווערען, אז וואו מ'שטעהט און געהט וועט מען קענען פון דער ערד קריגען אלע מאטעריאלען, וואָס מ'דארף, מ'וועט דערמיט פאַרשפּאָרען די לאַנגע פּראכט־צוגען. די ארבייט וועט ווערען אזוי פּראָדוקטיוו, אז א פּאָר מענטשען וועלען קענען אזוי פיל אויפטאָן, ווי היינט א גאַנצע פאבריקע. גרויסע שטעט וועלען ביסלאכוויים לײדיק ווערען, דער גאַנצער עולם וועט ארויספאָרען אף די דאַטשעס. דעמאָלט וועט די געזעלשאפט זיך פירען, ווי עס איז באשריבען ביי וויליאם מאָריס'ן אין „ניוז פראָם נאָהוועער“. דער פּלאַן געפעלט מיר אויסגעצייכענט, דער חסרון איז נאָר וואָס היינטצוטאָג איז דאָס ניט מער ווי א שעהנער חלום. פאר די נעקסטע פּאָר הונדערט יאָר האָבען מיר קיין ווייסענשאפטליכען גרונט, ניט צו ריכטען זיך אף אזא רעוואָליוציע אין דער טעכניק, וועלכע זאָל מעגלאך מאכען די אָפּשאפונג פון דער גרויס־אינדוסטריע. און כל זמן עס איז פאַראַן א גרויס אינדוסטריע, וועט זיך האַלטען דער שטאַט.

10.

## די סאָציאלע ענטוויקעלונג און דער סאָציאליסטישער געדאנק.

מיר האָבען געזעהען, אז פון דער קאפּיטאַליסטישער וועלט וואקסט אויס בלינדערהייט א סאָציאליסטישע. דער סאָציאליזם ענטוויקעלט זיך אין דער ווירקליכקייט, איידער ער דרינגט אריין אין די מחות פון די מענטשען. ניט מחמת דער סאָציאליסטישער אידעאל איז אזוי וואונדערשעהן, ווערט די וועלט איבערגעסטראָיעט אף א סאָציאליסטישען פּלאַן, נאָר גאָר פאַרקערט: ווייל די וועלט ווערט פון זיך אליין ביסלאכווייז איבערגעמאכט אף א סאָציאליסטישען פּלאַן, הויבט אונדז אָן צו געפעלען דער סאָציאליסטישער אידעאל.

אגב זיינען פאַראַן אלערליי סאָרטען סאָציאליסטישע אידעאלען, און פילע פון זיי זעהען אויס גאָר מיאוס: די אנארכיסטען זאָגען טאקע, אז זיי „ווילען ניט“ דעם סאָציאליזם; די „רעוואָלוציאָ־

נערע" סאציאליסטען זאגען אז זיי „ווילען ניט" דעם „שטאטס־סאציאליזם", אבער עס מאכט ניט אויס, ווארים ניט די שיינקייט פון דעם סאציאליזם איז די אורזאכע, וואס ער וואקסט, ניט די מיאוסקייט קען אונדז פארהיטען פון עם. פון השגחת הבורא, פון דער חכמה, מיט וואס ער פירט די וועלט איז גאר ניט די רייד, ווארים עס איז נאך א פראגע, צי עס איז גאר א חכמה און ניט אין גאנצען א נארישקייט. ווען מ'וואלט מיר מיט מיינע אנארכיסטישע פריינט, געגעבען „פול פאוער" איבערצומאכען די וועלט אף אונדזער אייגענעם פלאן, טו קען איך אייך זיכער זאגען, מיר וואלטען אין פינף מינוט משוה געווארען. ווארים דער אנארכיסטישער פלאן געפעלט מיר א סך בעסער איידער דער סאציאליסטישער. ווען מיר ווען מיר וועלען ניט אריינמישען אונדזערע אידעאלען אין די פראגע און באטראכטען דעם פראגרעס פון אביעקטיווען שטאנדפונקט, טו איז גאנץ קלאר, אז דער סאציאליזם איז א שריט פארווערטס אין דער ענטוויקעלונג פון דער געזעלשאפט.

עס זיינען אויסגעשפראכען געווארען מיינונגען אין דער אמעריקאנער סאציאליסטישער פרעסע, וואס זיינען מסופק די טעאריע, אז דער גאט פון פראגרעס וועט אריינפירען די קאפיטאליסטישע וועלט אין ארץ כנען פון סאציאליזם. מען קען גאר ניט זיין זיכער, מיינען זיי, אז דער פראגרעס פון דער היינטיקער קאפיטאליסטישער וועלט קען ניט צוריקגעשליידערט ווערען, אזוי ווי די רוימישע ציוויליזאציע איז פארניכטעט געווארען פון די בארבארען. די איצטיקע מלחמה האט געגעבען אן ענטפער אף די ספקות: די „געלע געפאר" קען נאר אין דעם פאל פארניכטען די ווייסע מדינות, ווען די געלע וועלען האבען דיזעלבע געווער, דיזעלבע אייזענבאנען און בכלל דעם זעלבען קאפיטאליסטישען סיסטעם, ווי די ווייסע. דער קאפיטאליזם וואלט אלזא בלייבען אונבארירט, און דער קאפיטאליזם מוז פירען צו סאציאליזם.

מילא, זיינען מיר געקומען צו שטאטס־סאציאליזם, גאר אן סאציאליסטען. די געשיכטע ווערט נאטירלאך ניט געמאכט אן מענטשען, די מענטשען אבער, וואס בויען אוף דעם סאציאליזם, דארפען גאר ניט זיין דוקא סאציאליסטען: א ראקפעלער דענקט נאר וועגען

מיליאָנען, וואָס ער קען מאכען פון מאָנאָפּאָליע, א גאָמפּערס דענקט נאָר וועגען העכערע שכירות, קירצערע שטונדען און א יוניאָן־שאָפּ. אז עס מוז זיך דערפון אויסלאָזען סאָציאַליזם, דאָס ווייסען זיי ניט, און עס אינטערעסירט זיי גאָר ניט.

איך וועט מיר זאָגען, אז כדי דער סאָבוועי זאָל געבויט ווערען פון דער שטאָט ניו־יאָרק, האָט פריהער דער געדאנק וועגען א שטאָטישען סאָבוועי געמוזט ווערען פארברייט אין די קעפּ פון די ניו־יאָרקער. איך וויל אָבער איך זאָלט פארשטעהן דעם אונטערשיד: צו זיין א סאָציאַליסט און דעריבער פארלאַנגען א שטאָטישע באַן אונטער דער ערד, איז איין זאַך, און צו זיין אַ ריעל עסטעיטניק און פארלאַנגען די באַן זאָל געהערען דער שטאָט, מחמת עס וועט הויבען דעם ווערט פון זיינע לאָטס, איז גאָר אַן אַנדער זאַך. איינער האָט טאַקע אין זינען מקיים צו זיין די מצוה סאָציאַליזם, דער אַנדערער מיינט די קניידלאַך. צום סוף לאָזט זיך אויס, אז ארבייטענדיק פאר זיין ריעל עסטעיט, בויט ער אויף דעם סאָציאַליזם.

וואָס־זשע איז די ראָליע פון די סאָציאַליסטען? א מענטש, וואָס ווייס אין פאָראויס דעם גאנג פון דער געזעלשאַפט, קען אויפטאָן פאר די געזעלשאַפט דאָס זעלבע, וואָס דער פארמער טוט, ווען ער לעגט אריין אייער אין אַן אינקיובעיטאָר. די באַוואוסטזיניקע ארבייט פון דעם מענטשען קען ניט באַשאַפען קיין איינציקען ברעקעל מאַטעריע, זי קען נאָר צוזאַמענשטעלען דעם מאַטעריאַל, וואָס דער מענטש געפינט אין דער נאַטור. די נאַטור היילט זיך ניט: אַ הוהן זיצט וואָכען אַף אייער, זי קען אויסבריהען העכסטענס א פּאָר צעהנדליק הינדעלאַך. דער פארמער קען אריינלעגען אין זיין אינקיובעיטאָר א פּאָר הונדערט אייער און אין א פּאָר טעג ארום האָט ער הונדערטער טשיקענס. אייך מעג זיך אויסווייזען, אז דער פארמער קען שוין מיט דער הילף פון דער וויסענשאַפט אויסקומען אָן דער הון, אָבער לעגען זיך קען אפילו א וויסענשאַפטליכער פארמער אויך ניט; דערצו דארף מען האָבען די הון. און אזוי איז אויך אין דער ענטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט. דער סאָציאַליסט קען מיט זיין קלאַסענבאַוואוסטע פּראָפּאַגאַנדע ניט באַשאַפען קיין סאָציאַליסטישע פאָרמען פון דער

אינדוסטרי. כל זמן עס פעלט דער פונדאמענט פאר דעם סאָציאַ־ליזם אין דער ענטוויקעלונג פון קאפיטאַליזם. אָבער וואו די געזעל־שאפט ענטוויקעלט זיך שוין, ניט וויסענדיק, אליין צום סאָציאליזם, כדי צו פארקירצען די צייט, וואָס עס קען נעמען ביסקלוואנגען דאָרטען קען דער סאָציאליסט אָנווענדען זיין קענטנים פון דער גע־זעלשאפט, דער סאָציאליזם זאָל אויסוואקסען ווילדערהייט. ווע׳ מיר זאָגען, אז דער סאָציאליזם מוז קומען, טו קען זיין, עס זאָל זיך ציהען פופציק יאָר, קען זיין הונדערט יאָר, די וויסענשאפט קען די צייט ניט באשטימען, דער סאָציאליסט אבער קען מיט זיין ארבייט ניכער ברינגען צו א סוף.

## 11.

## ד י  אי ב ע ר ג א נ ג ס  צ י י ט.

ווייל דער סאָציאַליזם וואקסט אין דער קאַפיטאַליסטישער גע־זעלשאַפט מיט דער נאַטור, אונבעוואוסט. ניט נאָך אַ פּאַראויסגע־טראַכטען פּלאַן, טו וואקסט ער ניט אומעטום צוגלייך: די אייזענ־באַנען, צום ביישפּיל, זיינען שוין אַ צייט צוריק געשטיגען אין זייער ענטוויקעלונג אף אַזא מדרגה, אז דער שטאַט האָט זיי געקענט אי־בערנעמען; אין דייטשלאַנד, אפילע אין רוסלאַנד איז שוין דאָס גע־שעהען, אין אמעריקע וואָלט דאָס היינטצוטאָג געקענט אויסגעפירט ווערען איינס, צוויי דריי. דער גרעסטער טייל פון די אמעריקאנער אייזענבאַנען זיינען שוין געוועזען אין די הענט פון דער רעגירונג: ווען די אייזענבאַן־מאַגנאַטען האָבען געוואָלט באַשווינדלען די קלע־נערע חברה סטאקהאָלדערס, האָט מען געמאכט באַנקראָט און די אייזענבאַנען זיינען אַ צייט לאַנג געוועזען אין די הענט פון די רעסי־ווערס, דאָס הייסט, פון שטאַטס־בעאַמטע*).

---

*) פון דעם ביישפּיל קענט איר זעהען, ווי די קאַפּיטאַליסטען שמייסען זיך אַליין אפּעט דורך דעם שטאַטס־סאָציאַליזם; עס זיינען פּאַ־ראַן, פארשטעהט איר אַ סך קאַפּיטאַליסטען; איינע שמייסען, די אַנדע־רע ווערען געשמיסען.

װייטער, די טעלעגראפען, די טעלעפאנען, גאז, װאסער, עלעקטרישע קראפט האלטען שױן אױך היינטצוטאג אזױ װייט, װי די אייזענבאנען, און יענע געשעפטען װערען אױך ביסלאכװייז איבערגענומען פון די שטאט פארװאלטונגען. די קױלען־גרובען זיינען שױן אױך אן דער רייהע.

פון דער אנדער זייט זיינען אבער פאראן א מאסע געשעפטען, װאס עס װעט נאך נעמען א היבשע צייט ביז װאנען זײ װעלען קענען מאנאפאליזירט װערען. עס װעלען נאך עקזיסטירען קלײנע און מיטעלע קאפיטאליסטישע געשעפטען, װען די װיכטיקסטע אינדוסטריען װעלען שױן לאנג ליגען אין די הענט פון מאנאפאליסטען.

ערסטענס, האט איר די פארמעריי. א דריטעל פון אלע פארדינערס אין די פאראייניקטע שטאטען זיינען פארמערס אדער פארם־ארבייטער. די גאנצע צאל פארמערס באשעפטיקט איבער 2,600,000 געדונגענע ארבייטער, אלזא בלייבען מער װי 3,300,000 פארמערס, װאס ארבייטען מיט זייערע אייגענע הענט אן לאהן־ארבייטער. עס איז דערװייל גאר ניט קענטיק, עס זאלען זיך צװישען זײ ענטװיקלען פיל גרױסע מאיאנטקעס, װאס זאלען פארשלינגען די קלײנע פארמס*). צי עס װעט אמאל דערצו קומען, צי ניט, איז א פראגע, איבער װעלכע עס איז פאראן חלוקי דעות. אײן זאך איז קלאר, אז װען עס װעט יע אמאל קומען צו א קאפיטאליסטישער לאנדװירטשאפט אין אמעריקע, װעט עס נאך לאנג נעמען, דערװײלע אבער ענטװיקלען זיך די טראסטס אזױ גיך, אז מ'קען זיך ריכטען אף שטאטס־סאציאליזם נאך אײדער דער

*) לױט דער פאלקסצעהלונג פון 1910, האבען די גרױסע פארמס פון מער װי 1,000 אקער פארנומען סך הכל 19% פון אלע פארמלענדער, אבער דער װערט פון די גרױסע פארמס האט באטראפען סך הכל 7% פון דעם אפגעשאצטען װערט פון אלע פארמס. דער דורכשניטליכער קאפיטאל װאס איז געלעגען אין אזא פארם איז געװען *57,000. דער דורכשניטליכער קאפיטאל, װאס איז אריינגעלעגט געװען אין הײזער, שטאלען, שפײכלערס און מאשינערי אף דעם קלאס פארמס, איז אין דער צייט פון 1900 ביז 1910 געװאקסען װעניקער, װי אף די קלענערע פארמס.

קאפיטאַליזם וועט אריינקריגען די פארמס אונטער זיין מאכט.
ווייטער, הגם די אינדוסטרי איז שוין זעהר שטארק צענטראַ־
ליזירט אין די פאראייניקטע שטאַטען, זיינען נאָך לויט דער פאָלקס־
צעהלונג פון 1910 דריי פערטעל פון אלע „פעקטאָרים" (פאברי־
קען) געווען אין די הענט פון איינצעלנע אונטערנעמער אָדער פיר־
מעס, ניט פון קאָרפּאָרעישאָנס, און זיי האָבען באשעפטיקט א
פערטעל פון דער גאנצער צאָל פאבריק־ארבייטער. עס וועט מיטנא
אויסקומען א געוויסען פראָצענט פון דעם ארבייטערקלאס צו בלייּ־
בען ארבייטען אין קאפּיטאַליסטישע פעקטאָרים, אפילו שוין ווען
דער גרעסטער טייל פון דער פּראָדוקציאָן וועט זיין קאָנצענטרירט
אין די הענט פון דעם שטאַט. דאָס היסט, אז דער קאפיטאַליזם
וועט אין גאנצען מיט אמאָל ניט פארשווינדען אפילו אין א סאָ־
ציאליסטישער געזעלשאפט, ווי דער קליינגעווערב איז נאָך אין
גאַנצען ניט פארשוואונדען אין דער קאפּיטאַליסטישער געזעל־
שאַפט.

נו, און וואָס איז דער מער מיט דער „סאָציאַלער רעוואָלו־
ציאָן" ? קיין סאָציאלע רעוואָלוציאָן ווי מ'שטעלט זיך געוועהנלאָך
פאָר — אז מיט איין קלאפּ זאָל דער סאָציאַליזם איינגעפירט ווע־
רען אין אלע געשעפטען, קיין דעראַרטיקע סאָציאלע רעוואָלוציאָן
קען קיין מאָל ניט פאָרקומען, פּאָליטישע רעוואָלוציאָנען זיינען זעהר
ווארשיינלאָך. א רעוואָלוציאָן קען אויסברעכען איבער אזעלכע
פאסירונגען, ווי אין קאָלאָראדאָ, וואו די קאפּיטאַליסטען האָבען
אין 1903 מיט גוואַלט ארונטערגעזעצט די שטאַטס־בעאמטע, וואָס
זיינען ערוועהלט געוואָרען מיט ארבייטער שטימען און האָבען זיך
איינגעשטעלט פאר די רעכטע פון די סטרייקערס אין דער בערג
אינדוסטרי. ווען עס זאָל אמאָל געלונגען דער סאָציאַליסטישער פּאר־
טיי צו ערוועהלען איר קאנדידאט פאר פּרעזידענט, איז זעהר ווארּ־
שיינלאָך, אז די קאפּיטאַליסטען זאָלען פּרובירען אָנווענדען איבער
גאַנץ אמעריקע די גוואַלט מעטאָדען פון קאָלאָראדאָ.
עס איז מעגלאָך, אז ביי די ארבייטער זאָל פּלאצען די געדולד און
עס זאָל אויסברעכען א בירגער־קריג. אָבער אפילע אין אזאַ פאל קען
קיין „סאָציאַלע רעוואָלוציאָן" אין דעם געוועהנטלאכען זין דערפון
ניט ארויסקומען. ניט ריידענדיק וועגען די פארמערס, געפינען זיך
אין די פאראייניקטע שטאַטען נאָך דער פאָלקסצעהלונג פון 1910
60,000 רעסטאָראַנס און איבער 500,000 פּרויען, וואָס נעמען גרעט

וואשען א היים (סטים לאנדרים זיינען דא ניט אריינגערעכענט). לאמיר זאגען, מיר האבען שוין די „רעוואלוציאנערע דיקטאטור פון'ם פראלעטאריאט", קאנגרעסמאן לאנדאן איז דער דיקטאטאר פון דעם 12טען קאנגרעשאנאל דיסטריקט, וועט ער די קיבע־צארניע אויף דיוויזשאן סטריט צונעמען אין קאזנא? וועט ער ארויסגעבען א פריקאז, אז קיין איריישע גויה טאר קיין גרעט ניט נעמען אהיים וואשען? א סאציאליסטישע רעגירונג וועט מוזען זיין צופרידען דערמיט, וואס זי וועט איבערנעמען אזעלכע גע־שעפטען, וועלכע די קאפיטאליסטישע ענטוויקלונג האט שוין צו־געגרייט פאר דעם סאציאליזם.

אויב איר ווילט אן עצה פאר יענע ארבייטער וואס זיינען באַ־שעפטיגט אין אזוינע פעקטארים וואס האבען קיין אויסזיכט ניט איבערגענומען צו ווערען פון שטאט, טו קענט איר זי געפינען ביי קאוטסקי'ן. אין א געזעלשאפט, וואו דער גרעסטער טייל פון די בינ־נעס ווערט געפיהרט דורך דעם שטאט, וועט די מינאריטעט פון די ארבייטער וואס זיינען באשעפטיגט אין פריוואט־געשעפטען זיין א סך בעסער געשטעלט איידער אין דער קאפיטאליסטישער גע־זעלשאפט, ווארים די קאנקורענץ צווישען די ארבייטער וועט ניט זיין אזוי ביטער ווי היינט. חוץ דעם וועט דער ארבייטס־טאג אין שטאטס־באטריב זיין קירצער איידער היינט אין פריוואט־קאפיטא־ליסטישע באטריבען. דאס מוז ווירקען אף אלע געשעפטען וועלכע וועלען בלייבען אין קאפיטאליסטישע הענט. די סאציאליסטישע רעגירונג וועט זיך מוזען באנוגענען מיט אלערליי סאציאלע רע־פארמעס, לטובת די ארבייטער אין יענע געשעפטען.

דאס הייסט, א זיגרייכע רעוואלוציע קען ניט איינפירען דעם סאציאליזם אין אלע געשעפטען מיט אמאל. א רעוואלוציע איז אמאל נויטיק, ווען מ'דארף ארונטערייסען א פארקאן, וואס פאר־צאמט דעם וועג. ביי א רעוואלוציע ווערען „מיט אמאל" איינגע־פיטר אזעלכע רעפארמעס, וואס מ'האט שוין אף זיי א צייטלאנג געזוארט און מ'וואלט נאך אפשר געדארפטווארטען א צייט. א רע־וואלוציע אבער קען גאר נישט באשאפען, פאר וואס די געזעלשאפט איז נאך ניט רייף.

דערפון קענט איר זעהן, וואס פאר אן אונזין עס איז ווען מ' רעט זיך איין, אז דער „רעוואלוציאנערער סאציאליזם" איז גאר אן אנדער זאך ווי „סאציאל־רעפארמע"; א רעוואלוציאנערע סאַ־

ציאַליסטישע פּאַרטיי קען אויך ניט איינפירען מיט אמאָל דעם קהל׳שען אייגענטום אף אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען, זי וועט אויך מוזען צופרידען זיין מיט קהל׳שען אייגענטום אף געוויסע פּראָדוקציאָנס מיטלען, מיט די איבעריקע וועט זי מוזען וואַרטען ביסקעל וואַנען דער פּריוואַט געשעפט וועט זיין גענוג ענטוויקעלט פאַר דעם סאָציאַליזם.

## 12.

## אַן איבערבליק איבער דעם גאַנצען וועג פון פּריוואַט־מאָנאָפּאָליע צו סאָציאַליזם.

דער סאָציאַליזם וועט ניט איינגעפירט ווערען מיט איין קלאַפּ. די אייזענבאַנען, די טעלעגראַפען, די טעלעפאָנס, די עלעקטרישע בעלייכטונג, און דערגלייכען וועלען איינע נאָך די אַנדערע איבער־געהן צום שטאַט, אָדער צו דער שטאַט־רעגירונג. די טראַסטס וועלען געשטעלט ווערען אונטער די השגחה פון דער רעגירונג; די רעגירונג וועט באַשטימען די פּרייזען פון די טראַסט־ארטיקלען, דעם פּראָפיט פון די סטאָק־האָלדערס און די שכירות פון די ארביי־טער. דער שטאַט וועט אף דעם אופן ווערען דירעקט אָדער אינדי־רעקט דער ארבייטס־געבער. די ארבייטער־באַוועגונג וועט צווינ־גען דעם שטאַט צו פאַרקירצען דעם ארבייטס־טאָג, זיכערען דעם ארבייטער אַנשטענדיקע שכירות, ער זאָל קענען מאַכען א מענטש־לאַכען לעבען, גאַראַנטירען עם די אונבאַשרענקטע פריי־הייט צו אָרגאַניזירען זיך, פאַרזיכערען עם געגען אר־בייטסלאָזיגקייט א. אַז. וו., דאָס אַלעס באַדייט, אַז דעם ארבייטער׳ס חלק ווערט גרעסער און דער חלק פון דעם קאַפּיטאַליס־טישען קלאַס ווערט קלענער. אין א טראַסט ווערט די ראָלע פון די מאַסע קאַפּיטאַליסטען באַשרענקט אף דעם, וואָס זיי קריגען די־ווידענדען, אויב די טראַסט־מאַגנאַטען געפינען פאַר נויטיק צו צאָלען דיווידענדען צוליב ספּעקולאַציע אף דעם סטאָק־עקס־טשענדזש. און אויב ניט, טו קריגען די קליינוואַרג גאָרנישט. דער

שטאַטס־סאָציאַליזם פארזיכערט יעדען קליינעם קאַפּיטאַליסט, וואָס האָט א פּאָר הונדערט טויזענט דאָלאר אין די טראַסטס, א חלק אין די פּראָפיטען פון די טראַסטס, און דעריבער פארברייט זיך צווישען דעם קלאַס א נייגונג צום שטאַטס־סאָציאַליזם. צו דער זעלבער צייט אָבער איז רער אונטערשיד צווישען פּריוואַט קאַפּי־טאַליזם און שטאַטס־קאַפּיטאַליזם, וואָס אין א פּריוואַט־קאַפּיטאַ־ליסטישען געשעפט איז דער קאַפּיטאַליסט אליין דער בעל־הבית, ווערענד אין א שטאַטס־קאַפּיטאַליסטישער אונטערנעמונג איז דער שטאַט דער בעל־הבית, און אין א דעמאָקראַטיע הענגט דער שטאַט אָפּ פון דער מאַיאָריטעט פון פאָלק. דער ארבייטער־קלאַס צוזאַמען מיט אַנדערע ניט־קאַפּיטאַליסטישע שיכטען פון פאָלק האָט די מאַ־יאָריטעט, אַלזאָ, קען זי באַשטימען, ווער עס זאָל זיין דער משגיח איבער די שטאַטס־קאַפּיטאַליסטישע געשעפטען, וויפיל פּראָצענט דיווידענד די סטאָק־האָלדערס זיינען בערעכטיגט צו קריגען, צו וואָס'ערע פּרייזען זיי זאָלען פאַרקויפען זייערע פּראָדוקטען, אַלזאָ, אויך וויפיל דער ארבייטער זאָל קריגען. כדי די מאַיאָריטעט פון פאָלק זאָל קענען האָבען א דעה איבער די אַלע געשעפטען, מוז דער מעכאַניזם פון דער דעמאָקראַטישער רעגירונג אזוי אויסגעבעסערט ווערען, אז ער זאָל טאַקע געבען אן אויסדרוק דעם ווילען פון פאָלק. די אַלע פּאָליטישע רעפאָרמען, ווי די איניציאַטיווע, דער רעפערענ־דום, דאָס שטימרעכט פאר פרויען, זיינען אַלין אינסטאַלמענטס פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

פון דעם שטאַנדפּונקט איז ניטאָ קיין אונטערשיעד צווישען רעפאָרמען, וואָס מען פאַרלאַנגט פון דעם היינטיקען „קאַפּיטאַליס־טישען שטאַט" און דעם עולם הבא פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט. דאָס זיינען אַלין שריט אויף דעם זעלבען וועג פון ענטוויקלונג. זיי גיבען דעם וואוטער, דעם ארבייטער, א שטיקעל דעה איבער די פירונג אין שאָפּ, זיי גיבען איהם א גרעסערען חלק אין דעם פּראָדוקט פון דער געזעלשאַפטליכער ארבייט, זיי פאַר־מינדערען דעם חלק פון דעם קאַפּיטאַל.

איך ווייס, איר פארגינט די קאַפּיטאַליסטען די פּאָר פּראָ־צענט דיווידענד אויך ניט. אבער ווען עס וועט קומען די צייט, אז די גאַנצע פּראָדוקציאָן וועט שוין שטעהן אונטער דער השגחה פון דעם דעמאָקראַטישען שטאַט, און די וואוטערס וועלען צו יעדער

צייט האָבען די מאכט צו באַשטימען, וויפיל פּראָצענט די קליינע צאָל קאַפּיטאַליסטען זאָלען קריגען אַף זייערע סטאקס, און די־זעלביגע וואוטערס וועלען האָבען די מאכט צו באַשטייערען (טעקסען) די דיווידענדען פון די אייגענטימער פון די פּאַפּירען פון שטאַטס־קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעהמונגען, טו וועט זיך די קאַפּיטאַליסטען גאַנץ גוט לוינען צו ליקווידירען זייער אינטערעס אין די שטאַטס־קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען און קריגען אויסגעצאָלט אין באָנדס, וואָס זאָלען טראָגען אַ באַשטימטען צינז.

אָבער דער פּלאַן האָט דעם חסרון, זאָגט מען, וואָס דער אַרבייטער וועט זיך מוזען פּלאָגען צו צאָלען די צינזען אַף די באָנדס, מיט וועלכע מ׳ וועט ביי די מאָנאָפּאָליסטען אָפּקויפען זייערע געשעפטען. ווען געגאַפּט בענסאָן אָבער וועט ווערען פּרעזידענט, וועט מען ביי זיי אַלצדינג צונעמען אומזיסט. נאָר דאָס איז, פאַרשטעהט איר מיך, גלאַט אזוי געריעדט. די קאָנסטיטושאָן גאַראַנטירט יעדען זיין אייגענס, אַוועקנעמען עס אָן באַצאָלען איז געגען דער קאָנסטיטושאָן. און ווען אפילו די סופרים קאורט אין וואשינגטאָן זאָל אָנגעפילט זיין מיט סאָציאַליסטישע דזשאָדזשעס, וואָס זאָלען זיין גרייט צו ברעכען די קאָנסטיטושאָן, טו וועלען די קאַפּיטאַליסטען ארויסטרעטען מיט געוועהר צו קעמפפען אין נאָמען פון כלומרשט דער קאָנסטיטושאָן. אַלזאָ, ווען מ׳ וויל ניט צאָלען מיט געלט, טו וועט מען מוזען צאָלען מיט מענטשליכע בלוט. וואָס איז וועלוועלער?

אַ חוץ דעם דאַרף מען דאָך ניט פאַרגעסען, אַז רעגיערונגס־באָנדס ווערען ניט ארויסגעגעבען אַף אייביגע צייטען: ווען, צום ביישפּיל, די שטאָט נעמט אַף זיך אויסצוצאָהלען פאַר די שטאָט־באָן אין 50 יאָר צייט, אָדער אפילו אין 75 יאָר ארום, טו מוז דאָך קומען אַ צייט, ווען די רעגיערונג וועט שוין האָבען אויסגעצאָלט דעם גאַנצען קאַפּיטאַל. דעמאָלט וועט די געזעלשאַפט אופהערען צו צאָלען צינזען צו די אייגענטימער פון די באָנדס. דאָס הייסט, סך הכל האנדעלט זיך דאָ אום די איבערגאַנגס־צייט. אין צוויי־דריי דורות וועט ווערען אַ סוף.

## 13.

## די אונטערדריקונגסמאכט פון דעם סאָציאַליסטישען שטאַט.

וואָס־זשע קענען מיר ערווארטען פון שטאַט־סאָציאַליזם ? ווען איר פארגלייכט די שכירות און די ארבייטס־שטונדען למשל אין דער רעגירונגס־דרוקערייי אין וואַשינגטאָן מיט א פּריוואט־דרוקעריי, טו איז גאָר ניטאָ וואָס צו ריידען, אז אַ שטעלע ביי דער רעגירונג איז אַ סך בעסער. דער פּראָפיט פון די טראָסטס איז אַזוי גרויס, אז עס וואָלט קלעקען אף אויסצאָלען די אקציאָנערען פון די טראָסטס און עס וואָלט נאָך בלייבען גענוג אף צו העכערען די שכירות און קירצער מאַכען די שטונדען, ווען די רעגירונג זאָל ווערען די בעל־הבית׳טע איבער די טראָסטס. אַלזאָ זיינען מיר בארעכטיקט אָנצונעמען אַז אונטער שטאַטס־סאָציאַליזם וועט דער אַרבייטער קריגען גוטע קעסט און וועט געהן געקלייט ווי אַ פּריין. זייענדיק אַ רעוויזיאָניסט אַנערקען איך, אַז אַ גוטע שטיקעל פלייש איז בעסער איידער קרופּניק און א פּרינץ־אַלבערט איז שעהנער ווי אן אָפּגעריסענע קאפּאָטע. די גרויסע מאַיאָריטעט פון דער היינטיקער וועלט וואָלט דערמיט היינט זיין העכסט צופרידען און וואָלט גאר קיין ווייטערע קשיות ניט פרעגען. די געגנער פון דעם סאָציאַליזם אָבער, די קאַפּיטאַליסטישע אַנאַרכיסטען, ווי ספּענסער און די אנארכיסטישע קאָמוניסטען, ווי קראָפּאָטקין באהויפּטען, אז דער סאָציאַליזם וועט איינפירען א נייע שקלאַפעריי. די סאָציאַליסטען זאָגען צו אין זייערע פּלאַטפּאָרמעס, אז אַלצדינג וועט צוגעהן אף׳ן בעסטען אופן. אָבער איך בין א שטיקעל מאַטעריאַליסט. וואָס די סאָציאַליסטען דענקען היינט וועגען דער צוקונפט איז פאר מיר גאָר קיין באווייז ניט, אַז די צוקונפט וועט גראד אַזוי אויסזעהען, ווי זיי מאָלען זי. ווען מ׳וויל דערגעהן דעם ריכטיקען ענטפער, מוז מען באטראכטען די געזעלשאַפטליכע (עקאָנאָמישע) אָרגאניזאציאָן פון דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט, וואָס איז די אויסזיכט פאר פרייהייט אין אַזאַ געזעלשאפט.

די אונטערדריקונג שטאמט היינט פון דער קלאַסען־הערשאפט. ווען עס וועלען אָפּגעשאפט ווערען די קלאַסען, וועט

ניט בלייבען קיין אורזאכע פאר אונטערדריקונג. איז דאס אבער ריכ־טיק, ווי מ׳רעט זיך איין, אז ווען דער קאפיטאליסטישער קלאס וועט אפגעשאפט ווערען, טו וועט שוין גאר קיין קלאסען ניט זיין? קוקט זיך איין אין די ארגאניזאציע פון דעם געשעפט היינט צו טאג, וועט איר זעהען, אז די ענטוויקעלונג פון גרויסע געשעפטען האט בא־שאפען א נייעם קלאס, וואס דער קליינגעשעפט האט פון עם גאר ניט געוואוסט: איך מיין די בעאמטע פון די קארפארעישאנס. די סופעראינטענדענטס, די פארלייטע און אזוי ווייטער. ווען די געזעל־שאפט, דאס הייסט דער שטאט, זאל יא איבערנעהמען אלע געשעפ־טען, וואס וועט ווערען פון די בעאמטע? קען מען דער אויסקומען אן זיי אין א געשעפט, וואו עס ארבייטען הונדערטער טויזענטער אר־בייטער? אלזא, פון די קארפארעישאן־בעאמטע וועלען ווערען שטאטס־בעאמטע. ווען אייך געפעלט ניט דער ווארט „שטאט" טו לאז זיין „עפענטליכע בעאמטע", שוין גוט? דאס הייסט דער סא־ציאליזם פירט צו א מורא׳דיקער ביוראקראטיע. די מאכט פון די רו־סישע טשינאווניקעס איז גאר קיין פארגלייך ניט צו דער מאכט פון די בעאמטע אין א „סאציאליסטישער געזעלשאפט".

ווען די געזעלשאפט איז דער אייגענטימער פון אלע דרוקע־רייען און אלע זאלען פאר מיטינגען, מוז זיין קלאר, אז די „גע־זעלשאפט" קען, אויב זי וויל, אונמעגלאך מאכען יעדע אפאזיציע. עס פרעגט זיך, צי וועט זי דאס וועלען? מיט אנדערע ווערטער, עס איז פאראן א מעכטיקער קלאס בעאמטע, איז די קשיא צי קען גאר אזא קלאס האבען זיינע אייגענע קלאסען־אינטערעסען, וואס זאלען זיין פארשיידען פון די אינטערעסען פון די איבעריקע מיטגלידער פון דער געזעלשאפט? ווי די וועלט האט זיך געפירט ביז היינט, האט יעדער בעאמטער ליב זיין שטעלע, פאר וואס זאל דאס אזוי ניט זיין אין דער סאציאליסטישער געזעלשאפט? אמת, יעדער איינער וועט באקומען גלייך באצאלט, אבער ערסטענס, איז לייכטער צו זיין אן אויפזעהער, איידער אן ארבייטער, און צווייטענס, איז געלט ניט דער איינציקער מאטיוו ביי דעם מענטשען, כבוד שפילט א גרויסע ראליע ביי א מענטשען, אפילו ווען ער איז א קלאסענבאוואוסטער סאציאליסט; פאר וואס קוואפעט מען זיך אף א סאציאליסטישע קאנדידאטור פאר אן אלדערמאן, אדער אטוירני דזשענעראל, ווען מ׳ווייס אין פאראויס, אז מ׳קען ניט ערוועהלט ווערען? דריטענס, לאמיר שוין זאגען, וועלען אין דער סאציאליס־

טישער געזעלשאפט אלע מענטשען זיין אזוי פרום און גוט ווי אברהם אבינו בשעת ער האט געפירט יצחק'ן צו דער עקידה. מיר זעהען אבער, אז אפילע צווישען די רוסישע סאציאליסטען, וואס האבען דאכט זיך, גאר ניט וואס צווישען זיך צו טיילען א חוץ שליסעלבורג און סיביר, איז מען זיך איינע צו די אנדערע דם שונאים איבער דעם: וואס איז דער ריכטיקער סאציאליזם און ווי איז בעסער פאר עם צו אגיטירען. היינט שטעלט זיך פאר אז עס האנדעלט זיך שוין וועגען דעם, ווי צו פארוואלטען די סאציאליסטישע געזעלשאפט גופא: די בעאמטע, וואס זיינען אין אמט זיינען, נאטירליך אלין אידעאלע מענטשען, זיי זיינען טיף איבערצייגט, אז נאר זיי קענען ריכטיק פירען די קהל'שע געשעפטען. אט האט איר א פארטיי־אינ־טערעס צו בלייבען אין אמט. היינט, ווען זיי האבען אין זייערע הענט די מאכט ניט צו דערלאזען קיין אפאזיציע, טו זאלען מיר גלויבען, אז זיי וועלען די מאכט ניט באנוצען? אף וואס איז אזא גלויבען געבויט? וואו זיינען די וויסענשאפטליכע גרינדע פאר אזא גלויבען?

די געשיכטע ווייזט אונדז, אז יעדער קלאס וואס האט געהאט אן אונבעשרענקטע מאכט, האט אימער באהאנדעלט דעספאטיש די איבעריקע קלאסען פון דער געזעלשאפט. פאר די לעצטע פאר הונ־דערט יאר האט די באפרייאונגס־באוועגונג געזוכט צו באשרענקען די מאכט פון די רעגירענדע קלאסען. ווען מ'שפיגט ניט פון קאפ, נאר מ'זוכט זיך צו שטיצען אף די פאליטישע געשיכטע, טו מוז מען צו־געבען, אז א שטארקע רעגירונג איז געפערלאך פאר פרייהייט.

פארלאזען זיך גלאט אף דערוף, אז די סאציאליסטען זיינען אזוינע פיינע לייט, דאס מען מעג זיי געטרויען, אז זיי וועלען ניט מיסברויכען די גרויסע מאכט, וואס די רעגירונג וועט האבען אין א סאציאליסטישער געזעלשאפט, — איז פונקט ווי פארלאזען זיך אף א גוטען קיסר. אין דעם אכצענטען יאר־הונדערט האבען פאליטישע פילאסאפען נאך געגלויבט אין דעם אופגעקלערטען אבסאליוטיזם. די גרויסע פראנצויזישע רעוואלוציאן האט אבער געמאכט א סוף מיט עם.

## 14.

## די פאָליטישע טענדענצען פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

דער פאָליטישער פּראָגראַם פון דער קליינבירגערליכער דעמאָקראַטיע פּאַסט זיך ניט, לויט קאַרל מאַרקס'ן, פאַר אַ רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי: דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם באַדייט די „רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט". אַף פּראָסט אידיש הייסט דאָס אַז אַ חוץ די אַרבייטער וועט קיין אַנדער קלאַס קיין דעה ניט האָבען. עס איז געווען אַ צייט, נאָך גאָר ניט לאַנג צוריק, ווען אין פילע לענדער האָבען די אַרבייטער קיין וואוט ניט געהאַט, און די פאַרמערס, די סוחרים, די געלערענטע, די קאַפּיטאַליסטען האָבען געהאַט דאָס שטימרעכט אונטער דער רעוואָלוציאָנערער דיקטאַטור וועלען נאָר פּראָלעטאַריער האָבען אַ וואוט, יעדערער וואָס איז ניט קיין פּראָלעטאַריער וועט קיין וואוט ניט האָבען. דאָס מעג זיך זיין סאָציאַליסטיש, אָבער דאָס איז געוויס ניט דעמאָקראַטיש. קיין ווידערשפּרוך איז דאָ ניטאָ: דער סאָציאַליזם איז גאָר ניט דוקא דעמאָקראַטיש. די פּאַרצייטיקע קאָמוניסטען, די ערסטע אוטאָפּיסטען זיינען געווען געגנער פון דעמאָקראַטיע.

עס שטעלט זיך דאָ אָבער אַן אַנדער קשיא. עס הייסט דאָך עס וועט זיין אַ רעוואָלוציע, מען וועט אַלע פּראָדוקציאָנס־מיטלען אָוועקנעמען פון פּריוואַט־אייגענטימער פאַר דעם כלל — נו, טו וועלען דאָך אַלע ווערען גלייכע פּראָלעטאַריער? אַלזאָ דאַרפען דאָך אַלע האָבען אַ גלייכען וואוט. וואָס זשע בעדייט די „רעוואָלוציאָנערע דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט"? עס קען האָבען נאָר איין זין: מען געטרויט ניט די געוועזענע קאַפּיטאַליסטען, סוחרים און נאָך אַזעלכע, און מען לאָזט זיי ניט וואוטען. ערגעץ אַ נעשאַנאַל עקזעקוטיוו קאָמיטעט ערוועהלט אַ דיקטאַטאָר, און ער נאַזנאַטשעט שוין אַלע בעאַמטע.

מיר האָבען דאָ אַנגענומען, אַז דער סאָציאַליזם ווערט איינגעפירט דורך אַ „סאָציאַלע רעוואָלוציאָן", אַז יעדער פּריוואַט־אייגענטום אַף פּראָדוקציאָנס מיטלען ווערט אָפּגעשאַפט און עס ווערט אַלץ

איבערגענעבען צו דער רעוואָלוציאָנערער דיקטאַטור פון'ם „פּראָלע־טאריאט“. אָבער אפילו אזאַ אָרטאָדאָקסישער מארקסיסט ווי קאוטסקי זאָגט, אז דער סאָציאַליזם קען איינגעפירט ווערען נאָר דאָרטען, וואו די גאנצע אינדוסטרי געפינט זיך שוין אין ווייניגע הענט. ניט אלע אינדוסטריען זיינען אָבער גלייך. אלזאָ קען מען ערוואַרטען, אז איין אינדוסטרי וועט איבערגעהן אין די קאָנטראָל פון דעם כלל פריהער פאר דער אנדערער, דאָס הייסט, אז א געוויסע צייט וועלען נאָך עקזיסטירען לעבען אנאנדער אזעלכע געשעפטען וואָס באלאנגען צום כלל און אזעלכע וואָס באַ־לאנגען צו פּריוואט פּערזאָנען. די „רעוואָלוציאנערע דיקטאַטור פון פּראָלעטאריאט“ קען אזאַ באדייטען, אז אלע באלעבאטים פון אזעלכע געשעפטען, אלע פּארמיערס, אלע סוחרים, אלע וואָס זיינען ניט קיין פּראָלעטאריער, וועלען קיין רעכט ניט האָבען צו שטימען.

מיר זעהען אלזאָ, אז דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם איז ניט דעמאָקראטיש.

מילא, דאָס זיינען טעאָריעס, אָבער מיר האָבען א גרויסע גע־שיכטליכע ערפארונג, פון וועלכער מיר מעגען לערנען ווי עס פירט זיך אונטער א סאָציאַליסטישער רעגירונג. די סאָציאַליסטישע באַ־וועגונג איז שוין היינט גאָר ניט אזוי יונג. עס איז שוין באלד הונ־דערט יאָר זינט ראָבערט אָווען האָט געגרינדעט זיין קאָלאָניע אין אמעריקע. די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראטיע איז שוין פופציק יאָר אלט, און זאָגאר דאָ אין אמעריקע איז שוין די סאָציאַליסטישע פּארטיי באוועגונג מיער ווי פינף און צוואנציק יאָר אלט. וואָס באַ־ווייזט די געשיכטע?

ערסטענס, אז סאָציאַליסטען זיינען אויך מענטשען ווי אלע אנ־דערע, ניט ערגער, אבער אויך ניט בעסער. צווייטענס, איז אין יע־דער סאָציאַליסטישער קאָלאָניע באלד אופגעקומען א הערשענדע קליקע, וועלכע האָט געזוכט איינצוהאלטען זיך אין דער פּארוואלטונג און האָט באנוצט דיזעלבע מעטאָדען ווי אלע דעספּאָטישע רעגירונ־גען. אזוי איז געווען אפילו דעמאָלט, ווען די קאָלאָניע האָט געהאט גענוג מיטלען צו מאכען גאָלדענע געשעפטען. אף די קאפּיטאליס־טישע געזעלשאפט קען מען אלזאָ ניט ווארפען דעם בלבול.

דריטענס, האָבען די סאָציאַליסטישע פּארטייען דאָ אין אמע־

ריקע שטענדיק געהאט א דעספאָטישע רעגירונג פאר זייערע אייגענע מיטגלידער. די ס. ל. פּ. איז אין דעם פרט ניט געווען בעסער פון טע־טעמעני האָל. די סאָציאַליסטישע פּארטיי איז היינט פונקט אזוי דעספּאָטיש, פונקט אזוי אונאנשטענדיק און פונקט אזוי אונטאָלע־ראנט.

אָלזאָ, איך קוק אף דעם פארהעלטניס פון סאָציאַליזם צו פרייהייט עטוואָס פעסימיסטיש. ערסטענס, גיט דער סאָציאַליזם אן אונגעהויערע מאכט אין די הענד פון דעם „פערוואלטונגסראַט" (די „רעגירונג" וועט דאָך אָפּגעשאַפט ווערען). צווייטענס, איז דאָס „געוואָהנהייטס־רעכט" וואָס ענטוויקעלט זיך אין דער סאָציאַליס־טישער פארטיי ניט גינציק פאר פרייהייט. איך זעה ניט אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט קיין עקאָנאָמישע קראַפט וואָס דער פרייהייטסגייסט זאָל זיך קענען אף איר שטיצען. פון דעם אידע־אַליסטישען שטאַנדפונקט איז די פארברייטונג פון דער אידעע פון פרייהייט אליין א סאָציאַלע קראַפט. איך קען זיך אבער ניט טרויס־טען מיט דער אידעאַליסטישער פילאָסאָפיע: די ענטוויקעלונג פון סאָציאַליזם האָט געבראַכט א רעאַקציע געגען דעם ליבעראַליזם; דאָס הייסט, ווען די עקאָנאָמישע איינאָרדנונג פון דער געזעלשאַפט איז ניט גינציק פאר פרייהייט, פארברייט זיך אין דער געזעלשאַפט א געזינונג וואָס איז פיינדליך צו פרייהייט.

זיבען-און-צוואנציקסטער קאפיטעל:

# די פאליטישע רעפארם־באוועגונג איי אמעריקע.

## 1.

### דער אמעריקאנער פארטיי־סיסטעם.

עס איז א טעות צו דענקען, אז אלע געגנער פון סאציאליזם זיי־נען אויסבייטער אדער גלאט לומפען. די סאמע רעוואלוציאנערע סאציאליסטען באהויפטען היינט ניט, אז משיח וועט קומען ביי דער נעקסטער פרעזידענטשעל עלעקשאן. אלזא, קלערט זיך ביי זיך א טרעיד־יוניאניסטישער פירער, איז דאס נאך דערווייל אן אקא־דעמישע פראגע, ווי דער טייטש זאגט, וואס האט גאר ניט צו טאן מיט דעם היינטיקען קאמפף פון די ארבייטער פאר זייערע רעכטע געגען די קאפיטאליסטען. און ווען אזא טרעיד־יוניאניסטישער פי־רער, וואס איז נאך ניט קיין סאציאליסט, נעמט זיך די צייט צו בא־טראכטען די סאציאליסטישע פלאטפארמע, זעהט ער, אז די סאציא־ליסטען ווילען, דער שטאט זאל איבערנעמען אלע געשעפטען און עס שטעלט זיך ביי עם באלד די פראגע: דאס הייסט אלצדינג זאל איבערגעגעבען ווערען אין די הענט פון די פאליטישענס און עס איז ביי עם א ספק, צי עס וועט גאר זיין בעסער.

דעם ארגומענט, אז סאציאליזם מוז דא אין אמעריקע נאך גרע־סער מאכען די מאכט פון די פאליטישענס און אז מ'קען אזא קא־רופטען קלאס ניט אנפערטרויען דעם גאנצען געשעפט פון דער גע־זעלשאפט, איז אן ערנסטער ארגומענט, און מען קען עס ניט אזוי גלאט אוועקמאכען מיט דער האנט. עס זיינען פאראן נאאיווע מענ־טשען. — ווי צום ביישפיל, די רוסישע סאציאליסטען אין דער צייט פון דער רעוואלוציע, וואס מיינען, אז א „דעמאקראטישע רע־פובליק" איז א סגולה געגען דעספאטיזם. דא אין אמעריקע ווייי־סען מיר, אז די דעמאקראטישע רעפובליק האט דערווייל געבראכט נאר א קאפיטאליסטישע רעגירונג, אז דער קאפיטאליסטישער קלאס, איז דא א הערשענדער קלאס.

ווי אזוי קומט עס? די קאפיטאליסטען זיינען על פי קאנסטיטושאָן קיין גרעסערע בעלי דעות ניט, איידער די ארבייטער; ווי אזוי זשע קענען די קאפיטאליסטען זיין נאָך א הערשענדער קלאַס, ווען דער געזעץ אנערקענט זיי גאָר פאר קיין בעזונדערען קלאַס ניט? איר וועט מיר זאָגען, ווייל די ארבייטער זיינען ניט קלאַסענבעוואוסט און וואוטען פאר דעם קאפיטאליסטישען קלאַס. לאָמיר דאָס פארטייטשען אַף פּראָסט־מאַמע לשון: דאָס הייסט, די ארבייטער וואוטען פאר די קאפיטאליסטישע רעגירונג, ניט וויסענדיק, אז זי פארטרעט, גאָר דעם קאפיטאליסטישען קלאַס. ווי אזוי ווערט דער קונץ געמאַכט? גאָר איינפאַך, דורך די פּאָליטישע פארטייען. אה'ן פאַפּיר האָט יעדער בירגער דאָס רעכט צו וואוטען פאר ווען ער וויל און קען אליין אויך לויפען פאר יעדען אמט. אין דער אמת'ען אָבער קענט איר וואוטען נאָר פאר אזעלכע קאנדידאטען וועלכע די פּאָליטישענס האָבען פאר אייך באזאָרגט. דער פּאָלק, די וואוטערס, האָבען נאָר דאָס רעכט, אויסצוקלייבען איינעם פון די קאנדידאטען, וואָס די פּאָליטישענס האָבען אופגעשטעלט. און מיט דער פּלאַטפּאָרמע איז אויך די אייגענע זאַך; די פּאָליטישענס מאַכען די פּלאַטפּאָרמע, צי זי געפעלט אייך, צי ניט, מוזט איר זי אָנעמען, אָדער איר מעגט זיך זיצען אין דער היים. די פּאָליטישענס זיינען אלזאָ דער אמת'ער הערשענדער קלאַס. דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס הערשט נאָר דורך די פּאָליטישענס. די אָרגאַניזאַציע, דורך וועלכער דאָס ווערט געמאַכט, איז די פּאָליטישע פּארטיי.

ווען די אמעריקאנער רעפּובליק איז געגרינדעט געוואָרען, האָט דער געזעץ ניט אנערקענט קיין פּאָליטישע פּארטייען. צו יענער צייט איז נאָך גאַנץ אמעריקע באַשטאַנען פון דערפער און קליינע שטעטלאַך. די דעמאָקראַטישע קאָנסטיטוציעס און געזעצע זיינען געווען צוגעפּאַסט צו אַ געזעלשאַפט פון פּארמערס, מייסטערס בעלי־מלאכות און קליינע סוחרים, וואו יעדער איינער האָט זיך געארבייט פאר זיך און איז מיט דעם אנדערען געקומען זעהר וויניק אין בארירונג. דער פּרינציפּ פון יענער צייט איז געווען: וואָס ווייניקער רעגירט איז בעסער. די וואוטערס פּלעגען קומען אַף אַ סחאָדקע און דאָרטען פּלעגען אלע קהל'שע געשעפטען באזאָרגט ווערען. ווען עס זיינען אויסגעוואַקסען גרויסע שטעט, איז אזא אָרדנונג געוואָרען אונמעגלאַך, די מאַיאָריטעט פון די בירגער האָט זיך

זעהר וויניק אינטערעסירט מיט פּאָליטיק און האָט איבערגעלאָזען די קאָפּדרעהענעס צו יענע, וועלכע האָבען דערפון געהאַט הנאה. „פּאָליטיקס“ איז מיט דער צייט געוואָרען א באזונדער געשעפט, ווי שניידערײַ, און די פּאָליטישענס האָבען פארשטאַנען, ווי אזוי דערפון צו מאכען א היבשען לעבען. אלע שטעלען, אלע פּאָדריאַדען און קאָנצעסיעס אויף אייזענבאַנען און דערגלייכען הייגגען אָפּ פון זייער לאַסקע. צו פארזיכערען זייער הערשאַפט האָבען זיי אזוי צוגעשניטען דעם געזעץ, אז די גאַנצע מאַשינערײַ פון די וואַלען איז ארייגגעפאַלען אין זייערע הענט. די אָרגאַניזאַציע פון יעדער פּאַרטײַ איז א סאַמאָדערזשאַווגע מאָנאַרכיע. אין יעדער שטאָט איז פאַראַן א קיסר, וואָס קיינער האָט עם ניט ערוועהלט, נאָר אלע פּאָלגען עם. דאָס איז דער שטאָט־באָס. אין עטלאַכע סטעיטס זיינען שוין פאַראַן סטעיט־באָסעס, און די ס. ל. פּ. האָט זיך אין דעליאָן׳ס צייטען ארופגעארבייט אויף א באָס איבער גאַנץ אַמעריקע. יעדער באָס האָט אונטער זיך א סך באָסאַלאַך. אויף׳ן פּאַפּיר איז אלץ דעמאָקראַטיש, דעלעגאַטען ווערען ערוועהלט פון דער מאַיאָריטעט פון די פּאַרטײַ מעמבערס, פּלאַטפּאָרמעס ווערען אָנגענומען פון פּאַרטײַ־קאָנווענשאָנס; אָבער דאָס איז נאָר א פּוסטע קאָמעדיע; אלץ ווערט באַשטימט אין פאָראויס דורך דעם פּאַרטײַ־קיסר מיט זיינע מיניסטאָרען, און די פּאַרטײַ קאָנווענשאָנס זאָגען נאָר באָס. א פּאָליטישע פּאַרטײַ איז ניט א פאַרבאַנד פון גלייכדענקענדע מענטשען צוליב א געוויסען פּרינציפּ; א פּאַרטײַ איז איינפאַך א חברה מענטשען צו פאַרזאָרגען אירע חברה־לייט מיט פּאָליטישע שטעלען (דזשאַבס). די פּלאַטפּאָרמע איז נאָר א מיטעל צו כאַפּען וואָוטס. א טרייער מיטגליד פון דער פּאַרטײַ מוז אונטערשטיצען די פּלאַטפּאָרמע און די קאַנדידאַטען פון דער פּאַרטײַ, ער מעג זיך אליין איבערצייגט זיין, אז זיי טויגען ניט. דאָס רופט מען פּאַרטײַ־דיסציפּלין. ברייען, וועלכער איז אין 1904 געווען אי געגען דעם דעמאָקראַטישען קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט, אי געגען די דעמאָקראַטישע פּלאַטפּאָרמע איז פונדעסטוועגען ניט ארויס פון דער פּאַרטײַ. עקס־פּרעזידענט קליוולענד אבער, וועלכער איז געווען געגען זילבער און געגען דעם זילבער־דעמאָקראַטישען קאַנדידאַט ברייענען און האָט דערפאַר געשטימט פאַר א גאָלד־דעמאָקראַטישען קאַנדידאַט אין 1896 איז באַטראַכט געוואָרען אלס פאַררעטער.

פאר א חברה, וואס זוכט צו מאכען געלט פון פאליטיק, איז אזא ארגאניזאציע אויסגעצייכענט: מ׳ קען ניט פארהאנדלען אף א מאסמיטינג די פראגע, וויפיל כאבאר זאל טעמעני קריגען פון די מיליאנערען, וואס מעלקען די שטאט־בהמה. טעמעני האל אדער די רעפאבליקאנישע מאשין אין פילאדעלפיע, איז „א קעמפפענדע ארגאניזאציאן“ און קען ניט אויסקומען אן א וואיענער דיסציפלין. די מאיאריטעט פון די פאליטישענס, פארשטעהען דאס גאנץ גוט, זיי זיינען קלאסען־באוווסט.

דער וואוטער, וועלכער איז ניט קיין פאליטישען, נאר איז אן איבערציינגטער דעמאקראט, אדער רעפאבליקאנער, האט דאס רעכט אריינצוטרעטען אין די פארטיי און זוכען זי צו „רעפארמירען פון אינוועניק“. ווען אבער איר זייט א „קיקער“ („א טומעלמאכער“, אף רוסיש „סמוטיאן“), טו וועט מען אייך באלד געבען קאפוליער אנ־צוהערענס, אז מ׳ פרעגט ביי אייך קיין עצות ניט. עס זיינען פאראן איןביידע אלטע פארטייען א קליינע צאל ערלאכע לייט, זיי ווייסען נאטירלאך וואס פאר א קארופציאן עס הערשט אין זייער פארטיי, אבער זיי מיינען, אז זייער פארטיי איז די איינציקע פארטרע־טערען פון די פאלקס־אינטערעסען, און דערפאר מוז מען אויסמיי־דען יעדע קריטיק, וואס קען אפשוואכען די פארטיי.

אזוי איז פון דער אמעריקאנער דעמאקראטיע איבערגעבליבען נאר דער נאמען; די פארצייטיקע דעמאקראטיע האט זיך אויסגע־וויזען גאר ניט צוגעפאסט צו א וועלט מיט אייזענבאנען מיט גרויסע פאבריקעס, מיט קארפארעישאנס, מיט טראסטס. עס ווערען אפגע־האלטען וואלען, „דאס פאלק“ איז די רעגירונג, דער ווילען פון פאלק איז דער איינציקער געזעץ, דאס איז אבער אלץ נאר גערעדט זיך אזוי, אין דער אמת׳ן שפילט דאס פאלק פונקט אזא ראליע איז דער רעגירונג, ווי „דאס פאלק“ אף דער סצענע אין טעאטער. די אמת׳ע הערשער אין אמעריקע זיינען די פאליטישע פארטיי־מאַ־שינען. מ׳מוז נאך שאפען א נייע דעמאקראטיע, און דאס ווערט ניט געמאכט אין א טאג און אפילו אין א יאר אויך ניט.

שטעלט זיך פאר, אז די סאציאליסטען האבען ערוועהלט זייער אייגענעם פרעזידענט, א מאיאריטעט אין קאנגרעס און אין אלע געזעצגעבענדע קערפערשאפטען אין די סטעיטס. מ׳ דארף אנ־הויבען צו פירען די געזעלשאפט, ווי וועט מען זיך פירען? וועט

מען אויסמעקען אלע געזעצע, וואס זיינען פאראן און לאזען יעדען בעאמטען טאן, וואס עס וועט עם איינפאלען? וואס קיין איינציקע רעוואלוציע האט ביז היינט אזוי ניט געטאן, איז נאטירלאך ניט קיין מענה, דאס זיינען אלין געוועזן בורזשואזנע רעוואלוציעס. לאמיר אבער א קוק טאן אף די סאציאליסטישע פארטייען, ווי זיי פירען זיך היינט אין זייערע אינערליכע געשעפטען. זיי האבען קוויטינגס אדער ראבערטס „רולס" פאר פארלאמענטארישע ארדנונג, און וואס איז דאס? דאס איז א זאמלונג פון געזעצע, וואס זיינען פאמעלאך אויסגעארבייט געווארען אין דער צייט פון עטלאכע הונדערט יאר, אין דעם ענגלישען פארלאמענט און שפעטער אין דעם אמעריקאנער קאנגרעס. די סאציאליסטישע פארטייען האבען זייערע קאנסטיטוציעס, מיט רעפערענדונס'ס און דערגלייכען. דאס זיינען דאך אלין אזעלכע זאכען, וואס די סאציאליסטען האבען זיי ניט אויסגעטראכט, זיי האבען דאס גע'ירש'ענט פון דער בורזשואזנער געזעלשאפט און עס האט גענומען א צייט לאנג די אלע געזעצע און רעגלאמענטען אויסצוארבייטען. אלזא מעגען מיר אנעמען, אז א סאציאליסטישע רעגירונג וועט אויך, וויניקסטענס פון אנהויב, מוזען זיך שטיצען אף די געזעצע, וואס זיינען שוין פאראן, און דאס איז נאך ניט אלין.

היינט, ווען עס זאל קומען דערצו, אז די סאציאליסטישע פארטיי זאל דארפען נעמען אף זיך די עסקים פון גאנצען לאנד, וועט געגאסע בענסאן מוזען לאזען אין אמט די קלערקס און אנדערע בעאמטע, וואס האבען געדינט אונטער א קאפיטאליסטישען פרעזידענט, ווייל זיי זיינען באקאנט מיט דער רוטין־ארבייט פון דער רעגירונג, און די קאפיטאליסטישע געזעצע וועלען אויך בלייבען אין קראפט א געוויסע צייט. פאליטישענס וועלען אלזא האבען גענוג צייט צוצופאסען זיך צו דער סאציאליסטישער רעגירונג. אגב וועלען א סך פון זיי ווערען וויסענשאפטליך און קלאסען־באוואוסט און רעוואלוציאנער און מ' וועט זיי ארייננעמען בכבוד גדול אין די סאציאליסטישע פארטיי.

ווי די עקאנאמישע ארגאניזאציע פון דער געזעלשאפט ווערט ניט איבערגעמאכט מיט כישוף איבער נאכט, אזוי איז די פאליטישע ארגאניזאציע אויך דער רעזולטאט פון א לאנגזאמער ענטוויקעלונג, פון עוואליוציאן, ווי מ' רופט עס אפ'ן געלערנטען לשון. א ראַ־

דיקאַלע ענדערונג פון די פּאָליטישע איינריכטונגען, איז אַן ארבייט, וואָס קען ניט פארשפּאָרט ווערען דורך א רעוואָלוציאָן. עס קען פּאָר־קומען א שלעגעריי, און אפילו ניט איינע. אָבער מיט ברעכען די ביינער בויט מען ניט איבער אַ געזעלשאפט. א זיעגרייכע רעוואָלו־ציאָן קען אראָפּוואַרפען איין רעגירונג און ארייננזעצען אַנאַנדע־רע. זי קען באזייטיקען פון וועג א קלאַס מענטשען, וואָס שטערט דער פרייער ענטוויקעלונג פון דער געזעלשאפט, אָבער ווען די יסודות פון דעם פּאָלקס־לעבען זיינען ניט דעמאָקראטישע, טו וועט די אָפּשאַפונג פון דער מאָנארכיע ניט ברענגען קיין דעמאקראטיע, ווי מיר זעהען טאקע פון דער אמעריקאנער געשיכטע גופא. עס וועט נעדויערען א לאנגע צייט ביז עס וועט זיך ענטוויקלען פון דער אַלטער אָרדנונג אַן אמת׳ע דעמאָקראטיע.

## 2.

## די סאָציאַליסטישע פּארטייען.

וואָס איז די רפואה געגען פארטיי־אָליגארכיע? די סאָציאַ־ליסטישע פּארטייען רופען צו אונדז צו: שטימט פאר אונדזערע קאנדידאטען, וועלען מיר אייך געבען אַן אמת׳ע דעמאָקראטיע. מיר האָבען אָבער געזעהען, אַז די סאָציאַליסטישע פארטייען ווילען גאָר ניט פארניכטען די פּארטיי־הערשאפט, פּונקט פארקערט, זיי ווילען נאָך שטארקער מאכען די פּארטיי־אָליגארכיע. דער גאנצער אונ־טערשיד איז סוף הכל אין דעריז, וואָס אַנשטאָט דער רעפּובליקאנער אָדער דער דעמאָקראטישער פּארטיי וועט די סאָציאַליסטישע האַל־טען די לייצעס.

מיט וואָס איז דאָס בעסער? די סאָציאַליסטישע פּארטייען פּרעטענדירען אז זיי זיינען דעמאָקראטיש, אינטערנאַציאָנאַל, אז זיי קעמפּפען פאר פרייהייט און גערעכטיגקייט, און זיינען געגען יעדען קאָמפּראָמיס. מיר האָבען אָבער געזעהן, אז אפילו שוין היינט זיינען זיי ניט בעסער פאר די אלטע פּארטייען. ביי דער סאָציאַליסטישער פּארטיי איז די פּארטיי אויך בילכער פאר דעם פּרינציפּ.

ביי דער וואהל אין קאָלאָראדא אין 1904, ווען עס זיינען גע־

שטאנען אף דער וואג אף איין זייט די אינטערעסען פון דעם ארבייטער קלאס און אף דער אנדערער — די אינטערעסען פון דער סאציאליסטישער פארטיי, האבען די סאציאליסטען געזאגט: אויך מיר א דאגה, די מיליטערישע דיקטאטור, די פארניכטינג פון דער קאנסטיטוציע, פון פאליטישער פרייהייט, פון די ארבייטער יוניאנס, אבי אונדזער פארטיי זאל קריגען די פאר טויזענט וואוטס, און ווען די בערג־ארבייטער (די מיינערס) האבען באוויזען, אז זיי שעצען פאליטישע פרייהייט מער איידער די סאציאליסטישע קאנדידאטען, האט מען זיי גערופען פארדעטער. די סאציאליסטישע פאליטישענס האבען מיט זייער קאנדידאט געהאלפען ערוועהלען דעם דיקטאטאר פיבאדי. צוליב די וואוטס פון א פאר טויזענט „ווייסע מיכט“ אין אלאבאמא, האט די סאציאליסטישע פארטיי געמאכט א שווייג ווענען דעם ראסען־האס געגען די נעגער, ווארים די סאציאליסטען אליין זיינען אויך דאגעגען, אז א שווארצער גענאסע זאל מיט זיי זיין זאפאני־בראטא. אונקאמפראמיסליך הייסט קיין קאמפראמיס מיט קיין אנדער פארטיי, א קאמפראמיס מיט דעם אייגענעם פרינציפ איז „אלל רייט“, ווען מ׳ קען דערמיט „קעטשען“ וואוטס.

אין דעם זעלבען יאר 1904 האט מען אין אמסטערדאם געדריקט די הענט פון דעם פארטרעטער פון יאפאנישע סאציאליסטען און אף דעם זעלבען קאנגרעס, האבען די אמעריקאנער דעלעגאטען הילקוויט און שלוטער (פון דער ניו־יארקער פאלקס־צייטונג) געמאכט דעם פארשלאג, דער קאנגרעס זאל זיך ערקלערען דאפיר, מ׳ זאל די „נידעריקע ראסען“ ניט אריינלאזען אין אמעריקע. און דער „ווארקער“, דער פארטיי ארגאן אין דער ענגלישער שפראך, האט געטענה׳ט, אז דאס איז גאר ניט געגען דעם פרינציפ פון אינטערנאציאנאליזם, מחמת עס וועט פאר די יאפאנישע ארבייטער אליין אויך זיין געזינטער, ווען זיי וועלען זיצען אין דער היים. בערגער, האט עס נאך פריהער געזאגט אין זיין „סאשאל־דעמאקראטיק הערלד“. צוליב וואס איז דאס? נאכצוגעבען די רעאקציאנערע שטרעבונגען פון די אמעריקאנער טרעיד־יוניאניסטען, וועלכע אגיטירען, אז מ׳ זאל ניט צולאזען קיין יאפאנישע ארבייטער.

אלזא, געגען די ארגאניזירטע ארבייטער, ווען זיי קעמפפען פאר פרייהייט, אבער ניט מיט דער סאציאליסטישער פארטיי; מיט

די ארגאניזירטע ארבייטער, ווען זיי אגיטירען געגען איינעם פון די גרונד־פרינציפּען פון סאָציאַליזם, נאָר ווען מ׳ קען דערמיט געווינען עטלאַכע וואוטס פאר די סאָציאַליסטישע פארטיי, — דאָס איז די אונקאָמפּראָמיסליכע טאַקטיק! ווען א פארטיי איז שוין פון אָנהויב אָן גרייט צו פארשאַכערען אירע פרינציפּען פאר א פּאָר טויזענט וואוטס, טו וואָס קען מען פון איר ערוואַרטען, ווען זי זאָל אַמאָל ווירקלאַך אריינקריגען די מאכט אין אירע הענט.

די קאפּיטאַליסטישע פארטייען האָבען נאָך לכל הפחות אזוי פיל רעספּעקט פאר דעם וואוטער, אז זיי זיינען גרייט עם אריינצונעמען אין די פארטיי. די סאָציאַליסטישע פארטיי וויל עס אזוי פילרעכט אויך ניט איבערלאָזען: זי באשטימט אליין, צי ער מעג זיין א מעמבער, צי ניט. ווען זי זאָגט, אז ניט, האָט ער גאָר קיין שום דעה ניט איבער די פּלאַטפאָרמע און איבער די קאנדידאטען, ער האָט נאָר די פריווילעגיע צו זיין א שטימפּיה.

פאר די לעצטע פינף־און־צוואנציק יאָר אגיטירען די רעפאָרמערס פאר אזא געזעץ, וואָס זאָל פארזיכערען דעם וואוטער א שטימע איבער די פארטיי־קאנדידאטען און פארטיי־פּלאַטפאָרמעס, אין פילע סטעיטס האָט מען דורכגעפירט א געזעץ, אז יעדער וואוטער, וועלכער וויל שטימען פאר די קאנדידאטען, פון א געוויסע פארטיי, מעג שטימען איבער די וואהל פון פארטיי קאנדידאטען און פארטיי־בעאַמטע. אָבער די סאָציאַליסטישע פארטיי איז אויסגעשפּראָכען געגען די דירעקטע פריימעריס, זי פארגינט ניט דעם וואוטער אפילע ביסעלע אונאבהענגיקייט, וואָס ער האָט פאר זיך אויסגעקעמפּפט ביי די פּאָליטישענס, די אונבאשרענקטע הערשאַפט פון דער פּאָליטישער מאשין — דאָס איז דער פּאָליטישער אידעאַל פון דער סאָציאַליסטישער פארטיי.

אַלזאָ, די סאָציאַליסטישע פארטיי וויל אויך ניט קיין דעמאָקראטיע, זי איז גאנץ צופרידען מיט דער פארטיי־הערשאפט, נאָר זי וויל אליין פארנעמען דעם פּלאַץ פון די היינטיקע הערשענדע פארטייען. מיט וואס־זשע זיינען מיר זיכער, אז א סאָציאַליסטישע פארטיי־מאשין וועט זיך ניט באנוצען מיט איר מאכט פאר די פּערזענליכע אינטערעסען פון אירע מיטגלידער? איר וועט מיר ווייזען אַף איר פּלאַטפאָרמע? אָבער א פּלאַטפאָרמע איז ניט מער ווי דאָס וואָס די פארטיי זאָגט צו; אלע פארטייען זאָגען צו דעם עולם גיל־

דערנע בערג. ביי די סאציאליסטישע פאליטישענס האט די פלאטפארמע פונקט אזא ווערט, ווי ביי די קאפיטאליסטישע. פאר יעדע פאליטישע מאשין איז איהר אייגענער ערפאלג בילכער איידער די פלאטפארמע פון דער פארטיי. די פארטיי איז דער צוועק, די פלאטפארמע איז דער מיטעל. וואס איז די פעולה צו ארבייטען פאר די איניציאטיווע און רעפערענדום, פאר פרויען־שטימרעכט, ווען אנדערע פארטייען וועלען דערפון מאכען פאליטישען קאפיטאל? דעריבער איז גלייכער אויסצוקומען אן די רעפארמען, איידער צו קריגען זיי דורך אנאנדער פארטיי.

מען זאגט, די סאציאליסטישע קאנדידאטען זיינען „פראלעטאריער“, אין דער אמעריקאנער פאליטיק איז דאס גאר ניט אזא זעלטענע מציאה; א סך „פראלעטאריער“ און יוניאן לייט זיינען שוין ערוועהלט געווארען; אבער וויבאלד א פראלעטאריער ווערט ערוועהלט, איז ער שוין אוים פראלעטאריער, ווייל ערסטענס קריגט ער היבשע געהאלט, און צווייטענס פארטראגט זיך די אונקאמפראמיסליכע, רעוואלוציאנערע טאקטיק אויסגעצייכענט מיט בורדעל. מיר וויסען, אז ווי יונג און שוואך די סאציאליסטישע פארטיי איז נאך היינט צוטאג, איז זי שוין באקאנט מיט קארופציאן. דערווײלע איז דאס נאך אן אויסנאם, איך וועל צוגעבען, אז אלע היינטיקע מעמבערס פון ביידע סאציאליסטישע פארטייען זיינען אזוי פרום ווי יוסף און וועלען אימער אנטלויפען פון דעם יצר הרע ווי יוסף איז אנטלאפען פון פוטיפרע׳ס ווייב. זאל אבער די סאציאליסטישע פארטיי ווערען שטארק, וועלען א סך פאליטישענס ווערען קלאסענבאוואוסטע, רעוואלוציאנערע סאציאליסטען און וועלען אריין אין די פארטיי. איר מעגט זיין זיכער, זיי וועלען זיין העכסט ארטאדאקסאל. א פאליטישען, וואס האט קיין איבערצייגונג ניט איז אימער ארטאדאקסאל, וואס לוינט זיך עס צו קריגען זיך וועגען דער הגדה, ווען ער מיינט גאר די קניידלאך?

מען רעדט זיך איין, אז אויב מ׳ וויל סאציאליזם, מוז מען ניט אנדערש האבען א סאציאליסטישע מאשין, אקוראט פערקערט, א סאציאליסטישע פארטיי־מאשין שטערט ווי ווייט זי קען די ענטוויקלונג פון קהל׳שען אייגענטום אף פראדוקציאנס־מיטעל. זאל ערגעץ אופטרעטען א שטארקע פארטיי אדער אן אונאבהענגיקע ארגאניזאציע מיט א מוניציפאל־סאציאליסטישען פראגראם, וועט

די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־מאַשין זוכען מיט אַלע מיטלען, וואָס זיינען נאָר באַקאַנט אין אַמעריקאַנער „פּאָליטיקס“, אָפּצוהאַלטען די וואוטערס פון אונטערשטיצען די באַוועגונג. „סטייטש, איר האָט דאָך דיזעלבע פאָדערונג אין אייער פּלאַטפאָרמע. הייסט דאָס איר אַנערקענט זי פאַר גוט. טו פאַרוואָס־זשע שטערט איר אונדז?“ פרעגען די רעפאָרמערס. „איר טרויט אונדז ניט, אַז מיר מיינען ערנסט? קומט אַריין, מיר וועלען נאָמינירען אייערע אייגענע קאַנדידאַטען, צו וועלכע איר האָט צוטרויען“. דאַכט זיך, רעכט? אָבער, פאַרשטעהט איר, די „פּאַרטיי“ וועט דורך דעם אָפּגעשוואַכט ווערען. עס הייסט, איידער סאָציאַליזם אָן דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, איז ליבער די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אָן סאָציאַליזם.

3.

## דער קאַמפּף פאַר דעמאָקראַטיע.

דער קאַמפּף פאַר דעמאָקראַטיע געגען באָססעריי געהט אָן אַ יאָר פערציק, ער ווערט געפירט אין צוויי ריכטונגען: די קאָנסערוואַטיווע מיינען, אַז אָן אַ פּאַרטיי אָרגאַניזאַציע קען קען ניט אויסקומען, סיי מחמת זי איז טאַקע נויטיק, סיי מחמת די וועלט האַלט נאָך אַז אַ פּאַרטיי איז נויטיק, יעדענפאַלס די פּאַרטיי איז אַ פּאַקט, און זיי זוכען אַזוי צו באַשרענקען איר מאַכט, אַז דער וואוטער זאָל האָבען איבער איר אַ דעה, אין פּליע סטעיטס האָבען זיי דורגעפירט געזעצע, אַז יעדער וואוטער, וואָס באַקענט זיך צו אַ געוויסער פּאַרטיי, מעג זיך באַטייליגען אין דער וואַל פון אָפיציעלע קאָמיטעס און מעג אַליין ערוועהלט ווערען, אַלס מיטגליד. די פּאָליטישענס איז דער פּלאַן זעהר ניט געפעלען. די סאָציאַליסטען זיינען אויך דאגעגען. אַ פּאַרטיי, מיינען זיי איז אַ פּריוויליקער פאַראיין און עס איז אָן אָנגריף אַף דעם פּרינציפּ פון פאַראיינס פרייהייט, ווען דער געזעץ מישט זיך אַריין אין די אינערלאַכע געשעפטען פון אַ פּאַרטיי. דער אַרגומענט איז אָבער פאַלש, אַ פּאָליטישע פּאַרטיי איז ניט קיין פּריוואַט פאַראיין, דער געזעץ גיט איר די פּריווילעגיע אַרופצושטעלען אירע קאַנדידאַטען אַף׳ן

באלאט, וואס א געוועהנטלאכער פעראיין קען ניט טאן, א פאר־טיי שטעלט ארויס א פלאטפארמע און קאנדידאטען, און די וואו־טערס, וואס זיינען אונצופרידען מיט די פארטיי קאנדידאטען, ביי די וואהלען, פארשטעהט זיך, ווען עס געפינען זיך א צאל וואו־טערס, וואס זיינען אונצופרידען מיט די פארטיי קאנדידאטען, מעגען זיי נאמינירען אונאבהענגיקע קאנדידאטען דורך פעטישאנס; אבער, ניט צו ריידען שוין וועגען די שוועריקייטען, וואס דער גע־זעץ שטעלט בכיון אוועק געגען אונאפהענגיקע קאנדידאטען, איז דאס אונטער דעם אמעריקאנער „צוויי פארטיי סיסטעם“ אין גאנצען א קאלטע רפואה. לאמיר זיך אומקערען צוריק צו דער לעצטער וואל פאר פרעזידענט, אין וועלכע די צוויי גרויסע פארטייען זיי־נען געשטאנען איינע געגען די אנדערע מיט פארשידענע פאליטישע פלאטפארמען — דאס איז די וואהל פון 1908*) נו שטעלט זיך פאר איך בין פאר פראטעקציאניזם (פאר א שוץ־צאל געגען אימ־פארטירטע ווארען) אבער צו דערזעלבער צייט געגען אימפעריאליזם זאל איך וואוטען פאר די דעמאקראטען? זיי זיינען אבער גע־גען א פראטעקציאנעם טאריף אף אימפארטירטע ווארען; מוז איך זיך האלטען ביי דער רעפובליקאנער פארטיי. די רעפוב־ליקאנער פארטיי האלט אבער פאר אימפעריאליזם, זאל איך זעהן צו נאמינירען אן אונאבהענגיקען רעפובליקאנער, וועלכער איז אן אנטיאימפעריאליסט? דערמיט וועל איך אפציהען וואוטס פון דעם רעפובליקאנער פארטיי־קאנדידאט און העלפען ערוועהלען א דעמאקראט, וואס וועט זיין די פעולה? ווען אבער איך האב די מעגלאכקייט צו וואוטען פאר די דעלעגאטען צו דער רעפובליקא־נער פארטיי־קאנווענשאן, וועל איך פּראבירען צו ווירקען, אז די רעפובליקאנער פארטיי זאל זיך האלטען ביי פראטעקשאן און זאל לאזען אימפעריאליזם צורוה, עס איז ניט מער, ווי רעכט, אז אלע יענע וואס שטימען פאר דעם רעפובליקאנער טיקעט, זאלען האבען די מעגליכקייט צו זאגען, פאר ווען און פאר וואס זיי ווילען שטימען. דאס זעלבע פאסט נאטירליך אף די סאציאליסטישע פארטיי אויך.

* אין 1912 זיינען געשטאנען אין פעלד דריי גרויסע פאר־טייען, און האיאר (אין 1916) איז קיין אונטערשיד ניטא צווישען די פלאטפארמען פון די דעמאקראטען און די רעפובליקאנער.

אַלזאָ, כל זמן עס זיינען פּאַראַן פּאַרטייען, איז די פּריימערי רעפאָרם אין פּרינציפּ ריכטיק. אין דער פּראַקטיקע אָבער האָט זיך אויסגעוויזען, אַז זי האָט ניט געבראַכט די ישועה אַף וועלכע מען האָט געהאָפט. ערסטענס, מוז מען זיך אָפּען ערקלערען פאַר א דעמאָקראַט, אָדער פאַר א רעפּובליקאַנער, אָדער פאַר א סאָציאַ־ליסט, און דאָס איז געגען דער פּרינציפּ פון דעם געהיימען באַ־לאָט: עס זיינען פאַראַן וואָוטערס, וואָס ווילען ניט מ׳ זאָל וויסען פאַר וואָסער פּאַרטיי זיי שטימען*). צווייטענס, אפילו וואו מען האָט שוין איינגעפירט „אונפּאַרטייאישע" פּריי־מערים מיט א געהיימען באַלאָט, ווייס דער וואָוטער, אַז אַף די פּריימערים קען ער נאַרנישט ניט אויספירען געגען די אָרגאַניזיר־טע פּאַרטיי־מאַשין. די מאַשין האָט שוין אין פאָראויס צוגעגרייט איר „סלעיט", דאָס הייסט איר צעטעל פון קאַנדידאַטען, אַלע מיט־גלידער פון דער אָרגאַניזאַציע, וועלען פאַר זיי שטימען, די זייטיקע וואָוטערס זיינען ניט פאַראייניקט, איינער ווייס פון דער אַנדערען ניט, און ביי די פּריימערים קען מען זיך ניט צונויפריידען, דאָרטען שטימט מען נאָר.

ווען מ׳ וויל אויסקלייבען אייגענע קאַנדידאַטען, וואָס זאָלען זיין אונאָבהענגיק פון דער מאַשין, מוז מען האָבען אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע: דאָס הייסט, מ׳ מוז זיך אַקטיוו אָפּגעבען מיט „פּאָליטיקס" און דאָס רוב וואָוטערס האָבען דערצו קיין צייט ניט און קיין חשק אויך ניט. און אַזוי בלייבט זיך פּאָליטיקס, ווי בע־פאַר, א ביזנעס פאַר די פּאָליטישענס, ניט אַכטענדיק אַף די רע־פאָרמירטע פּריימערים.

די ראַדיקאַלע ריכטונג איז דערפאַר געקומען צו דער איבער־צייגונג, אַז עס העלפט ניט רעפאָרמירען די פּאָליטישע פּאַרטייען, מ׳ דאַרף אָפּשאַפען די הערשאַפט פון פּאָליטישענס אין גאַנצען.

---

*) ביי דער וואַהל פון מעקעגלי אין 1896 האָט מען די אַרבייט־מער געסטראַשעט, אַז ווען זיי וועלען וואָוטען פאַר ברייענען, וועט מען זיי אָפּזאָגען פון דער אַרבייט. נאַטירליך ביי דער וואַל איז אונ־מעגלאַך דעם וואָוט צו קאָנטראָלירען, אָבער ביי אַזעלכע פּריימערים איז דער וואָוטער אין געפאַר.

דער ערסטער שריט אין דער ריכטונג איז געווען די אגיטאַ־ציע פאַר „סיוויל סערוויס רעפאָרם“ (רעפאָרמע פון ציוויל־דינסט, ווי מ׳זאָגט אף דייטש). פריהער פלעגט נאָך יעדער וואַל ביי־טען זיך דער גאַנצער פערכאָנאַל קלערקס און ארבייטער ביי דער רעגירונג. אום איינצוהאַלטען זייערע שטעלען האָבען זיי אגי־טירט פאַר די הערשענדע פּאָליטישע פּאַרטיי. זינט 1883 האָט מען ביסלאַכווייז אָפּגעשאַפט דעם „רויב־סיסטעם“ (ספּאָילז־סיס־טעם), ווי מען רופט עס דאָ. די רעפאָרמע איז באַשטאַנען דערין, אז אַלע קלערקס ביי דער רעגירונג זאָלען אָנ־געשטעלט ווערען מיט אן עקזאַמען און זאָלען ניט קענען אראָפּ־געזעצט ווערען כל זמן זיי טוען ריכטיק זייער ארבייט. דאָס איז זעהר א וויכטיקע זאַך. די מאַכט פון די אַלטע פּאָליטישע פּאַר־טייען באַשטעהט אין דער מחנה פּאָליטישע „הילערס“, וואָס מיינען ניט די הגדה, נאָר די קניידלאַך: זיי גיבען אוועק זייער צייט פאַר די פּאַרטיי, ווייל זיי האָפען צו קריגען א שטעלע ביי דער רעגירונג. נעמט ביי זיי אוועק די „דזשאָבס,“ פאַרלאָזען זיי די פּאַרטיי.

דער ערסטער געזעץ, וועלכער האָט איינגעפירט סיוויל סער־ויס רעפאָרם שטאַמט פון יאָר 1883. דער פּרעזידענט האָט באַקו־מען די מאַכט איינצופירען עקזאַמענס פאַר אַלע עמטער, וואָס ער געפינט פאַר נויטיק, א חוץ פּאָסטמייסטערס און נאָך אַנדערע, אבער קיינער פון זיי האָט זיך ניט באַזונדערס שטאַרק געהיילט, און עס בלייבען נאָך ביז היינט צו טאָג א סך עמטער וואָס ליגען אין די הענט פון די פּאָליטישענס.
אין די סטעיטס און אין די גרויסע שטעט איז נאָך ווייניקער אופגעטאָן געוואָרען. די צאָל בעאמטע אין די פאַראייניקטע שטאַ־טען ביי דער פאָלקסצעהלונג פון 1910 איז געווען נאָהענט פון א האַלבען מיליאָן, חוץ לערערס און לערערינס. ווען סיוויל סערוויס רעפאָרם זאָל ווירקלאַך אָרענטלאַך איינגעפירט ווערען, הייסט דאָס א פּאָר הונדערט טויזענט מענטשען וואָלטען געוואָרען אויס פּאָלי־טישענס.

די פּאָליטישענס זיינען נאָך עד היום געגנער פון „סיוויל סערוויס רעפאָרם“. ווייל עס ווילט זיך זיי האָבען די מיטלען צו פאַרזאָרגען זייערע לייט מיט שטעלען, ווען סע געלינגט זיי ארופצו־

כאַפּען זיך אָף'ןביינקעל, נאַטירלאַך, אַזוי אַפּען רעט מען דאָס ניט ארויס, מ' שטיצט זיך אָף א דעמאָקראַטישען פּרינציפּ; ווען די רעגירונג געהט איבער אין די הענט פון אַן אנדער פּאַרטיי, הייסט דאָס, אז דאָס פאָלק האָט פאַרלאָרען דעם צוטרויען צו דער אַלטער רעגירונג. עס איז אונמעגלאַך צו ערוועהלען אַלע בעאַמטע, וואָרים ס'זיינען פאַראַן אַזא מאַסע, אָבער דאָס פאָלק האָט אנפערטרויט דער נייער פּאַרטיי, זי זאָל אָרגאַניזירען א נייע רעגירונג פון אויבען אַראָפּ, פון דעם פּרעזידענט ביז דעם לעצטען שרייבער'ל. די „סיוויל סערוויס רעפאָרם", זאָגען זיי, זוכט איינצופירען א ביוראָקראַטיע, א בעאַמטען־קלאַס, וואָס איז אונאַבהענגיק פון פאָלק.

מ'קען ניט אפּלייקענען, אז געוויסער־מאַסען איז דאָס ריכטיק. מיר ווייסען וואָס פאַר א מאכל עס איז צו האָבען אַן אָרגאַניזירטען קלאַס טשינאָווניקעס. איין קלייניקייט איז אָבער ארויסגעלאָזען אין דעם ארגומענט, נעמלאַך: אז אונטער דעם היינטיקען סיסטעם זיינען די בעאַמטע אויך אַן אָרגאַניזירטער קלאַס, א פּאַרטיי־מאַשין, איר קענט פון זיי פּטור ווערען נאָר דורך א וואַל, אָבער ערסטענס זיינען זיי אַליין די מאַכערס ביי די וואַלען, און צווייטענס, ווען איר ווערט שוין ברוך השם פּטור פון איין מאַשין, פאַרנעמט איר פּלאַץ אַן אַנדער מאַשין. כל זמן די פּאַרטיי איז אָף'ן פערד און דער בעאַמטער פאָלגט זיין באָס, מעג ער טאָן וואָס ער וויל, און איר מעגט קלאָגען צו דעם רבונו של עולם. אַזוי שלעכט און אַזוי שלעכט, אָבער א בעאַמטער, וואָס האָט ניט קיין פּאָליטישען „פּול" (ס'הייסט קיין „פּראָטעקציע") קען מען מאַכען פעראַנטוואָרטליך פאַר אַנטוואָרטליך, ווערענד היינט האָט איר א גאַנצע מאַשין צו באַקעמפּפען.

דער קלאַס פּאָליטישענס האָט אויך דורכגעמאַכט אַן עקאָנאָמישע עוואָלוציע. פאַרצייטען איז זייער פּרנסה געווען צו רייבען זיך ארום דער קהל'שער פּושקע. באָס טוויד מיט זיין גענג האָט באַגנב'עט די שטאָט ניו־יאָרק אָף אַן ערך הונדערט מיליאָן דאָלאַר. די רעפאָרמערס האָבען געהאַפּט צו ברעכען די מאַכט פון פּאָליטישע קאָרופּציאָן דורך סיוויל סערוויס רעפאָרם. דער קאַמף איז נאָך ווייט ניט געענדיקט, אָבער זיי הויבען שוין היינט אָן איינצוזעהען, אַז מיט דער רעפאָרמע אַליין וועלען זיי ניט פאַרמאָגען אָפּצושאַפען דעם קלאַס פּאָליטישענס. היינט־צו־טאָג האָט זיך אין אַמעריקע ענטוויקעלט אַן עקאָנאָמישע מאַכט, וואָס איז שטאַרקער פאַר דער

רעגירונג, ווייל זי האלט די רעגירונג אין אירע הענט, דאָס זיינען די גרויסע קאָרפּאָרעישאָנס. אמאָל פלעגט דער קאַפּיטאליסט זוכען צו באגראָבען זיין קאָנקורענט דערמיט, וואָס ער פלעגט פארקויפען וואָס ביליקער, זיין פּראָפיט פלעגט ער מאכען פון זיינע ארבייטער. היינט איז קאָנקורענץ שוין אויס מאָדע, דער קאַפּיטאליסט זוכט היינט א מאָנאָפּאָליע, ער זאָל קענען בארייסען דעם גאנצען פּובליקום. די וויכטיקסטע מאָנאָפּאָליעס זיינען אייזענבאנען און שטאָט־מאָנאָפּאָליעס, ווי גאז, וואסער און דערגלייכען. זיי הייגנען אלע אָפּ פון דער רעגירונג, די מאָנאָפּאָליסטען האָבען אלזא א גרויסען אינטערעס אין דער פּאָליטיק און זשאלעווען קיין געלט ניט אף אפּצוקויפען די פּאָליטישענס. זיי דארפען די פּאָליטישענס פאר זייער ביזנעס, און ווען עס זאָל קומען דערצו, אז די פּאָליטישענס זאָלען בלייבען אָן א קנעלונג, וועלען די קאָרפּאָרעישאנס זיי מוזען אופהאלטען אף זייערע אייגענע הוצאות. וואו עס געהט אום הונדערטער מיליאָנען, קענען די מאָנאָפּאָליסטען באַשטעהן אויסצוגעבען א פּאָר צענדליק מיליאָנען אף אויפצוהאלטען א פּאָליטישע מאַשין. געגען דעם זוכט מען צו ווירקען מיט צוויי מיטלען: ערסטענס, דורך קהל׳שען אייגענטום אף אלע מאָנאָפּאָליעס, און צווייטענס, דורך דעם רעפערענדום.

דער קהל׳שער אייגענטום אליין אָן א שטרענגען געזעץ בנוגע צו סיוויל סערוויס איז אַן עכטע שמאלץ־גרוב פאר די פּאָליטישענס. שטעלט זיך נאָר פאָר וויפיל פּאָליטישע דזשאָבס עס וואלט זיי אריינברענגען. קיין וואונדער וואָס א סך פון זיי האלטען שוין היינט פאר דעם מוניציפּאלען סאָציאליזם, פון דעסטוועגען איז דאָס א וויכטיקער שריט פאָרווערטס.

וואָס איז שייך דעם רעפערענדום, איז ער א בייטש אף די קאָרופּטע פּאָליטישענס, וואָרים קיינער פון זיי איז דאַן ניט זיכער מיט א געזעץ לטובת זיין קליקע קאַפּיטאליסטען, ווען ער איז שוין אפילו אָנגענומען געוואָרען, — די וואוטערס מעגען צו יעדער צייט אָפּשאפען דעם געזעץ דורך א רעפערענדום.

דער פּאָליטישער שאכער מיט פּרינציפּען אין אמעריקע האָט געבראכט דערצו, אז עס זיינען פאראן היינט צו טאָג מיליאָנען וואוטערס, וואָס האָבען פארלאָרען דעם צוטרויען צו אלע פּאָליטישענס פון אלע פּארטייען. ביי די וואלען שטימען זיי פאר קאנ־

דידאטען פון פארשידענע פארטייען, גאָר ניט קוקענדיג אף די פארטיי־עטיקעטקע. די נייע שטרעמונג צווישען די וואוטערס האָט זיך אויסגעדריקט אין דער רעפאָרם־געזעצגעבונג, וואָס זוכט אָפּ־צושאפען אין גאנצען אלע פארטיי־נעמען אף די אָפיציעלע באלאָטס.

נאטירליך, אלע פּאָליטישענס, די קאפּיטאליסטישע, ווי אויך די סאָציאליסטישע, זיינען דאגעגען, וואָרים די רעפאָרמע איז א סכנה פאר מאשין־פּאָליטיק.

איך האָב דאָ אויסגערעכענט נאָר די וויכטיקסטע פּאָליטישע רעפאָרמען, וואָס האָבען דעם צוועק אָפּצושאפען די פארטיר הערשאפט. היינט איז די קשיא: ווי שאפט מען אָפּ די פּאר־טייען אָן אן אייגענע פּאָליטישע פּארטיי, און וואָס וועט מען אוּפשטעלען אף דעם פּלאץ פון די פּאָליטישע פארטייען? די געשיכטע פון די לעצטע דרייסיק יאָר וויזט, אז מ'קען אויס־פירען וואָס מ' וויל אָן א באזאָנדערע פּאָליטישער פּארטיי. דורך אן אונפּארטייאישען פּאראיין. דער געהיימער באלאָט איז איינ־געפירט געוואָרען דורך די אגיטאציע פון די „נייטס אָף לייר באָר"*).

שפּעטער זיינען צו זיי צוגעשטאנען אנדערע אָרגאניזאציעס. די דעמאָקראטען און די רעפּובליקאנער האָבען זיך געזעהען גע־צוואונגען איינצופירען די פאָדערונג. אזוי איז געוועזען מיט די סיוויל סערוויס רעפאָרם, און אויך מיט דעם רעפערענדום: עס האָבען זיך פאר יעדען צוועק געגרינדעט באזאָנדערע פאראיינען, וואָס זייערע מיטגלידער באלאנגען צו אלערליי פּאָליטישע פאר־איינען, נאָר זייענען אין דעם איין פּונקט איינפערשטאנען. אזא פאראיין קען האָבען א גרעסערען איינפלוס איידער א קליינע פּארטיי, ווייל די פּאָליטישענס פון אלע פּארטייען זוכען זיין אונ־טערשטיצונג. אין א פּאָליטישער פּארטיי איז די פּארטיי בילי־

*) די נייטס אָף ליבאָר (ריטער פון דער ארבייט) זיינען געוועזען א געהיימער ארבייטער פּארבאנד, נאָך דעם מוסטער פון די אמע־ריקאנער אָרדענס, „נייטס אָף קאָלאָמבאָס" א. אז. וו. ער איז גע־גרינדעט געוואָרען אין 1869 און האָט געבליט אין די אכציקער יאָרען. אין אָנפאנג נייינציקער יאָרען איז ער צופאלען געוואָרען. ער איז גע־וועזען געבויט אף דעם אינדוסטריאליסטישען פּרינציפּ.

כער פאר דעם פּרינציפּ. אין אזא פאראיין איז ניטאָ קיין אנ־
דער אינטערעס, א חוץ דעם פּרינציפּ, פאר וועלכען זי איז אר־
גאַניזירט, דער פאראיין שטעלט ניט אוף קיין אייגענע קאנדידאטען.
ער זוכט צו בעאיינפלוסען די קאנדידאטען פון יעדער פּארטיי.
באַסיזם איז אין אזאַ פאראיין אויך מעגליך, נאָר ער האָט ניט
די מאכט, וואָס ער האָט אין א פּארטיי. ער מוז איינשליסען מיט־
גלידער פון אלע פּארטייען און אזעלכע וואָס געהערען צו קיינע
פּארטייען. אזאַ פאראיין האָט קיין געלעגענהייט ניט צו אונטער־
דריקען די מיינונגס־פרייהייט פון זיינע מיטגלידער, ווייל ער עק־
זיסטירט נאָר פאר איין ספּעציעלען צוועק, מיט וועלכען אלע זיי־
נען איינפארשטאַנען. אויסערהאלב פון דיזען ספּעציעלען צוועק
טוט יעדער פון זיי וואָס ער וויל און דער פאראיין האָט איבער
זיינע האנדלונגען גאָר ניט וואָס צו זאָגען. סאָלדאטסקע דיסציפּ־
לין האָט קיין פּלאַץ ניט אין אזאַ אָרגאַניזאַציע. איר פונדאמענט
איז פרייהייט.

אכט-און-צוואנציקסטער קאַפּיטעל:

# א בליק אין די צוקונפט.

דער פונדאַמענט פון דעם אָרטאָדאָקסאַלען סאָציאַליזם איז דער גלויבען אין א „סאָציאַלע רעוואָלוציאָן“.

ווערליג די אָרטאָדאָקסישע סאָציאַליסטען שטעלען זיך פאָר די איינפירונג פון סאָציאַליזם אין אמעריקע, וועט די מאַכט פון קאפּיטאַל האלטען אין איין וואַקסען אונגעשטערט, צו דערזעלבער צייט וועט וואַקסען די צאָל סאָציאַליסטישע וואוטס, ביז וואַנען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי וועט ערוועהלען א מאַיאָריטעט פון דעם קאָנגרעס, א סאָציאַליסטישען פּרעזידענט, און אויך סאָציאַליסטישע לעדזשיסלעיטשורס און גאָווערנאָרס אין אַלע סטעיטס. דעמאָלט וועלען דער קאָנגרעס און אַלע סטעיטס לעדזשיסלעיטשורס מיט אמאָל אָננעמען א ביל, אז דער קאפּיטאַליזם ווערט אָפּגעשאַפט און אַלע פּראָדוקציאָנס-מיטלען ווערען „עקספּראָפּריאירט“ פון די קאפּי־טאַליסטען און געהן איבער תיכף ומיד צו דעם ארבייטער קלאַס. די רעוואָלוציאָן קען זיך אפילו זיין א גאנץ פרידליכע, ווען די קאַ־פּיטאַליסטען וועלען זיך אָפּטראָגען מיט גוטען. אויב די קאַפּיטאַ־ליסטען וועלען זיך שטעלען אַמפּערן וועלען זיי דאָך זיין די בונ־טאָוושציקעס! דעמאָלט וועט דער סאָציאַליסטישער פּרעזידענט געגען זיי ארויסשיקען מיליטער, און אים נאָמען פון די „סטאַרס ענד סטרייפּס“ וועלען מיר זיי אוסמיראַיען.

אמת, די רעוויזיאָניסטען פון בערגער׳ס חדר מיינען, אַז דער־ווייל, פאַר „דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן“, דאַרף מען דאָך פּאָרט עסען און קליידען זיך, און צאָלען דירה־געלד, איז גוט אויב מען קען אין דערין עפּעס וואָס דערלייכטערען דעם ארבייטער. אָבער זיי זיינען אויך מיט דער מיינונג, אז דאָס לאָזט זיך אַליין טאָן ביז א געוויסען גרענעץ, און עס מוז קומען א צייט, ווען עס וועט גאָר־נישט ניט בלייבען חוץ מאַכען „די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן“. דער עיקר פון דער רעוואָלוציאָן איז ניט דער בלוט־פאַרגיסען, דער עיקר איז, וואָס מ׳שטעלט זיך פאָר, אז ביז ערב רעוואָלוציאָן וועט אַליין

זיין קאפּיטאַליזם, דאַן וועט מען אַפּראַוונען אַ רעוואָלוציאָנערען כל נדרי, דער קאַפּיטאַליזם וועט אויסגעמעקט ווערען און עס וועט זיך אָנהייבען אַ סאָציאַליסטישער גוט־יאָר אַף אייביקע צייטען. די וועלט וועט לעבען ווי אין אַ גן עדן, אַלע וועלען זיין ווי ברידער. אַלע קלאַסען וועלען אָפּגעשאַפט ווערען, עס וועט ניט זיין, קיין באַסעס, קיין פירער, יעדערער וועט זיין איבער זיך אַליין אַ בעל־הבית. אַלע וועלען געניסען פאָלקאָמענע פרייהייט, אחוץ, ווען עס וועט אַמאָל נוטיק זיין צו באַשריינקען די פרייהייט פון דעם יחיד לטובת הכלל. ווי באַלד אָבער עס וועט ניט זיין קיין קלאַסען און אַלע וועלען זיין גוט פאַרזאָרגט און געבילדעט, וועלען די באַשרענקונגען פון דער פרייהייט אימער זיין פאַראייניקט און אַלע וועלען מיט זיי זיין איינשטימיק איינפאַרשטאַנען. נאַטירליך, פאַרזיכערען, אַז עס זאָל קיינמאָל ניט ארויסקומען קיין מיינונגס פאַרשידענהייט קען מען ניט, מאַלע וואָס קען פאָרקומען, וואָס אַ וויסענשאַפטליכער מענטש קען זיך היינט אין פאָראויס ניט פאָרשטעלען? אָבער אין אַזעלכע פעלע וועט מען שוין דורכקומען, ווי צווישען לייטען, די מאַיאָריטעט וועט ענטשיידען, די מינאָריטעט וועט אין גוי־טען מוט אָנעמען די ענטשיידונג פון דער מאַיאָריטעט, ווייל היינט וועלען חצקל און מאָדרעס זיין די מאַיאָריטעט און בערעל די מינאָריטעט; מאָרגען וועט אויסקומען, אַז חצקל און בעי־רעל וועלען זיין די מאַיאָריטעט און איבערמאָרגען וועט גאָר בערעל מיט מאָדרעסען זיין אין דער מאַיאָריטעט, און חצקל די מינאָ־ריטעט; קורץ, אַלע וועלען זיין צופרידען, עס וועט זיין אַ לעבען ווי אַ לעקאַך לעולם ועד.

נאַטירלאַך, מ׳ איז וויסענשאַפטלאַך גענוג צו פאַרשטעהן, אַז אין איין טאָג וועט דאָס אַלץ ניט קענען אויפגעטאָן ווערען.

די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון דער סאָציאַליסטישער פּאַר־טיי וועט האָבען אַסך ארבייט דאָס אַלץ איינצוריכטען ווי געהע־ריק, אַ שפּאַס, מיינט איר, איז איבערצוקערען די קאַפּיטאַליסטי־שע וועלט קאַפּויר, און אויפּבויען אַ נייע וועלט? ווען עס זאָל אפילע נעמען צען יאָר, אָדער גאַנצע פינף־און צוואַנציק, טו וואָס מאַכט דאָס אויס אין דער מענטשליכער געשיכטע?

דער וויסענשאַפטליכער סאָציאַליסט גלויבט נאַטירלאַך, אין

דער ענטוויקלונג פון דער געזעלשאפט: א הינדעלע ענטוויקעלט זיך אין דעם איי ביז דער צייט, דאן גיט זי א קלאפּ מיט'ן פּיסק, די שאַלאַכץ פּלאצט מיט אַמאָל און עס קומט ארויס א נייע באַשעפענעס, דאָס איז עוואָלוציע און רעוואָלוציע. איך האַלט דיזע טעאָריע פאר העכסט אונוויסענשאַפטלאך, איך האָב געוויזען אז עס איז ניטאַ קיין פּלוצלאכער איבערגאנג פון קאפּיטאליזם צום סאָציאַליזם. דער סאָציאַליזם ענטוויקעלט זיך שוין בעת דער קאפּיטאַליסטישער צייט; שטאַטס אייזענבאַנען, שטאַטישע וואסער, גאז און נאָך אזעלכע זאכען, זיינען שוין א היבשע שטיק סאציאַליזם. פון די״ אנדערער זייט אַבער, ווען עס וועט שוין זיין א סאָציאַליסטישע רעגירונג, וועלען נאָך אַ צייט לאנג פּילע געשעפטען בלייבען אין פּריוואטע הענט. דער אונטערשיד איז אַלזאָ ניט צווישען כולו־קאפּיטאַליזם און כולו־סאָציאַליזם, נאָר צווישען 49% סאָציאַליזם מיט 51% קאפּיטאַליזם און 51% סאָ־ציאַליזם מיט 49% קאפּיטאַליזם, עס קאָן קומען צו א שלעגעריי עס איז העכסט וואַרשיינדלאך, אז אָן קלעפּ וועט מען ניט קענען אויסקומען; אַבער די קלעפּ זיינען ניט דער עיקר. א רעוואָלו־ציע מאכט גיכער א סוף צו אַן אָפּגעלעבטער איינריכטונג, וועל־כע האָט זיך נאָר געהאַלטען דורך דעם איינגעוואָרצעלטעם, קאָנ־סערוואטיזם פון דער מענטשלאכער געזעלשאפט, אַבער די וועלט זאָל מיט אַמאָל אריינשפּרינגען אין דעם נייעם סדר ווי דער קאָ־זאק אין נייע פּלודער'ן, דאָס האָט קיינמאָל ניט פּאסירט און קען אין דער צוקונפט אויך ניט פּאסירען.

דער גלויבען אין א סאָציאלע רעוואָלוציאָן איז שעדלאך, ווייל דורך עם ווערט פּארנאכלעסיקט יעדע פּאָרשריטלאכע ארבייט פאר דעם לעבעדיקען דור. וואָס פאר א ווערדע האָבען פאר דעם רעוואָלוציאָנערען סאָציאַליזם די קליינע פּארבעסערונגען, וואָס מ' קען איינפירען היינט־צו־טאָג. אין בעסטען פאַל, איז ער צו־פרידען אונטערצוהעלפען ווי א דערוואקסענער מענטש העלפט א קינד מאכען א שיפעלע פון פּאפּיר; ער באַלאנגט צו זיין יו־ניאָן, ער העלפט פירען א סטרייק, ער קען געבען עצות די ארביי־טער, זיי זאָלען קעמפּפען פאר זייערע רעכטע אָף א פּאָליטישען וועג, ער קען האַלטען לעקציעס פאר די סטרייקערס אָף די שטאָט־באַנען, אז ווען די באַנען וואָלטען באַלאנגט צום פאָלק, וואָלט פאר די ארבייטער געווען בעסער. אַבער זאָל זיך אָנהויבען א

פּאָליטישע באַוועגונג פאַר די פאָדערונגען מוז ער זיין דאַגעגען ווייל אזא באַוועגונג פירט נויטיקערהייט צו קאָמפּראָמיסען מיט דעם מיטעל־קלאַס, מיט אַלטע פּאַרטייען, און שטערט דעם וואוקס פון זיין אייגענער פּאַרטיי, אָדער וועניגסטענס ער גלויבט, אז עס שטערט, אָדער נאָך ערגער: עס ברענגט אריין אין די סאָציאַליסטישע באַוועגונג „אונקלאָרע“ עלעמענטען, וואָס גלויבען אין סאָציאַלע רעפאָרמען, און ניט אין די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן*).

די קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפט וואַקסט אריין אונפערמיידלאָך אין שטאַאַטס־סאָציאַליזם, דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס אַליין איז געצוואונגען איינצופירען שטאַאַטס־קאַפּיטאַליזם צו באַשיצען די אינטערעסען פון דער מאַיאָריטעט קאַפּיטאַליסטען געגען די קליינע באַנדע טראָסט־מאַגנאַטען. וואָס איז די ראָליע פון דעם ארבייטער קלאַס אין דער ענטוויקלונג פון סאָציאַליזם? ערשטענס, קעמפּפט ער פאַר א גרעסערען חלק אין דעם פּראָדוקט פון דער געזעלשאַפטליכער ארבייט; וואָס מער דער ארבייטער באַקומט, דאָס בלייבט רק וויניקער פאַר דעם קאַפּיטאַליסטישען קלאַס. די טרעיד־יוניאָניסטישע באַוועגונג איז אַלזאָ איינע פון די קרעפטע, דורך וועלכע די קאַפּיטאַליסטישע ארדנונג ווערט איבערגעסטראָיעט אף א סאָציאַליסטישע.

---

*) אין דער לעצטער צייט לאָזט זיך הערען אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אַ נייע ריכטונג, וואָס איז אויסגעדריקט אין וואַלינג׳ס בוך: „דער סאָציאַליזם אַזוי ווי ער איז“. זיין גרונד־געדאַנק איז, אַז דער פּריוואַט־קאַפּיטאַליזם ענטוויקעלט זיך אין שטאַאַטס־קאַפּיטאַליזם, וואָס דאָס איז דיזעלביקע זאַך, ווי שטאַאַטס־סאָציאַליזם. דער שטאַאַטס־סאָציאַליזם וועט דורכפירען אַלע רעפאָרמען, וואָס שטעהען אין דער פּלאַטפאָרמע פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און דעריבער איז פאַר די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איבעריג אָפּצוגעבען זיך מיט די דאָזיקע רעפאָרמען. איר אויפגאַבע איז צו מאַכען „די סאָציאַלע רעוואָלוציאָן“, דאָס הייסט, אַז דער אַרבייטער־קלאַס זאָל ווערען דער בעל־הבית איבער אַלעדינג. דער שוואַכער פּונקט פון דער ריכטונג באַשטעהט אין דעם, וואָס זי איז ביי זיך אַליין ניט קלאָר, וואָס איז די נפקה־מינא פון דעם שטאַאַטס־סאָציאַליזם אין אַ דעמאָקראַטישען שטאַאַט און איר „רעוואָלוציאָנערען“ סאָציאַליזם.

די וויכטיקסטע אויפגאבע אבער פון דעם טרעידיוניאניזם איז איינצופירען א דעמאָקראטישע אָרגאניזאציע אין שאפּ. דעם פּונקט פארשטעהען די אָרטאָדאָקסאַלע סאָציאַליסטען גאָר ניט. ווען זיי זיינען אפילע טעטיק אין דער טרעידיוניאניסטישער באוועגונג, באטראכטען זיי עס נאָר פאר נויטיק ביז דער סאָציאַלער רעוואָ־לוציאָן. אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאפט וועט דער לאָהן־סיסטעם אין גאנצען אפּגעשאפט ווערען; די גאנצע געזעלשאפט וועט זיין איין שותפות'ער געשעפט, א „קאָאָפּעראטיווע רע־פּובליק". דער ארבייטער וועט זיין אליין איבער זיך דער בעל הבית און וועט שוין דאמאָלס קיין יוניאָן ניט דארפען. דאָס קומט אויס אזוי,, ווי איינער וואָלט זאָגען, אז אין אמעריקע באלאנגען אלע טורמעס צום פאָלק, יעדער בירגער איז איבער זיי א בעל הבית, על כן, איז יעדער ארעסטאַנט א פרייער מענטש, ווייל ער האָט אויך א חלק אין דער פּראָפּערטי פון סינג־סינג פּריזאָן*).

דער ארבייטער, וואָס קערט די מיסט פון די גאסען, איז פּונקט אזא לאָהן־ארבייטער, ווי יענער, וואָס ארבייט אין א פאבריקע ביי אַ באָס. די שטאָט ניו־יאָרק מאכט קיין פּראָפּיט ניט פון דעם סטריט־קלינינג־דעפּארטמענט. ווען אלע געשעפטען זאָלען געפירט ווערען פון דער שטאָט נאָך דעם זעלבען פּרינציפּ וועלען אלע אר־בייטער זיין אָנגעשטעלט ביי דער שטאָט און וועלען באקומען באַ־צאָלט פון דער שטאָט; עס מאכט ניט אויס, צי אין געלט, צי אין ארבייטס־טשעקס. דאָס איז דערזעלביקער לאָהן־סיסטעם, נאָר אנשטאָט דעם קאפּיטאַליסט איז דער שטאָט־בעאמטער דער באָס. דער ארבייטער אין א רעגירונגס־פאבריק קען זיין נאָך ערגער פארשקלאפט ווי ביי א קאפּיטאַליסטישען באלעבאָס. יעדע פאבריקע, צי א פּריוואטע, צי א קהל'שע, איז היינט־צו־טאָג א סאמאָדערזשאוונע מאָנארכיע, דער באָס, אָדער דער טשיעף איז אַ קליינער קיסר. די יוניאָן איז דער פאָלקס־פּארלאמענט אין דער פאבריקע.

דער סאָציאַליזם גיט דער גאנצער אָרגאניזירטער געזעלשאפט אָן אונגעהייערע מאכט איבער אירע איינצעלנע מיטגלידער, אָדער אפילע איבער איינצעלנע געזעלשאפטליכע גרופּען. די

*) אַ קאָמאָרזשנע טורמע אין סטעיט ניו־יאָרק.

נעזעלשאפט, דער כלל, איז ניט קיין לעבעדיקע פערזאָן, זי קען האנדלען נאָר דורך באַפעלמעכטיקטע פערזאָנען, דורך בעאַמטע, ווען די „נעזעלשאפט" באַזיצט א גרויסע מאכט, הייסט דאָס, אז די מאכט געפינט זיך אין די הענט פון בעאמטע. דער סאָציאַליזם ברייננט אלזאָ א מעכטיקען בעאַמטען קלאס, א מעכטיקע ביוראָקראטיע. אמת, די ביוראָקראטיע שטעהט אין אמעריקע אונטער דער קאָנטראָליע פון דעם „פאָלק" דורך די וואלען. מיר ווייסען אָבער, אז די וואלען ליגען אין די הענט פון די פאָליטישע פארטיי־מאשינען. וואָס שטארקער איז די פאָליטישע פארטיי, אלץ ווייניקער האָט דער פאָלק וואָס צו זאָגען אין קהל'שע זאכען. די רעוואָלוציאָנערע סאָציאליסטען זוכען אויפצובויען א שטארקע פארטיי־מאשין. זייער צוועק איז, די סאָציאליסטישע פארטיי זאָל ערעאָבערען די פאָליטישע מאכט אין דער נעזעלשאפט. דער „ענדציעל" איז אלזאָ די הערשאפט פון א שטארקער פארטיי־מאשין, וועלכע האָט אין אירע הענט אַן אלמעכטיקע ביוראָקראטיע. מ' וויל אונדז איינרייִדען אז אזא ארנאניזאציאָן איז נאָר ניט נעפערלאך פאר די פרייהייט. די געשיכטע פון די סאָציאליסטישע פארטייען דאָ אין אמעריקע באווייזט פארקערט, אז זיי זיינען אין דעם פּרט ניט בעסער פאר די אלטע, קאפיטאליסטישע פארטייען. דערפון זיינען מיר בארעכטיקט צו שליסען, אז דער אויסבוי פון א שטארקער סאָציאליסטישער פארטיי קען נאָר פארשארפען די נעפאר, וואָס ליגט פארשטעקט אין א סאָציאליסטישער אָרגאניזאציע פון דער נעזעלשאפט. כל־זמן די סאָציאליסטען רייִדען זיך איין, אז אין א סאָציאליסטישער נעזעלשאפט איז א רעספּעקטישער בעאמטען־קלאס נאָר אונמעגליך, קענען זיי ניט באגרייפען די נויטווענדיקייט פון דעם קאמפף נעגען ביוראָקראטיזם. פונקט פארקעהרט, ביי זיי קומט נאָר אויס אז מ' דארף טאָן גראד דאָס, וואָס העלפט אויפבויען סאָציאל־ביוראָקראטיע.

נו, וואָס־זשע איז די אונטערסטע שורה: דארף מען קיין סאָציאליזם ניט? צי איר ווילט, צי איר ווילט ניט, דעם סאָציאליזם קענט איר ניט אויסמיידען. טו זאָל מען זיך אונטערגעבען, שווימען מיט'ן וואסער און אפזאָגען זיך פון פרייהייט, ווייל מ' קען זי ניט דערגרייכען? פאר א „דיסציפלינירטען" סאָציאליסט שטעקט אין דערין נאָר קיין פראגע ניט: ער איז צופריעדען אויסצוקומען אָן

פרייהייט, והא ראיה, וואס אין זיין אייגענער פארטיי־ארגאניזא־
ציע קומט ער גאנץ גוט אויס אן איר! איך וועל פרובירען אף די
פראגע צו ענטפערען פון אן אביעקטיווען וויסענשאפטליכען
שטאנדפונקט.

מיר ווייסען פון דער געשיכטע, אז די בורזשואזיע איז דער
יעניקער קלאס, וועלכער האט געבראכט פרייהייט, על כן, כל זמן
עס איז פאראן א בורזשואזיע, איז פאראן אן עקאנאמישער פונדא־
מענט פאר פרייהייט. דערווייל זיינען נאך פאראן אין דער געזעל־
שאפט שטארקע קליינבירגערליכע עלעמענטען, עטליכע מיליאנען
פארמערס אפ'ן ערסטען פלאן. מיר קענען איצט ניט פאראויס־
זעהען די צייט ווען זיי וועלען אלע „פארשווינדען". אף דיזע
קליינבירגערליכע עלעמענטען שטיצט זיך היינט די פאליטישע רע־
פארם־באוועגונג אין אמעריקע. ווען מיר קוקען זיך איין אין דער
אמעריקאנער פאליטיק, זעהען מיר צוויי פיינדליכע פאליטישע
ריכטונגען: אף איין זייט שטעהען די פאליטישענס פון אלע פאר־
טייען, רעפובליקאנער, דעמאקראטען, סאציאליסטען, וועלכע זו־
כען צו באפעסטיקען די מאכט פון דער פאליטישער מאשין, אף דער
אנדערער זייט די אונפארטייאישע ארגאניזאציעס פון אלערליי רע־
פארמערס, וועלכע זוכען צו ברעכען די מאכט פון די מאשינען און
צו מאכען דעם בירגער פאליטיש אונאבהענגיק, דאס זיינען מערס־
טענס בורזשואזנע רעפארמערס, אבער עס וועט נאך נעמען א צייט
איידער דער שטאטס־סאציאליזם וועט ווערן אלגעמיין איינגעפירט,
וועהרענד דער צייט מוזען די רעפארמערס צוריקהאלטען די דעס־
פאטישע טענדענצען פון דעם סאציאליסטישען שטאט.

אבער דאס איז דאך ניט מער ווי א פראגע פון צייט: פרי־
הער צי שפעטער מוז דאך דער גאנצער „מיטעל־קלאס" פאר־
שווינדען. וואס וועט זיין דער סוף? דאס איז א קשיה, וואס ווען
מיר וועלען דערלעבען איבער פופציק יאר, וועלען מיר בעסער
ווייסען ווי צו ענטפערן. אזא געניאלער מענטש ווי קארל מארקס
האט ניט פארמאגט פאראויסצוזעהען די טראסט, וואס זיינען גע־
קומען ווייניגער ווי מיט פופציק יאר נאך דעם קאמוניסטישען מא־
ניפעסט און האבען אויסגעפילט א בלאנק אין זיין טהעאריע. מיר,
געוועהנליכע מענטשען, קענען געוויס ניט פרעטענדירען צו זאגען
נביאות וועגען דער ווייטער צוקונפט.

איך האָב אָנגעצייגט אַף דעם קאַמפּף וואָס הויבט זיך ערסט אָן צווישען די אָרגאַניזירטע ארבייטער און דעם שטאַט אַלס ארבייטסגעבער. היינטצוטאָג האָבען מיר נאָך דאָ הי זעהר קנאַפּ שטאַטס־קאַפּיטאַליסטישע געשעפטען, אָבער מיט דער איינפּירונג פון שטאַט־סאָציאַליזם וועלען זיי זיך פּארמערען, א קעמפּפענדער קלאַס האָט נייטיג פּרהייט, דעסהאַלב קען מען פון דעם קאַמפּף ערוואַרטען א באשרענקונג פון דער מאַכט פון דער סאָציאַל־ביוראָקראַטיע.

מיר האָבען דאָ באטראַכט די אַלע פראַגען פון אַ סאָציאַלאָגישען שטאַנדפּונקט. מיר זעהען היינט אין דעם אַמעריקאַנער פּאָליטישען לעבען צוויי שטרעמונגען, איינע אין דער ריכטונג פון פריי־הייט, די אַנדערע אין דער ריכטונג פון אַן אַלמעכטיקען שטאַט. די וויסענשאַפט האָט אָבער אויך א פּראַקטישען צוועק. טאַבאַק און בולבעס זיינען אַמעריקאַנער פּלאַנצען. פאַר קאָלומבוסען האָט מען זיי אין איירָאָפּאַ ניט געקענט און אין אַמעריקע זיינען זיי געוואַקסען ווילדערהייט. אָבער דער ווייסער מענטש איז געקומען, ער האָט אונטערזוכט וואָס פאַר ערד זיי פאַרלאַנגען, וואָס פאַר אַ טעמפּעראַטור, און האָט זיי גענומען פאַרזייען איבער דער גאַנצער וועלט, און ער האָט זיי ניט נאָר פאַרמערט, ער האָט זיי אויך פאַר־בעסערט. אַזוי איז אויך מיט דער געזעלשאַפט. ווען מיר ווייסען, ווי זי ענטוויקעלט זיך בלינדערהייט, טו קענען מיר דורך אונדזער ציל־באַוואוסטע ארבייט פאַרבעסערען איר ענטוויקלונג. מיר האָבען דערקענט, אַז דער סאָציאַליזם האָט אַ שטאַרקע טענדענץ צו דעס־פּאָטיזם, מיר ווייסען, אַז דער פּאַרטיי־סיסטעם האָט דיזעלביקע טענדענץ, מיר זעהען, אַז די רעפּאָרמערס פון דעם מיטעל־קלאַס גראָבען אונטער די מאַכט פון דעם פּאַרטיי־סיסטעם. וויסענדיק דאָס אַלץ, וועלען מיר העלפען די רעפּאָרמערס אין זייער קאַמפּף געגען פּאַרטיי־אָליגאַרכיע. אַ דעמאָקראַטישער סאָציאַליזם וועט זיין מעגליך נאָר דאַן, ווען די פּאָליטישע מאַכט וועט אין גאַנצען ארויסגעריסען ווערען פון די הענט פון אַלע פּאַרטייען.

אַלזאָ, משיח וועט ניט קומען, אַף קיין גן עדן האָבען מיר זיך ניט וואָס צו ריכטען, קיין „אידעאַלע“ געזעלשאַפט קענען מיר ניט פאָראויסזעהען, די מענשהייט געהט פאָרווערטס, און וועט שטענדיק געהן פאָרווערטס, מיר דאַרפען ארבייטען פאַר יעדע

פאַרשריטלאכע פאַדערונג פון אונדזער צייט. „לאָזען אונדזערע אייניקלאך דאגה'ן וועגען דער צוקונפט, — אונדזערע אייניקלאך וועלען געוויס זיין קליגער פאר אונדז". — ווי טשערנישעווסקי האָט געזאָגט, מיר דארפען יעדען ברעקעל סאָציאליזם. וואָס מיר קענען קריגען היינט, אָבער צו דערזעלבער צייט דארפען מיר קעמפפען געגען יענע ערשיינונגען אין דעם סאָציאליזם, וועלכע פירען צו א נייער שקלאפעריי. מיר דארפען באקעמפפען די פארטייצענזור איבער די פרעסע, דעם גייסט פון דער פרייסישער קאַזארמע, מיט וועלכען די סאָציאל־דעמאָקראטיע שטאָלצירט אין דייטשלאנד*), די מאשין־פאָליטיק וועלכע האָט זיך ענטוויקעלט אין די סאָציאליסטישע פארטייען דאָ אין אמעריקע. עס איז גאָר ניט נויטיק צוליב דעם סאָציאליזם אָפצוזאָגען זיך פון די שטיקעל פרייהייט, וואָס האָט געקאָסט אזוי פיל בלוט אויסצוקעמפפען. מיר דארפען ניט קיין סאָלדאטסקע דיסציפלין, מיר האָבען אַן דעם אויך א שווערע ארבייט — צו פארהיטען די מענטשלאכע פרייהייט געגען די פארשקלאפענדע טענדענצען פון דעם אונפארמיידליכען שטאַטס־סאָציאליזם.

*) די ווערטער זיינען געווען געדרוקט אין 1902, אין די שפאַלטען פון דעם אידישען „פאָרווערטס"

## ניין-און-צוואנציקסטער קאַפּיטעל

# פערלאַנגט: אַ פערבאַנד פון אַנאָפּהענגיקע סאָציאַליסטען.

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַמעריקע איז אַ סך ווייטער פאַרברייט איידער די רייהען פון די סאָציאַליסטישע וואוטערס. אין אייראָפּע איז אין די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אומעטום פאַראַן אַ רעוויזיאָנסטישער פליגעל, אין איטאַליע זיינען די רעוויזיאָניסטען די מאַיאָריטעט אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און אפילו די אָרטאָדאָקסען זיינען ניט אַזוי שטאַרק פרום, אָדער שפּילען ניט אַזא פרומע ראָליע, ווי דאָ אין אַמעריקע. דאָ אָבער אין אַמעריקע אין פּאַר אַ רעוויזיאָניסט ניטאָ קיין פּלאַץ אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. און דעריבער בלייבט ער דרויסען אָדער ער שליסט זיך אָן, אַלס איינצעלנע פּערזאָן, אָן פאַרשידענע רעפאָרם - אָרגאַניזאַציעס. פאַר דער גאַנצער צייט וואָס די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי עקזיסטירט, איז זי שטענדיק געווען אין אַ קאָנפליקט מיט אַ גרויסען טייל, אַמאָל זאָגאַר מיט דער מאַיאָריטעט פון אירע אייגענע וואוטערס. עס זיינען פאַראַן אַ סך ערטער, וואו די פּאַרטיי האָט ניט די העלפט פון די וואוטערס, וואָס זי האָט שוין געהאַט געוואונען מיט יאָרען צוריק. דאָס הייסט, אַז אין אַלע יענע פּלעצער איז די מאַיאָריטעט פון די סאָציאַליסטישע וואוטערס געווען געגען די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. איר געפינט אומעטום סאָציאַליסטען, וואָס האָבען פאַרלאָזען די פּאַרטיי, ווארים ס'איז זיי דערעסען געוואָרען די מאַשין־פּאָליטיק אין דער פּאַרטיי, די פּאַרטיי־אינקוויזיציע איבער דער פּרעסע און איבער די מיינונגען פון אירע מיטגלידער, די פּלאַטפאָרמע פאַר משיח'ס צייטען און די גלייכגילטיקייט פון דער פּאַרטיי צו טאָגעס־פראַגען. זייער צאָל איז ניט קלענער פאַר דער צאָל פּאַרטיי־מיטגלידער.

ווען איר וועט פאַרגלייכען דעם וואוט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי מיט דער צאָל פּאַרטיי־מיטגלידער, וועט איר געפינען,

אז נאָר א גאַנץ קליינע מינאָריטעט באַלאַנגען צו דער אָרגאַניזאַ־
ציע. די פּארטיי באַטראַכט די וואלען ניט מער ווי אלס א תירוץ
פאַר אַגיטאַציע און א מיטעל צו פאראייניגען די וואוטערס ארום
זיך אליין, ווערהענד א גרויסער טייל פון יענע וואָס שטימען פאַר
איר זוכען דורך די וואַהלען אנטייל צו נעמען אין דעם פּאָליטישען
לעבען פון לאנד.

אין דעם קאמפּעין פאר פּרעזידענט אין 1900 איז די פּראגע
געווען וועגען אימפּעריאליזם, וועגען דער פאררעטערישער און
מערדערישער פּאָליטיק פון די פאראייניגטע שטאַטען אין די פּילי־
פּינעס. די סאָציאליסטישע פּארטיי האָט ערקלערט דורך די לי־
פּען פון איר קאנדידאט דעבס, אז פאר סאָציאליסטען מאכט עס
גאָר ניט אויס, עס איז בלויז א שטרייט צווישען צוויי אבטיילונ־
גען פון דעם קאפּיטאליסטישען קלאַס. ווען דער סאָציאליזם וועט
קומען, וועט קיין מלחמות מער ניט זיין.

אין 1904 האָבען די אָרגאַניזירטע בערגארבייטער פון קאָלאָ־
ראדאָ געפירט א ביטערען קאמפּף געגען דעם רעפּובליקאנישען גאָ־
ווערנאָר פּיבאָדי, וועלכער האָט אָבגעשאפט קאָנסטיטושאָן און גע־
זעץ און איינגעפירט אן עכט רוסישען מיליטערישען דעספּאָטיזם
צו ברעכען א סטרייק געגען דעם זילבערטראָסט. די פירערס פון
דער יוניאָן האָבען אונטערשטיצט דעם דעמאָקראטישען קאַנדידאט
פאר גאָווערנאָר און דעבס׳ן פאר פּרעזידענט. אָבער דעבס האָט זיי
דערפאר עפענטליך פארדאמט.

אזוי איז געווען מיט די פארשידינע קאמפּעינס פאר מוני־
ציפּאל־סאָציאליזם.

קורץ, די פילאָסאָפיע פון דער סאָציאליסטישער פּארטיי איז
דיזעלבע ווי ביי די רוסישע מאקסימיליסטען; זיי ווילען די „סאָ־
ציאלע רעוואָלוציאָן“, ניט מינער. פארשטעהט זיך, ווען עס זיי־
נען פאראַן סאָציאליסטען, וואָס ווילען ערנסט דורכפירען איר־
גענד א פּאָליטישע אָדער עקאָנאָמישע רעפאָרמע, מוזען זיי שלאָגען
כּפּרות מיט דער פּארטיי און ווערען „פּארעווע“.

ווען מען הויבט אָן צו פארשטעהן, אז סאָציאל־דעמאָקראטיע
וועט זיין דער רעזולטאַט פון א רייהע סאָציאלע און פּאָליטישע

רעפאָרמעס, טו האָט דאָך ניט קיין זין זיי אָבצולעגען ביז דער „סאָציאַלער רעוואָלוציאָן“. וויבאַלד די אַלע רעפאָרמעס זיינען נויטווענדיק פאַר פאַרשידענע קלאַסען און שיכטען פּון דער היינטיקער געזעלשאַפט, טו איז דאָך קלאָר באַשיינפּערלאַך, אז עס וועלען זיך געפינען פּאָליטישע פּאַרטייען, וואָס וועלען נעמען אַף זיך זיי דורכצופירען. איך האָב שוין געוויזען, אז די אַלטע פּאַרטייען זיינען געצוואונגען איינציגווייז אָנצונעמען די פּאָדערונגען פון דעם סאָציאַליסטישען פּראָגראַם אין זייערע פּלאַטפּאָרמעס, וויבאַלד זיי זעהען, אז יענע פּאָדערונגען ווערען פּאָפּולער. דעריבער איז גאָר ניט כדאי צו ווארטען מיט דעם סאָציאַליזם ביסקל מיר וועלען אופבויען אַן אייגענע שטאַרקע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי־מאַשין.

עס מוז נעמען א צייט איבערצומאכען די פּאָליטישע אָרדנונג, זי זאָל זיין צוגעפּאַסט צו א סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט, טו פאר וואָס זאָל מען אָפּלעגען די ארבייט אַזש ביז גענאָסע בענסאָן וועט ווערען פּרעזידענט? פאַרוואָס זאָל מען ניט אָנהויבען טאָקע היינט? פּרובירט איינצופירען היינט צו טאָג אַזוי פּיעל סאָציאַליזם וויפּיעל עס לאָזט זיך.

מען הייסט אייך ווארטען ביסקל וואַנען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי וועט ווערען אַזוי שטאַרק ווי די רעפּובליקאַנער אָדער די דעמאָקראַטישע, מען טרויסט אייך אז אייערע אייניקלאַך וועט אם ירצה השם בעסער געהן, און דערווייל זאָלט איר צוזעהען ווי צעהנדליגער טויזענטער ארבייטער ווערן גע׳הרג׳עט און צוקאַלעטשעט אין די קוילען־גרובען, אַף די אייזענבאַנען, אין די פאַבריקעס, ווי די קאָרטס פאַרניכטען דאָס רעכט פּון דעם ארבייטער צו קעמפּפען געגען קאַפּיטאַל. איר מעגט עס פאַרדאַמען מיט רעזאָלוציעס, אָבער טאָן טאָרט איר גאָרנישט! דאָס איז פּונקט אַזוי ווי אָפּצולעגען די פאַרבעסערונג פון דעם לעבען פּון דעם ארבייטער ביז משיח׳ס צייטען. איי וואָס מיר וועלען מוזען אָנקומען צו די פּאָליטישענס, טו וואָס קען מען זיך העלפען? וואו נעמט מען די צדיקים אין דער זינדיגער וועלט? די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז נאָך גאָר יונג, און זי האָט שוין אויך א פּאָליטישע מאַשין, מיט באָסעס, מיט אינטריגען, ווי רעגעלע פּאָליטישענס. אויב שוין יע א מאַשין, איז פּרעזידענט ווילסאָן׳ס מאַשין לכל הפחות בעסער

אים שטאַנד אויסצופירען וואָס זי זאָגט צו, איידער די סאָציאַ־ליסטישע מאַשין. דער ארבייטער־קלאַס האָט אַן אינטערעס צו פארבעסערען זיין לאגע, אפילו ווען דאָס זאָל שטערן דעם וואוקס פון דער סאָציאַליסטיישער פארטיי. נאַטירליך, ווער עס גלויבט, אַז דער סאָציאַליזם קען איינגעפירט ווערען נאָר דורך אַ קאטאסט־ראָפע, דורך אַ כאָציאַלע רעוואָלוציאָן, פאר יענעם איז בילכער דער וואוקס פון זיין „רעוואָלוציאָנערער" פארטיי, זי זאָל ווערען אזוי גרויס, ביז זי וועט בכח זיין איבערקערען גאַנץ אמעריקע. פאר עוואָלוציאָניסטישע סאָציאַליסטען, וואָס זיינען געקומען צום פארשטענדניס, אַז דער איבערגאַנג פון קאפּיטאַליזם צו סאָציאַ־ליזם וועט געשעהען דורך אַ לאנגע רייהע איינצעלנע רעפאָרמען, גרויסע און קליינע, אין דער ריכטונג פון סאָציאַליזם, מאַכט ניט אויס, ווער וועט דורכפירען דיזע רעפאָרמען, צי איין פארטיי, צי די אַנדערע, אבי זיי זאָלען וואָס גיכער דורכגעפירט ווערען.

ווען איר וועט באטראכטען די אמעריקאַנער וואַלען פאר די לעצטע פופצען יאָהר, וועט איר זעהען, אַז די הויפּט־ראָליע האָ־בען אין זיי געשפּיעלט ניט די צוועלף־דרייצען מיליאָן וואוטערס, וואָס זיינען „לאָיאַל" צו זייערע פארטייען, נאָר דער מיליאָן אָדער צוויי אונאבהענגיקע וואוטערס, וואָס שטימען היינט פאר איין פאר־טיי, ביי דער נעקסטער עלעקשאָן פאר די אַנדערע, אַמאָל פאר אַן אונאבהענגיקען קאַנדידאַט, און ווען זיי האָבען קיינעם ניט פאר וועמען עס זאָל ווערט זיין צו שטימען, בלייבען זיי גאָר זיצען אין דער־היים. די דרייצען מיליאָן לאָיאַלע שטימפיה פון אַלע קאָלי־רען האָבען גאָר קיין דעה ניט, וואָרים מיט זיי זיינען די פּאָליטי־שענס סיי ווי סיי זיכער. פארקערט אָבער, אָט די קליינע מינאָרי־טעט „פּאַרעווע" וואוטערס זיינען די יעניגע, פאר וועמען די פּאָלי־טישענס טאַנצען אויף די הינטערפיסלאַך כדי צו געווינען זייערע וואוטס.

און אומעטום, וואו די פּארעווע האָבען זיך אָרגאַניזירט אין אַן „אונפּארטייאישען" פארבאַנד, אַ מיוניסיפּאַל וואוטערס ליגע, אַ גוד גאָווערנמענט קלאָב, אַ סיטי קלאָב, אַ סיטיזענס יוניאָן, און דערגלייכען, האָבען זיי אימער־צו געהאט אַ גרויסען איינפלוס אין דער פּאָליטיק, און די רעגעלע פארטייען זיינען געצוואונגען געווען

מיט זיי זיך צו רעכענען. ווען די פּאָליטישענס האָבען זיך געאמפּערט, האָבען זיי אין קורצען שלעכט אָפּגעשניטען.

א „פערבאנד פון סאָציאַליסטישע וואוטערס“, סאָשאַליסט וואוטערס ליעג, קען ביי דער איצטיקער פאָלקסשטימונג האָבען א גרויסען איינפלוס. וואָס קען אזא פארבאנד טאָן? זעהר פיל זאכען, וואָס די סאָציאַליסטישע פּארטיי קען ניט טאָן, ווייל זי איז א פּארטיי און איהר פּארטיי־אינטערעס איז פאר איר ביליכער איידער איר פּלאטפּאָרמע.

לאָמיר א קוק טאָן, וואָס זיינען איצטער די וויכטיקסטע רעפאָרמען, וואָס זיינען פּאָפּולער צווישען די ברייטע פאָלקס־מאַסען. די איניציאַטיווע און רעפערענדום; דאָס רעכט צוריקצורופען אן ערוועהלטען קאנדידאט, כפּעציעל א דזשאַדזש, וואָס ווערט ערוועהלט אף א לאַנגען טערמין, אף צען יאָר און אמאָל נאָך לענגער; דאָס שטימרעכט פאר פרויען; האָום רול (זעלבסטפּארוואלטונג) פאר די שטעט; שטאַטס־קאָנטראָלע איבער אייזענבאַנען, איבער טראָסטס און דערגלייכען; די פּאָלשטענדיקע לעגאַליזירונג פון סטרייקס, באָיקאָטס און פּיקעטען; די פארזיכערונג פון ארבייטער געגען סיבות ביי דער ארבייט (עקסידענט) און אזוי ווייטער. דאָס איז נאָך ניט די „אָפּשאפונג“ פון קאפּיטאַליזם, אבער די אָרטאָדאָקסאַלע סאָציאַליסטען פארלאנגען דאָס אויך.

אזא פּאראיין פון סאָציאַליסטישע וואוטערס קען ניט נאָר צווינגען די פּאָליטישענס צוצוזאָגען עס אין זייערע פּלאטפּאָרמעס, ער קען זיי אויך צווינגען אופּצושטעלען אזעלכע קאנדידאטען, וואָס וועלען די צוגעזאָגטע רעפּאָרמעס דורכפירען. ס'איז געוועזען א צייט, ווען מען האָט געקענט מיינען, לעזענדיק די סאָציאַליסטישע פּרעסע, אז די גאנצע ערליכקייט איז מאָנאָפּאָליזירט געוואָרען אין דער סאָציאַליסטישער פּארטיי. היינט צו טאָג הערט מען דאָס שוין זעהר זעלטען.

און וואָס זאָלען מיר זיך אליין אָפּנארען? אונזערע כשר'ע סאָציאַליסטישע קאנדידאטען, הילקוויט און לאַנדאָן, זיינען גאַנץ צופּריעדען געווען אָנצונעמען די אונטערשטיצונג פון אלערליי בורזשואַזנע פּאראיינען, וואָס זיינען אָרגאניזירט געוואָרען „טו אָרדער“ און זיינען באשטאַנען פון לייט, וואָס האָבען צו דערזעל־

בער צייט געשטימט פאר אנדערע קאנדידאטען פון די אלטע פאר־טייען. א פארבאנד פון סאציאליסטישע וואוטערס וועט ניט דאר־פען פארשטעלען זיך. ווען ער וועט וועלען ערוועהלען א קאנדידאט פאר'ן קאנגרעס, וועט ער טאן ווי עס פירט זיך ביי לייטען אין דער שווייץ, אין אונגארן, אין דער גאנצער סאציאליסטישער וועלט, ער וועט מאכען א „פאליטישען שאכער" מיט די אונטערשטיצער פון א לאפאלעט, אדער א וואודראו ווילסאן, אדער אן אנדער „פראגרע־סיווען" קאנדידאט, און דער אונאבהענגיקער סאציאליסטישער קאנדידאט וועט קריגען די וואוטס, וואס עס פעהלען עם ערוועהלט צו ווערען.

אין דעם אמעריקאנער פאליטישען לעבען איז מען שוין היינט געקומען צו אזא מדרגה, אז מענטשען און ארגאניזאציעס מיט גאנץ פארשיעדענע און אפילו פיינדליכע מיינונגען קענען זיך פאראיי־ניגען אף א ספעציעלער פאדערונג, אדער אף א געוויסען קאנדי־דאט, בלייבענדיג ביי זייערע אייגענע מיינונגען אין אלע אנדערע פראגען. נעמט די שטאטישע עלעקשאן אין ניו־יארק אין 1909: אין דער „הונדערטער קאמיטע" זיינען געווען אונאבהענגיקע דעמא־קראטען, רעפובליקאנער און אפילו סאציאליסטען, ווי פראפעסאר גידינגס. קיינער פון זיי האט ניט געדארפט אפזאגען זיך פון קיין איינציקען פרינציפ, אין וועלכען ער איז ניט איינפארשטאנען גע־ווען מיט די אנדערע, אדער אנעמען ערגעץ א פרינציפ, צוליעב כא־פען וואוטס. ער האט געהאט נאר איין צוועק, אין וועלכען אלע זיי־נען געווען אייניג: צו ברעכען די מאכט פון טעמעני און אויסצו־קלייבען פאר שטאט בעלי־בתים מענטשען, וואס זיינען ניט קיין קעשעניקעס. איך לאז זיך דא ניט אריין אין די פראגע, צי אזא פראגראם איז גענוג, צי ניט, — דאס ווענדט זיך אן די אומשטענ־דען. אין שיקאגא איז מיט עטלאכע יאר צוריק די אישו געווען מיוניסיפאל־אונערשיפ, אין סאן פראנציסקא די וואהל פון א יו־ניאן־מאן פאר מעיאר, וואס זאל קאנטראלירען די פאליס אין צייי־טען פון סטרייקס א. אז. וו.

אזא פאראייניגונג ווערט דורכגעפירט אן קיין שום קאמפרא־מיס מיט יעדערענס פרינציפען. פארקערט, די נאטור פון אלע אמע־ריקאנער פאליטישע פארטייען טרייבט צו קאמפראמיס מיט פרינ־ציפען.

דער פארצייטיקער אמעריקאנער וואל־סיסטעם, וואס באַשטימט, אז דער קאנדידאט, וואס קריגט די גרעסטע צאָל וואוטס, ווערט ערוועהלט, אפילו ווען ער האָט ניט קיין מאַאיריטעט, האָט באשאפען די מאָנאָפּאָליע פון די צוויי גרויסע פארטייען. דער רעזולטאט דערפון איז דער גייסט פון קאָמפּראָמיס, וואס באהערשט אַלע אמעריקאנער פּאָליטישע פארטייען. א קליינע פארטיי האָט קיין אויסזיכט ניט צו געווינען ביי די וואלען, און דעריבער האָט זי קיין ברירה ניט חוץ צו מאכען פיוזשאָן מיט אנדערע קאנדידאַטען, אָדער צו פארוואסערען אירע אייגענע פּרינציפּען, אום צו כאַפּען וואוטס. די סאָציאליסטישע פארטיי האָט אויסגעקליבען די לעצטע טאקטיק: פיוזשאָן אף קאנדידאטען איז ביי איר טריפה, אָבער זי האָט פארוואסערט אירע פּרינציפּען בנוגע צו פארשידענע פראגען, כדי צו כאפּען וואוטס. דאָס שטימט גאַנץ גוט מיט אונקאָמפּראָמיסליכער „רעוואָלוציאָנערער" טאַקטיק. דער רעוואָלוציאָנער צוטיילט די גאנצע צוקונפט אף צוויי פּעריאָדען: פאר דער סאָציאלער רעוואָלוציאָן און נאָך דער סאָציאלער רעוואָלוציאָן. עס האַנדעלט זיך למשל איבער אימיגראציע, נו, איז דערוויילע, אין דעם קאפּיטאליסטישען גלות זאָלען זיך אונדזערע קלאסען־גענאָסען יעדערער זיצען ביי זיך אין דער היים. נאָך דער סאָציאלער רעוואָלוציאָן, אז מיר וועלען שוין האָבען איינגעפּיקסט ביי זיך די „קאָאָפּעראטיוו קאָממאָנוועלטה", דעמאָלט וועלען מיר אלעמען איינלאַדען צו קומען צו אונדז.

אַן אונפּארטייאישער פערבאנד פון סאָציאליסטישע וואוטערס וועט ניט דארפען אויסשטעהן דעם נסיון צו פארלייקענען זיינע פּרינציפּען צוליב אַן ערפאָלג ביי די וואלען. ער וועט ניט דארפען אונטער'חנפ'ענען זיך צו די נאַטיוויסטען, וואס האָבען פיינט יעדען „ניט־ענגליש־שפּרעכענדען" איינוואנדערער; ער וועט ניט דארפען צוזעהן שטום, ווי מען נעמט אוועק די פּאָליטישע רעכטע פון דער שווארצער ראסע, כדי חלילה ניט אָנצואוועהרען א פּאָר טויזענט וואוטערס. דער פּראָגרעס געהט ניט אימער אָן קיין שום שטערונג אף א גלאטען שליט־וועג: עס זיינען פאראַן סאָציאלע קרעפטע וואס ציהען עם צוריק. די אמעריקאנער אָרגאניזירטע ארבייטער האָבען אין די לעצטע דרייסיק יאר פון דאָס ניי איינגעפירט אין אמעריקע די ראָגאטקעס פון דעם פארצייטיקען פּאָליציי־שטאַט. און וואָס ווייטער ווערט דיזער וואונש פון די ארבייטער

צו באשניידען די פרייהייט פון די איינוואנדערער און אפילו פון די איינגעוואנדערטע רק שטארקער. דער עוואָלוציאָניסט וואָס גלויבט, אז דער סאָציאליזם איז פארבונדען מיט אינטערנאַציאָנאַליזם און פרייהייט, האָלט דיעזע ריכטונג פון דער ארבייטער־באוועגונג פאר א רעאקציאָנערע, ער זעהט ווי עס וואָרצעלט זיך איין אין דעם אַמעריקאנער פּאָליטישען לעבען א גאנצער סיסטעם פון געזעצען וואָס זיינען פיינדליך צו פּערזענליכער פרייהייט, און ער קען זיך ניט טרייסטען מיט קיין סאָציאליסטישען עולם הבא. ער מוז באקעמפּפען יעדע רעאַקציאָנערע טענדענץ ווען זי ווייזט זיך, ניט אָפּלייגענדיג ביז משיח'ס צייטען.

מיט איר יאָגענים נאָך וואוטס, צוליב וועלכע זי האָט פארבויגען די סאָציאליסטישע פּרינציפּען, ווען עס איז אויסגעקומען, האָט זיך די סאָציאליסטישע פּארטיי אָרגאניזאציע באוויזען פאר באנקראָט: מיט כמעט א מיליאָן וואוטס האָט זי אבסאָלוט קיין פּאָליטישען איינפלוס ניט. די פּרעסע האָט באמערקט נאָך דעם גרויסען וואָל־קאמפּף פון 1916, אז פּרעזידענט ווילסאָן האָט צו פאַרדאַנקען זיין זיג צו די סאָציאליסטישע וואוטערס פון אזעלכע סטעיטס, ווי קאליפאָרניא, וואו די פּאָר טויזענט וואוטס, וואָס זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען פאר דעם גאנצען סאָציאליסטישען צעטעל און פאר ווילסאָנען, האָבען ענטשידען דעם אויסגאנג פון דער וואָל. די סאָציאליסטען וואָלטען געקענט שטעלען באדינגונגען פאר אונטערשטיצען ווילסאָן'ס קאנדידאטור, און מען וואָלט זיך מיט זיי זיכער גערעכענט, ווען דאָס וואָלט געטאָן געוואָרען אָרגאַניזירטערהייט.

די תשובה, וואָס מען דערלאַנגט אייך איז, אז אין דייטשלאנד מאכט מען טאַקי פיוזשאָן ביי די שטיכוואָלען, ביי דער ערסטער וואָל אָבער שטימט יעדער פאר די קאַנדידאטען פון זיין אייגענע פּארטיי, וואָרים קודם כל איז וויכטיק צו וויסען די שטארקייט פון דער סאָציאליסטישער פּארטיי. נו, האָבען מיר זיך שוין דאָ אין אמעריקע אויך דערוואַרט אָף שטיכוואָלען, און אלערליי פּאָרמען.

פיליכט דער בעסטער וואָלגעזעץ איז אין 1914 איינגעפירט געוואָרען אין דער שטאָט דזשוירזי־סיטי. לויט דעם נייעם געזעץ, מעג יעדער וואוטער מאכען איין צלם ביי דעם נאָמען פון דעם קאָנ־

דידאַט, וועמען ער וואָלט געוואָלט בעסער פאַר אַלעמען („פּוירסט
טשאָיס"), און דערנאָך ביי דעם נאָמען פון דעם קאַנדידאַט, פאַר
וועמען ער וואָלט אָבגעגעבען זיין שטימע. אויב דער ערסטער קאַנדי־
דאַט קריגט ניט קיין מאַיאָריטעט („סעקאַנד טשאָיס"), א. א. וו.
אַף דעם אופן קען יעדער סאָציאַליסטישער וואוטער פון דזשוירזי־
סיטי ערסטענס שטימען אויס פּרינציפּ פאַר א סאָציאַליסט, און
דערנאָך, האָבענדיג מקיים געווען די מצוה, קען ער שטימען פאַר
דעם בעסטען פון יענע קאַנדידאַטען, וואָס האָבען אַן אויסזיכט ער־
וועהלט צו ווערען. אין א דיסטריקט, וואו די סאָציאַליסטישע
וואוטערס זיינען שטאַרק אין צאָל, גיט דאָס זיי די מעגליכקייט אינ־
דירעקט צו צווינגען די אַנדערע פּאַרטייען ארויסצושטעלען אַזעלכע
קאַנדידאַטען, פאַר וועמען די סאָציאַליסטען זאָלען קענען וואוטען
אַלס זייער „סעקאַנד טשאָיס". טויג עס אָבער ניט! די רעדאַקציע
פון דער „ניו יאָרקער פאָלקס־ציימונג", האָט אריינגעשטעלט אַן
אופרוף צו די וואוטערס פון דזשוירזי־סיטי, אז זיי זאָלען אריינ־
שטעלען דעם צלם'ל נאָר פאַר דעם סאָציאַליסטישען קאַנדידאַט
און פאַר קיין אַנדערען ניט. דאָס הייסט, אז אויב דער סאָציאַליס־
טישער קאַנדידאַט ווערט ניט ערוועהלט, מאַכט ניט אויס, ווער עס
וועט ערוועהלט ווערען, צי א רעאַקציאָנער, צי א פּראָגרעסיסט. דאָס
איז די פּאַרצייטיקע טעאָריע פון דעם גאָטאַער סאָציאַל־דעמאָקראַ־
טישען פּראָגראַם, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין 1874.

אין דעם סטעיט ניו־יאָרק זיינען אויך איינגעפירט געוואָרען
שטיכוואַלען אין אַנאַנדער פאָרמע. וואָס מען רופט אין דייטשלאַנד
די „הויפּטוואַל", רופט מען דאָ „פּריימערי", און וואָס מען רופט
אין דייטשלאַנד „שטיכוואַל", איז די היגע „דזשענעראַל עלעקשאָן"
אין נאָוועמבער. יעדער וואוטער מעג זיך רעגיסטרירען פאַר די
פּריימערים פון זיין פּאַרטיי און וואוטען פאַר זיינע אייגענע פּאַר־
טיי־קאַנדידאַטען. די גאַנצע צאָל וואוטס, וואָס ווערען אַף דעם אופן
אָבגעגעבען פאַר די סאָציאַליסטישע קאַנדידאַטען ביי די פּריימע־
ריס, ווייזט ווי שטאַרק עס איז די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי ביי די
וואוטערס. דער קאַנדידאַט, פאַר וועלכען עס איז אָבגעגעבען גע־
וואָרען די גרעסטע צאָל שטימען ביי דער סאָציאַליסטישער פּריי־
מאַרי, ווערט געשטעלט אַף דעם אָפיציעלען באַלאָט אין נאָוועמ־
בער. דאָס זעלבע איז אויך מיט אַלע אַנדערע קאַנדידאַטען. אַף

דעם אופן ווייס מען שוין אין פאראויס אף וויפיעל וואוטס יעדער קאנדידאט קען זיך ריכטען. ביז אהער האבען די וואלען אין דעם סטעיט ניו־יארק געהאט פאר די סאציאליסטען די באדייטונג פון א דעמאנסטראציע, ניט מער: לאזען די פאליטישענס פון די אלטע פארטייען וויסען, אז עס זיינען פאראן זעכציק טויזענט סאציא־ליסטען. אין א פאר דיסטריקטען האבען די סאציאליסטען געוואו־נען א לאקאלע באדייטונג, אבער אין דער שטאט ניו־יארק, אדער אין דעם סטעיט בכלל רעכענט מען זיך ניט מיט דעם סאציאליס־טישען וואוט. די סאציאליסטישע שטימען זיינען געוועהנליך גע־נוג אין ניו־יארק צו ענטשיידען, ווער זאל זיין מייאר אדער גא־ווערנאר. דאס איז אזא מאכט מיט וועלכע מ׳ קען צווינגען די פארטרעטער פון אנדערע פארטייען צו וואוטען פאר פיעלע פון די סאציאליסטישע נאהענטערע פאדערונגען. דער געזעץ וועגען די פריימערים גיט די סאציאליסטען די געלעגענהייט מקים צו זיין די מצוה פון וואוטען פאר סאציאליסטישע קאנדידאטען. ווען די וועלט ווייס שוין אבער, אז דער סאציאליסטישער קאנדידאט פאר גאווערנאר האט געקראגען זיינע 50,000—60,000 וואוטס און וועט ניט ערוועהלט ווערען, קענען דאך שוין די היגע סאציאליסטען טאן אזוי ווי די אייראפעאישע סאציאליסטען ביי די שטיכוואַ־לען: זיי קענען אבגעבען זייערע שטימען פאר יענעם פון די צוויי־דריי קאנדידאטען פון די אנדערע פארטייען, וואס האבען יע אן אויסזיכט ערוועהלט צו ווערען, דערמיט וועלען זיי העלפען ערוועה־לען דעם פארטשריטליכסטען פון די קאנדידאטען, אדער זיי וועלען ווענינסטענס פארהיטען עס זאל ניט ערוועהלט ווערען דער ערגס־טער. זיי קענען אבער אויספירען א סך מער. זיי קענען פאדערען פון דעם קאנדידאט פאר גאווערנאר, וואס נויטיקט זיך אין די סאציאליסטישע שטימען, ער זאל זיך עפעטנליך פארפליכטען למשל אנצושטעלען אזא לעיבאר קאמישאנער, וואס וועט זעהען דורכצופירען אלע ארבייטער־געזעצע, זיי זאלען ניט בלייבען נאר אפ׳ן פאפיער.

נאטירליך, איינציקווייז קענען דאס די סאציאליסטישע וואו־טערס ניט טאן, דערצו דארפען זיך ארגאניזירען קאמיטעס פון אונאבהענגיקע סאציאליסטישע וואוטערס, וואס וועלען קענען אפעלירען צו די וואוטערס מיט דעם זעלבען מאראלישען אויטארי־טעט, ווי די פארטיי־ארגאניזאציע.

קודם כל מוז יעדער סאָציאַליסטישער וואוטער **זיך פאַר־** שרייבען פאַר די פריימערים, דעמאָלט קריגט ער דאָס רעכט צו וואוטען פאַר די פערזאָנען, וואָס זאָלען זיין די קאַנדידאַ־טען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי ביי דער וואַל אין נאָוועמ־בער. די פּאַרטיי־וואוטערס האָבען דאָס רעכט צו נאָמינירען אלס סאָציאַליסטישען פּאַרטיי־קאַנדידאַט וועמען זיי ווילען, ניט וועמען די פּאַרטיי־מאַשין הייסט. זיי מעגען אפילו נאָמינירען א קאַנדי־דאַט פון אַן אנדער פּאָליטישער פּאַרטיי, דאָס הייסט, מאכען פיור־זשאָן ביי די פריימערים גופא, אויב זיי געפינען עס פאַר נויטיק. א געוויסע צאָל רעגיסטרירטע סאָציאַליסטישע וואוטערס נאָמיני־רען דורך א פּעטישען א געוויסען קאַנדידאַט פאַר די סאָציאַליס־טישע פריימערים, און א צאָל רעגיסטרירטע דעמאָקראַטישע וואו־טערס נאָמינירען אויך דעמזעלביקען קאַנדידאַט פאַר די דעמאָקראַ־טישע פריימערים; ווען ער קריעגט א מאַיאָריטעט איןביידע פריי־מערים, ווערט ער אויפגעשטעלט אף דעם אָפיציעלען באַלאָט אלס קאַנדידאַט פון ביידע פּאַרטייען אין נאָוועמבער. נאַטירליך קען דאָס ניט טאָן קיין מיטגליד פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, וואָרים ער וואָלט דערפאַר באַלד אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דער פּאַרטיי. אָבער צווישען די ניין־צעהנטעל סאָציאַליסטישע וואוטערס, וואָס באַלאַנגען ניט צו דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, קען זיך געפינען אַן קאַנדידאַט, וואָס זאָל אָנעמען צו לויפען אף ביידע טיקעטס.

גלויבט איר, אז די סאָציאַליסטישע וואוטערס וועלען זיך אי־מער לאָזען פירען פאַר'ן נאָז פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזישאָן גלאַט לכבוד א פאַרשימעלטע דאָגמאַ, וואָס קיין אנדער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין דער וועלט האַלט שוין פון איר ניט היינט־צו־טאָג ? מ' דאַרף נאָר די סאָציאַליסטישע וואוטערס זאָלען פאַרשטעהען, אז זיי קענען ווערען א פּאָליטישע קראַפט, אז זיי קענען עפּעס אופ־טאָן היינט, ניט אין הונדערט יאָר ארום, וועלען זיי זיך אָנהויבען צו רירען. די נייע וואַלגעזעצען אין פאַרשידענע סטעיטס גיבען די סאָציאַליסטישע וואוטערס די מיטעל צו מאכען א סוף צו דער אָפּגעלעבטער טאַקטיק, און מאכען די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פאַר א ווירקליכע קראַפט אין דער פּאָליטישער און סאָ־ציאַלער ענטוויקעלונג פון אמעריקע.

